# ZEEV EDARI
# (Wladyslaw Bonk)

## BLOOD ON CREST

זאב עדרי (וול. באַנק) / בלוט אויפן צלם

I. L. PERETZ PUBLISHING HOUSE
31, ALLENBY ST., TEL - AVIV

הוצאת י. ל. פרץ, רח' אלנבי 31, תל-אביב





נדפס בישראל תשל"ג
PRINTED IN ISRAEL 1973

הדפסה: „חבצלת", הרצליה — סידור: משה חמיאל
SETTING: MOSHE HAMIEL — PRINTING: 'HAVATZELET', HERZLIA



**וולאַדיסלאַוו באַנק**

אין דער צייט ווען ער האָט קאָמאַנדירט
מיט דער 4־טער בריגאַדע אין פוילישן מיליטער

צום זכּרון

פון מיין
משפּחה באָנק
און משפּחה שלאַנג
אומגעקומען אין וואַרשעווער
געטאָ און אין אומגעגנט

# װעגן װלאַדיסלאַװ באָנק און זײַן שרײַבן

יעדעס ליטעראַריש װערק האָט לרוב אין דער אָדער יענער פאָרם אױטאָביאָגראַפישע מאָמענטן, בײַ װעמען מער, בײַ װעמען װײניקער. דער אױטאָביאָגראַפישער מאָמענט טאָר אָבער נישט זײַן דער דעצידירנדיקער בײַם דערציילן, װײַל אױב נישט קריכט דער מחבר אַרײַן אין „אמתע" פּרטים, װעלכע זענען אומנױטיק און אומאינטערעסאַנט.

בײַ װלאַדיסלאַװ באָנקן קענט איר זײַן ביאָגראַפיע נישט געפינען גלײַך. ער כאַפּט אַרױס געװיסע מאָמענטן פון זײַן רײַכער דערפאַרונג, מאָמענטן, װעלכע זענען װערט דערציילט צו װערן. און הגם זײַנע דערציילונגען פאַרמאָגן אַלע עלעמענטן פון דער שרײַבערישער פיקציע, פון ליטעראַרישן אױפבױען אַ פאַבולע קען מען זײַן שאַפן בעסער פאַרשטײן, אױב מען גיט אַ קוק אין זײַן ביאָגראַפיע.

זײַן ביאָגראַפיע, װאָס האָט אַ שייכות צו זײַן ליטעראַרישן שאַפן, הײבט זיך אָן אַלס אַ פּופּצן־יאָריק פאַסטעכל זאב עדרי אין כפר־גלעדי, תל־חי, גליל. ער האָט אין זיך אַרײַנגעזאַפּט די בילדער פון דאַמאָלסדיקן ארץ־ישראל, באַקענט זיך מיטן לאַנד... רײַטנדיק אױף אַ פערד און גײענדיק צו פוס. זײַן גאַנץ שפּעטער־דיק לעבן איז ער טרײַ געבליבן סײַ דעם פּײַזאַזש, סײַ דעם רײַטן אױף אַ פערד.

װל. באָנק האָט, װי אַ גרױסער טײל פון דער ײדישער יוגנט, מיטגעמאַכט די „קרענק" פון קאָמוניזם. ער פאָרט צוריק קײן פּױלן, װערט אַרעסטירט, זיצט אין באַרימטן לאַגער קאַרטוז־בערעזע און אין דער צװײטער װעלט־מלחמה דינט ער אין דער רױטער אַרמײ און שפּעטער אין דער פּױלישער אַרמײ פון גענעראַל בערלינג אין דעם ראַנג צו ערשט פון אַ לײטענאַנט, שפּעטער קאַפּיטאַן און פּולקאָװניק. אין מיליטער פירט ער אָן אַ קאַװאַ־לעריע־פּולק און מיטן גאַנג פון דער מאָטאָריזאַציע פאַרבײַט מען די פערד, אָבער מען לאָזט איבער די קאַװאַלעריסטישע נעמען, װעלכע זענען אַזױ צום האַרצן געװען די פּאָליאַקן, און אױך... באָנקן.

אין פאָלקס־דעמאָקראַטישן פּױלן הײבט באָנק אָן צו שרײַבן, צו ערשט װען ער איז נאָך אין אַקטיװן דינסט און באַזונדערס

שפעטער, ווען מען האָט אָנגעהייבן שיקן אויף עמעריטור, אָדער אַנדערע ווייניק-שליסלדיקע פּאָזיציעס, די יידישע דיגניטאַרן. ער שרייבט, נאַטירלעך, וועגן קאַמף קעגן די היטלערישע אַרמייען, וועגן דעם לעבן און חסרונות אין „נייעם" פּוילן. ער שרייבט אויך, נאָך זייענדיק אין פּוילן, בילדלעך פון לעבן אין אַמאָליקן ארץ-ישראל.

דאָס נייע, וואָס באָנק ברענגט אַריין אין דער יידישער ליטע-ראַטור, איז דער מיליטערישער לעקסיקאָן, די אַטמאָספער פון זעלנערישער מי און לעבן. אַזוי ווי ער שילדערט אַלס העלדן אַלע מאָל נידעריקע ראַנגן, באַקומען מיר אַן אמתדיק בילד פון קעמפנדיקן מענטש, באַזונדערס פון קעמפנדיקן ייד. אין זיינע שילדערונגען זעען מיר נישט קיין אַפּאָלאָגעטיק, נאָר ער ברענגט פאַקטן, לרוב באַזירט אויף אמתע פּאַסירונגען, וואָס באַווייזן דעם גרויסן אָנטייל פון יידישן מענטש אין קאַמף קעגן די היט-לערישע אַרמייען.

זיין געפיל פאַר גערעכטיקייט באַוועגט דעם מחבר צו שילדערן קעמפנדיקע העלדישע פרויען („דאָס שטאַרקע געשלעכט", „איך גלויב נישט", „שוועסטער און סאָלדאַטן"). אויך דאָ באַמיט זיך באָנק צו שילדערן די יידישע פרוי אַלס העלדין.

נאָך איין וויכטיקער פּרט איז פאַראַן אין זיין שאַפונג. מיר האָבן אַ רייכע ליטעראַטור, באַזונדערס אין די קאָמוניסטישע לענדער, ווי פאָליאַקן, רוסן, אוקראַיִנער א"א ראַטעווען יידן. פּוילן איז די לעצטע יאָרן ממש פאַרפלייצט געוואָרן פון דער דאָזיקער „ליטעראַטור", אין וועלכער עס האָבן קאָנקורירט צווישן זיך פיקציע און פאַנטאַזיע. ביי וול. באָנקן ראַטעווען יידן גראָד פאָליאַקן און רוסן. דאָס אַוועקשטעלן פאַרקערט דאָס פּראָבלעם איז זייער כאַראַקטעריסטיש. און אַזוי ווי מיר ווייסן, אַז באָנק האָט נישט קיין טבע אָנצוקומען צו פיקציע, נאָר ער באַזירט עס אויף דערפאַרונגען פון אמת געשעענע פאַקטן — האָט עס אַ באַזונדערן אויסקלאַנג.

פון דעם אַלעם איז געווען זייער פאַרשטענדלעך, אַז די צענזור אין פּוילן האָט געהאַט וואָס צו טאָן און זי האָט טאַקע געשטראָכן אומברחמנותדיק.

איך וויל באַמערקן, אַז מען דאַרף דערין נישט זען קיין אָפענעם רעוואָלט קעגן רעזשים — אַזוי ווייט איז ער ביזן קומען צוריק אין מדינת ישראל נישט געגאַנגען — נאָר די ספיקות, וואָס

די ערלעכע, אידעישע מענטשן האָבן אָנגעהויבן פילן, ווען זיי האָבן דערזען, אַז נישט אַלץ, אַז זייער אַ סך, זעט אין דער ווירקלעכקייט אַנדערש אויס ווי מען האָט געמיינט, געגלויבט, געפריידיקט און געקעמפט דערפאַר. אין אייניקע דערציילונגען אין דעם בוך האָט דער מחבר, אין די ראַמען פון אויפגעהיטענע טעקסטן, מיט אַ ספּעציעלער שריפט אונטערגעשטראָכן דאָס אויסגעשטראָכן דורך דער פּוילישער צענזור.

וולאַדיסלאַוו באַנק שרייבט אין פּויליש. דאָס איז זיין קול-טורשפּראַך און זיין אומגאַנגשפּראַך. ווען מען זעצט איבער זיינע בילדער פון ישראל-לעבן אין יידיש דערקענט מען ווייניק, אַז עס איז אַן איבערזעצונג. דאָס קען נישט געזאָגט ווערן וועגן אַלע דערציילונגען. אייניקע זאַכן אין דאָזיקן בוך האָט דער מחבר אַליין איבערגעזעצט אויף יידיש.

וול. באַנקס טעמאַטיק איז אַנדערש. זיין ליבע צו פערד, הינט, בהמות, זיין נייגונג צו מיליטערישע ענינים, שלאַכט-טערמינען — זענען קענטיק און גיבן צו אַ ספּעציפישקייט זיינע דערציילונגען, וואָס טיילן זיי אויס פון אַנדערע. אָבער נישט בלויז דאָס. אויך דער מעטאָד פון שרייבן איז נישט לויט דער הייַנטיקער מאָדע פון ליטעראַרישן שאַפן. ער גייט אין די וועגן, וועלכע עס האָבן אויסגעטראָטן די גרויסע מייסטער פון דער דערציילונג. ער זוכט נישט קיין חידושים אין דער פאָרם, נאָר ער זוכט נייע אויסדרוקן פון אייביקן אומרו פון מענטש. ער בויט די דערציילונג לויטן קלאַסישן, איינגעפונדעוועטן מוסטער. דאָס נייע איז די טעמאַטיק. ניי זענען ביי אים די געפילן פון מענטש און יידן אין די באַדינגונגען פון אונדזערע לעצטע איבערלעבונגען און נסיונות.

נאָר מיט איין זאַך טרעט אָפּ וול. באַנק פון אַלטן דור שרייבער. ער איז נישט קיין דידאַקטיקער, ער לערנט נישט און היט זיך אויס צו באַאיינפלוסן דעם לייענער. ממילא פאַלט ער נישט אַריין נישט אין דער אַפּאָלאָגעטיק און נישט אין פאַמפלעט.

דאָס גיט צו אמתדיקייט אין דער שילדערונג און מיר גייען מיט מיטן מחבר אויפן נישט לייכטן וועג פון זיינע העלדן און מיר פילן די עכטקייט פון די איבערלעבונגען און סיטואַציעס.

ווען אַ שרייבער האָט דאָס דערגרייכט האָט ער פיל אויפגעטאָן.

יהודה קערש

# דאָס שטאַרקע געשלעכט

אויף די טרעפּ האָבן געקלאַפּט די טריט פון די אַראָפּלויפנדיקע אין די שוצקעלערס. עס האָבן זיך געהערט הויכע אויסרופן, אַ נאָענטער טראַסק. דאָס הויז האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. די פּאָדלאָגע, דער בופעט און די זשיראַנדאָלן האָבן געציטערט, אַן אומגעהויערער, פילפאַכיקער וואָלקן שטויב האָט פאַרטונקלט דאָס ליכט.

אַ פרוי מיט שוואַרץ־גרוילעכע האָר, פאַרדרייט אין אַ קליינעם קאָק, האָט געשריגן מיט אַ ציטערנדיקער שטים:

— אסתרקע, לייג זיך, טרייסל דיך אָפּ!

זי האָט זי אַ שלעפּ געטאָן, און אין אַ רגע אַרום איז זי שוין געלעגן צווישן אַ טיש און אַ גרינער פּליושענער קאַנאַפּע.

די מאַמע האָט מיט איר קערפּער פאַרשטעלט אסתרן פון פענצטער. זי האָט געגלעט איר באַק, אירע ברוינלעכע האָר און געשעפּטשעט:

— נישט דו אַליין האָסט אַ מאַן אויפן פראָנט. פיל ווייבער זענען געלעגן געוואָרן אין די דאָזיקע פאַרשאָלטענע טעג. דו ביסט תמיד געווען ענערגיש. קום צו זיך!

טראַך, טראַך, האָט געדונערט אָן אויפהער.

— לאָמיר אַנטלויפן! — אַן איבערגעשראָקענע, מיט אַ ווייטיק אין די אויגן, האָט די מאַמע געשלעפּט איר טאָכטער פאַר דער האַנט — קום, גיב מיר דאָס קינד!

— ניין! — זי האָט געדריקט צו זיך דאָס עופהלע, ציטערנדיק מיטן גאַנצן גוף. — ניין! — האָט זי געשריגן — צו וואָס? מיר איז אַלץ איינס!

— גיב מיר דאָס קינד.

— ניין, איך וועל נישט געבן.

— גיי די ערשטע, אסתרקע. כ׳בעט דיך.

אַראָפּפירנדיק אסתרן פון די טרעפּ, האָט פרוי ווערנער זיך פאַרטראַכט איבערן ביטערן גורל פון איר טאָכטער. איר איידעם איז אַ שלימזל. ער איז כסדר אַרבעטסלאָז, אָדער ער זיצט אין תפיסה. ער פירט פּאָליטיק, ער האָט זיך געמאָלדן אַלס פריייוויליקער אין אַרבעטער־באַטאַליאָן. אין אַ געוויסן טאָג האָט ער זיך באַוויזן. זיי האָבן זיך צעקושט, דערנאָך זיך געשושקעט און קוים באַווייזנדיק אַ קוק צו טאָן אויפן זון, האָט ער אויסגערופן:

— זיי געזונט — זאָל די מאַמע אויף זיי אַכטונג געבן. אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך ווידער קומען. — אסתרקע, פאַרליר נישט דעם מוט!

— און מער האָט מען אים נישט געזען.

*

דער שוצקעלער איז געוועזן געפּאַקט. מענטשן זענען געזעסן ביי דער שוועל. איינער האָט זיך העפלעך אָפּגערוקט. — מאַכט אַן אָרט! — האָט ער אויסגערופן, שטופּנדיק מיט דער האַנט.

מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו וואַרטשען. — אין קעלער איז ענג און פון דער גאַס האַלט מען זיך אין איין שטופּן.

— שטילער! דאָס איז פרוי ווערנער מיט איר טאָכטער.

— צי איז דאָס די, וועלכע איז מיט עטלעכע טעג צוריק געלעגן גע־וואָרן?

— יאָ, יאָ, ס׳איז די.

ס׳איז שטיל געוואָרן. די אויפרייסן פון די באָמבעס האָבן זיך אַריבער־געטראָגן אין אַנדערע קוואַרטאַלן. „גאָט צו דאַנקען" — האָט עמעץ לייכט

אָפּגעאָטעמט. אין אַ רגע אַרום האָט זיך די טיר אויפגעעפנט און אין דער טונקלקייט איז געשטאַנען דער סטרוזש (הויזוועכטער). „אַלע שויבן פון דרום־זייט זענען צעזעצט געוואָרן!" — האָט ער געזאָגט. אין נומער עלף איז אַריינגעפאַלן אַ באָמבע. דער ערשטער שטאָק איז פאַרבליבן גאַנץ.

— ראַטעוועט, ראַטעוועט! — אַ קליין דיקלעך מענטשעלע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום אַרויסגאַנג, שטופּנדיק און טרעטנדיק די אַרומיקע מענטשן.

אַרויסגייענדיק פון קעלער האָבן אסתר מיט דער מאַמען זיך אָנגעשטויסן אויף קאַזשימיעזשן.

— אסתרקע!

— קאַזשיק! — זיי האָבן זיך געוואָרפן איינער אין דעם צווייטנס אָרעמס. פרוי ווערנער האָט פאַרגעסן וועגן איר כעס צום אײדעם. זי האָט אָפּגעווישט די טרערן פון אירע אויגן.

— איך בין שוין געוועזן אין אונדזער ווינונג — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— קום, אַ שעה צייט איז מיר פאַרבליבן!

ער האָט אויסגעקוקט נישט פויגלדיק. מיט זיין אָפּגעברענט, אָפּגעצערט פּנים, מיט די ברילן אויף דער שפּיציקער נאָז און מיט זיין ענגער בלוזע און ברייטע הויזן, ווי פון אַן עלטערן ברודער, איז ער געוועזן ענלעך צו אַ רעקרוט. בלויז זיין ביקס אויף די פּלייצעס האָט אים צוגעגעבן אַ מין חשיבות.

— ווען נישט די משונהדיקע לופטאַנגריפן, וואָלט איך דאָ שוין פיל פריער געוועזן. — ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. — יאָ, צוויי שעה האָב איך געפּטרט. וואָס מאַכסטו, טייערע? איך האָב אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך דיר.

— קושט אייך וויפל איר ווילט, אָבער דערשטיקט נישט דאָס קינד — האָט פרוי ווערנער אויסגערופן און מיט אַן ענערגישער באַוועגונג האָט זי ביי זיי אַוועקגענומען איר אייניקל, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעשריגן, קאָמיש צעעפנט דאָס מיילעכל.

— ווי איז צו מיר, מיין טייערינקער! ער איז באַנעצט פון קעפּעלע ביז די פיסלעך. ער שווימט אין די ווינדעלעך.

און מיט געשיקטע באַוועגונגען פון אַ באַהאַוונטער באַבעץ, האָט פרוי ווערנער פונאַנדערגעוויקלט דאָס עופהלע, געגערעדט צו דעם, ווי עס וואָלט עפּעס פאַרשטאַנען.

— אין גיכן וועסטו זיין טרוקן און באַקומען עפּעס אָפּצועסן, דו ביסט הונגעריק, אָרעם קינד? שריי, שריי, דייך זיידע, דיר צו לאַנגע יאָר, האָט זיך אויך געבייזערט, ווען ער איז געווען הונגעריק. — נישט אָפּרייסנדיק די אויגן פון אייניקל, האָט זי אַ זאָג געטאָן צו איר טאָכטער:

— אסתרקע, גרייט זיך אָנצוזויגן דאָס קינד! — דערנאָך האָט זי דעם אײדעם אַריינגעשושקעט אין אויער: — האָרך, קאַזשיק, כאַפּ מיט אסתרקען אַ שמועס, גיב איר צו מוט, זי שפּירט זיך נישט גוט.

אין אַ רגע אַרום איז שוין דאָס קינד געווען באַהעפט מיט דער מאַמעס ברוסט. עס האָט באַוועגט מיט די ליפּעלעך און גייציק געזויגן.

קאַזשיק האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן. מיט אַ מאָל האָט ער אויס־געגערופן:

— שיִער נישט פאַרגעסן! איך האָב געבראַכט פלייש. אויפן וועג גע־קויפט. — און וואַרפנדיק אַ ווילערישן בליק אויף דער שוויגער, האָט ער פון אַ טאַרבע אַרויסגעשלעפּט אַ שפּאָר שטיק פלייש און אַ לעבל ברויט און עס אַוועקגעלייגט מיט אַ מינע פון נצחון אויפן טיש. — פריש פלייש, עס וועט זיין אַ גוטע יויך.

— אויך מיר פריש פלייש! — האָט אויסגערופן פרוי ווערנער, צוקו־קנדיק זיך מיט פאַרדאַכט צו דעם פלייש — פאַדלע! — האָט זי אַ וואָרטשע געטאָן.

— אָקערשט האָט מען אים דערשאָסן. איך האָב אַליין אויסגעשניטן אַ שטיק פלייש פון זיין ברוסט. אַ יונג פערד, כמעט אַ זשרעבאַק.

— דו הערסט, אסתרקע! שיין קוקט ער אויס! וואָס זאָגט איר נישט צו אים? ער האָט פריער אַפילו קיין פליג נישט געקענט צעקוועטשן, דער פילאָזאָף!

— איז וואָס? פאַרגעסט נישט, אַז ס׳איז מלחמה. איך שיס, איך הרגע. נישט איין חבר האָט אויסגעהויכט זיין נשמה אויף מיינע הענט.

עמעץ האָט אַ ריס געטאָן די טיר, וועלכע האָט זיך ברייט צעעפנט. עס האָט זיך באַוויזן אַ הויכער מאַנסביל אין ברידזש־הויזן, אין הויכע שטיוול פון שאַקאַלאַד־־קאָליר. ער איז געבליבן שטיין, פאַרשאַרט די בלאָנדע האָר און אויסגערופן:

— צי דאָ וווינט אַן אַקושערקע? — און נישט באַקומענדיק גלייך קיין ענטפער, האָט ער איבערגעחזרט די זעלבע פראַגע.

פרוי ווערנער איז צוגעגאַנגען נענטער צום אומבאַקאַנטן און נאָך אַ רגע שטילשווייגן, האָט זי מיט אַ טאָן פון פאַרדאַכט אַ שושקע געטאָן:

— יאָ, דאָ וווינט זי.

— מיין ווייב גייט צו קינד — האָט אויסגערופן דער אומבאַקאַנטער און מיט אַ פאַרצווייפלטן זשעסט, ווי ביי תפילה טאָן, האָט ער צונויפגע־לייגט די הענט — איך בעט אייך אין נאָמען פון אַלע הייליקע.

— פאַניע — האָט קאַזשימיעזש געשטאַמלט פון אויפרעגונג — איך בין געקומען זיך זען מיט מיין פרוי פון וואָליער אָפּשניט. איך האָב גע־פּטרט צוויי שעה צייט, מיר איז נאָך פאַרבליבן בלויז 50 מינוט.

— טייערע פרוי! איך וועל אַלץ פאַר אייך טאָן, ראַטעוועט זי. איך ווויז נישט ווייט פון דאַנען, בלויז עטלעכע טריט.

— מענטש — האָט אויסגערופן פרוי ווערנער. — איר האָט אַ טעות, דאָס בין נישט איך. דאָס איז זי, מיין טאָכטער, וועלכע האָט אָקערשט גע־בוירן. זי נייטיקט זיך אַליין אין הילף. קוקט, ווי זי זעט אויס, אַ לעבעדיקער מת!

אסתר האָט זיך אויפגעהויבן פון טאַפּטשאַן, נישט אָפּלאָזנדיק דאָס קינד פון איר ברוסט. איר פּנים האָט זיך געררויטלט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט־אָט צעוויינט זי זיך.

— איך האָב געזוכט אַן אַקושערקע אויף קאַרמעליצקע־גאַס — האָט דער אומבאַקאַנטער געזאָגט — האָב איך זיך אָנגעטראָפן בלויז אויף חורבות, דאָס הויז איז צעשטערט, אַפילו קיין סימן פון קיין שילדל. דער גינעקאָלאָג פון אַנטקעגן קומט שוין זינט צוויי טעג נישט אַהיים. ער איז ערגעץ פאַר־נומען מיט אָפּעראַציעס. איך ווייס, אַז אָט־אָט דאַרף מיין ווייב געלעגן ווערן

און זי וועט דאָרט אויסגיין אין איר איינזאַמקייט, ווייל זי האָט קיינעם נישט אין וואַרשע.

— פאַניע, איך פאַרשטיי אייך און איך דריק אייך אויס מיין טיפסטן מיטגעפיל — האָט פרוי ווערנער אויסגערופן — אָבער מיין טאָכטער האַלט זיך קוים אויף די פיס, קוקט זי אָן!

— איך גיי! — האָט אסתר פּלוצלינג זיך אָנגערופן.

— אסתרקע —האָט קאַזשימיעזש אויסגערופן — דו ביסט משוגע!...

אין אַ רגע אַרום האָט ער זיך באַהערשט. אומעטום איז איצט פראַנט. נישט בלויז אויף וואָליע. צי האָט ער רעכט זיך אַריינצומישן? מעגלעך, אַז דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער איז אַזאַ קאַמפּס־חבר, ווי ער?

אָן אויפגערעגטע, האָט פרוי ווערנער אָנגעצילט איר בליק אויף דער טאָכטער. אירע ליפּן האָבן עפּעס געשעפּטשעט.

— מאַמע, דו מוזט מסכּים זיין, אַז איך מוז קומען צו הילף. — אירע גרוי־גרינע אויגן האָבן געפינקלט.

פרוי ווערנער האָט דורכדרינגלעך אַ קוק געטאָן אויף איר טאָכטער און זי פאַרשטאַנען. דאָס איז געווען אַ מענטשלעכע האַלטונג, מיט וועלכער עס איז געווען דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע וועזן פון איר טאָכטער.

מיט אַ מוטיקער מינע האָט אסתר זיך געווענדט צום אומבאַקאַנטן:

— איך וועל זיך נאָר איבערטאָן און אין עטלעכע מינוט וועל איך זיין גרייט. גייט אַוועק שנעל צו אייער ווייב און גרייט דאָרט צו הייס וואַסער. און אָנציענדיק אויף זיך אַ ווייס פאַרטעך, האָט זי אַ זאָג געטאָן צו איר מאַן:

— קאַזשיק, זיי נישט אַזוי צעטראָגן, קום מיט מיר, וועסטו מיר העלפן און מיר וועלן די גאַנצע צייט זיין צוזאַמען.

גייענדיק אויף די טרעפּ, לויטן אָנגעוויזענעם אַדרעס, זענען אסתר און קאַזשימיעזש פאַרטויבט געוואָרן פון די רעוועדיקע סירענעס. דערנעבן איז געווען אָן אויפשריפט: „אין שוצקעלער". אויף די שטיגן האָבן טירן געטראַסקעט. שטופּנדיק איינער דעם צווייטן זענען יונגעלייט, זקנים, ווייבער און קינדער געלאָפן מיט געשרייען: שנעלער, שנעלער, אַראָפּ אין קעלער! זיי האָבן זיך צוגעשפּאַרט מיט די פּלייצעס צו דער וואַנט, באַזיגנדיק דעם ווילדן פּחד.

צווישן אַ טראַסקעריי פון טריט און געיאָמער פון סירענעס, האָט זיך געהערט דאָס געררויש פון זיך דערנענטערנדיקע עראָפּלאַנען. מיט אַ מאָל האָט אַ האַרץ־רייסנדיקער געשריי דורכגעשניטן די לופט. אסתר האָט פאַר־שנעלערט אירע טריט. דאָס געשריי איז אויף עטלעכע רגעס שטיל געוואָרן, דערנאָך האָט ער זיך פאַרשטאַרקט, אַז דער מוח האָט געפּלאַצט.

זיי זענען געשטאַנען ביי האַלב־אויפגעעפנטע טירן. אויף אַ מעשענעם שילדל איז געשטאַנען אָנגעשריבן: „עדוואַרד סטרומילאָ".

דערזעענדיק דעם אַריינקומענדיקן קאָזשימיעזש, האָט אַ געבויגענע זקנה אַ געשריי געטאָן אין דער טיף פון אַ לאַנגן קאָרידאָר:

— דער רופא איז געקומען — און נישט אָנקוקנדיק די אָנגעקומענע, איז זי מיט דראָבנע טריט אַנטלאָפן צום אַרויסגאַנג, שרייענדיק מיט אַ קוויטשיק קול: איך לויף אין קעלער, איך וועל שפּעטער קומען, ווען די עראָפּלאַנען וועלן אַוועק.

אויף דער שוועל פון אַ גרויס צימער איז געשטאַנען סטרומילאָ. — ראַטעוועט — האָט ער געשריגן, מאַכנדיק מיט די הענט פון גרויס פאַר־צווייפלונג. — זי שטאַרבט!

אסתר האָט שנעל דורכגעשניטן דעם זאַל און לויט די געשרייען, איז זי אַריין אין אַ זייטיק צימער.

אויף אַ פּאַרפּאַלקישן בעט איז אויף אַ פּערענע געלעגן אַ יונגע פרוי, בייסנדיק זיך די ליפּן און גערופן מיט אַ דורכדרינגלעכער שטים: — טרינ־קען, אַ טרונק!

צובייגנדיק זיך צו דער קימפּעטאָרין, האָט אסתר מיט אַ באַרויִקנדיקער שטים צו איר געזאָגט:

— איך בין געקומען אייך העלפן. באַלד וועט אייך בעסער ווערן. טרינקט, ביטע, אויס אַ ביסל טיי. — און אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט זי אויסגערופן: — וואַסער, קאַלט וואַסער מיט האַנטעכער!

זי האָט אַוועקגענומען דאָס ליילעך, זי באַטראַכט, געטאַפּט דעם בויך, דערנאָך דעם פּולס.

— יאָ, יאָ, עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן — האָט אסתר געשעפּטשעט. און צודעקנדיק זי האָט זי אויסגערופן:

— שנעל, וואַסער!

קאַזשימיעזש האָט מיט טרייסלענדיקע הענט געבראַכט אַ שיסל מיט וואַסער. אסתר האָט מיט אַ פּייכטן האַנטעך אָפּגעווישט דאָס שווייסיקע פּנים פון דער קראַנקער.

די קימפּעטאָרין, נישט געקוקט אויף די פלעקן אויף איר פּנים, איז געווען זייער אַ שיינע. אַ קוטשמע ברוין־גאָלדענע האָר האָבן צוגעגעבן איר פּנים אַ באַזונדערן חן.

— קאַזשיק, ווו איז דער מאַן?

— ער זיצט אין קיך און וויינט.

— רוף אים אַהער!

די קראַנקע האָט דערשפּירט ווייטיקן. מיט אַ צעקרימט פּנים פון ספּאַז־מעס, האָט זי געשריגן, פאַרוואָרפנדיק דעם קאָפּ אַהינטער. זי האָט אָנגע־צויגן איר גוף ווי אַ בויגן, אָנלענענדיק זיך מיטן קאָפּ. אויפן פּנים האָבן געפינקלט טראָפּנס שווייס. אסתר האָט זי אונטערגעהאַלטן. זי האָט געווישט איר פּנים און מיט אַ ווייכער שטים איבערגעחזרט:

— אָטעמען, טיף אָטעמען! אַזוי. ביטע, טרינקט.

די קראַנקע האָט אַ זופּ געטאָן.

— איר אַרבעט? — האָט אסתר אַ פרעג געטאָן.

— יאָ.

— ווו?

— אין צירק.

— וואָס טוט איר דאָרט אין צירק?

— איך גיי אויף אַ שטריק, איך מאַך איבונגען אויף אַ טראַפּעז, זייער הויך אין דער לופטן.

— אָטעמט אָפּ טיפער!

— אוי, אוי, איך קען נישט.

— כ׳בעט אייך, שרייט! — נישט גוט, האָט אסתר אַ טראַכט געטאָן. אויסגעאיבט אין ספּאָרט, שטעלן אירע מוסקולן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד.

אסתר האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער וואַנט. זי האָט באַמערקט פיל פאָטאָגראַפיעס. — דאָס זענט איר, וואָס ציט אַזוי ברייט אויס די פיס אויפן שטריק?

— אוי, איך וועל נישט אויסהאַלטן! — די קימפּעטאָרין האָט פון ווייטיק און שרעק געקרעכצט, בייסנדיק די פינגער.

— ציט אויס בלויז אַ העלפט די פיס, וועט עס אייך העלפן, אָט אַזוי, אַזוי.

בינו־לבינו זענען ביידע מענער געזעסן אין קליינעם זאַל. סטרומילאָ איז געזעסן, ווי אַ צעמישטער. קאַזשימיעזש האָט זיך צוגעקוקט צו די פאָטאָגראַפיעס. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ קאָלעקציע בייטשן.

— צי דאָס זענט איר? — האָט קאַזשימיעזש אַ פרעג געטאָן, אָנווייזנדיק אויף אַ פאָטאָגראַפיע, ווי סטרומילאָ האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אין אַן אָפענעם פּיסק פון אַ לייב, וועלכער איז געזעסן אויף אַ קליינעם טאַבורעט.

— יאָ, דאָס בין איך, דאָס איז מיין גאַלאַ־אַרויסטריט.

— אַהאַ! איך געדענק אייער נאָמען פון די אַפישן.

— פאַניע סטרומילאָ — האָט זיך מיט אַ מאָל דערהערט אסתרס קול.

סטרומילאָ איז מיט גרויס אָנשטרענגונג אַריין אין צימער פון דער קימפּעטאָרין און נאָך אים קאַזשימיעזש, קלענער פון אים מיט אַ גאַנצן קאָפּ.

די קימפּעטאָרין האָט געמאַכט געוואַלדן. מיט דער האַנט האָט זי זיך געכאַפּט פאַרן האַרץ. — כ׳שטאַרב!

אסתר האָט לייכט צוגעדריקט אירע פינגער צום אונטערשטן טייל פון בויך.

— פאַניע סטרומילאָ — האָט זי געזאָגט, נישט אָפּרייסנדיק איר בליק פון דער קימפּעטאָרין — הערט, וואָס איך זאָג אייך. מאַסירט דעם בויך. אָט אַזוי! אין דער דאָזיקער ריכטונג. מען זעט שוין דעם אייבערשטן טייל פון קעפּל.

די אויגן האַלב־צוגעמאַכט האָט סטרומילאָ זיך לאַנגזאַם באַוועגט, ווי אַ לונאַטיקער, ווי נאָר ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן בויך, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ ציטער. ער איז געוועז בלאַס, די קני האָבן זיך אים איינגעבויגן און ער איז ווי אַ שטיין אַנידערגעפאַלן נעבן בעט.

— קאַזשימיעזש! — האָט אסתר אויסגערופן — הייב אים אויף פון דער ערד. גיב אים עטלעכע קלעפּ איבערן פּנים און באַגיס אים מיט וואַסער.

ס׳האָט זיך באַוויזן דאָס קעפּל, דערנאָך די אַקסעלעך.

די יונגע פרוי, אויסגעשעפּט פון אירע געבורט־קראַמפּן, האָט שטיל געוויינט.

מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער טראַסק. די שויבן האָבן מיט אַ הילכיקן קלאַנג זיך געשאָטן אויף דער פּאָדלאָגע. אַלץ אַרום האָט זיך געהוידעט. עס האָבן זיך דערפילט סמאַלינעס און אַ נעפּל פון שטויב האָט משונהדיק געווירבלט אין דער לופט.

אסתר איז געפאַלן אויף די קני. די קימפּעטאָרין האָט פון שרעק פאַרלוירן דאָס לשון. זי איז שיִער נישט אַרויסגעפאַלן פון בעט.

*

— איך רוף אָפּ דעם אַליאַרם אויף דער שטאָט וואַרשע! איך רוף אָפּ דעם אַליאַרם!

אסתר האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט. דאָס ניי־געבוירענע איז געלעגן צו פוסנס פון דער מאַמע.

— פרוי סטרומילאָ — האָט זי געשעפּטשעט, קוקנדיק אויף דער קימפּעטאָרין — אַ פיין מיידעלע — איך וועל בלויז אָפּשניידן דעם נאָפּל און אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג.

דאָס עופּהלע האָט נישט געגעבן קיין סימן פון לעבן.

נישט באַקומענדיק קיין ענטפער האָט זי גענומען דאָס עופּהלע און איז אַוועק אין שכנותדיקן צימער. דערנאָך אין קאָרידאָר. דאָס פירהויז און די קיך זענען פאַרשוווּנדן. זי האָט זיך געשפּירט שטאַרק פאַרמאַטערט. די פיס האָבן זיך אונטער איר געבויגן. זי האָט זיי געשלעפּט, ווי זיי וואָלטן געווען פון בליי. זי האָט גערעדט, ווי פון היץ. ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז אָט פאַלט זי אַראָפּ אויף דער גאַס. אָבער ווי קומט דאָ די גאַס? עפּעס געשרייען האָבן זיך דערטראָגן פון אונטן און וואָס וויטער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער: — גייט אויף צוריק! אויף צוריק! — האָט מען געשריגן — איר וועט אַראָפּפאַלן, גייט אויף צוריק!

אסתר האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן דאָס גלייכגעוויכט.

אונטן זענען געשטאַנען מחנות מענטשן: זעלנער, פייערלעשער, ווייבער.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן נפֿשל. עס איז געווען וואַרעם, אָבער אָן סימנים
פֿון לעבן. איר ציטערנדיקע האַנט האָט עס קוים געהאַלטן.

זי איז געקומען צו זיך. זי האָט איין מאָל, צוויי מאָל אַ קלאַפּ געטאָן
מיט דער דלאָניע אין הינטער־חלק. דאָס עופֿהלע האָט זיך פֿונאַנדערגעוויינט
מיט אַ לאַנג, אויסגעצויגן קול.

וואַרשע, 1963 (פֿון פּויליש: מאַרק ראַקאָווסקי)

# דער גנבֿ

ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין דער מויער פֿון אַן אַלט הויז און געקוקט אַראָפּ אין גאַס אַריין. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן מיט אַ באָנד פֿון דער בירגער־מיליץ אויפֿן אָרעם. ער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און שטיל געזאָגט: — אויף אַכאַטע ברענט און מסתמא אויך דאָ ערגעץ אין דער נאָענט.

אין אַ ווינקל, ביים אַריינגאַנג אין הויז לעבן טויער, איז געשטאַנען איינגעבויגן עפּעס אַ ציווילער און געריויכערט אַ פּאַפּיראָס, פֿאַרדעקנדיק אים מיט דער דלאָניע.

— לייג זיך, וולאַדעק — האָט געזאָגט דער, וואָס איז געשטאַנען אָנגע־שפּאַרט אין דער מויער — דאָ לייג זיך אַוועק, ביי דער וואַנט איז אַ ביסל מער זיכערער. — עס האָט אַ שאַרפֿן סיטשע געטאָן, ס׳האָט זיך דערהערט אַ וואָיען, און די לופֿט איז ווי מיט אַ מעסער צעשניטן געוואָרן.

— לייג זיך! וואָס שטייסטו, דו יאָלד איינער! קוקסט אין הימל אַריין ווי אַן אָקס אין דער קאַריטע. צי זיך אויס, עס וועט באַלד אָנפֿליען נאָך איינער. איך האָב שוין געזען אַזעלכע קנאַקערס.

עס האָט ווידער אַ ריטשע און אַ פֿייף געטאָן אין דער לופֿט. וולאַדעק איז אַראָפּגעשפּרונגען און זיך אַוועקגעלייגט לעבן זיין חבר.

עס האָבן זיך דערהערט דריבנע און שנעלע טריט. ענלעכע קלאַנגען האָבן זיי געהערט — ווי לאַנג איז עס דען געווען — בעת דעם שפּיל פון דער „אייזל־סערענאַדע”. זיי האָבן זיך צוגעהערט, אָבער די אילוזיע איז שוין פאַרשוווּנדן. דער ריטם און דאָס קלאַפּן פון די קנאַפּל האָבן פאַרלוירן די דייטלעכקייט. די דריבנע טריט, הגם נאָך שנעלע, האָבן אָנגעהויבן ווי צו הינקען און געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. פון דער פינצטערניש האָבן זיך אַרויסגעשיילט די קאָנטורן פון עפּעס אַ געשטאַלט. אַן עלטערע, דאַרינקע, קליינוווּקסיקע פרוי איז געגאַנגען קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, מיט איין האַנט אָנשפּאַרנדיק זיך אין דער וואַנט. זי האָט שווער געאָטעמט, כאַפּנדיק די לופט און אַרויסלאָזנדיק זי מיט אַ פייף. די יונגעלייט זענען צוגעלאָפן צו איר, אָבער שוין נישט באַוויזן אונטערצוכאַפּן זי. די פרוי האָט ווי געוואָלט זיך צוזעצן אויף די קני, אָבער זי איז באַלד אומגעפאַלן אויף דער זייט. וולאַדעק האָט זי אַרומגענומען און אונטערגעלייגט די רעכטע האַנט אונטער אירע קני. אַ יונגיטשקע מיידל מיט אַ באַנד פון רויטן קרייץ אויפן אָרעם האָט דער געהלשטער געשטופּט אין נאָז אַמאָניאַק. די אַלטיטשקע מיט אַ פאַרשטייפטן האַלדז האָט, נישט עפענענדיק נאָך אַלץ די אויגן, פעסט געהאַלטן פאַרקראַמפּט וולאַדעקס פינגער; איר מויל האָט עפּעס געשעפּטשעט אָפּגעריסענע שטיקלעך פון ווערטער. וולאַדעק האָט צוגעלייגט נאָענט דאָס אויער און קוים פאַרשטאַנען: — „דאָרט אויפן ראָג ברענען זויגקינדער, דאָרט אויף דער פאַנסקע־גאַס ברענען זיי: דאָרט ברענען זיי — די קינדער, פרויען, אָקושערקעס...”

וולאַדעק האָט אַ ריס געטאָן זיינע פינגער פון דער אַלטיטשקערס פאַרקראַמפּטער האַנט, פּונקט ווי אַ הייס פּרעסאייזן וואָלט זיי אַ ברי געטאָן. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן אין גאַס און געלאָפן מיט אַלע כוחות. אין דער לופט האָט נאָך אַ מאָל אַ שאַרפן פייף געגעבן. ער איז געפאַלן. אין דער נאָענט האָט אַ זעץ געטאָן. ער האָט דאָס פּנים ווי איינגעגראָבן אין טראָטואַר. לעבן אים האָט עפּעס אַ פורטשע געטאָן און אַ קלאַפּ געגעבן אין דער מויער. ער האָט אַרום זיך אַ שאַר געגעבן מיט די הענט און דערפילט אונטער די פינגער אַ קאָכעדיק שטיק מעטאַל, אין וועלכן עס האָט נאָך געקלאַפּט אַן אָדער פון דער אָפּשטאַרבנדיקער שוין קראַפט. ער האָט באַהאַלטן דאָס שטיקל אייזן ביי זיך אין קעשענע, זיך אויפגעהויבן און שנעל אַוועק אין

דער ריכטונג פון דעם קימפּעטאָרין־אַנשטאַלט. ער האָט זיך פּאַרטשעפּעט
אין אויסגעבויגענע טראַמוויי־רעלסן און אַ סעקונדע געבליבן שטיין לעבן
אַ טיפער גרוב, וועלכע איז אַנטשטאַנען פון אַ היפּשער פלי־באָמבע. וואָס
מער ער האָט זיך דערנעענטערט צום ציל, אַלץ העלער איז געוואָרן אַרום
פון די פלאַמען. ער איז אַדורך לעבן אַ פאַריתומטער באַריקאַדע און פלו־
צעם געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער. דאָס קימפּעטאָרין־הויז אויף עק טוואַרדע
און פּאַנסקע האָט געברענט פון אַלע זייטן, ווי אַ בינטל גוט־אויסגעטריקנט
ברעזע־האָלץ. פייערדיקע צונגען האָבן זיך געריסן אין דער הייך, גלייך
ווי זיי וואָלטן געוואָלט אונטערצינדן דעם הימל, נעמען נקמה אין אים פאַר
זיין שוויגן און גלייכגילטיקייט. מען האָט געהערט דאָס קנאַקן פון דאַך
און דאָס פּרעגלען זיך פון דעם בלעך. די ווייסע פאַרהאַנגען האָבן ווי צו־
להכעיס זיך נישט געוואָלט אָנצינדן, אָנגעבלאָזענע האָבן זיי געציטערט
אויפן ווינט און ענדלעך זיך אונטערגעגעבן. טויזנטער און טויזנטער פונקען
האָבן זיך געשאָטן פון אַלע זייטן, אויפגעלויכטן און באַלד אויסגעגאַנגען.
דאָס פייער האָט וואָיענדיק זיך אַריינגעכאַפּט אין די בוידעם־צימערן פון
דעם דאָזיקן אַלטן, סאָלידן בנין, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן נאָך אין
פּאָניאַטאָווסקיס צייטן און עטלעכע מאָל רעסטאַווריט געוואָרן אין הסכם
מיט די פאָדערונגען און באַדינגונגען פון דער צייט. שרעקלעכע, יאָמערדיקע
געשרייען און יללות האָבן געשניטן די לופט, געגרופן, געבעטן און פאַר־
וואַנדלט זיך אין איין גרויס ווייגעשריי.

וולאַדעק איז נישט טראַכטנדיק אַריין אין ברענענדיקן הויז. אויפן ערשטן
שטאָק האָט געדאַרפט זיין די פרוי זיינע מיט דעם נאַר־וואָס געבוירענעם
טעכטערל. וואָס טוט מען ?! ווער קאָן דאָ העלפן ? ער האָט האָסטיק אַ
שטופּ געטאָן אַ טיר מיט אַן עמאַלירט שילדל : „די עלטערע הייבאַם”. ער
איז צו צו איר. זי איז געלעגן און געהאַלטן זיך ביים האַרצן.

— ראַטעוועט די קימפּעטאָרינס ! — האָט זי מיט אַ הייזעריקער שטימע
אויסגערופן — איך גיי באַלד. — וולאַדעק, וועלכער האָט זי אַזוי אָפט געזען,
האָט זי איצט לגמרי נישט דערקענט. איר פּנים איז געוואָרן פאַרעלטערט.
זי האָט שטיל געקרעכצט און קוים זיך גערירט.

שפּרינגענדיק איבער די שטיגן, איז וולאַדעק אַריין אין די צימערן,
אויפפּראַלנדיק אומעטום די טירן. עס האָט אים אַ זעץ געטאָן אין נאָז אַ

ריח פון רפואות, שוויס, זויערע מילך, טליענדיקע זאַכן. אין דעם ליכט פון דער שרפה האָבן די האַלב־נאַקעטע קימפּעטאָרינס אויסגעזען ווי גע־שפּענסטער. וולאַדעקן האָט אַרומגעכאַפּט אַן אימהדיקע שרעק. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט פאַלט איין איבער אים דאָס גאַנצע הויז.

ער האָט מיט דער האַנט אַ וויש געטאָן דעם פאַרשוויצטן שטערן, אויף אַ רגע פאַרמאַכט די אויגן און באַלד זיי ווידער געעפנט. ער האָט זיך בהדרגהדיק באַהערשט, צוגעגאַנגען צו דער ערשטער בעסטער פרוי און אַ זאָג געטאָן: — „שטיל זאָל זיין!״ עס האָבן געקוקט אויף אים ברייט־אויפגעריסענע אויגן. נישט באַוועגלעכע, פולע מיט שרעק און ווייטיק.

— ווו איז מיין פרוי! — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

— נישטאָ — האָט אים געענטפערט עפּעס אַ קול. — זי איז אַוועק, ווי נאָר עס איז געוואָרן טונקל. ער האָט זיי אָבער נישט געגלויבט. ער האָט אָנגעכאַפּט ביי די הענט איין פרוי נאָך דער אַנדערער און באַקוקט יעדעס פּנים. ער איז צוגעלאָפן צו די בעטן, געזוכט צווישן די אַלע, וועלכע האָבן שוין נישט געהאַט קיין כּוח זיך אויפצוהייבן. די פרוי זיינע איז אָבער דאָרט נישט געווען.

— זי איז אַוועק, אייער פרוי! ראַטעוועט אונדז! — האָט מען זיך ביי אים געבעטן. פּלוצעם האָט אַ זעץ געטאָן. עס האָט געפּלאַצט דער סופיט און מיט אַ מאָל האָבן זיך באַוויזן גאַנצע וואָלקנס דאַמף. מסתמא האָבן אין דער נאָענט געפּלאַצט די רערן פון דער צענטראַל־באַהייצונג.

— טוט אייך אָן, טוט אייך אָן און שנעל אַרויס! — האָט, ווי אַ באַ־נומענער, געשריגן וולאַדעק. — די פרויען האָבן זיך נישט גערירט. ער האָט אַ ריס געטאָן איינע פון זיי און ווילד געשריגן:

— אַרויס! אַרויס! איר וועט דאָך אומקומען דאָ אויפן אָרט!

די קימפּעטאָרינס האָבן זיך אַלע צוזאַמענגעשטופּט, צונויפגעדרענגט און געדרייט זיך אויף איין אָרט, נישט ווויסנדיק פאַר שרעק וואָס צו טאָן. יעדע איינע פון זיי און אַלע צוזאַמען האָבן געקלאָגט און געוויינט, געשריגן און געמאַכט יללות אויף פאַרשידענע אופנים. פון די אַלע געשרייען און יללות האָט מען געקאָנט פאַרשטיין בלויז צוויי ווערטער: — „מיין קינד, מיין קינד!״. פּלוצעם האָבן זיי אַלע, ווי פאַרכאַפּט פון עפּעס אַ געהיימען אויסטערלישן געדאַנק, צוגעשטופּט וולאַדעקן צו דער וואַנט און געפּאָדערט

פון אים שרייענדיק: „מיין קינד! וועלכעס איז מיין קינד?!״ אויף אַ מינוט האָט די שרפה באַלויכטן דאָס צימער און אין דעם מאָמענט האָט וולאַדעק באַמערקט, אַז די פרויען האָבן אים אַריינגעשטופּט אין אַן אַנדער צימער, ווו אויף אַ גרויס בעט האָבן זיך געפונען אויסגעלייגט איינס לעבן אַנדערן קינדערלעך איינגעוויקלטע, פאַרבונדענע, מיט פאַרמאַכטע אייגעלעך. אין צימער איז געשטאַנען אַ געדיכט געוויין. עס האָבן זיך געקלאָגט די נאַר־וואָס געבוירענע אויף זייער פינצטערן גורל שוין באַלד פונעם ערשטן טאָג פון זייער קומען אויף דער וועלט.

וולאַדעק האָט געהערט אַרום זיך באַנומענע קולות: — ניין, כ׳וועל נישט נעמען קיין פרעמדס! דאָס איז נישט מיינס, ניין, איך נעם עס נישט!

וולאַדעק האָט זיך אָנגעהויבן בעטן ביי זיי און גלייכצייטיק געשאָטן מיט ווייסטע און פינצטערע קללות:

— געוואַלד! אַנטלויפט! וואָס זענט איר, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, פערד, בהמות, וואָס אַנטלויפן נישט פון דעם ברענענדיקן שטאַל?! זאָל יעדע פון אייך נעמען אַ קינד.

די מאַמעס האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַרן בעט מיט די קינדער, זיך איבער־געבויגן איבער זיי און מיט אויגן פול מיט שרעק און אומעט געזוכט און גענישטערט צווישן די עופעלעך. מען האָט נאָר געהערט: — אוי, מיינס! אוי וויי, נישט מיינס!... עס האָט נאָך אַ מאָל אַ שטאַרקן קלאַפּ געגעבן. אין דער הייך האָט אַ זעץ געטאָן אַ זייל מיט פייער. די פרויען האָבן זיך צעשאָטן ווי אַ סטאַיע איבערגעשראָקענע פייגל.

וולאַדעק האָט אָנגענומען דאָס בעט און עס אָנגעהויבן אַרויסשטופּן. עס איז גאָרנישט אַזוי שווער — האָט ער אַ טראַכט געטאָן — עס האָט זיך גאַנץ שנעל געקייקלט אויף די רעדלעך.

— איך נעם צו די קינדער! — האָט ער אַ געשריי געגעבן צו די קימ־פּעטאָרינס. — נעמט צו שנעל די קאָלדרעס, ליילעכער, שנעל, שנעל מאַכט עס!

די פרויען, שוין שטילע, עטוואָס איינגעבויגענע, מיט אויסגעלאָשענע פּנימער, זענען אים געהאָרכזאַם נאָכגעגאַנגען. ער איז אַרויס מיט די קינ־דער אויפן קאָרידאָר. פון דאָרטן, מיט געדרייטע טרעפּ, האָט מען געקאָנט אַרויסגיין אויפן הויף אַרויס. די פרויען האָבן אים אַרומגערינגלט, געקוקט

איינע אויף די אַנדערע. וועט ער אַליין שלעפּן דאָס בעט מיט די קינדער, וועלן זיי אַלע אַרויספאַלן. ער האָט געשטעלט די ערשטע טריט אויף די טרעפּ. אַ געשריי פול מיט אַנגסט־שרעק האָט זיך אַרויסגעריסן ביי די פרויען.

די קינדערלעך האָבן אָן אויפהער געוויינט, אייניקע העכער, אַנדערע שטילער. אייניקע זענען גאָר אַנטשוויגן געוואָרן, ביי אַנדערע האָט זיך באַוויזן אַ ווייסע שוים אויף די ליפּעלעך.

— קומט שנעל אַראָפּ! — האָט וולאַדעק געשריגן צו די פרויען. — קומט אַראָפּ, דאָ נאָענט איז אַ באַהעלטעניש. דאָרטן וועט איר שוין צווישן זיך איינטיילן זיך מיט די קינדער.

די פרויען האָבן ווייטער אָנגעהויבן צו שרייען:

— ניין! ניין! קיין מאָל נישט; וואָס וועט זאָגן מיין מאַן, אַז איך וועל אים ברענגען אַ מיידעלע אַנשטאָט אַ יינגעלע?!

וולאַדעק איז געוואָרן צעקאָכט און אויפגעטרייסלט.

— פאַרפאַלן, זעט אויס, איך וועל שוין מוזן אַליין אַראָפּטראָגן די קינ־דער... — היי, באַבעס, ווער פון אייך וועט מיר צוהעלפן? דיינע־מיינע... אַלע דאַרף מען ראַטעווען! — ער האָט גענומען אַ קינד, וואָס איז געלעגן צום נאָענטסטן און אַ געשריי געטאָן:

— אַ סוף, נעמט! טראָגט אַראָפּ! — ער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי האַלט מען אַזאַ פּיצינקע קינד. ער האָט געציטערט, טאָמער גליטשט זיך עס ביי אים אַרויס פון די הענט. ער איז געגאַנגען אַזוי פּאַוואָליע, קוים געריהרט מיט די פיס, גלייך ווי ער וואָלט געשלעפּט אויף זיך נישט קיין פּיצל קינד, נאָר אַ פעסל צעמענט. ער האָט זיך אומגעקוקט: איינגעוויקלט אין קאָלדרעס און ליילעכער, זענען אים נאָכגעגאַנגען די פרויען, שלעפּנדיק די פיס, און יעדע איינע פון זיי האָט געטוליעט צו די ברוסטן אַ קינד. זיי האָבן גאָר באַקומען אַנדערע אויסדרוקן. צערטלעך געשעפּטשעט צו די קינדער אַזעלכע ווערטער, וואָס נאָר אַ מאַמע ווייסט ווי אַזוי זיי אַרויסצוזאָגן. די קינדער האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די ברוסטן, געצויגן מיט די הונגעריקע מיילעכלעך. די פּנימער פון די פרויען האָט באַדעקט אַ לייטזעליקע גוטס־קייט; די פּנימער פון די קינדער — אַ שטילע רויִקייט. אַרום און אַרום האָבן זיך געזען רויטע אָפּשיינען פון שרפות. מען האָט ווייטער אָנגעהויבן

צו באַשיסן די שטאָט, נאָר די פרויען האָבן גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזען אַ חוץ די קינדערישע פּנימלעך...

וולאַדעק האָט אַ פאַרגאַפּטער געקוקט אויף זיי. פּלוצעם איז צו אים צוגעלאָפן אַ פרוי מיט אַ ווילד געשריי:

— דאָס קינד גיב מיר אָפּ, דאָס קינד!...

זי האָט אויסגעזען שרעקלעך אין איר ווילדן כעס־אויסברוך: די האָר אירע זענען געווען צעשויבערט, די אויגן בייז און דאָס מויל אויסגעקרימט. ער האָט אויסגעשטרעקט פאַר זיך די האַנט:

— אָט באַלד גיב איך דיר אָפּ דאָס קינד. באַרויִק זיך, דו מכשפה אײנע! — אָבער זי האָט צעשפּרייט די פינגער ווי אַ רויבפויגל און געוואָלט שוין אַנכאַפּן אים פאַרן פּנים.

— נאַ, נאַדיר דאָס קינד, משוגענע אײנע! — זי האָט געכאַפּט דאָס דערשראָקענע, וויינענדיקע קינד נאָך אין דער לופט, צוגעטוליעט עס צו דער ברוסט און מאָמענטאַל אַנטשוויגן געוואָרן. אויף איר פּנים האָט זיך באַוויזן אַ צאַרטער שמייכל.

אָפּגייענדיק אַ פּאָר טריט איז ער שטיין געבליבן. ער האָט זיך דער־מאָנט אין דער אַלטער אַקושערקע. נישט קוקנדיק אויף דער דראָענדיקער געפאַר, איז ער צוריקגעלאָפן און ער איז אַריינגעשפּרונגען אין ברענענ־דיקן אַריינגאַנג. אין פאָרטער האָט ער אָנגעהויבן שרייען, רופן. אַלע צימערן זענען געווען פול מיט רויך און דאַמף און עס איז שווער געווען עפּעס וואָס צו דערזען. ער האָט אַ שטויס געטאָן דעם טיש צו דער וואַנט און איז צוגעלאָפן צו דער קאָזעטקע. זי איז געווען ליידיק. ער האָט זיך געוואָרפן זוכן זי אויף אַלע זייטן, נאָר זי איז נישט געווען. קערנדיק זיך צוריק, האָט עפּעס פאַר זיינע אויגן אַ גלאַנץ געטאָן. דאָס זענען געווען כירורגישע מכשירים. „עס וועט צו נוץ קומען" האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אויפהייבנ־דיק דאָס שווערע קעסטל האָט ער אַ קרעכץ געטאָן. פאַרוואָרפנדיק עס אויף אַן אַקסל האָט ער געזוכט אַ וועג זיך אַרויסצוכאַפּן. איינגעבויגן אונטער דער לאַסט, האָט ער געשטעלט זיכערע טריט.

ערגעץ פון אַ ווינקל־צימער איז אַרויסגעקראָכן הוסטנדיק און ווישנדיק די אויגן די אַלטע אַקושערקע. זי איז געגאַנגען שטאָר און אָנגעשטרענגט געקוקט פאַר זיך. פון דעם פענצטער אירן האָט זי נאָך פריער געהאַט באַ־

מערקט, ווי די פרויען גייען מיט די קינדערלעך. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן זיך אַלע אָפּגעראַטעוועט. „איצט — האָט זי זיך געטראַכט — וועט זי שוין קאָנען הייסט עס, רויִק שטאַרבן". פּלוצלינג איז זי פאַרשטייפט געוואָרן פון צער און שרעק. דאָ האָט זי ערשט באַמערקט דעם איינגעבויגענעם פאַרשוין מיטן קעסטל כירורגישע מכשירים. פאַר שרעק און איבערראַשונג האָט זי קוים געקאָנט עפּעס אויסרעדן. פון איר מויל איז אַרויס מיט אַ כריפּ בלויז איין וואָרט: גנבֿ! גנבֿ!

וולאַדעק האָט גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט. איינגעבויגן אונטער דער משׂא איז ער אַוועק, שטעלנדיק פאָרזיכטיק יעדן טראָט.

וואַרשע, 1964 (פון פּויליש: וו. רובין)

# די שלאַכטן אין סמאָלענסק

דער משפּחה פּערלמוטער ז״ל

די נאַכט האָט געהאַלטן ביים ענדיקן זיך. ווייט־ווייט האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. די ערד, די רויִנען פון די הייזער האָבן זיך געטרייסלט פון דער האַרמאַטן־שיסעריי און דעם בילן פון די קוילנוואַרפער. אויף די גערטנדלעך, צעאַקערטע דורך די סנאַריאַדן, פאַרשיטע מיט שטיקלעך צעבראָקלטע ציגל און גלאָז, האָט זיך עפּעס גערירט. אין דער הויך האָט אַ לייכט געטאָן אַ ראַקעטע. אַ בינטל שטראַלן האָט זיך פאַרשפּרייט און געבליבן הענגען מיט אַ טויט, אומעטיק ליכט. די זעלנער האָבן זיך ווי צוזאַמענגעגאָסן מיט דער צעקאַליעטשעטער ערד. אין שפּיץ פון אַ קליינער אָפּטיילונג רויטאַרמייער האָט אויף אַלע פיר געפּויזעט אַ יונגיטשקער סאָלדאַט.

— נאָך אַ פּאָר טריט — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן צו דעם סער־זשאַנט, וואָס איז געלעגן לעבן אים — עפּעס האָט זיך מיר דאָ אַלץ געביטן. — ער האָט זיך אויפגעהויבן אויף די עלנבויגנס און זיך גוט אַרומ־געקוקט. פלינק ווי אַ יאַשטשערקע האָט ער זיך איבערגערוקט אין אַ זייט. באַלד האָבן צוגעפּויזעט צו אים איינער נאָכן אַנדערן די איבעריקע זעלנער.

— דאָ איז עס! — האָט ער אַ רוף געטאָן.

די זעלנער האָבן אויף אַלע פיר אַרומגעקרייזט עטלעכע גרויסע גריבער, ענלעכע צו ווולקאַן־קראַטערס. פאַר זיי האָט זיך פון דער פינצטערניש באַוויזן אַן איינגעפאַלן איינשטאָקיק הויז. די משונהדיק־צעבויגענע אויף אַלע זייטן אייזערנע באַלקנס האָבן געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע נישע. אָט דאָ, אין דער באַהעלטעניש, האָט זיך איינגעאָרדנט דער אַרויסגערוקטער אָבסערוויר־פונקט פון באַטאַליאָן.

— אַ דאַנק דיר, רובינאַק! — האָט געזאָגט דער סערזשאַנט אַשכּנזי, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג, און מיט זיין מאָזאָליעדיקער האַנט אַ גלעט געטאָן איבערן פּנים. דער יונגיטשקער זעלנער, באַליידיקט אין זיין זעלנערישן שטאָלץ, האָט אומצופרידן זיך ווי אַ וואָרף געטאָן.

— אייל זיך צו, כּל־זמן עס איז נאָך פינצטער! — האָט דער סערזשאַנט געזאָגט. דער בחור האָט עפּעס אַ בורטשע געטאָן אונטער דער נאָז בעת דער געזעגענונג, אַריינגעשפּרונגען אין גרוב אַריין און פאַרשוואונדן געוואָרן. אַשכּנזי האָט אַרויפגעקלעטערט אויפן צעשאָטענעם הויז און צוגעפּויזעט צום אָפיציר מיטן פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ.

— איר דאַרפט אָפּטרעטן מיט אייער גרופּע, חבר לייטענאַנט. מיר וועלן אייך דאָ פאַרבייטן — האָט אַשכּנזי געמאָלדן.

דער אָפיציר האָט נישט איבערגעריסן דאָס אָבסערווירן און שנעל געזאָגט:

— גוט, זייער גוט. דער קאָפּ פּלאַצט מיר אויף שטיקער. די וווּנד איז נישט אַזאַ שרעקלעכע, פון דעסטוועגן דערקוטשעט זי מיך. רוקט זיך צו אַ ביסל נענטער, איך וועל אייך איבערגעבן מיינע אָבסערוואַציעס.

אַשכּנזיס אָפּטיילונג איז געלעגן שטיל און פאַרזיכטיק איינגעשטעלט דאָס מאַשין־געווער. אַ טייל זעלנער האָט אָפּגערייניקט די חורבות, כּדי מען זאָל קאָנען אַריינגיין אין קעלער.

עס האָט געטאָגט. די קילקייט האָט פאַמעלעך אָפּגעטראָטן דער וואָרעמער לופט פון דרום. דאָס אָרט, וווּ מען האָט אָוועקגעשטעלט דאָס געווער איז געווען גוט צוגעקליבן, לעבן אַ ברייטן סקווער, און מען האָט עס נישט געזען פון דער אַנדערער זייט גאַס. אַשכּנזי האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן אַ פייער־פּאָזיציע אין דעם דאָזיקן קעלער.

די דייטשן האָבן אַריינגעהאַקט אַ קלין אין דער פּאַרטיידיקונגס־ליניע פון דעם באַטאַליאָן. צוגעשפּאַרטע פוןביידע זייטן, זענען זיי געלעגן אָן באַוועגונג. צענדליקער צעשמעטערטע הייזער — פאַרוואַנדלטע אין פעסטונגען — האָבן נישט דערלויבט די דייטשן צו רירן זיך פון אָרט. זיי זענען געלעגן אין די גרובנס אַזוי נאָענט, אַז בעת עס פלעגט ווערן אויף אַ סעקונדע שטיל, האָט מען געקאָנט הערן זייערע אויסרופן און שמועסן. צווישן ביידע קעמפנדיקע צדדים האָט זיך געפונען אַ נישט גרויסער פּלאַץ; זעט אויס, אַ מאָל איז דאָס געווען אַ סקווער. אויף די פאַרשווונדענע בלומען־בייטן זענען געלעגן צעבראָכענע בענק, איינריכטונגען פון אַ שפּילפּלאַץ פאַר קינדער, הוידלקעס און לייטערלעך צום קלעטערן.

אַשכּנזי האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע הענט: זיי זענען געווען ברודיק־שוואַרץ. פּלוצעם האָט ער אַ טראַכט געגעבן, אַז ערשט נישט לאַנג צוריק האָט ער נאָך געאַרבעט, געהאַט בדעה צו קויפן זיך אַ זומער־אַנצוג און אַלינע האָט געדאַרפט צוגיין צו דער שניידערין וועגן עפּעס קליידלעך דאָרט... ער האָט דערשפּירט, אַז מען שטופּט אים אין האַנט אַ פּאַפּירל. סידאָרענקאָ האָט געוויזן מיטן פינגער אויפן הימל. אין דער הייך האָט זיך געטראָגן אַן עראָפּלאַן און געוואָרפן אויפרופן. איינס אַזאַ פּאַפּירל האָט ער גענומען און מיט כּעס עס אַ שליידער געטאָן אין דר'ערד.

אַשכּנזי האָט זיך נישט זייער אַריענטירט אין דער געאָגראַפישער לאַגע פון סמאָלענסק. אין זיין אָפּטיילונג זענען נישט געווען קיין היגע תושבים. זיי זענען ערשט נישט לאַנג געהאַט געקומען פון וויאַזמע אויף צו פאַרפולן די 38סטע אינפאַנטעריע־דיוויזיע. דאָס ערשטע מאָל זענען זיי געווען אין אַ פייער אין צענטער שטאָט. זיי האָבן געהאַט גרויסע פאַרלוסטן און פאַרביסן געקעמפט. דער שונא איז אָבער געווען שטאַרקער און שטופנווייז האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן. ביי נאַכט, אונטערן צודעק פון דער פינצטערניש, פלעגט מען זיך טייל מאָל אויף ס'ניי אַריינרייסן אין די נאָר וואָס פאַרלוירענע פּאָזיציעס.

אַרומקוקנדיק זיך און באַטראַכטנדיק די פּאָזיציע, האָט דער סערזשאַנט אַשכּנזי געפרעגט סידאָרענקאָן:

— ווי זעט אויס דער אַריינגאַנג אין קעלער?

— ער איז שוין כמעט פאַרטיק, חבר קאָמאַנדיר. מען רייניקט אָפּ די לעצטע רעשטלעך אָנגעשאָטענע ציגלברוך... פון פיר שווערע קוילן־וואַר־פערס זענען פאַרבליבן צוויי, דערפאַר אָבער האָבן מיר אַ קוילן־וואַרפער אַ דעראָבערטןביים שונא און אַ קעגנפאַנצער־ביקס.

עס האָט עפּעס אַ רויש געטאָן. אַשכּנזי האָט זיך אַרומגעקוקט. צו אים האָט צוגעפויזעט דער יינגערער סערזשאַנט גאַרטשאַקאָוו.

— נו, וואָס? מען קאָן זיך שוין אַריבערציִען?

— אַלץ איז פאַרטיק.

— וויפל פענצטער זענען פאַראַן אין קעלער?

— צוויי...

— ווייניק. וואָס קאָן מען פון זיי באַשיסן?

גאַרטשאַקאָוו האָט זיך אַרומגעקוקט און געזאָגט:

— אויף מערב־זייט איז לגמרי גוט, אויף צפון איז אַ בלינדע וואַנט, אויף דרום־זייט אָבער זעט מען שלעכט.

— גאַרטשאַקאָוו! — האָט אַ רוף געטאָן אַשכּנזי — נעם איוואַנאָווס שווערן קוילן־וואַרפער, טראָג אים אַראָפּ אונטן און שטעל אים אָן אויף מערב־זייט. אָבער פאַרזיכטיק, אָן גערויש. די דייטשן ווייסן דערווייל גאָר־נישט וועגן אונדז.

אין דער זעלבער רגע האָט סידאָרענקאָ האַסטיק אָנגעכאַפּט אַשכּנזין פאַרן אַרבל.

— איך זע, איך זע. מען טאָר נישט שיסן!

אַ ערך הונדערט און צוואַנציק טריט פון זיי האָט מען דייטלעך געזען די גרינע גרענאַדירן. דאָ האָט אַרויסגעשטעקט אַ קאָפּ, דאָ אַ פּלייצע פון אַ דורכלויפנדיקן זעלנער. שוואַרצע רימענס און גרינע קאַרבירטע גאַזמאַס־קעס האָבן זיך געלאָזט שאַרף אונטערשיידן פון די פאַרשטויבטע מונדירן.

זיי זענען געלעגן און אָבסערווירט. סידאָרענקאָ, אַ פאַרמאַטערטער, האָט איינגעדרימלט. פּלוצעם האָבן צוויי דייטשן זיך באַוויזן אויף אַן אָפענעם פּלאַץ. זיי האָבן געפויזעט אויף אַלע פיר, ווייטער אַ ביסל — נאָך צוויי, דריי... זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן ווי פון אַ זאַק אַרויס. זיי זענען שוין אַ צוואַנציק שטיק. עס פירן אָן מיט זיי צוויי אָפיצירן. זיי פויזן צו דער דרום־זייט.

— מען זעט אונדז נישט — האָט אַשכּנזי שטיל געזאָגט.

פון דרום־זייט האָט אַ גרעגער געטאָן. עס האָבן זיך אָנגערופן די שווע־רע קוילן־וואַרפערס. איינער פון די אָפיצירן האָט מסתמא געכאַפּט אַ קויל. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אין באַלד צוריקגעפאַלן אין אַ זייט, וואַרפנדיק זי ווי אַ פיש אויפן זאַמד. עטלעכע פאַרוואונדעטע דייטשן האָבן פויזנדיק זיך צוריקגעצויגן, די רעשט האָט געשאָסן. דייטשן איז געוואָרן אַלץ ווייני־קער. זיי זענען אָפּגעטראָטן. דער צווייטער דייטשישער אָפיציר האָט שיסנ־דיק, זיך דער לעצטער באַהאַלטן אין טראַנשיי. פּלוצעם האָט אין דער נאָ־ענט זיך דערהערט אַ שאָס. עס האָט געטראָפן דעם אָפיציר, וואָס איז געַ־בליבן הענגען פאַר די פיס, ווייזט אויס, ער האָט זיך פאַרטשעפּעט אין עפּעס. דער שאָס איז געקומען פון קעלער.

— ווער האָט געשאָסן? צי האָבן די דייטשן באַמערקט פון וואַנען?

אַלע זענען שטיל געבליבן. די שלאַכט איז געגאַנגען ווייטער אין די רויִנען פון די הייזער, אַן ערך הונדערט מעטער פונעם אָרט, וווּ ס׳האָט זיך געפונען אַשכּנזיס אָפּטיילונג.

— סידאָרענקאָ, שנעל אונטן אַראָפּ!

דער קעלער איז געווען אַ גאַנץ געררימער. זעט אויס, מען האָט אים געהאַט צוגעגרייט פאַר אַ שוצבונקער קעגן לופטאָנפאַליִען. ביי דער וואַנט, לעבן אַריינגאַנג, איז געשטאַנען אַ פעסל מיט וואַסער און אַ קאַסטן מיט זאַמד. די איינוווינער פון דעם הויז האָבן מסתמא ערשט נישט לאַנג צוריק פאַרלאָזט זייער באַהעלטעניש, ווייל עס זענען דאָרט פאַרבליבן רעשטלעך שפּייז און פאַרשידענע קיך־כּלים. צוויי שמאָלע פענצטער זענען געווען פאַר־זיכערט מיט אַ ווערטיקאַלער קראַטע. די שווערע קוילן־וואַרפערס זענען געשטאַנען אין פענצטער אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן קאָנען פירן אַ קרייצ־פייער. דערוויל אָבער האָבן זיי געשוויגן און געוואַרט אויף דעם געהעריקן מאָמענט. אַשכּנזי האָט נאָך אַ מאָל באַקוקט דעם באַשיס־שטח. ער האָט אויסגעשטעלט אָבסערוויר־פּאָסטנס און עטלעכע זעלנער געהייסן באַקענען זיך מיטן דעראָבערטן ביים שונא געווער. די רעשט האָט אָפּגערוט.

— ווער האָט געשאָסן? — האָט אַשכּנזי פּלוצעם אַ פרעג געטאָן.

— איך — האָט זיך אָנגערורפן פּילאַטאָוו. ער האָט שוין געהאַט זיך צוגעגרייט צו לייגן זיך.

אַשכּנזי האָט אויף אים אַ שאַרפן קוק געגעבן. פּילאַטאָוו האָט זיך פּאַוואָליע אויפגעשטעלט. דאָס איז געווען אַ גוטגעבויטער זעלנער. ער איז געווען שוין האַלב־אויסגעטאָן, געשטאַנען אין אַ נאַכלעסיקער פּאָזיציע, מיט אַ טאַטויִרטער ברוסט, מיט אַ פּיפּיקן אויסדרוק אויפן פּנים.

— פאַר וואָס האָסטו געשאָסן אָן אַ באַפעל? — האָט הויך געפרעגט אַשכּנזי.

פּילאַטאָוו האָט זיך אויסגעגלייכט. דער כיטרער אויסדרוק איז תיכף פאַרשוווּנדן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— אפשר זאָל איך דיר אויפהייבן דעם קאָפּ? — האָט רויִק געפרעגט אַשכּנזי.

פּילאַטאָוו האָט ראַש אַ קוק געטאָן אויף אַשכּנזין, ווידער שנעל אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ און געקוקט אין אַ זייט. ענדלעך האָט ער אַרויסגעשפּ־טשעט:

— איך האָב דאָך געהרגעט אַ פריץ, און דערצו נאָך אַן אָפיציר.

— יאַ־אַ־אַ! — האָט זיך אַרויסגעריסן ביי אַשכּנזין — ווען אַלע זאָלן אַזוי טאָן ווי דו, וואָלט מען אונדז שוין לאַנג דערשנאַפּט. און מיר, וואָס פאַר אַן אויפגאַבע האָבן מיר?

אויף פּילאַטאָווס פּנים האָט זיך ווידער באַוויזן דער זעלבער כיטרער אויסדרוק:

— עס איז דאָך גאָרנישט נישט געשען — האָט ער געזאָגט מיט אַ דערדריקטער שטימע.

— און ווען זיי וואָלטן אונדז אָנגעהויבן צו באַשיסן מיט אַ דירעקט אַרטילעריע־פייער, און דערצו נאָך פאַר דער צייט?

אין קעלער איז געוואָרן שטיל.

— טו אָן דעם מונדיר, נעם די ביקס און גיי מעלד זיך צו דעם ראָטנע קאָמאַנדיר.

פּילאַטאָוו האָט זיך נישט גערירט פונעם אָרט.

— נו, אויף וואָס וואַרטסטו?

— כ׳האָב צו אייך אַ בקשה — האָט פּילאַטאָוו געזאָגט.

— אפשר דיר געבן אַן אורלויב־צעטל, האַ? — האָט אים אַשכּנזי איבערגעריסן.

— לאָזט מיך איבער אין דער אָפּטיילונג. כ׳וועל אויספירן די שווער־סטע אויפגאַבע.

— אַלע האָבן שווערע אויפגאַבן.

— כ׳בין גרייט אומצוקומען יעדע רגע! — האָט פּילאַטאָוו מיט ברען אויסגערופן און זיך אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פויסט אין האַרצן.

— און מיר, מיינסטו, ווילן דאָ כאַפּן אַ טענצל? האַ? נו, אָפּגעמאַר־שירט זאָל ווערן! פאַרשטאַנען?!

פּילאַטאָוו האָט פּאַוואָליע זיך אָנגעהויבן אָנצוטאָן, פאַרצויגן דעם פּאַ־סעק, צוגעשפּיליעט די גאַזמאַסקע, גענומען די ביקס, זי ווי געוויגן אין דער האַנט, אָוועקגעשטעלט זיך אויף אַכטונג. ער האָט עפּעס געריידט און פאַרהאַקט זיך, דאָס פּנים איז אים געוואָרן רויט, און צום סוף האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— כ׳האָב נישט קיין מורא פאַר דעם קאָמאַנדיר פון דער ראָטע, נאָר איך שעם זיך.

עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן:

— קוקט נאָר אָן די נאַיִווע בתולה!...

אַשכנזי האָט זיך הויך צעלאַכט און מיט די פויסטן אָנגעהויבן רייבן די פאַררויטלטע אויגן. אויך אַלע איבעריקע האָבן אָנגעהויבן צו לאַכן. גאַר־טשאַקאָוו האָט זיך געהאַלטן פאַר דער רעכטער זייט:

— כ׳וועל, באמנות, נישט אויסהאַלטן! — האָט ער שיִער געפּלאַצט פאַר געלעכטער און זיך מיט דער לינקער האַנט אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, כדי נישט אומצופאַלן. אַלע אַרומיקע האָבן אים צוגעהאָלפן קייכן פון געלעכטער. די גאַנצע ערנסטקייט פון דעם מאָמענט איז ווי מיט דער האַנט אַוועק.

— שטיל זאָל זיין! — האָט אויסגערופן אַשכנזי, שטיקנדיק זיך אַליין פאַר געלעכטער. — נו, גוט, אויב דו שעמסט זיך טאַקע, טאָ פאַרבלייב דאָ איבער.

אין קעלער האָט געשטיקט די לופט. דער שטויב האָט זיך אַריינבאַ־קומען אין דער נאָז, אין די אויערן, און אָפּגעזעצט זיך אויף די פאַרשוויצטע פּנימער, פאַרשאַרפנדיק זייערע שטריכן.

דורך דער שיס־עפענונג האָט זיך אַריינבאַקומען אַ בינטל זונליכט און ווי מיט אַ רעפלעקטאָר באַלויכטן די טונקלקייט. אויף דעם זונפלעק האָט מען אויסגעשפּרייט אַ געפונען טישטעך. ווי פילפאַרביקע בלומען האָבן זיך צעבליט די געלע און רויטע פּירעקן. דער יעפרייטער ריאַבינין, אַ הויכער, דאַרער, מיט אַן אַרויסטאַרטשענדיקער רעכטער פּלייצע האָט געבראַכט אַ לענגלעך פּעקל, איינגעוויקלט אין שינעל. ער האָט פּאַרזיכטיק זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די קני און אַוועקגעלייגט דאָס פּעקל אויפן טישטעך. — נו, מיר הייבן אָן! — האָט ער געזאָגט און זיך מיט רעש אַוועקגעזעצט אויף דער ערד. עטלעכע זעלנער האָבן זיך צו אים צוגעזעצט. זיי האָבן זיך צו־גערוקט נאָענט צום אימפּראָוויזירטן טיש, קוקנדיק נייגעריק אויפן פּעקל. ריאַבינין האָט אָפּגעווישט די הענט און פונאַנדערגעוויקלט דעם שינעל. זיי האָבן דערזען אַ דעראָבערטן לייכטן קוילן־וואַרפער.

אין דער זעלבער צייט האָבן עטלעכע זעלנער זיך פאַרנומען מיט אויס־האַקן אַ לענגלעכע עפענונג אין דער וואַנט, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויף צפון. מען האָט זיך געגרייט צו פאַרטיידיקן זיך פון אַלע זייטן. אַ טייל זעלנער האָט גערוט. זיי זענען געשלאָפן מיט אַן אומרויִקן שלאָף, געלעגן האַרט ביי דער וואַנט, האַלב־נאַקעטע אויף די שינעלן.

ריאַבינין האָט אין דער לינקער האַנט געהאַלטן דאָס מאַגאַזינדל פונעם מאַשין־געווער און געוויזן ווי אַזוי דער דיסק אַרבעט. עס איז אים גוט גע־גאַנגען. פאַוואָליע האָט ער צענומען דעם גאַנצן קוילן־וואַרפער, איין טייל נאָך דער אַנדערער. — אַ גוטע כלי! — האָט ער מיט אָנערקענונג צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט געהאַט לאַנגע, פלינקע פינגער — אַ גע־בוירענער מייסטער. די מעכאַניק איז אים ליב געווען. ער פלעגט זיך איבער־נעמען מיט יעדער נייער אַנטדעקונג אין דעם דעראָבערטן טראָפּיי־געווער און מיט גרויס התפעלות געוויזן, ווי דאָס אַרבעט און פונקציאָנירט.

פלוצעם האָט מיטיאַ לאַבאָוו אַ געשריי געטאָן, ווייזנדיק מיטן פינגער:
— אוי, אַ קינד! עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז קיינער הערט אים נישט. די שיסעריי האָט געקנאַלט אָן אויפהער און אָן אָפּרו. זי האָט פאַרטויבט אַלע רייד און קלאַנגען. אָבער אין קעלער האָט געקלונגען זידן ווי אין אַ קעסל: — אַ קינד ?! ווו ?! האָבן אַלע זיך אַ וואָרף געטאָן צו די שיס־עפע־נונגען, דורך וועלכע ס׳האָבן זיך געזען רעשטלעך סקעלעטן פון צעשמע־

טערטע הייזער מיט צעפליקטע אינגעווייד פון דעם, וואָס איז אַ מאָל גע־ווען אַ דירה. קיין שום קינד האָט מען אָבער נישט באַמערקט. אַלע האָבן זיך אויסגעדרייט און אָנגעקוקט מיטיען. אַן איבערגעשראָקענער, האָט ער געוויזן מיטן פינגער אויפן טישטעך:

— איר זעט? אָט דעם פלעק! אַ ברוין־געלער! וואָס, איר פאַרשטייט נישט? שוטים וואָס איר זענט! — האָט ער ווי זיך געוווּנדערט אויף זיי.

— אָט ביי דעם טישטעך האָט דאָך אַ קינד געגעסן, אפשר אַ דריי־פיריאָ־ריקס — אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ גוטהאַרציקער, ממש קינדעריי־שער שמייכל. אַלע זענען געבליבן שטיין, ווי צוגעוואַקסענע צו דער ערד

— איר גלייבט נישט? דאָ זענען דאָך בולט פאַראַן שפּורן פון קאַקאַאָ און אייער...

די שלאָפנדיקע זעלנער האָבן זיך איבערגעוועקט:

— וואָס איז געשען? — האָבן זיי אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, נאָך דעם האָבן זיי דערזען, ווי מיטיאַ ווייזט עפּעס מיטן פינגער. לעבן אים איז געלעגן דעם שונאס... געווער. קיינער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, אָבער אַלע האָבן פאַרשטאַנען אין וואָס דאָ גייט, און יעדער פון זיי האָט אַלץ געוווּסט וועגן זיין חבר. צוויי שעה פאַר מיטיעס אָפּפאָרן אויפן פראָנט, האָט אַ שפּליטער פון אַ באָמבע פאַרוווּנדעט זיין זונעלע, וואָס איז נאָך נישט אַלט געווען קיין גאַנצע פיר יאָר. אַשכּנזי האָט אַ קוק געגעבן אויף מיטיען און זיך פאַרטראַכט.

— זיי דערנענטערן זיך! — האָט אַ געשריי געטאָן סידאָרענקאָ.

— אויף די ערטער — האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן אַשכּנזי, אַרויס־רייסנדיק די זעלנער פון זייערע מחשבות און האַלבדרימל.

די דייטשן האָבן ווידער אָנגעגריפן און געפירט אַן אינטענסיוו האַר־מאַטן־פייער. צוויי זייערע אינפאַנטעריע־קאָמפּאַניעס האָבן זיך גערוקט הינטער צוויי טאַנקן „פּאַנצער 3". זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין דער־נענטערן, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויפן שטאַרקן פייער פון די ביקסן און קוילן־וואַרפערס. די חורבות פון די אַרומיקע הייזער האָבן זיי גוט אויסגענוצט.

די שווערע קוילן־וואַרפערס פון אַשכּנזיס אָפּטיילונג האָבן נאָך נישט אָנגעהויבן זייער אַרבעט. זיי זענען געווען אָנגעצילט אויפן לינקן פליגל

פונעם שונא. פון דער ווייטנס האָבן אויפגעטויכט איינצלנע היטלערישע זעלנער, מען האָט אָבער געוואַרט, ביז מען וועט קאָנען אין זיי צילן מיט מער זיכערקייט. דער קעלער און די פאַרמאַסקירטע שיס־עפענונגען האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גוטע פאַרטיידיקונג־פאָזיציע און מען האָט זי ווייטער פאַרשטאַרקט מיט זעק זאַמד און צעבראָכענע ציגל.

עס האָט זיך דערנענטערט דער גערויש פון די טאַנקן, מען האָט אָבער די דייטשן נאָך אַלץ נישט געזען. זיי זענען איבערגעשפּרונגען פון איין באַהעלטעניש צו דער אַנדערער. סידאָרענקאָ און וואַריאַגאָוו, וואָס האָבן באַדינט די שווערע קוילן־וואַרפערס, זענען געשטאַנען ביי דער שיס־עפענונג פון דער דרום־וואַנט. זיי האָבן זיך פאַרטייעט פונקט ווי די יעגער אין דער טייגע אויף ווילדע חיות. סידאָרענקאָ, גרייט צום שיסן, האָט אַזש געשוויצט פאַר אויפרעגונג: נאָר אַ קוועטש צו געבן — און עס וועלן פליִען סעריעס קוילן!

— רויִק, חברה! — האָט אַ געשריי געטאָן אַשכּנזי — נישט שיסן אין די טאַנקן, צילט נאָר אין דער אינפאַנטעריע.

דאָס ריטשען פון די מאָטאָרן און דאָס קריצן פון די קייטן־רעדער איז געוואָרן העכער און שטאַרקער פון מינוט צו מינוט. צוזאַמען מיט דער אָנגעהיצטער לופט האָט זיך דורך אַלע שפּאַרעס און לעכער אַריינגעריסן דער איבלדיק־זויערלעכער ריח פון די פוילנדיקע און פאַרברענטע מענטשלעכע גופים. ביי דער אַנדערער שיס־עפענונג, מיט אַן אַרויסבליק אויפן סקווער, איז געשטאַנען דער צווייטער שווערער קוילן־וואַרפער מיט זיין באַדינער, דעם יעפרייטער דונין. לעבן אים, אָנגעצויגן ווי אַ פייל, האָט געוואַכט דער ייִנגערער סערזשאַנט גאָרטשאַקאָוו מיט דער דעראָבערטער ביים שונא קעגנטאַנק־ביקס.

פּלוצעם האָט עפּעס אויפגעריסן אויפן צודעק פונעם קעלער. עס האָט זיך אַ שאָט געטאָן זאַמד, שטויב, שטיקער ציגלברוך. די מענטשן האָבן פאַרשידן רעאַגירט. איינער האָט אַריינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, אַן אַנדערער האָט זיך צוגעטוליעט צו דער וואַנט, נאָך אַנדערע האָבן זיך גאָר צוגעזעצט.

— ע, ס'איז אַ מינע, זיי וועלן אונדז גאָרנישט טאָן! — האָט זיך אין דער שטילקייט דערהערט אַשכּנזיס שטימע.

פלוצעם האָט זיך באַוויזן דער לאַנג־דערוואַרטער טאַנק. ער האָט געשפּיגן מיט פייער פון זיינע קוילן־וואַרפערס. מיט אַ מאָל האָט ער אויסגעדרייט די לופע פון זיין האַרמאַט אין דער זייט פון דעם פאַרמאַסקירטן בונקער. די לופע האָט געגישטערט, גלייך ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. אַשכּנזי האָט דערפילט, אַז דאָס בלוט איז אים אַוועק פון האַרצן. צי האָט זיי דער טאַנק דערשמעקט? אוממעגלעך! די פיס זענען אים געוואָרן אָנגעגאָסן מיט בליי. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער אַפילו געוואָלט פאַלן אויף די קני, צומאַכן די אויגן, באַהאַלטן דעם קאָפּ. אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן פונעם אָרט. ער האָט, ווי אין היפּנאָז, געקוקט אין דעם עפּענונג פון דער האַרמאַטן־רער, ער איז נישט אין שטאַנד געווען אָפּצורייסן די אויגן פון דעם האַרמאַטן־טורעמל. ער האָט געזען יעדן צענטימעטער פון דער פאָדערשטער געפּאַנצערטער פּליטע מיט דער אָפּגעקראָכענער פאַרב פון פאַרמאַסקירונג־קאָליר. ער האָט געהערט היִנטער זיך דעם שנעלן אָטעם פון זיינע זעלנער. ער האָט געפילט זייער יעדן ציטער, זייער יעדן נערוו. זאָל ער הייסן שיסן? ניין, ניין. דעם טאַנק וועט עס גאָרנישט שאַטן. זיין פאָדערשטע געפּאַנצערטע פּליטע איז דיק און מען וועט זי נישט דורכשלאָגן. פּלוצלונג האָט זיך די האַרמאַטן־רער אויסגעדרייט אויף גאַנצע ניינציק גראַד. ביי אַלעמען האָט זיך אַרויסגעריסן אַ זיפץ. עס איז געוואָרן לייכטער, דאָס האַרץ האָט אויפגעלעבט, דאָס בלוט האָט גענומען שטאַרקער פּולסירן. פון הינטער דעם שטאָלענעם מאָנסטער־מחבל האָט זיך באַוויזן אַ גרופּע דייטשן. רישטעגדיק זענען זיי געגאַנגען פאָרויס.

— פייער! — האָט ווי אַ שאָס געגעבן אַשכּנזיס קול. אַ לאַנגע סעריע פון ערשטן שווערן קוילן־וואַרפער האָט אָנגעמאַכט אַ וויסטעניש צווישן די אָנגרייפנדיקע. אַ טייל פון זיי איז געפאַלן. די רעשט איז געבליבן ליגן אין די רויִנען.

אַ טאַנק איז אין דער צייט דורכגעגאַנגען כמעט פאַר דער סאַמע נאָז פון גאָרטשאַקאָוון, וואָס האָט קוים באַוויזן אויסצושיסן נישט צילנדיק אַפילו. די קויל האָט דורכגעהאַקט דעם באָרט אין דעם פאָדערשטן טייל, זעט אויס געטראָפן אין שאָפער. דער טאַנק האָט זיך אָנגעהויבן צו דרייען, ווי אַ שיכּורער, אַהין און צוריק. אַ פייער האָט אים אַרומגעכאַפּט פון אַלע זייטן. דער בענזין האָט געשפּריצט פון אומעטום און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ

שטראָם פייער. אַ צווייטער טאַנק האָט זיך דורכגעשלענגלט ביי דער זייט, באַשיסנדיק די נאָענטע חורבות.

גאָרטשאַקאָוו האָט אָנגעצילט און אויסגעשאָסן. דער טאַנק האָט צו מאָל זיך נישט אַ ריר געטאָן.

— גאָרטשאַקאָוו, גיב אַכטונג! — האָט אַ געשריי געגעבן אַשכּנזי.

— וואָס איז געשען?

— ער וועט זיך באַלד אומקערן און אונדז צעקוועטשן.

אָבער ער האָט זיך נישט אומגעקערט. ער האָט זיך געדרייט ווי אַ מטורפער, שיסנדיק בלינדערהייט אָן שום רעזולטאַט. איינער פון זיינע קייטן־רעדער איז געלעגן אויסגעצויגן ווי אַ מת. גאָרטשאַקאָוו, ווי פאַרזונ־קען אין זיינע געדאַנקען, האָט אַלע מאָל צוגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער: „נאַדיר, נאַדיר, דו הונט איינער!" און ווייטער געשאָסן. פון דער נאָענט האָט זיך אָפּגערופן אַ „פינפאונפערציקער".

— אונדזער האַרציק־טייערע האָט פונקט צו דער צייט גענומען אַ וואָרט — האָט זיך דערהערט אַ הייזעריקע שטימע.

די דייטשן אין די רויִנען האָבן אָנגעהויבן שנעל גראָבן אָקאָפּעס. די, וואָס זענען פון פריִער געבליבן ליגן, האָבן זיך נישט געקאָנט אַ ריר טאָן, אָבער די פאַרטיידיקער פון קעלער האָבן זיי אויך גאָרנישט נישט געקאָנט טאָן. סידאָרענקאָ האָט מיט אָנשטרענגונג געפּאַרשט יעדע באַוועגונג פונעם שונא. אויף זייער יעדן פּרווו זיך אַ ריר צו געבן, האָט ער תיכף געעפנט אַ פייער. די דייטשן האָבן איצט געשאָסן בלויז פון צייט צו צייט. די אָפּגעשפּאָלטענע שטיקלעך טינק און ציגל זענען זיך צעפלויגן אויף אַלע זייטן.

אַשכּנזי האָט זיך שטאַרק פאַרטראַכט: וואָס טוט מען ווייטער? די דייטשן קאָנען יעדע מינוט צוריק איבערנעמען די איניציאַטיוו. דער פּראָוויזאָרישער בונקער איז טאַקע געווען אַ גוטער, אָבער בלויז צום פאַרטיידיקן זיך. דער שטח, וועלכן מען האָט געקאָנט באַשיסן איז געווען באַגרענעצט, און דאָס פייער וועט נישט ברענגען דעם געהעריקן עפעקטיוון נוצן. מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, אַז עמעצער ציט אים פאַרן אַרבל. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַ ביסל בייזלעך געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

פּילאַטאָוו האָט עפּעס געררעדט. עס איז געווען שווער צו הערן, אָבער ער האָט געכאַפּט דעם געדאַנק.

— גאַרטשאַקאָוו, גיב גוט אַכטונג, איך וועל אַ ווײַלע זײַן פֿאַרנומען — האָט געזאָגט אַשכּנזי. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט פּילאַטאָוון אין אַ ווינקל. אַ פּאָר מינוט האָט עס געדויערט. בײַדע האָבן עפּעס געשעפּטשעט צווישן זיך. — גוט, פּילאַטאָוו, אויסגעצייכנט, זייער אַ גוטער אײַנפֿאַל!

— ריזשיק! — האָט אַ קאָמאַנדעווע געגעבן אַשכּנזי — גיב אַהער דײַן האַלב־אויטאָמאַטישע ביקס. וויפֿל האָסטו דאָרט מאַגאַזינדלעך?

— דרײַ.

— גיב זיי פּילאַטאָוון!

ריזשיק האָט פּאַוואָליע גענומען אָפּוויקלען דעם פֿאַרפֿעטסטן באַנדאַזש פֿונעם שלאָס פֿון זײַן האַלב־אויטאָמאַטישער ביקס.

— וויקל נישט אָפּ! — האָט זיך אָפּגערופֿן פּילאַטאָוו. — לאָז אָפּ. זאָל זײַן אַזוי.

אַלע האָבן געקוקט אויף זיי. סידאָרענקאָ און גאַרטשאַקאָוו האָבן זיך איבערגעקוקט, זיי האָבן פֿאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט.

פּילאַטאָוו איז אַוועק צום אַרויסגאַנג. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און פֿאַרזיכטיק אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ. אויבן האָבן געפּייפֿט די קוילן. ער האָט זיך אַנטשלאָסן. ער האָט גענומען אין האַנט אַריין דעם רימען פֿון דער ביקס און איז איבערגעלייגט אויפֿן עלנבויגן. ער האָט געפּויזעט אויף אַלע פֿיר. ס׳איז אים שווער געווען. דער שטויב פֿון די רויִנען האָט זיך אַרײַנבאַקומען אין די נאָזלעכער. נו, אַוודאי,די סמאָלענסקער געגנט, דאָס איז דיר נישט אַלטאַי! אַ מאָדנע זאַך: איצט דווקא האָט ער זיך דער־מאָנט אין דעם זומער, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט בײַ דער אָזיערע דזשילי־קול. עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט באַקאַנטע ריחות פֿון די אַלטײַער בלומען. פּאַר זיינע אויגן האָט אויפֿגעטויכט דער אַלטער פּראָפֿעסאָר אָפּאַנאַסעיעוו — אַלע צמחים האָט ער ליב געהאַט אָנצורופֿן מיט זייערע לאַטיינישע נעמען. וואָס מאַכט איצט סאָניע? אין איצטיקן מאָמענט איז זי געוויס אין אינסטי־טוט — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. דער שווייס האָט אים פֿאַרגאָסן דאָס פּנים, די פּלייצעס, דעם גאַנצן גוף. עס האָט עפּעס אַ רויש געטאָן. ניין, דאָס זענען נישט קיין פֿייגל: דאָס האָט אַ מינע אויפֿגעריסן אין דער באַנט.

אַך, וויפל פייגל פאַרשידענע זענען דאָרט געווען — גרויע גענדז, קאַטש־קעס, ווייסע פעלדהינער און אַנדערע מינים. ווידער דאַכט זיך אים עפּעס אויס. מסתמא פאַר שרעק — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. פּלוצעם האָט ער באַמערקט אַ דייטש, אָבער נישט אין זיין פולן וווקס, נאָר בלויז אַ פוס אַנגעטאָן אין אַ סאַפּערן־שטיוול. ער האָט זיך עטוואָס אויפגעהויבן אויף די הענט. שאַרפע שטיקלעך פון צעהאַקטע ציגל האָבן זיך איינגעשניטן אין קערפּער. ער האָט זיך עטוואָס אַ דריי געטאָן און זיך באַקוועם איינגעמאָס־טעט. איצט האָט ער שוין געזען דעם אַנדערן פוס אויך — דער יעקע האָט אים פאַרוואָרפן אין אַ זייט, מיט אַן איינגעבויגענער קני. פילאַטאָוו האָט אויפגעהויבן זיין קערפּער אַ פּאָר צענטימעטער און אַ פויזע געטאָן פאַרויס. איצט זעט ער שוין עטלעכע דייטשן. זיי גראָבן זיך אויס אָקאָפּעס. ער האָט צוגעפויזעט ביז די איינגעפאַלענע טרעפּ. ענדלעך איז ער שוין אינעווייניק. אַ רויִבירטע קיך, אַ פאַרברענטע פּאָדלאָגע, אַן אויסגעבויגענער וואַסער־קראַן. אַ ביסל וויטער — אַן אויוון, היפּש דורכגעלעכערט. אויסגעצייכנט. דאָרט וועט ער אַריינקריכן. די אייזערנע פּליטע איז געווען אויפגעשטעלט. ער איז אַריין אין דער מיט. ער זעט פון דאַנען גוט די דייטשן. אַ טייל האָבן זיך אויסגעגראָבן אַ לאַנגן ראָוו, דערוויל נאָך אַ גאַנץ פּלאַכער. די רעשט זיצט אין אַ גרוב נאָך אַן אויפרייס פון אַ באָמבע און מען זעט זיי שוואַך. עטלעכע פּריצן שיסן אין דער מזרח־זייט. ער האָט זיך פאַרמאַסקירט און אויסגעשמירט דאָס פּנים מיט סאַדזע.

ער איז געווען גרייט. עס האָט זיך ביי אים צעשפּילט די נשמה פון אַ יעגער. וויפל מאָל איז ער געקראָכן איבער בערג און וועלדער יאָגנדיק זיך נאָך חיות? פאַר אים איז עס נישט קיין נאָווינע. ער האָט אָוועקגעלייגט די ביקס. וועמען אויסקלייבן? אַ גוטער שיסער איז ער פון תמיד אָן. אַן אויסצייכענונג באַקומען. אין באַרנאַול אויפן שיסער־פאַרמעסט האָט ער פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט. איצט ליגן זיי, די פּריצן, פאַר אים ווי אויף אַ פּאַטעלניע. גלייך ווי ער וועט אָנהייבן צו שיסן, וועלן זיי דאָך פאַרשווינדן. די ביקס שיסט אויס האַלב אויטאָמאַטיש 10 קוילן, הייסט עס דריי סע־קונדן אויף איין יעקע. צוויי דייטשן מיט אָפיצירן־פּעטלעך רעדן עפּעס צווישן זיך. פון זיי וועט ער אָנהייבן.

ער האָט אייניקע מאָל אויסגעשאָסן. די שאָסן זענען דערטרונקען געוואָרן אין אַלגעמיינעם כאַאָס פון דער פייער־קאַנאָנאַדע. ער האָט אויסגעליידיקט אַ קוילן־מאַגאַזינדל. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק. יעדע קויל האָט געטראָפן אין ציל אַריין. עטלעכע דייטשן האָבן זיך אויפגעהויבן מיט אַ ליאַרעם און געלאָפן אויף צוריק. עס האָט זיך אָפּגערופן דער שווערער קוילן־וואַרפער פון סידאָרענקאָ. צו שפּעט, נישט באַוויזן. זיי האָבן זיך דורכגעריסן.

די דייטשן, ווי פילאַטאָוו האָט עס פאָרויסגעזען, האָבן זיך באַהאַלטן אין דער אָקאָפּע. איינער פון זיי איז מסתמא משוגע געוואָרן פאַר שרעק. ער האָט שטייענדיק זיך געהאַלטן פאַרן קאָפּ און געשריגן מיט אַ משונה־דיק־ווילד קול. אין אַ רגע אַרום איז ער אומגעפאַלן, וואַרפנדיק זיך ווי אַן עפּילעפּטיקער. פילאַטאָוו האָט אים גענומען אויפן ציל. ער האָט געצילט אין קאָפּ אַריין. ער האָט שוין געוואָלט אויסשיסן. — „ניין — האָט ער צו זיך געזאָגט — איך וועל אים נישט דערהרגענען, דאָס איז אַ קראַנקער מענטש".

ער האָט ווייטער אָבסערווירט. פון אַ גרוב האָט זיך באַוויזן אַ שפּיץ פון אַ שטיוול. צווישן די רויִנען האָט זיך עפּעס געגרינגט. מען קאָן אים דערשנאַפּן. עפּעס האָט אַ בליץ געטאָן קעגן איבער. עס איז געפאַלן אַ שאָס. יאָ, כ׳האָב זיי געפּאַקט! זיי ליגן צופוסנס פון דער צעבראָכענער סאָסנע. ער האָט צוויי מאָל אויסגעשאָסן. איינער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און שטיל געבליבן. דעם שטיוול זעט מען שוין בעסער, נישט באַקוועם אים משמעות. ער דרייט זיך עפּעס, דער באַלעבאָס פונעם שטיוול. כ׳האָב נאָך צייט — האָט פילאַטאָוו אַ טראַכט געטאָן. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ קרעכץ דאָ אין דער נאָענט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אויפן אָרט, ווו ס׳איז אַ מאָל געווען דער קאָרידאָר, איז געלעגן ריזשיקאָוו אַ בלייכער. ער איז געוואָרן פאַרוווּנדעט. „אַהאַ! דאָס האָט דעמאָלט אַ בליץ געטאָן!" ער האָט אַ קוק געגעבן, צי מען זעט נאָך דעם שטיוול. יאָ, ער איז דאָ, און די קני אויך. ס׳איז געפאַלן אַ שאָס. „דאָס איז דיר פאַר ריזשיקאָוון!" פילאַטאָוו האָט אַוועקגעפּויזעט אויף צוריק. ער איז אַראָפּ אונטן, גענומען ריזשיקאָוון אויף די פּלייצעס און אַריין אין קעלער. ביים אַריינגאַנג איז געלעגן ביעליאַיעוו מיט דער ביקס גרייט צום שיסן. — „אָ, דאָס איז שוין דער צווייטער!" —

האָט ער אויסגערופן, דערזעענדיק זיי. — ווער נאָך איז פאַרווונדעט גע־וואָרן?" — האָט אַ פרעג געטאָן פּילאַטאָוו מיט אַ דערשטיקטער שטימע.
— „ער ליגט ביים אַריינגאַנג, דער יעפרייטער באַגדאַסאַזיאַן, קוים וואָס ער אָטעמט". פּילאַטאָוו האָט אַוועקגעלייגט ריזשיקאָוון. צו אים איז צוגע־גאַנגען דער סאַניטאַר סאַזאַנאָוו און גענומען ריזשיקאָוון פאַרבינדן די וווּנד.
— „וואָס קאָן איך דאָ העלפן? אַ דאָקטאָר דאַרף מען דאָ" — האָט געמורמלט דער סאַניטאַר. אָשכּנזי איז אַריינגעגאַנגען און גענומען העלפן דעם סאַניטאַר.
פּילאַטאָוו איז צוריק אַוועק אויף זיין פריִערדיק אָרט אין דער קיך.

*

דער טאָג איז געווען אַ הייסער, אַ דושנער, ממש נישט אויסצוהאַלטן. אויף אָשכּנזיס שלאַכט־אָפּשניט איז געווען רויִק. די זעלנער האָבן געדרימלט, געשלאָפן שטייענדיק. מען האָט נישט געקאָנט ווי געהעריק זיך אָפּרוען.
ביי נאַכט האָבן די דייטשן פולשטענדיק צעאַקערט די גאַנצע גאַס און אַ טייל פון פּלאַץ, געגראָבן אָקאָפּעס. און דעמאָלט האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז פון דער זייט וועלן גאָר די טאַנקן נישט קאָנען דורכגיין. זיי האָבן מיט די אייגענע הענט פאַרמאַכט זיך דעם וועג. פאַר דער צייט האָט מען אויך פאַרענדיקט דאָס אויסהאַקן אַ נייע לענגלעכע שיס־עפענונג אין מויער, און דער דעראָבערטער לייכטער קוילן־וואַרפער האָט שוין געקאָנט אָנהייבן דינען. די פאַרטיידיקער האָבן אויך גוט אויסגענוצט די נאַכט, אויסגראָבנדיק דורכגענג צו די ביז איצט איזאָלירטע פאַרטיידיקונגס־פּונקטן. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּלאָנטער פון פאַרשידענע מינים פאַרבינדונגס־ראָוון.
אויך אויף דער פאַרטיידיקונגס־ליניע פון לייטענאַנט זייטשענקאָס ראָטע האָט געהערשט אַ פאַרהעלטנישמעסיקע שטילקייט. די אַרטילעריע אָבער פון נאָענט און פון וווייט האָט נישט אויפגעהערט צו שיסן. מיט אַ דין קולעכל האָבן זיי אָפּגעענטפערט די מינעוואַרפערס. די אינפאַנטעריע מיט אירע האַנט־און מאַשין־געווער האָט געהאַגלט מיט קוילן, ווי מיט אַרבעס אויף אַ דאַך. אָן אויפהער האָבן זיי געפייערט און געזשומעט. אַט דער דאָזי־קער אָפּשניט פון דער פאַרהעלטנישמעסיקער שטילקייט פלעגט ווערן אויס־געמיטן — פון די לופטפליִער פון ביידע צדדים. דער לאַבירינט פון אונ־דזערע און פיינטלעכע פּאָזיציעס האָט נישט גאַראַנטירט, אַז אַן עווענטועלע

באַמבע פון אַן עראָפּלאַן וועט פאַלן דווקא אויפן געהעריקן אָרט. דאָס אָפּ־רוען זיך דאָ אין דער דאָזיקער „שטילקייט" איז געווען אַ גאַנץ פּראָבלע־מאַטישער ענין.

אַשכּנזי האָט אַרויסגעשטעלט וואַך־פּאָסטנס, מורא געהאַט מ'זאָל אומ־דערוואַרט אָנפאַלן. פאַרלירן די וואַכזאַמקייט אויף אַ סעקונדע. — אַ קבר.

די „שטילקייט" אַן די טאַנקן האָט שוין געדויערט צוויי טעג. עפּעס איז געהאָנגען אין דער לופט. ביי טאָג האָט מען נישט געקאָנט די נאָז אַרויסשטעקן.ביידע צדדים האָבן זיך קעגנזייטיק נישט געטרויט און גע־היטן איינער דעם צווייטן. עס האָט זיך געבענקט נאָך דער נאַכט, ווען מען קאָן עפּעס אויפטאָן. ביי נאַכט פלעגט מען אַלץ אָפּטאָן: מען האָט צוגע־שטעלט אַמוניציע און באַזאָרגט די פּראָוויאַנט; מען פלעגט אַוועקטראָגן די פאַרוווּנדעטע און מקבר זיין די דערהרגעטע; מען פלעגט זיך אונטערגראָבן אונטערן שונא און דאָרט פאַרלייגן מינעס און פוגאַסן — מען פלעגט איבער־ראַשן דעם שונא. די אָנגעשפּיצטע אויערן האָבן פאַרטראָטן די אויגן.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. עס איז געוואָרן אין גאַנצן פינצטער. אין דער לופט האָט זיך געפילט, ווי ערב אַ שלאַקסרעגן. בליצן האָבן דורכגע־שניטן דעם הימל, ווי ליכטקוילן. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז דווקא איצט וועט זיך פאַר זיי באַווייזן רובינאַק, דער שליח־מיוחד פונעם ראָטנע קאָמאַנדיר. ער האָט אויסגעזען אַ בחורל פון אַ יאָר זיבעצן און אפשר נאָך גאָר ייִנגער. מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט ער זיך געהאַט צוגעפּלאָנטערט צו דער ראָטע, בעת זי האָט מאַרשירט צום פראָנט. רובינאַק האָט געהאַט שוואַרצע ברעמען, שוואַרצע פינקלדיקע אויגן. ער האָט דווקא געוואָלט קעמפן. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט ער פונקט געהאַלטן ביים אומקערן זיך אַהיים פון אַן אויספלוג. געהייסן האָט ער, וואָס אַן אמת, רובינשטיין, נאָר מען האָט פאַרצויגן זיין נאָמען אויף רובינאַק.

אַלע האָבן אים באַגעגנט מיט פרייד. די ייִנגערע האָט ער דערמאָנט זייערע קלענערע ברידער אין דער היים, די עלטערע — זייערע זין.

— רובין, רובינאַק, וואָס מאַכסטו? אפשר געבן דיר אַ צוקערל? — רובינאַק האָט ווי געוואָלט אַ קלאַפּ געבן דעם וויצלער סידאָרענקאָ. סטייטש, אַ זעלנער און נאַדיר גאָר צוקערקעס! לויט אַלע מיליטערישע פאַרשריפטן האָט ער זיך שטייף אַוועקגעשטעלט פאַר אַשכּנזין און קורץ געמאָלדן:

— צום ראַטנע קאָמאַנדיר!

אַשכּנזי האָט קאָנטראָלירט זיין נאַגאַן, אַרויסגעוואָרפן פון דער טאָרבע די גאַזמאַסקע און אַריינגעלייגט אין איר צוויי גראַנאַטן, פאַרריכט דאָס היטל אויפן קאָפּ, פאַרצויגן דעם פּאַסעק, אָפּגערייניקט די בלוזע פון ציגל־שטויב און באַפוילן:

— גאַרטשאַקאָוו! דו בלייבסט אויף מיין אָרט ביז מיין צוריקקומען!

זיי האָבן זיך אַרויסגערוקט פונעם קעלער, פאַרזיכטיק זיך איינגעבויגן און פאַרשווונדן אין דער פינצטערניש. שווערע בלייענע וואָלקנס האָבן גע־האָנגען איבער די קעפּ, זיך אויסגעמישט מיטן פולווער־רויך און דעם שווערן ריח פון די פאַרשׂרפעטע קערפּערס און קעגנשטאַנדן. קיין פּיצל שטערן איז נישט געווען אויפן הימל. ווי פליגן האָבן געזשומעט די קוילן. פון דער ווייטנס האָט זיך דערטראָגן אַ ברומעריי פון דער שווערער אַרטילעריע. דער רויטער אָפּשיין אויפן הימל האָט קאָנטראַסטירט מיט דער שווערער, שוואַר־צער, נישט־דורכדרינגלעכער וואַנט, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַר זיך. זיי זענען געגאַנגען, זיי האָבן געפּויזעט אויף אַלע פיר. די ווייכע ערד האָט פאַרטויבט זייערע טריט. אַשכּנזי האָט פאַרטשעפּעט עפּעס אַ שטיקל בלעך — עס האָט בייז אַ קלונג געטאָן. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער ערד. געוואַרט, מען זאָל זיי באַשיסן. עס איז אָבער גאָרנישט נישט געשען. אין אַ מינוט אַרום זענען זיי שוין געווען אין דעם פאַרבינדונגס־טראַנשיי. אָפּגעפּויזעט אַ שטיקל און אין מיטן — נאַדיר גאָר — די רעשט פאַרשיט. זיי האָבן אַוועקגעפּויזעט ווייטער און אַריין אין אַן אַנגעטראָפּענעם אויפן וועג פאַרלאָזענעם אָקאָפּ. און ווידער די זעלבע מעשׂה: עמעצער האָט דאָ פאַרשיט די פאַרבינדונגס־טראַנשייען. זיי האָבן אָנגעשטרענגט די אויגן. אַ חשכות אַרום און אַרום. „כאַטש לייג זיך אין דר'ערד אַריין!" — האָט אַ מורמל געטאָן אַשכּנזי. זיי זענען לסוף אַריין אין עפּעס אַ טראַנשיי.

— רובינאַק! — אַשכּנזי האָט צוגעלייגט זיינע ליפּן צום בחורלס אוי־ערן — ציי האָבן מיר נישט אַ מאָל פאַרבלאָנדזשעט?

איינגעבויגענע זענען זיי ווייטער געגאַנגען איבער די רויִנען און אַריינ־געפאַלן אין אַ גרוב נאָך אַ באָמבע־אויפרייס. זיי זענען תיכּף אַרויסגעשפּרונ־גען און זיך אָנגעשטויסן אויף אַ דערהרגעטן. ענדלעך האָבן זיי אָנגעטראָפן

אויף אַ גוט־פונאַנדערגעבויטן טראַנשיי. רובינאַק האָט זיך פּלוצעם אָפּגע־שטעלט, אַ צי געטאָן אַשכּנזין פאַרן אַרבל און שטיל געזאָגט:

— דייטשן!

— אָט האָסטו דיר! בין איך דאָס אַ שוטה! — האָט אַשכּנזי זיך אַליין געשטראָפט — אַזוי אַריינפאַלן! — ביידע האָבן זיך צוגעהערט. מען האָט דייטלעך געהערט, ווי מען רעדט אויף דייטש. אַשכּנזי האָט אַ גלעט געטאָן רובינאַקן איבערן פּנים, וואָס איז געווען צאַרט ווי ביי אַ מיידל.

— האָסט געווער? — האָט אַשכּנזי געפרעגט.

— איך האָב אַ גראַנאַט.

— וואָס פאַר אַ מין?

— אַ פאַרטיידיקונגס־גראַנאַט.

— אויסגעצייכנט!

פון דעם אָרט, פון וואַנען זיי זענען אָנגעקומען, האָט אויפגעלויכטן אַ ראַקעטע. עס האָט זיך אָנגערופן אַ קוילן־וואַרפער. אין האַרץ האָט זיך פאַרגנבעט אַ געפיל פון שרעק. אַשכּנזי האָט אַ ציטער געטאָן. „אין בעסטן פאַל וואַרט אויף אונדז אַ נאַרישער טויט" — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. עס איז אים געלונגען איינצוהאַלטן דאָס ציין־קלאַפּעניש. ער האָט פאַרביסן די ליפּן. וואָס טוט מען פאַרט? אַזוי זיך פאַרפּלאָנטערט! ווי אַזוי גייט מען צוריק? פון אַלע זייטן האָט געבליצט. ער האָט באַשלאָסן ווי מעגלעך שטיל צוצוגיין צו די דייטשן. עס האָבן אויפגעבליצט פייערלעך פון פאַררויכערטע פאַפּיראָסן, אין דעם ליכט פון אַ בליץ האָט ער דערזען צוויי דייטשן, ווי זיי זיצן לעבן אַ שווערן קוילן־וואַרפער. אַשכּנזי האָט זיך שנעל אָריענטירט אין דער לאַגע. מען דאַרף זיי אָפּרוימען און דערנאָך — אַוועק שנעל פאַרויס צו די אייגענע. דאָס איז דער זיכערסטער וועג. עס האָט אים נאָר געמאַטערט דער געדאַנק, פאַר וואָס זיצן די דייטשן מיט זייער שווערן קוילן־וואַרפער אַליין אין דעם גרוב.

ער האָט זיך אָנגעהויבן שאַרף איינהערן אין דעם וואָס טוט זיך אַרום. ווייט פון אונטן און ביי די זייטן האָט מען געהערט דאָס קלאַפּן פון לאָפּע־טעס. זיי פאַרשיטן די גריבער — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. צוליב וואָס און פאַר וואָס? עפּעס באַהאַלטן זיי דאָ, עפּעס גרייטן זיי צו שטילערהייט.

אָן דעם מינדסטן געריויש זענען זיי צוגעקראָכן נענטער. אַשכּנזי האָט אַ וואָרף געטאָן אַ גראַנאַט. מען האָט דערהערט ווי עס האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פייכטער ערד. זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויפן דנאָ פון גרוב. דער גראַנאַט האָט אויפגעריסן און עס האָט זיך דערהערט אַ דורכדרינגענדיק ווילד געשריי. ערגעץ ווו האָבן אָנגעהויבן שיסן די קוילן־וואָרפערס. עטלעכע וואָרענונגס־ראַקעטן האָבן אויפגעלויכטן איבערן הימל. זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן קומען צו זיך, ווי די צוויי דייטשן זענען מיט אַ געוואַלד אַריינגעשפּרונגען אין זעלבן גרוב. איינער פון זיי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף רובינאָקן. דער צווייטער, אַ דערשראָקענער פון דער אומדערוואַרטער באַגעגעניש, האָט אַ שטויס געגעבן מיטן פוס אַשכּנזין אין בויך אַריין. ער האָט אָבער באַוויזן אָפּצוקלאַפּן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם דייטשס פוס און מיט דער גאַנצער קראַפט אים אַ שטויס געטאָן פון זיך. דער דייטש איז אומגעפאַלן אויף די פּלייצעס. אַשכּנזי האָט אָבער אויך פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט און אַרויפגעפאַלן אויפן דייטש. יענער האָט מיט די קני אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַשכּנזין, וואָס האָט פאַלנדיק דערפילט עפּעס אַ האַרטן קעגנשטאַנד אונטער דער האַנט. געווען איז עס אַ הילצערן הענטל פון אַ לאָפּעטע. דער דייטש האָט דערווייל באַוויזן זיך אַוועקצוזעצן, אָנכאַפּן אַשכּנזין פאַר דער האַנט און אַ צי געבן צו זיך. אַשכּנזי האָט מיט דער לאָפּעטע אַ זעץ געטאָן אין דער קאַסקע פונעם דייטש מיט אַזאַ קראַפט, אַז דאָס הילצערנע הענטל איז געבליבן ביי אים אין דער האַנט. דעם שפּיץ פון זעלבן הענטל האָט ער אַריינגעשטאָכן דעם דייטש אין האַלדז אַריין, וואָס האָט עטלעכע מאָל געוואָרפן מיט די פיס און שפּעטער זיך באַרויִקט. אַשכּנזי האָט זיך צוגעזעצט. ער איז געווען אויפגערעגט און נאַס פון שווייס. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען, ווי דער אַנדערער דייטש שטיקט מיטביידע הענט רובינאָקן.

דאָס הילצערנע הענטל איז אַשכּנזין נאָך אַ מאָל צונוץ געקומען. ער האָט מיט דעם דערלאַנגט דעם דייטש איבער די פּלייצעס. דער פּריץ איז געפאַלן אויף אַ זייט. איצט האָט ער באַקומען נאָך אַ זעץ אונטער דער גאָמבע אַריין און ער האָט זיך אויסגעצויגן ווי נאָך אַ שווערן נאָקאַוט. רובינאָק האָט מיט אַן אָפן מויל געכאַפּט דעם אָטעם. פּאַוואָליע איז ער געקומען צו זיך. איצט זענען צו נוץ געקומען די אוצרות, וועלכע ער האָט

תמיד געשלעפּט מיט זיך — אַ ביסל שטריק. זיי האָבן געבונדן דעם דייטש די הענט און פיס און אים אַרויסגעשטופּט פונעם גרוב. רובינאַק האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפּהיטן אים. אַשכּנזי האָט דערווייל אויסגעליידיקט די קעשע־נעס פון דעם דערהרגעטן. יעדע קלייניקייט איז דאָ וויכטיק. פוּיזענדיק, האָבן זיי מיטגעשלעפּט מיט זיך פאַר די פיס די געפאַנגענע „צונג".

אויף אַ מינוט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אָפּרוען. דער דייטש האָט זיך דערווייל אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן צו רעווען, פונקט ווי מען וואָלט אים געשאָכטן. אַשכּנזי האָט אים געמוזט מכבד זיין, כּדי ער זאָל אָנטשוויגן ווערן.

פון ביידע זייטן האָט מען אָנגעהויבן צו שיסן. ווי אויף אַ באַפעל האָבן זיך אָפּגערופן אַלע מינים געווער. פון דער דייטשישער זייט זענען געפלויגן ליכטקוילן. אַשכּנזי האָט אָנגעהויבן ווייטער צו פּויזען צו די זייניקע. עטלע־כע ראַקעטעס האָבן באַלויכטן דעם שטח. פון דער לינקער זייט האָט ער אויף אַ מינוט דערזען דעם פאַרברענטן טאַנק.

ביסלעכווייז האָט זיך דאָס פייער אָפּגעשטעלט. זיי זענען שוין געווען גאָר נאָענט פון די סאָוויעטישע אָקאָפּעס, אָבער יעדע נישט־פאַרזיכטיקע באַוועגונג האָט געקאָנט גורם זיין, אַז מען זאָל ווייטער אָנהייבן צו שיסן, און דאָס — פון ביידע זייטן. דערפאַר האָבן זיי געפּויזעט טראָט ביי טראָט. אָנשפּאַרנדיק זיך אויף די עלנבויגנס און קני זענען זיי ווייטער אַריינגעפאַלן אין עפּעס אַ גרוב אַריין.

— רובינאַק! — האָט זיך אָנגערופן אַשכּנזי — גיב זיך אַזוי פאַרזיכ־טיק אַ רוק פאַרויס און זאָג אָן אונדזערע, אַז מיר האָבן מיט זיך אַ פּריץ, מען זאָל נישט שיסן. דאָס בחורל איז שנעל אַרויס פון גרוב און אין גיכן האָט מען שוין געקאָנט דערהערן, ווי ער שרייט:

— זייטשענקאָ, דאָס בין איך, רובינאַק. שיסט נישט!

פון דער דייטשישער זייט האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון קוילן־וואַרפערס. אַשכּנזי איז געבליבן שטיל. דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן. די דייטשן האָבן געשאָסן מיט ליכטקוילן אין דער ריכטונג פון רובינאַקן.

ממש אַ גליק, וואָס עס האָט אַ גאָס געטאָן אַ רעגן. די דונערן האָבן פאַרטויבט די שיסעריי. דער גרוב, ווו אַשכּנזי איז געלעגן מיטן געפאַנגע־נעם, איז שנעל פול געוואָרן מיט וואַסער. דער דייטש האָט זיך אויפגעכאַפּט

פון דער חלשות און מען האָט אים געמוזט אַזוי אָוועקזעצן, ער זאָל אַ מאָל נישט דערטרונקען ווערן. ער האָט פאַרקרימט דאָס מויל און שוין גע־וואָלט ווייטער אָנהייבן צו קוויטשען. אַשכּנזי האָט אים אַ שטורך געטאָן אין מויל אַריין די לופּע פון נאַגאַן, און ער איז געבליבן שטיל.

פון דער סאָוויעטישער ריכטונג האָט זיך דערהערט, ווי איינער פויזעט. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך באַוויזן אַ קאָסקע, דערנאָך דער קאָפּ.

— מען האָט מיך געשיקט, איך זאָל צו אייך דינסטלעך צופויזען — האָט זיך געוויצלט דער אָנגעקומענער. ער מיט אַשכּנזין האָבן אָנגעהויבן צוזאַמען צו שלעפּן דעם דייטש פאַר די פיס. ער איז געווען שטיל, ווי אַ לעמעלע, און אַפילו נישט פּראָטעסטירט. מען האָט אים באַלד אַריבערגע־וואָרפן אין דער טראַנשיי. דריי פאַר הענט האָבן אים אויפגעכאַפּט. אַ „צונג" אויפן פראָנט איז אַן אוצר.

דער ראָטנע קאָמאַנדיר זייטשענקאָ איז נישט געווען אַליין. אויף דער „צונג" האָט שוין געוואַרט דער עלטערער לייטענאַנט גאָלאָווקין פון דעם אויסשפּיר־אָפּטייל. פון דעם שמועס מיטן געפאַנגענעם האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז די היטלעריסטן ליידן גרויסע פאַרלוסטן. זייער דיוויזיע אויף דעם אָפּשניט האָט מען פאַרפולט מיט סאַניטאַרן, קוכערס און מיט סתם לייט פון דער הילפסדינסט. צווישן די פּאַפּירן פון דעם דערהרגעטן האָט מען געפונען אַ בריוו געשריבן צו עפּעס אַ לוויזע — אַז עס איז אים זייער פּאַס־קודנע. די מלחמה אין האָלאַנד און בעלגיע איז געווען אַ שפּילעכל. די מלחמה דאָ דויערט קוים פינף וואָכן און די פאַרלוסטן זענען שרעקלעכע. די איוואַנעס קעמפן פאַרביטערט. דער בריוו האָט זיך געענדיקט מיט דער האָפענונג, אַז „שוין נישט לאַנג, אפשר אין אַ חודש אַרום, און אפשר אין צוויי, וועט מען פאַרנעמען מאָסקווע און איך וועל דיר, מיין ליבע, אַרויס־שיקן אַ פוטער פון ברייטשוואַנצן. ס'קאָן גרייכלעך מעגלעך זיין, אַז איך וועל עס דיר גאָר אַליין ברענגען" — — —

דער ראָטנע קאָמאַנדיר האָט מכבד געווען אַשכּנזין מיט הייסער טיי און פלייש־קאָנסערוון. דער עלטערער לייטענאַנט פונעם אויסשפּיר־אָפּטייל האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט די ערשטע אויספאָרשונג. ער האָט אַשכּנזין באַדאַנקט פאַר דער „צונג" און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן האָט ער אים געפרעגט, צי זיין אינפאָרמאַציע האַלט ער פאַר אַ ריכטיקע.

— איך רעכן, אַז יאָ — האָט אַשכּנזי געענטפערט. — איך בין זיכער, אַז זיי פאַרשיטן די גריבער, כּדי די טאַנקן זאָלן קאָנען דורכגיין, און אויף יעדן פאַל האָבן זיי געלאָזט די צוויי מיט די קוילן־וואַרפערס.

— אַלזאָ, ווי האַלט איר? — האָט ווייטער געפרעגט דער אויסשפּיר־אָפיציר — וואָס פאַר אַ אויספירן דאַרף מען דערפון מאַכן?

— איך רעכן, אַז פאַר טאָג וועלן זיי, געשיצט מיט די טאַנקן, אַריבער־גיין אין אָנגריף.

— גרייט זיך צו דער פאַרטיידיקונג פון אַלע ריכטונגען. פאַרלאָזט זיך נישט אויף די שכנים. האַקט אויס שיס־עפענונגען פון אַלע זייטן, אַפילו פון דער מזרח־זייט! — האָט אינסטרויִרט לייטענאַנט זייטשענקאָ.

אַשכּנזי האָט זיך נייגעריק צוגעקוקט צו דעם דייטש. ער האָט קלאָגע־דיק אויסגעזען. אַפילו דאָס האַלבע קעסעלע הייסע טיי, וואָס ער האָט שנעל אויסגעזשלאָפּעט, האָט אויף אים קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט. ער האָט רק געהאַלטן אין איין אָפּטרייסלען זיך, פונקט ווי אַ הונט, וואָס איז נאָר וואָס פון וואַסער אַרויס. ער האָט געציטערט פאַר שרעק, אָבער זיין פויגלדיק פּנים מיט דער האַטשיק־נאָז האָט אויסגעזען רויבגיריק און חוצ־פּהדיק.

— הונט איינער, וואָס פאַר אַ אָנשטעל ער מאַכט. ער האָט ווייניק אַריינגעכאַפּט! — האָט אַשכּנזי געטראַכט. עס האָט אים אַ רוף געטאָן דער עלטערער לייטענאַנט.

— דו וואָלסט צו נוץ געקומען אין דעם אויסשפּיר־אָפּטייל — האָט ער אים געזאָגט, און זיך געזעגנט מיט אים.

— ע — האָט זיך צעלאַכט זייטשענקאָ — ער האָט דאָך פאַרבלאָנדזשעט צווישן אַ יאָ און אַ ניין.

— אין דעם איז שולדיק רובינאָק — האָט זיך אָפּגערופן דער פּאָלי־טרוק סאַנדלער.

— גערעכט. ביידע שטאַמען זיי פון שטאָט. זיי זענען געוווינט צו גאַסן מיט עלעקטריש ליכט — אַלע האָבן אויסגעבראַכן אין אַ געלעכטער.

— נישט אין גאַנצן אמת — האָט פון אונטער דעם זעלנערישן קאַץ געזאָגט רובינאָק — יעדעס יאָר פלעג איך פאָרן אין אַ פּיאָניער־לאַגער און איך אָריענטיר זיך דערפאַר זייער גוט.

— ענדלעך האָט זיך אַלץ אַרויסגעגעבן! דו ביסט הייסט עס אַ פּיאָ־ניער? — האָט כּלומרשט מיט אַ שטרענגער מינע געזאָגט זייטשענקאָ און אַ קוק געגעבן אויפן בחור.

דער קליינער האָט זיך שנעל פאַרדעקט מיטן קאָץ.

— זעט אויס, אַז ער איז נישט אַלט מער, ווי פערצן יאָר. נאַדיר גאָר אַ מעשה! — האָט זייטשענקאָ אַ קלאַפּ געגעבן מיט דער האַנט אין זיין פעלדטאָרבע.

— זיין וווקס האָט אונדז אָפּגענאַרט — האָט סאַנדלער פאַרענטפערט.

רובינאָק איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. זייטשענקאָ האָט אַ ווונק געגעבן צום עלטערן לייטענאַנט און שטילערהייט געזאָגט:

— מען דאַרף אים עוואַקויִרן אין הינטערלאַנד, — און אויסדרייענדיק זיך, אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— רובינשטיין! צו מיר!

רובינאָק האָט שטייף זיך אויסגעצויגן, ווי אַן אמתער סאָלדאַט.

— וועסט צוהעלפן אָפּפירן דעם געפאַנגענעם אינעם שטאַב פון פּולק.

— לויטן באַפעל! — האָט געענטפערט רובינאָק מיט זיין יינגלערישער שטימע.

ער האָט גענומען זיין קאַוואַלעריע־ביקס און זיך געגרייט אַרויסצוגיין.

אַלע האָבן פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט. ס'איז אַריינגעטראָטן אַ שטיל־קייט. מען האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו דעם יאַט און מען האָט אים ליב געקראָגן.

אַשכּנזי איז אַרויס צוזאַמען מיט אים. ער האָט אים געגעבן די האַנט און, זעט אויס, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר די ווערטער זענען אים געבליבן שטעקן אין האַלדז.

— איך געזעגן זיך נישט — האָט רובינאָק געזאָגט — איך וועל סיי ווי זיך אומקערן. דאָרט אין שטאַב פונעם פּולק און נאָך העכער... קען מען זיך אויף מענטשן. ביי זיי איז אַ מענטש — אַלץ...

ער איז אַוועק. אַרום איז געוואָרן שטיל. דער הימל איז נאָך אַלץ געווען פאַרוואָלקנט. די נישט אָפּטע שיסעריי איז שטיל געוואָרן. פּלוצים האָט אַ שקוואַל פייער אויסגעבראָכן מיט אַ שטאַרקער קראַפט. דער קאָמאַנדיר

זייטשענקאָ איז אַרויסגעלאָפן פון בונקער. ער האָט צוגעלייגט די איינגע־בויגענע דלאָניעס צום מויל און געשריגן:

— רובינאַק, רובינאַק! ווו ביסטו? רוף זיך אָן! רובינאַק!...

וואַרשע, 1960 (פון פויליש: מאַרק ראַקאָווסקי)

# די ביקפאָרד־קנויט

דער משפחה פרידמאַן צום אָנדענק

דער קאַפּיטאַן האָט זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט און אַרומגענומען אַלע־מען מיט זיין בליק.

— געווען איז עס זומער — האָט ער אָנגעהויבן. — נאָך אַ לאַנגן און שווערן מאַרש מיט דער „1״ אַרמיי זענען מיר אַ געוויסע צייט געשטאַנען אין אַ דאָרף נישט ווייט פון דער אַלטער גרענעץ. אַ געוויסן טאָג האָט מען אַרויסגערופן מיין אָנפירער און מיך. דער פּאָדפּאָרוטשניק דוד זעכענטער, דער אָנפירער פון דער דאַזיקער אָפּטיילונג, האָט עפּעס דאָס מאָל צו לאַנג זיך איינגעקוקט אין מיר. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער זעט מיך דורך און דורך.

— איר ווייסט, צו וואָס מען רופט אונדז אַרויס? — האָט ער שטרענג אַ פרעג געטאָן. איך האָב זיך אין גאַנצן פאַרלוירן און אַזוי שטייענדיק „אויף אַכטונג״ ווי פאַרשטייפט געוואָרן. — צי ווייסט ער אַלץ? — האָב איך גע־טראַכט. כ׳האָב געפילט, אַז איך ווער רויט ווי אַ בוראַק. איך האָב זיך שוין געוואָלט מודה זיין, אַז איך האָב חרטה, אַז מער וועט עס זיך שוין נישט איבערחזרן. ווייל איר דאַרפט וויסן, אַז איך בין דעמלט אַלט געווען אַ יאָר

ביינצן, מיט איין וואָרט — אַ צוציקל. כ׳האָב נאָך נישט גוט געוווּסט, וואָס איז עס אַזוינס ליבע. איין מאָל אין אַן אָוונט, נאָכן אַפּעל, האָב איך זיך אַרויסגעגנבעט פון דער קוואַרטיר באַרוועסרהייט מיט די שטיוול אין דער האַנט; אויפן דאָרף האָב איך געהאַט אַ סימפּאַטיע... וועד־זשע האָט עס אייגנטלעך געקאַנט באַמערקן? מיט אַ מאָל האָט זיך זעכענטער צעלאַכט. ער האָט מיר אַ קלאַפּ געגעבן איבערן אַקסל און גוטמוטיק מיר אַריינגעשריגן אין אויער, אַז עס האָט שיִער נישט געפּלאַצט:

— מיר פליִען אויספירן אַ ספּעציעלע אויפגאַבע! — כ׳בין נאָך אַלץ געווען איבערגעשראָקן און גאָרנישט נישט געענטפערט. דער פּאָדפּאָרוטשניק זעכענטער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט אויף צוריק און מיך פאַרשעריש באַטראַכט. איך האָב צוריקבאַקומען דעם באַוווּסטזיין — ווען? ווו? איך האָב ממש געשיינט פון פאַרגעניגן. ענדלעך אַ שלאַכט־אויפגאַבע! איך האָב געהאַט מיינע חשבונות מיט די דייטשן. איך בין געווען ראַדיסט און דער בעסטער אין דער מיליטער־אַפּטייל. מיר זענען אַוועק צום שטאַב פון שטורעם־באַטאַליאָן.

אין צוויי טעג אַרום זענען מיר שוין געווען הינטערן פראָנט. דאָס מזל האָט אונדז צוגעשפּילט און מיר זענען באַלד אָנגעקומען אויף דעם אָרט, ווו מיר האָבן געדאַרפט אויפרייסן אַן עראָפּלאַן. איר וווּנדערט זיך? יאָ — אַן עראָפּלאַן און דווקא אַ סאָוויעטישן. דאָס איז געווען אַן אָרדנטלעכער אויסגעבעסערטער מאָדעל פונעם טיפּ „שטורמאָוויק". ווען ער איז אַראָפּגעפאַלן אין וואַלד, האָט ער געמאַכט אַ נישקשהדיקע גרוב. עס האָט זיך ביי אים אָפּגעריסן אַ פליגל. דער מאָטאָר אָבער, די קאַבינע און דערצו נאָך מיט אַ פּאָר באָמבעס זענען פאַרבליבן גאַנץ. מיר האָבן געדאַרפט באַלד צוטרעטן צו דער מלאָכה. זעכענטער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און געזאָגט:

— קאַפּראַל פּאַשטאַ! לאָמיר איבערגיין אויף „דו". — מיר האָבן זיך צעקושט. דוד איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון מיר. איך האָב זיך געפילט זייער שטאָלץ דערפון. דאָס איז געווען אַן אמתע אויפריכטיקע ברודערשאַפט, וועלכע ווערט געשלאָסן נישט אונטערן איינפלוס פון אַלקאָהאָל.

— נו, צו דער עבודה! — האָט ער אַ רוף געטאָן — קריך אַרויף אויפן בוים און קוק זיך גוט אַרום.

זיצנדיק אויפֿן בוים, האָב איך מיט די אויגן געעקבערט דעם וואַלד. פֿון אונטן זענען דערגאַנגען צו מיר עפּעס אַ גערויש און אַ טראַסקעריי. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט אָנגעהויבן צו פּייפֿן אַ דראָזד. דאָס איז געווען אונדזער אָפּגערעדטער צייכן. איך בין אַראָפּגעקראָכן פֿון בוים. דוד האָט זיך שוין געהאַט אָנגעצייכנט דעם פּונקט, צו וועלכן ער דאַרף צוגיין. איך האָב זיך אָוועקגעלייגט אונטער אַן אָפּגעשניטענעם בוים, גאַנץ ווייט פֿונעם עראָפּלאַן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דוד אַרויסגעקראָכן פֿון אונטער דעם עראָפּלאַן. ער האָט עפּעס דאָרט זיך געפּאָרעט און געשלעפּט דעם לינקן פֿוס, משמעות, ער האָט זיך דאָרט פֿאַרפּלאָנטערט. ער האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער, אָבער בשום אופֿן נישט געקאָנט אַרויסנעמען דעם פֿוס, און דאָ קאָן ער יעדע רגע אויפֿגעריסן ווערן צוזאַמען מיטן עראָפּלאַן. די צייט איז נישט געשטאַנען און ער האָט זיך אַלץ ווי אַ פֿליג אין שפּינוועבס נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען. ענדלעך איז עס אים געלונגען. דוד איז אַרויסגעשפּרונגען מיט איין פֿוס אין אַ שטיוול און דער צווייטער אַ באָרוועסער. ער האָט אָנגעהויבן שנעל צו לויפֿן, קוים דעם אָטעם געקאָנט כאַפּן, זיך פֿאַרטשעפּעט אין עפּעס און אומגעפֿאַלן. אין אַ ווײַלע אַרום איז פֿאָרגעקומען דער אויפֿרייס. דוד האָט זיך אַרומגעקוקט.

— אוי, נישט גוט! — האָט דוד אַ געשריי געטאָן. מיר זענען צוגעלאָפֿן צום עראָפּלאַן, וועלכער איז געלעגן כּמעט צעשמעטערט. דער מאָטאָר אָבער איז ווייטער געבליבן גאַנץ. איין באָמבע איז געלעגן אַ געפּלאַצטע און צוויי זענען זיך ווייטער געלעגן נישט באַשעדיקטע. זעכענטער, אַ טרויעריקער, האָט געשויבערט די צעפּאַטלטע האָר זיינע. איך האָב געקוקט אויף דעם אַלץ אַ הילפֿלאָזער און נישט פֿאַרשטאַנען גענוי, וואָס איז דאָ געשען.

דעם אויפֿרייס האָט געקאָנט דערהערן אַ צופֿעליקער דייטשישער פּאַטרול. וואָס טוט מען? פּלוצעם האָט דוד אַ שמייכל געטאָן: „איך ווייס שוין, וואָס כ'האָב צו טאָן!" — האָט ער אויסגעשריגן. ער איז צוגעגאַנגען צו דער געפּלאַצטער באָמבע, אַרויסגעקראַצט מיטן פֿינישן מעסער דעם טראָטיל, אַ ווייסן אויפֿרייס־פּולווער, איינגעוויקלט עס אין אַ שטיק פּאַפּיר, פֿון די נישט אויפֿגעריסענע באָמבעס האָט ער אַרויסגעשרויפֿט די אָנצינדער און אין די לעכער אַריינגעלייגט דעם פּולווער.

— גיי אַוועק פֿון דאַנען און זיי פֿאָרזיכטיק — האָט ער מיר געהייסן.

איך בין געבליבן אַ געפּלעפּטער. איך האָב נישט געקאָנט רירן מיט קיין אבר. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ פּיצל קנויט, קוים אַ 15 סענטימעטער די לענג, און דאָס ברענט קוים אַ צענטימעטער איין סעקונדע. ביים ערשטן מאָל האָט ער זיך באַנוצט מיט אַ כמעט דריי מאָל לענגערער קנויט. וואָס טוט מען?! ער וועט דאָך נישט באַווייזן אַפילו אַוועקצוגיין און אויף זיכער אומקומען — האָב איך מיט שרעק געטראַכט. ער האָט מיך אָנגעקוקט און קורץ געזאָגט:

— די אויפגאַבע מוז ווערן אויסגעפירט. פאַרשטייסט?

— טאָ לאָז־זשע מיך. איך וועל אָנצינדן די קנויט. דו האָסט דאָך אַ קינד, און איך בין דאָך אַ בחור.

— וואָס וועסטו מיר דאָ דרייען אַ קאָפּ? קאַפּראַל פּאַשטאַ! איך באַפעל דאָ! — האָט ער שוין בייז געזאָגט, אָבער באַלד זיך באַרויִקט און זיך געווענדט צו מיר פּאָטערלעך: „מאַריאַנעק! גיי זיך, האָב נישט קיין עגמת־נפש, עס וועט אַלץ זיין כשורה, וועסט שוין זען!"

איך בין געלעגן פון דער ווייטנס און אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן. כ'האָב גענוי געזען דעם עראָפּלאַן, ער איז ווי געהאָנגען אויף די שטאַמען פון לאַנג־אויסגעהאַקטע ביימער, אַ שלל מיט דראָטן, גאַנצע קילאָמעטערס דראָטן. דוד איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן עראָפּלאַן, זיך אַוועקגעלייגט אויף די פּלייצעס — אַזוי איז אים באַקוועמער געווען צו אַרבעטן — און דאָס פּיצל קנויט געהאַלטן נאָענט ביים פּנים. ווי לאַנג קאָן עס אַזוי געדויערן? צי וועט אים געלונגען נאָכן אונטערצינדן די קנויט אַרויס פון אונטערן עראָפּלאַן און אַנטלויפן מיט אַלע כוחות? ער קאָן נאָך אַ מאָל אומפאַלן אויפן וועג. וואָס־זשע וועט דעמלט זיין מיט אים? די דאָזיקע געדאַנקען זענען מיר געלאָפן שנעל אין מוח, נישט אַראָפּלאָזנדיק פון אים די אויגן. אוי, גאָטעניו, ער קריכט שוין. ווי לאַנג, ווי שרעקלעך לאַנג עס געדויערט! אָט שטעלט ער זיך שוין אויף און הייבט אָן לויפן. איך שטרעק צו אים אויס די הענט. און פּלוצעם, וויי, וואָס פאַר אַ זעץ עס האָט אויפגעריסן די לופט! דער פּראָפּעלער האָט זיך ערגעץ אין דער הייך געדרייט אונטערן הימל. דער פליגל פון עראָפּלאַן האָט זיך אַ הייב געטאָן. עס האָט זיך ווייטער דערהערט אַ מוראדיקער זעץ. די לופט האָט געכוואַליעט. עס פּייפן די שפּליטערס. איך זע ווי דוד פאַלט. עפּעס האָט מיר אַ שטאָך גע־

געבן אין שטערן. איך בין געבליבן ליגן אַ שטילער אָן באַוועגונג. דאָס בלוט רינט און פאַרגיסט מיר דאָס פּנים. דוד איז שוין לעבן מיר, הייבט מיר אויף דעם קאָפּ און מיר צעקושן זיך. ער זעט משונהדיק אויס, פאַר־פלעקט פון מיין בלוט. מיר זעען ביידע אויס ווי אויסגעמאָלטע אינדיאַנער, וועלכע קלייבן זיך אויף אַ מלחמה. פּלוצעם בין איך אַנטשוויגן געוואָרן.

— וואָס איז דיר? — האָט מיך דוד אַ פרעג געטאָן מיט אַ זאָרגפעליקער שטימע — ער האָט מיר פאַרבאַנדאַזשירט די ווונד און מיר זענען וואָס שנעלער אַוועק פון דעם אָרט. יעדע רגע האָבן זיך געקאָנט באַווייזן די דייטשן.

— וואָס ביסטו עפּעס אַזוי פאַרזאָרגט, מאַריאַנעק?

— ע, גאָרנישט. — איך האָב קוים אַ שמייכל געטאָן. איך האָב דאָך אים נישט געקאָנט דערציילן דעם אמת: זיינע שוואַרצע ווי פּעך האָר זענען געווען אין גאַנצן גרוי...

וואַרשע, 1962 (פון פּויליש: מאַרק ראַקאָווסקי)

# דריי פּאַראַשוטיסטן

דער עראָפּלאַן האָט געשוועבט אין דער לופטן, ווי אַ גרויסע סטרעקאָזע. דער גערויש פונעם מאָטאָר האָט אויפגעוועקט די פייגל פון זייער נאַכטיקן שלאָף. ער איז געפלויגן גאַנץ נידעריק. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ביי דער שיין פון דער באַגינענדיקער לבנה, וועט ער פאַרטשעפּען די באַרג־שפּיצן.

דאָס וואָרטשען פונעם מאָטאָר האָט אָפּגעהילכט מיט אַ פילצאָליקן ווידערקול, און דאָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז אַ דיוויזיאָן באָמבע־וואַרפערס גרייפן אָן די הויכע טאַטרען. סנאָפּעס ליכט האָבן, ווי אַ גרויסער פעכער, גענישטערט אין הימל. פאַרביקע גירלאַנדעס פון די לייכטנדיקע קוילן האָבן מיט אַ טראַסקעריי געפּלאַצט און זענען אויסגעלאָשן געוואָרן אין דער לופטן, טרעפנדיק אויף אַ פוסטן שטח.

דער עראָפּלאַן האָט אַראָפּגענידערט איבערן אויסגעשפּרייטן שימערירנ־דיקן סטאַוו.

איינס נאָכן צווייטן האָבן זיך אָפּגעריסן דריי געשטאַלטן. די פּאַראַשוטן האָבן זיך צעעפנט ביי דער סאַמע ערד, און וואַקלענדיק זיך, זענען זיי אַראָפּ־געפאַלן. זיי זענען אַרויסגעשטיגן אויף דער זייטיקער לאָנקע. קיינער האָט זיי נישט אָפּגעוואַרט. פינצטערניש און רויִקייט האָט געהערשט אינעם גאַנצן אַרום.

מיט אַ געשיקטן מאַנעווער האָט זיך דער עראָפּלאַן אַ ריס געטאָן אין דער הייך, און דרייענדיק זיך צווישן די באַרגשפּיצן, איז ער נעלם געוואָרן אין די וואָלקנס.

באַפרייט זיך פון פאַראַשוט, האָט איינער פון די געסט דערלאַנגט סיג־נאַלן מיט אַ פאַרטונקלטן לאַמטערן: אַ פּונקט, אַ פּאַסעקל, אַ פּונקט. דאָס רויטע פייערל האָט געבלישטשעט און זיך פאַרלאָשן.

זיי האָבן זיך געשלייכט אין דער שטיל און אויסגעזען, ווי רוישלאָזע באַוועגלעכע שאָטנס. ענלעך אין זייער הנהגה און באַוועגונגען, האָבן זיי גע־מאַכט דעם איינדרוק פון אויטאָמאַטן. זיי האָבן איינגעוויקלט אין זייערע פאַראַשוטן גרויסע שטיינער, און פויזענדיק צום טייך, האָבן זיי געקייקלט פאַרויס זייערע פּעקלעך. אַ שטילער פּליוך, און די שפּורן פון זייער באַגעגע־ניש מיט דער ערד איז פאַרשווונדן אונטערן וואַסער.

רויטע אויגן האָבן אַ פינטל געטאָן. צוויי איינגעבויגענע געשטאַלטן האָבן געאיילט צום אָרט פונעם געגעבענעם סיגנאַל. זיי האָבן זיך צוגע־שטופּט צו אַ פעלדז. זיי האָבן זיך געשושקעט. איינער פון זיי האָט זיך ווי אַ קאַץ אַרויפגעדראַפּעט אין דער הייך, געהאַלטן גרייט דאָס געווער אין דער האַנט. די איבעריקע האָבן דעם אינהאַלט פון קאָנטיינער אַריבערגעפּאַקט אין די רוקזעק.

אַ האַסטיקער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן. דער וואָלקן האָט זיך איבערגע־טראָגן איבערן זעעוודיקן ראַנד פון דער רעכטער זייט הימל און אַנטבלויזט אַ האַלברונדיקן זוים פון דער לבנה. די פאַראַשוטיסטן זענען צוגעפאַלן צו דער ערד. אין אַ רגע אַרום האָט זיי די פינצטערניש איינגעהילט. איינער פון זיי האָט זיך געשטעלט אויף די קני און טיף אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, אַן אָפּגעפרישטן פונעם ריח פון סמאָלע און פונעם ווינט, וואָס האָט געבלאָזן פון מערב. מיט די אויגן האָט ער קנאַפּ וואָס געזען, האָט ער אָנגעשפּיצט דאָס אויער. אַ סאָווע האָט אַ קרעכץ געטאָן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז פונעם באַרג הייבט זיך אַ רויך. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אין דער זייט פונעם סטאַוו. די אויבערפלאַך, וואָס האָט אָקערשט געגלאַנצט, האָט זיך באַדעקט מיט אַ באַוועגלעכן נעפּל.

— ס׳ווערט וואַרעמער, עס דערנענטערט זיך דער באַגין — האָט ער

מיט אַ האַלבער שטים אַ שעפּטשע געטאָן צו זיינע חברים. — זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און אַרויפגעשלעפּט די רוקזעק אויף די פּלייצעס.

זיי האָבן זיך באַוועגט איינער נאָכן צווייטן, אָפּגערוקט אויף אַ צענדליק טריט פון אייןנאַנדער. איינגעבויגן זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען נעבן אַ ריי קאַסוווקעס *. זיי זענען אַרומגעגאַנגען עטלעכע גרויסע אָפּגעזונדערטע פעלדזן. די געדיכטע צווייגן פון די קאַרליק־קוסטעס האָבן זיך ווי פאַרהאַנ־גען אַראָפּגעלאָזט ביי די זייטן. עס האָט געשאַריעט אויף טאָג. דער פאָדער־שטער פּאַראַשוטיסט האָט פאַרקערעוועט אויף אַ שמאָל קוים־זעעוודיק גע־שלענגלט שטעגל. זיי זענען אַרויף אויף אַ וואַלדיקן היגל. הינטער זיי האָט זיך געוויקלט דער נעפּל און איינגעהילט די נידעריקע טיילן פון די בערג. זיי זענען אַריין צווישן די נידעריקע ביימער, וועלכע האָבן אויסגעקוקט ווי אַ ים, וואָס כוואַליעט זיינע וואַסערן.

— מיר געפינען זיך שוין מסתמא אויף אַ הייך פון 1500 מעטער — האָט זיך דער יינגסטער אָנגערופן.

— אפשר? איצט קאָנען מיר זיך אָריענטירן בלויז דורך די יאַלקעס.

אין אַ צייט אַרום זענען זיי אַרויס אויפן ראַנד פון אַ טאָל. זיי האָבן באַטראַכט יעדן אַרויסגערוקטן פעלדז, יעדן קוימען, יעדן שפּיץ, הגם די זעעוודיקייט איז געווען אַ שוואַכע. דער נעפּל האָט מיט אַ געדיכטן שלייער באַדעקט דעם טאָל.

די פּאַראַשוטיסטן האָט מען געקאָנט דערקענען בלויז פון דער נאָענט לויט זייער קליידונג און אויסשטאַטונג. זיי האָבן געטראָגן כאַקי־מונדירן און הויכע ברעזענט־שטיוול פונעם זעלבן קאָליר. די קאָאַליציע־פּאַסן האָבן זיי פאַרראַטן, אַז זיי זענען אָפיצירן. איינער פון זיי האָט אַ וווּנק געטאָן. זיי האָבן זיך באַוועגט מיט שנעלע טריט דורך אַ געשלענגלטן באַרג־אַראָפּ. דער נעפּל איז פאַרשוווּנדן. אין טאָל האָט געבליאַסקעט אַ קליינער סטאַוו. זיי זענען אים פאַרבייגעגאַנגען מיט אַ גרויסער אומקרייזונג. מען האָט געקענט דערקענען לויט זייער האַלטונג, אַז זיי זענען געוווינט צו אַ באַרגיקער געגנט. בעיקר האָט זיך אויסגעצייכנט דער, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס: אַ הויכער, אַ שלאַנקער מיט אַן אויסזען פון אַ אמתן גוראַל. ער האָט געשטעלט ווייכע

* קאַרליק־קוסטעס פון סאָסנע־מין.

און שטילע טריט, די קני האָט ער געבויגן לייכט און עלאַסטיש. ער האָט זיך אָן אויפהער אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן מיט אַ פּילבאַר פּנים און מיט אָנגעשפּיצטע אויגן און אויערן. ער האָט געשטעלט זיכערע טריט, משמעות, אַז אים איז געווען באַוווסט יעדעס וועגל און שטעגל. ווייט אין טאָל, זייט ביי זייט מיטן געשלענגלטן טייך, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ געדיכטער וואַלד. הויך, אויף דער רעכטער זייט, האָט זיך אַרויסגערוקט אַ מעכטיקער באַרג־רוקן, וואָס האָט זיך געצויגן אויף צפון. גייענדיק אַרויף צווישן יעגלינעס, האָבן זיי אויפן ראַנד פאַרשנעלערט זייערע טריט. זיי זענען אַרויף אויף אַ ברייטן שטח פון צעוואָרפענע פעלדזן. פאַרזיכערנדיק איינער דעם צווייטן, האָבן זיי זיך אראָפּגעלאָזט אין דער קווער און אַריין אין אַ געדיכטן וואַלד.

— ענדלעך! — האָט אויסגערופן דער אָפיציר, וואָס איז געגאַנגען בראש פון דער גרופּע.

— ווו זענען מיר, וולאָדעק? — האָט אַ פרעג געטאָן דער ייִנגסטער מיט אַן אַרויסרופערישן אויסזען.

— באַטראַכט גוט דעם וואַלד, וואָס וואַקסט דאָ אויפן אָפּהאַנג — האָט זיך אָנגערופן דער ערשטער. — דאָ קענט איר לייענען, ווי פון אַ בוך אַרויס. דאָ, צווישן די יעגלינעס, געפינען זיך אויך בלעטער־ביימער.

— איך זע, אָבער מיר זענען דאָ נישט געקומען אויף קיין לאַנדקענטע־ניש־אויספלוג. — דער וואָס האָט דאָס געזאָגט, אינעם ראַנג פון אַ פּאָדפּאָ־רוטשניק, האָט איראָניש געשמייכלט און מיט די פינגער געריבן דאָס באַ־וואַקסענע פּנים.

— איך וועל אייך אויפקלערן קורץ און שאַרף. דער דאָזיקער וואַלד פון געמישטע ביימער באַווייזט, אַז מיר געפינען זיך אויף אַ הייך פון 1200—1300 מעטער. אויב עס וועט זיך אונדז איינגעבן און אַלץ וועט גיין כשורה, וועלן מיר אין אַ דריי שעה אַרום מאַכן אַ לענגערן אָפּשטעל. דער באַרגשפּיץ „זשולטאַ טורניאַ", איז שוין הינטער אונדז. און דאָרט אַנטקעגן, אויף מזרח, איז דער שפּיץ פון דער „מאַלאַ קאַשיסטאַ". לאָמיר גיין דורכן אָפּהאַנג, איבערן טוריסטישן שטעגל. מיר וועלן עס תמיד האָבן אויפן אויג, ביז מיר וועלן פאַרקערעווען אין דער צפון־מזרחדיקער ריכטונג. — בעתן רעדן פלעגט ער כאַפּן אַ בליק אויפן קאָמפּאַס, וואָס איז געווען צוגעטשעפּעט צו דער האַנט.

— שמעון, שלעפּ נישט אַרויס די מאַפּע, איך קען גוט די דאָזיקע מקו־מות, אַלע באַצייכנטע און אַפילו נישט־באַצייכנטע שטעגלעך.

— האָסט אַ טעות, עס חלומט זיך מיר נישט אַפילו אַרויסצושלעפּן די מאַפּע. איך וויל זיך בעסער פאַרנעמען מיט קאָנקרעטע זאַכן. — ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון רוקזאַק אַ פולע האַנט מיט סוכאַרעס און אים זיי דער־לאַנגט. — איך גלויב, וויטעק — האָט ער זיך געווענדעט צום ייִנגסטן — אַז דו וועסט זיך פון זיי נישט אָפּזאָגן?

דאָס טוריסטישע שטעגל אויפן קעגנאיבערדיקן אָפּהאַנג, איז אין אַ שעה אַרום פאַרשוווּנדן אינעם געדיכטן וואַלד. דער פּאַדפּאָרוטשניק וואָ־דעק האָט ווייטער געפירט זיין גרופּע דורך דעם קוים־באַמערקלעכן שטעגל.

— מיר וועלן פאַרקירצן דעם וועג — האָט ער אויסגערופן.

זיי האָבן פאַרקערעוועט אין דער צפון־מזרחדיקער ריכטונג און זיך באַ־וועגט איבער אַ ברייט פלאַכפעלד. פאַרשטעלט פון אַלע זייטן, האָט מען דעם פעלדז נישט אַרויסגעזען. זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען אויף אַ מין שאָרסט־קער פּאַליצע, וואָס האָט זיך געצויגן איבערן אָפּגרונט. זיי האָבן זיך אַלע באַמיט נאָכצוטאָן וואָדעקן. זיי זענען געגאַנגען פאַרזיכטיק, טראָט ביי טראָט נאָך אים און געקלאַמערט זיך מיט די פינגער אין די פעלדזיקע ראַנדן.

שמעונען איז הייס געוואָרן: אַ פיינע מעשׂה! פּונקט ווי אין די פּירע־נעען, אפשר נאָך ערגער. דאָס שטעגל האָט געפירט אויף אַראָפּ. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען לענגויס אַ ברייטן באַגראָזטן פּאַס. גאַנצע צוויי שעה האָבן זיי זיך דורכגעשניטן אין דער קוואַר. דערנאָך, לויט אַ צייכן פון וואָ־דעקן, האָבן זיי איינציקווייז פאַרלאָזט דעם וואַלד, און איינגעבויגן, זענען זיי אַרויף אויף אַן אויסגערוקטן באַרגקאַם צווישן די פעלדזן.

— איך לאָז אייך וויסן — האָט וואָדעק געזאָגט — אַז פון דאַנען זעט מען דעם גאַנצן שטח אַרום, ווי אויף דער דלאָניע. דאָס איז אמת, נישט זייער קיין הויכער שפּיץ, אָבער אַ גוטער אָבסערוואַציע־פּונקט. פון דאַנען האָבן מיר אַן אַרויסגאַנג צום טאָל פון ביאַלע וואָדי. פון דער רעכטער זייט געפינט זיך סלאָוואַקיע און הינטער דעם דאָזיקן שאָסיי — איז די גרענעץ. ביז מיטאָג דאַרפן מיר צוקומען צום דאָזיקן וועג. האַלטנדיק די מאַפּע אין דער האַנט, האָט וואָדעק אָנגעוויזן אויף די טאָפּאָגראַפישע צייכנס. — ווייַ־טער אויף צפון וועלן מיר איבערשניידן דעם וועג פון סטאָסיאַקוווקע־בזשע־

גי און מיר וועלן זיך לאָזן אַראָפּ, לענגויס דעם ניסקי וויערך, אַזש צו די פּיענינען.

צוהערנדיק זיך, האָט בעת־מעשׂה דער כאַראַנזשי וויטעק אויפגעעפנט אַ פּושקע מיט פליישׁ־קאָנסערווו. ער האָט געקענט די פּיענינען, נישט ערגער, ווי וולאָדעק די טאַטרען. די דאָזיקע לעקציע האָט זיך בעסער געטויגט פאַר שמעונען.

אָנשטאָפּנדיק זיך מיט חזיר־פליישׁ און סוכאַרעס, האָט וולאָדעק נישט געקענט איינשטיין רויִק אויף אַן אָרט. ער איז געקראָכן צווישן די פעלדזן, געוואָרפן בליקן אויף אַלע זייטן. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אָנגעהויבן צו שטיקן, אַ ביסן איז אים געבליבן שטעקן אין מויל.

— אויפשטיין! — האָט ער לסוף אויסגערופן — אין צוויי מינוט אַרום לאָזן מיר זיך אין ווייטערן וועג. באַגראָבן די רעשטלעך! — נישט אַראָפּ־נעמענדיק דעם בליק פון דער סלאָוואַקישער זייט, האָט ער אַרויסגעשלעפּט פיר קוילנטאַשן און אָנגעשטופּט מיט זיי די קעשענעס פון מונדיר. ער האָט אָנגעלאָדן דעם ראַקעטן־פּיסטאָלעט און אַריינגערוקט אים היִנטערן בוזעם.

— שמעון! וויטעק! צו מיר! קוקט! פונעם קעגנאיבערדיקן אָפּהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ אַ גרויסע גרופּע דייטשן.

— לאָמיר אָפּציִען! — האָט שמעון האַסטיק אַ זאָג געטאָן. — עס וועט דאָך דויערן, איידער זיי וועלן צו אונדז דערגיין. די דייטשן איילן זיך נישט. זיי זענען זייער פאָרזיכטיק און קוקן זיך אַרום.

וולאָדעק האָט אָנגעטאָן די קאָנפעדעראַטקע און אַ זאָג געטאָן גאַנץ שטיל:

— מיר דאַרפן אַרבעטן אָן שום ריזיקע. די דייטשן האָבן געוויס אַרויס־געשטעלט פיל כוחות נישט בלויז אויף דער זייט. לויט מיין מיינונג איז דער איינציקער אויסוועג — אָפּצוציִען זיי פון אייך. איר גייט אייך אין הסכּם מיטן מאַרשרוט. איך וועל זיך מיט זיי אָן עצה געבן. ביז וואַנען איר וועט נישט אַוועקגיין, וועל איך מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איך קלייב זיך אַריבער־צוגיין אויף דער סלאָוואַקישער זייט.

— וואָס הייסט? מיר וועלן דיך דאָ נישט איבערלאָזן איינעם אַליין!

— האָבן זיי אויסגערופן. — אויב עס וועט אויסקומען, וועלן מיר מיט וואָפן זיך דורכשלאָגן אַ וועג.

— רויִק, מיינע טייערע. מיר האָבן זייער אַ וויכטיקע אויפגאַבע. דו, שמעון, ביסט אַ ספּעציאַליסט, קיינער קאָן דיך נישט פאַרטרעטן.

— ווייס איך וואָס! — וויטעק איז בלייך געוואָרן און שטאַמלענדיק עפּעס האָט ער נאָך מאָטיווירט.

— גיט די פּיסקעס. נישטאָ קיין צייט!

וולאָדעק אויגן האָבן געברענט פון אויפרודערונג. זיי האָבן זיך דערלאַנגט די הענט. נאָכן דערוויייטערן זיך, האָט וולאָדעק אַרויפגעשטעלט אַ שטילשיסער אויף דער לופע פונעם מאַשין־פּיסטאָלעט. ער האָט זיך אַריינגעגליטשט צווישן די פעלדזן און איז פאַרשוווּנדן. ער איז געגאַנגען אונטן, אַנטקעגן די דייטשן, וואָס האָבן זיך דערנענטערט. אויף אַ העלפט וועג, האָט ער פאַרקערעוועט אויף רעכטס. אַרומקרייזנדיק זיי, איז ער אַרויס אויף זייער לינקן פליגל. די דייטשן זענען געגאַנגען פאַרזיכטיק, האַלטנדיק זיך צוזאַמען. פון פאָרנט האָט געשפּרייזט אַן אַלטער גוראַל. זיינע לאַנגע גרויע וואָנסן האָבן צוגעגעבן זיין פּנים אַ טרויעריקן אויסזען. נאָך אים האָט זיך באַוועגט אַ זשאַנדאַר מיט אַן אָנגעצילטער ביקס אין דער האַנט. מיט אַ מאָל האָט עמעצער אַ געשריי געטאָן. פון הינטער אַ בוים האָט וולאָדעק אויסגעשאָסן מיטן שטילשיסער. דער דייטש איז אומגעפאַלן, נישט אַרויסלאָזנדיק צו מאָל קיין קרעכץ. דער גוראַל איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער און באַלד האָט ער ווייטער אַוועקגעדרעפּטשעט. דער צווייטער שאָס האָט אַוועקגעלייגט דעם קאַפּיטאַן וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער גרופּע.

דער נאָענטסטער זעלנער איז צוגעלאָפן צו די ליגנדיקע. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ גערודער. וולאָדעק האָט אָפּגעגעבן נאָך דריי שטילשאָסן. נישט ווייסנדיק וואָס און ווען, נישט זעענדיק קיין אָנפאַלער, האָבן זיך די איבערגעשראָקענע דייטשן אַ וואָרף געטאָן אין די געדיכטע קוסטעס און געשאָסן סתם אין דער וועלט אַריין.

אַ קליינער, גראָבער ראַדיאָטעלעגראַפיסט האָט זיך נישט פאַרלוירן. ער איז געזעסן הינטער אַ קוסט און גערופן נאָך הילף: „די אָפּטיילונג קעמפט מיט איבערוועגנדיקע כּוחות פון דיווערסאַנטן"...

וולאָדעק האָט אויסגענוצט די סומאַטאָכע און זיך פאַרגנבעט אין הינטערגרונט פון די דייטשן. ער האָט אַרויסגעלאָזט אין הילכיקן שאָס נאָכן צווייטן. פּלוצעם האָט ער אָנגעהויבן רעווען אויף סלאָוואַקיש. ער האָט

אַרויסגעלאָזט הילכיקע באַפעלן, כּדי מען זאָל מיינען, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ גרעסערער גרופּע פּאַרטיזאַנער.

— פּאַרויס דורך דער גרענעץ! אַראָפּלאָזן זיך אויפן שאָסיי! — האָט ער געדונערט. — די דייטשן האָבן אויפגעכאַפּט די ריכטונג. זיי האָבן אָפּגעענטפערט מיט אַ העפטיקער שיסעריי. זיי זענען איבערגעגאַנגען צום אָנגריף.

וואָלאָדעק האָט געענדערט זיין פּאָזיציע, אָבער נישט אויפגעהערט צו שיסן. אין אַ רגע אַרום איז ער מיט אַ בליציקער שנעלקייט אַריינגעשפּרונגען צווישן די פעלדזן און פון דער באַהעלטעניש זיי הילכיק באַשאָסן. אָפּגעזאָגט זיך פון דער פאַרפאָלגונג, האָבן זיך די דייטשן אַנידערגעלייגט אויף דער ערד און געשאָסן פאַרויס. אין די אויגן פון דעם ראַדיאָטעלעגראַפיסט איז דער שׂונא אומגעהויער אויסגעוואַקסן. אומדערמידלעך האָט ער אויסגערופן מיט אַ קרייענדיקער שטים די קאָאָרדינאַטן, האָט גערופן נאָך הילף פון דער צווייטער זייט גרענעץ. שטייענדיק אויף די קני הינטערן פעלדז, האָט וואָלאָדעק אַ שליידער געטאָן אַ גראַנאַט אונטן אַראָפּ. דער גראַנאַט האָט זיך אויפגעריסן אויף דער ערד און זיך צעשאָטן אויף אַלע זייטן, ווי אַ שראַפּנעל. וואָלאָדעק האָט אויסגענוצט דעם אַנטשטאַנענעם טומל און זיך אַריבערגעפּעקלט אויף דער צווייטער זייט פון דער ביאַלקע. אויפן ראַנד פון וואַלד האָט ער אָפּגעגעבן אַ שאָס פון ראַקעטן־פּיסטאָלעט. די רויטע ראַקעטע, צעשיטנדיק זיך אויף דראָבנע שטערנדלעך, האָט אָנגעוויזן די דרום־מזרחדיקע ריכטונג.

די דייטשן האָבן אָפּגעענטפערט מיט אַן אינטענסיוון פייער. אין אַ שעה אַרום האָבן זיי פאָרסירט די ביאַלקע. הינטער האַליצע, איבערן אָפּגרונט, האָבן זיי געפונען אַ ראַקעטן־פּיסטאָלעט, אַ פאַרפלעקטן מיט בלוט. עטלעכע טריט ווייטער איז געלעגן איבערן סאַמע אָפּגרונט אַ יעגלינקע־קוסט. פון זיינע קליינינקע צווייגלעך זענען אַראָפּגעהאַנגען באַנדאַזשן דורכגעזאַפּט מיט פאַרטריקנט בלוט.

*

שמעון און וויטעק האָבן געשפּרייזט איבער די וואַלד־געדיכטענישן פונעם ביאַלקע־טאָל. די הילכיקע שיסעריי האָט מיט אַ מאָל אויפגעהערט.

— צי האָט עס זיך שוין געענדיקט? — וויטעק האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. — אַנדערהאַלבן שעה זענען שוין אַדורך.

— ער איז אומגעקומען נישט אומזיסט — האָט שמעון אַ שטאָמל געטאָן. — איצט איז אונדזער ריי.

מיטאָגצייט זענען זיי אַרומגעגאַנגען די רעכטע זייט פון בוקאָווינע, דערנאָך זענען זיי אַריבער איבער די פלאַכע וואַסערן פון דער ביאַלקע. אָפּגעמאַטערט, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, האָבן זיי אויפגעגעסן צו שטיקלעך שאָקאָלאַד און פאַרטרונקען מיט וואַסער. נאָך אַ קורצן אָפּרו זענען זיי עטוואָס געקומען צו זיך. זיי האָבן באַשלאָסן צוצוקומען ביי נאַכט צו די פּיענינען. שפּעהענלאַנג זענען זיי געגאַנגען, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט; זיי האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט די אויגן און מיט באַוועגונגען. וויטעק איז געגאַנגען פאָרויס, ער האָט גוט געקענט די דאָזיקע מקומות. נישט איין מאָל, אויף אויספלוגן, האָט ער דורכגעמאַכט אין דער לענג און אין דער ברייט די פּיענינען אַזש ביז איבער דעם גאָרעץ און נידעריקער טייל פון דעם דונאַיעץ. יאָר ביי יאָר, בעת די וואַקאַציעס, האָט ער פאַרבראַכט די צייט מיטן טאַטן אין אַ לאַגער, אין אַ געצעלט. ער האָט ווידער זיך דערמאָנט אין וולאָדעקן. אַ געדאַנק האָט אים באַאומרויִקט און גענאָגט: צי האָט ער געדאַרפט אונטערשטעלן זיין קאָפּ? צי האָט מען נישט געקאָנט האַנדלען אַנדערש?

— איך געדענק — האָט זיך שמעון אָנגערופן — ווי וולאָדעק האָט זיך פאָרגעשטעלט די באַגעגעניש מיט זיין משפחה. נאָך דער מלחמה, פלעגט ער זאָגן, וועל איך קומען צו רייטן אויף אַ קאַרען פערד. טאַטע־מאַמע, ברודער און שוועסטער וועלן וויינען. זיי וועלן מיך נישט גלייך דערקענען — איך בין דאָך עפּעס עלטער געוואָרן — זיי וועלן מיך באַטראַכטן פון אַלע זייטן. און דאָס שטערנדל וועלן זיי באַוווּנדערן. וואָס ווייסן זיי דערפון? — קיינער אין דער משפחה איז נישט געווען קיין אָפיציר!

— פאַר וואָס עפּעס אויף אַ קאַרען פערד? — האָב איך אים געפרעגט.

— אַ פאַראַשוטיסט אויף אַ פערד? איך וואָלט פאַרשטאַנען, ווען דו קומסט צו פליִען אויף אַן עראָפּלאַן.

— אמת — האָט ער געזאָגט — אַ צווייט מאָל וועל איך קומען אויף אַן עראָפּלאַן. דער פאַראַשוט וועט זיך אַראָפּלאָזן אויפן דאַך. גאַנץ בוקאָווינע

וואָלט זיך צונויפגעלאָפן. אַ שפּרונג — און אַן אורח האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון הימל... טייל מאָל האָט ער געהאַט קינדערישע געדאַנקען — האָט שמעון אַ זיפץ געטאָן.

— פאַר וואָס רעדסטו וועגן אים אין דער פאַרגאַנגענער צייט ? — האָט וויטעק אויסגערופן.

— אפשר דאַרף מען טאַקע נישט אַזוי. ער האָט זיך מקריב געווען. ער האָט געוויס זיך נישט געלאָזט נעמען אַ לעבעדיקער. און אפשר לעבט ער ?

✶

ווען זיי זענען צוגעקומען צום דונאַיעץ איז די נאַכט צוגעפאַלן. זיי האָבן אָפּגערוט אין די קוסטעס, צוהערנדיק זיך צו די קולות פונעם אַנטקעגנדיקן ברעג. ס׳איז געווען אַ וואַרעמער דושנער אָוונט. ס׳האָט געשמעקט מיט רעגן. וויטעק האָט זיך אַנידערגעזעצט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין אַ בוים. אין אַ רגע אַרום האָט דער קאָפּ זיך אים אַראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט און ער איז איינגעשלאָפן.

שמעון האָט אויף וויטעקן געשאָקלט מיטן קאָפּ מיט פאַרשטענדעניש. ער וואָלט גערן אויך געכאַפּט אַ דרימל. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, מיט פאַרגעניגן אויסגעצויגן די פיס. ער האָט געפילט, אַז עס ציט אים צום שלאָף, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן, יעדע מינוט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך מיט גרויס שווערקייט אויפגעהויבן, קוים גע־קאָנט שטעלן אַ טראָט. לסוף האָט ער באַזיגט די מידקייט און זיך געשטעלט אויף דער וואַך.

— וויטעק, שטיי אויף. דו שלאָפסט שוין מער ווי אַ שעה. לאָמיר אַרי־בערגיין דעם טייך.

אויפגעוועקט פון שלאָף, האָט וויטעק געשטאַמלט וועגן עפּעס אַ בזיר.

— צי האָסטו, שמעון, פון אים גאָרנישט געהערט ?

— ניין.

— דאָס איז אַזאַ מין פאַרשוין מיט אַ באָרד, מיט לאַנגע האָר, און אַרומגעגאַנגען איז ער תמיד באָרוועס. ער האָט געלעבט אין אַ הייל אויף די „טשי קאָראָני״ און קיין מאָל פון דאָרט זיך נישט דערווייטערט. איך ווייס אַ סך מעשׂיות וועגן אים.

— וויטעק, האָק נישט קיין טשייניק. דו קענסט דאָך דעם טייך. זאָג, אין וועלכן אָרט איז בעסער אַריבערצושווימען?

— צו וואָס שווימען, אין טייל ערטער קאָן מען באָרוועס אַריבערגיין.

— וואָס, באָרוועס? איך בין נישט קיין בעלן צו קריכן איבער די גליטשיקע שטיינער. איך האָב אַ מאָל געשוואַרצט איבער דער גרענעץ און געשפּרייזט באָרוועס איבער אַ שניטפעלד. איך האָב געמיינט, אַז איך שטאַרב. דער וועגווייזער האָט אונדז געהייסן זיך אויסטאָן באָרוועס, כּדי מען זאָל נישט הערן. ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין וחשבון, אַז מיר זענען שטאָטלייט, אַז מיר וועלן קרעכצן און זיך אָפּשטעלן יעדע רגע. פון שרעק האָט ער אונדז איבערגעלאָזט און איז אַנטלאָפן. מיר האָבן אָנגעטאָן די שיך און אַליין זיך געלאָזט אין וועג אַריין. עטלעכע גרענעצן האָב איך איבערגעשפּרייזט, איידער איך בין אָנגעקומען קיין שפּאַניע, אָבער קיין מאָל האָב איך די שטיוול נישט אויסגעטאָן. באָרוועס פיל איך זיך שוואַך, ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד.

וויטעק איז אויפגעשטאַנען. ער האָט אַ נעם געטאָן זיין מאַשין־פּיסטאָלעט, אַרומגעקוקט זיך און איז פאַרשוווּנדן צווישן די קוסטעס.

שמעון האָט זיך איינגעהערט אין דער ריכטונג פונעם אַוועקגייענדיקן וויטעק. ער איז געגאַנגען שטיל און אָן אַ שום גערויש. אין עטלעכע צענדליק מינוט אַרום האָט וויטעק זיך צוריקגעקערט אַזוי שטיל, ווי ער איז אַוועק. שמעון האָט אַראָפּגענומען פון זיינע פּלייצעס אַ שווער בינטל האָלץ.

אויפן ברעג פון טייך האָבן זיי צווישן די געוויקסן אָנגעריסן קליינע צווייגעלעך, מיט וועלכע זיי האָבן מאַסקירט די רוקזעק און דאָס געווער. וויטעק האָט אָנגעפירט מיטן אַריבערשווימען. „דאָביים ברעג, האָט ער געזאָגט, איז טיף, און אויף דער צווייטער זייט — אויך דאָס זעלבע. אין דער מיט אָבער איז דאָס וואַסער פלאַך, נאָר פול מיט שטיינער. קוק אויף מיר“. — ער האָט אַרויפגעלייגט דעם רוקזאַק איבערן בינטל האָלץ, באַדעקט מיט די צווייגלעך, איז ער אַריין אין וואַסער. ער האָט דעם רוקזאַק אַ שטופּ געטאָן פאָרויס. ער איז געשווּומען מיטן שטראָם, ווי אַ קוים־זעעוודיקער קוסט. פון דער ווייטנס האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַ שטראָם האָט אים אָוועקגעריסן און טראָגט אים צום צווייטן ברעג.

מיטן געווער גרייט אין דער האַנט, האָט שמעון נאָכגעפאָלגט וויטעקס באַוועגונגען. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט אַ ווילגע אַ פייף געטאָן. ער האָט זיך אויסגעטאָן, איינגעלייגט דעם מונדיר, די שטיוול און דאָס געווער אויפן גרויסן רוקזאַק. ער האָט אים זאָרגפעליק פאַרמאַסקירט. האַלטנדיק די האַנט אויפן רוקזאַק, ווי אויף אַ טרעניר־ברעט, איז ער געשווומען ווי אַ זשאַבע. ער האָט געשפּירט, ווי דאָס וואַסער פרישט אים אָפּ. מיטן שטראָם וואָלט ער געקאָנט שווימען שעהענלאַנג. סאַראַ פּרעכטיקע רפואה פאַר דער פאַרשטייענדיקער אויפגאַבע! אין מיטן טייך האָט ער דערפילט אַ פלאַכקייט מיט גליטשיקע שטיינער. ענדלעך איז ער אַריינגעשווומען אויף אַ טיפן וואַסער. ווען ער איז אַרויס אויפן ברעג, האָט ער געזשאַלעוועט, וואָס די באָד האָט זיך אַזוי שנעל פאַרענדיקט.

דער וועג האָט געפירט דורך אַ וואַלד באַרג־אַרויף. זיי זענען געגאַנגען אויף מזרח. נאָך אַ צוויי־שעהדיקן גאַנג אין אַ געדיכט־פאַרוואַקסענער געגנט, האָבן זיי באַשלאָסן דאָרט איבערצונעכטיקן ביז באַגין.

— איצט איז דיין ריי — האָט וויטעק געזאָגט. — לאָמיר עפּעס צובייסן און לייג זיך שלאָפן.

— צו וואָס? איך בין נישט הונגעריק. איך וויל שוין כאַפּן אַ דרעמל — האָט שמעון אָפּגעענטפערט.

וויטעק האָט זיך אַרומגעקוקט. אים האָט צוגעצויגן אַ קופּאָלאַרטיקער בוים. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ שטריק אויף דער נאָענטסטער צווייג, דערנאָך האָט ער דורך דער שטריק אַרויפגעקלעטערט אויפן בוים און זיך געזעצט רייטנדיק אויף אַ גראָבן צווייג. די פּלייצע האָט ער אָנגעשפּאַרט אין בוים און דעם אויטאָמאַט אַריבערגעהאַנגען מיטן רימען איבערן קאַרק. ער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן אין דער שטילקייט פון וואַלד. עס האָט אָנגעהויבן צו פאַלן אַ דראָבנער רעגן, די טראָפּנס האָבן געקלאַפּט איבער די בלעטער. ער האָט דערשפּירט אַ קעלט אין גאַנצן גוף. מיט אַ מאָל האָט אויפגעהערט צו רעגענען, דער ווינט האָט צעטריבן די וואָלקנס און עס האָט זיך באַוויזן אַ קיילעכדיקע לבנה.

וויטעק האָט מיט אַ פּיניש מעסער אויפגעעפנט אַ פּושקע קאָנסערוון. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קללה. אַנשטאָט אויפצועפענען אַ פּושקע מיט פלייש, האָט ער אין דער פינצטער אַרויסגעשלעפּט אַ פּושקע מיט ראַקעס. צום

ערשטן מאָל האָט ער דערשפּירט דעם טעם פון ראַקעס. די ליידיקע פּושקע האָט ער אַריינגערוקט אין קעשענע. ער האָט גענומען אַ צווייטע, וואָס האָט געבולקעט. ער האָט צוויי מאָל אַ שטאָך געטאָן מיטן מעסער, דערנאָך אַ שמעק געטאָן — קאַקאַאָ. דאָס האָט אים געשמעקט. ער האָט גיריק געטרונקען. ער האָט געזוכט אין די קעשענעס סוכאַרעס, אָבער זיי האָבן זיך שוין געענדיקט. ער וואָלט נאָך עפּעס גערן געגעסן, ער האָט זיך אָבער געפּוילט אַראָפּצוגיין פונעם בוים. ער האָט דערשפּירט דעם ריח פון שוואָמען. שוין אַ יאָר צייט האָט ער זיי אין מויל נישט געהאַט. ער האָט זיך דערמאָנט אין אַלטיי, ווו ער האָט געוווינט מיט זיין מומע. ער האָט אָנגעהויבן דרעמלען. ער האָט זיך געצופּט די באַק, אָבער דאָס האָט קנאַפּ וואָס געהאָלפן. מיט גרויס אָנשטרענגונג האָט ער געעפנט די אויגן און אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ער האָט שיִער נישט אַ געשריי געטאָן פון ווייטיק, בעת ער האָט מיטן קאָפּ זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין אַ סענק. ער איז געקומען צו זיך.

ווידער האָט אויפגעטויכט זיין חלום וועגן אַלטיי. פאַר וואָס עפּעס וועגן אַלטיי און נישט וועגן די „טשי קאַראַני”, וועגן קראַשטשענקאָ אָדער פּשעמישל, ווו ער איז געבוירן געוואָרן און געלעבט? עס האָט אים געחידושט דער ריח פון די שוואָמען. אין אַלטיי האָט ער זיי אָפּט געגעסן. ער האָט ליב געהאַט שוואָמען־זופּ מיט פּאַרפל, אָבער זעלטן האָט ער עס געגעסן, ווייל בעת דער מלחמה איז געווען אַ שטאַרקער דוחק אין מעל. ס׳איז אים אויסגעקומען צו הונגערן. אין עטלעכע מינוט אַרום דאַרף אים שמעון פאַרבייטן. ער האָט אים אַ שטאַרך געטאָן. שנעל האָט שמעון זיך אויפגעריסן פון שלאָף און זיך אַנידערגעזעצט.

— איך בין גוט געשלאָפן — שמעון האָט געטאָן אַ שטאַרקן געגעץ.

— דו שלאָף. איך בין הונגעריק, איך שטאַרב פּשוט פון הונגער.

שמעון האָט אַ זוך געטאָן אין רוקזאַק. ער האָט אַרויסגעשלעפּט סוכאַרעס, אַ פּושקע מיט קעז און אָפּגעשניטן אַ שטיק. ער האָט אַ שמעק געטאָן און מיט צופרידנקייט צוגעמאַכט די אויגן. — עסנוואַרג האָבן מיר גענוג. מיר זענען פאַרבליבן זאַלבעצווייט, קאָנען מיר זיך פאַרגינען גוט אָפּצועסן. ער האָט אַ טרייסל געטאָן אַ פלאַכע פּושקע. מסתמא פיש, האָט ער אַ טראַכט געטאָן. מיטן ביסן אין מויל האָט ער געמאַכט עטלעכע קרייזן אַרום דעם פּלאַץ. טייל מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעשפּיצט

די אויערן. ער האָט זיך ווידער גענומען צו די פיש און געגעסן לעבן דעם איינגעשלאָפענעם וויטעק. אַראָפּגעשלונגען דעם לעצטן ביסן, האָט זיך אים פאַרוואָלט שלאָפן. ער האָט געוואָרטשעט אונטער דער נאָז: מאַטער זיך, קוועל זיך, מענטש, שלאָף נישט און קיי גייענדיקערהייט גאָטס גאָב. צי עקזיסטירט אַזאַ חיה, וואָס זאָל לעבן אַזוי ווי מיר? די דאָזיקע חיה איז אַ מענטש. ער האָט פעסט צוגעדריקט זיין געווער און פאַרשווּנדן צווישן די ביימער.

*

באַגינען האָט ער אויפגעוועקט וויטעקן. דער זייגער האָט אָנגעוויזן נאָענט צו פינף.

וויטעק האָט זיך געצויגן, געדרייט זיך אויפן גראָז און זיך געבעטן, ער זאָל אים לאָזן נאָך אונטערליגן אַ מינוט צען.

— צו דער אַרבעט! — האָט אים שמעון געשטורכעט. — אפשר געבן דיר אַ ציצקע אין מויל אַריין? נאָך דער מלחמה וועסטו זיך קאָנען גענוג אויסשלאָפן. נו, אַ סוף, ריר זיך!

אויסרייבנדיק זיך די אויגן, האָט וויטעק זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני נעבן רוקזאַק. פון אַ ברעזענטענעם פוטליאַר האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ שפּאַר קעסטל. אין עטלעכע רגעס אַרום האָט זיך באַוויזן אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, אַן אָנגעבער און אַן אויפנעמער פון דער מאַרקע „סעווער".

וויטעק האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און אָנגעטאָן די טרייבלעך. ער האָט אַ דריי געטאָן די גאַלקעס. עס האָט זיך דערהערט אַ טראַסקערײ און אַ קוויטשערײ.

— וואָס זאָל איך מעלדן? מסתמא וועגן וולאָדעקן.

שמעון האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה:

— מיר קאָנען נישט מעלדן, אַז ער איז אומגעקומען, מיר קאָנען אויך נישט מעלדן, אַז ער האָט איינער אַליין געפירט אַ קאַמף און מיר ווייסן נישט ווי אַזוי דער קאַמף האָט זיך פאַרענדיקט.

— איך האָב אַ גוטן איינפאַל — האָט וויטעק אויסגערופן — מיר וועלן מעלדן, אַז מיר האָבן זיך געטיילט אין צווייען. אויפקלערונגען וועלן מיר אַרויסשיקן, ווען מיר וועלן באַקומען גענויע ידיעות.

— זייער קלוג — האָט שמעון געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— בלויז עטלעכע ווערטער און אַ סוף.

אַן אָנגעשטרענגטער, האָט וויטעק צוגעגרייט אַ שיפּרירטן קאָמוניקאַט און פּונקט 5 אַזייגער אין דער פרי האָט ער מיט די פינגער אים אויסגע־קלאַפּט. שמעון האָט איינגעפּאַקט די רוקזעק. ער האָט צונויפגעקליבן די פּושקעס פון די קאָנסערוון. דערנאָך האָט ער מיט אַ פּיניש מעסער אויס־געגראָבן אַ גריבל, אַריינגעוואָרפן אַהין אַלע רעשטלעך און זיי פאַרמאַסקירט מיט גראָז. אַראָפּנעמענדיק די טרייבלעך, האָט וויטעק מיט טריִומף אויפ־געהויבן דעם פינגער:

— אַ פיין שטיקל אַרבעט! איצט — די פיס אין די הענט!

וויטעק האָט געפירט מיט ווייניק־באַקאַנטע שטעגלעך, דורך וועלדער און וועלדלעך. אַ מאָל, פאַר דער מלחמה, האָט ער ליב געהאַט אַרויפצוקריכן אויף אַרויסגערוקטע פעלדזן, באַטראַכטן די אַרומיקע סביבות. איצט האָט ער געמוזט אויסמיידן פרייע שטחים. טייל מאָל האָט ער אַ קוק געטאָן אין דער נידער, אויף די טאָלן. די שניטצייט פון היי האָט זיך שוין פאַרענדיקט. זיין בליק האָט זיך געגליטשט איבער די געדיכטע וואַלדיקע אָפּהאַנגען, אויף די אַרויסגערוקטע וואַפּנע־פעלדזן, ווו עס שלענגלען זיך די וואַסערן פון קוואַלן און טייכן. דאָס געפיל פון סכנה האָט דערשטיקט די שטאַרקע געפילן. ער האָט געגישטערט מיט די אויגן, ער האָט געזוכט מענטשן. ער פלעגט בלייבן שטיין ביי יעדן וועגאויסבויג, ער האָט געשמעקט ווי אַ לויערנדיקער יאַגד־הונט.

די אָנשטרענגונג פון נעכטיקן טאָג איז פאַרביי, ער האָט זיך געשפּירט מער געזיכערט. צוליבן קילן טאָג איז זיי געווען לייכטער צו גיין. זיי זענען געגאַנגען אויף צפון. אין צוויי שעה אַרום איז דער דונאַיעץ געווען ווייט הינטער זיי.

זיי האָבן זיך געשלעפּט באַרג־אַרויף. און פּלוצעם האָט וויטעק דער־לאַנגט אַ צייכן. שמעון איז שנעל צו אים צוגעלאָפן. אויף דעם קעגנאיבער־דיקן באַרג־אָפּהאַנג האָבן זיך באַוויזן צוויי קוים־באַמערקלעכע ציווילע מענטשן, באַוואָפנטע מיט ביקסן. פון צייט צו צייט זענען זיי פאַרשווונדן צווישן די ביימער. שמעון האָט אַרויסגענומען די לאָרנעטקע. ער האָט זיי דייטלעך געזען. זיי זענען געגאַנגען מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן.

אויפן ראַנד פונעם טאָל האָט זיך באַוויזן אַ רייטער אין ציווילע קליידער. ער האָט זיך געהאַלטן אויפן פערד, ווי אַן אמתער קאַוואַלעריסט. ער איז געזעסן אין אַן ענגלישן ספּאָרטזאָטל. שמעון האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן זיין בליק פונעם פערד. קענטיק, אַז זיין פּיסק איז געווען אַ ווייכער, דעריבער האָט עס זיך געלאָזט רויִק פירן. דאָס פערד האָט געהאַט אַן אויסגעטאָקטן קאָפּ און שלאַנקע פיס, געווען ברייטברוסטיק. דאָס פערד האָט מסתמא באַלאַנגט צו אַ באַרימטער שטאַל.

ער האָט איבערגעטראָגן זיין בליק. עס האָט זיך באַוויזן דער פראָנט פון אַ מאַרשירנדיקער לויזער קאָלאָנע. אין מיטן האָט זיך געשלעפּט אַ פּול־אַנגעלאָדענער וואָגן. ער האָט אָנגעצילט זיין בליק, נישט וועלנדיק פאַרלירן דעם קלענסטן פּרט. אַ מאַסע מענטשן און איין לייכטער קוילן־וואַרפער. זעלטן האָט עמעץ פון זיי געטראָגן אַ מאַשין־פּיסטאָלעט. פון וואָגן האָבן אַרויסגעקוקט שפּולקעס מיט קאַבלען צו פעלד־טעלעפאָן. קיין ראַדיאָ־פאַר־בינדונג האָט ער נישט באַמערקט. זיי זענען געגאַנגען רויִק, זיי האָבן נישט אויסגעקוקט, ווי אָפּגעמאַטערטע. דער אַרויסגערוקטער פעלדז האָט פאַר־שטעלט און אוממעגלעך געמאַכט די וויטערדיקע אָבסערוואַציע.

— לאָמיר אַרויפשטייגן העכער — האָט וויטעק אויסגערופן — און זיך אויסציִען אויף אַ פעלדז, וועלן מיר זיי קענען בעסער באַטראַכטן.

— ניין, ניין, מען דאַרף נישט.

וויטעק האָט מיט חידוש אַ קוק געטאָן אויף שמעונען. וויטעק, פאַר־ציִענדיק זיך מיט אַ מאַכאָרקע־פּאַפּיראָס, האָט עפּעס געוואָלט זאָגן.

— גיב אַ פּאַפּיראָס — האָט שמעון אים איבערגעריסן. — דו וווּנדערסט זיך, וואָס איך האָב פאַררויכערט? עס האָט מיר געדריקט אין האַלדז פון אויפרודערונג. דאָס זענען דאָך די ערשטע פּאַרטיזאַנער!

ער האָט נישט געקאָנט פון זיי אַראָפּנעמען די אויגן. שוואַך באַוואָפנט, זענען זיי געגאַנגען גאַנץ רויִק. ווייזט אויס, אַז קיין שום וויכטיקס קומט דאָ נישט פאָר. דאָס איז, אַפּנים, אַ געוויסע איבערגרופּירונג.

— לאָמיר ווייטער אָבסערווירן, צי קיינער שלעפּט זיך נאָך זיי נישט נאָך. אַזוי, צי אַנדערש דאַרפן מיר אויסמיידן נישט בלויז די דייטשן, נאָר אויך די פּאַרטיזאַנער. — רעדנדיק האָט ער נישט אַרויסגעלאָזט דעם לאָרנעט פון דער האַנט, געדרייט אים אויף אַלע זייטן.

— דו ביסט געווען פאַרן אָפּפאָרן ביים פּולקאָווניק טאָרונטשיק? *

— וואָס הייסט, מיר זענען דאָך געווען צוזאַמען?!

— נישט וועגן דער געזעגענונג רעד איך. טאָרונטשיק איז געוווינט פאַרן אָפּפאָרן מיט יעדער גרופּע צו כאַפּן אַ שמועס. עס גייט מיר וועגן דעם געוויינלעכן אָפיצירישן אינסטרוקטאַזש.

— איך בין קיין איין מאָל נישט געווען אויף אַזאַ שמועס. עטלעכע טעג פאַרן אָפּפליִען האָב איך זיך צוריקגעקערט פונעם קורס.

— אַלזאָ, פאַריקן דאָנערשטיק איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענטרעף. אינ־פאָרמאַציעס האָט אויך געגעבן דער מאַיאָר רובינשטיין ** וואָס האָסטו אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן? צי קענסטו אים נישט? אַ נידעריקער, מיט אַ פּליך אויפן קאָפּ. ער איז געווען דער קאָמאַנדיר פון מיין קאָמפּאַניע אויפן נאָמען פון נפתלי באָטווין אין שפּאַניע.

— אַהאַ, איך דערמאָן מיך שוין. אין עטלעכע טעג איז שווער געווען צו דערקענען און פאַרגעדענקען אַלע ראַנגען — האָט זיך וויטעק פאַר־ענטפערט.

— אַלזאָ, ביי וואָס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט? נו, רובינשטיין האָט אונדז דערציילט וועגן דעם דאָזיקן געביט און וועגן די באַציִונגען צווישן די פּאַרטיזאַנער. מיט אַ חודש פריִער, איז דעם מאַיאָר קלים נאָכן לאַנדן געלונגען אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט אויך מיט אַן אָפּטיילונג פון א.ק.*** דאָקעגן

---

* פּולקאָווניק הענריק טאָרונטשיק — דער לעצטער קאָמאַנדיר פון דער 13טער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע. קאָמאַנדיר פון די פּאַראַשוטן־איינהייטן ביי דער פּוילישער פאָלקס־אַרמיי.

** לעאָן רובינשטיין האָט געקעמפט אין די רייען פון דער פאָלקס־אַרמיי אין שפּאַניע; אַ פאַרבינדונגס־שעף פון דער 13טער בריגאַדע א. נ. פון י. דאָמבראָווסקי; קאָמאַנדיר פון דער קאָמפּאַניע א. נ. פון נפתלי באָט־ווין.

*** אַרמיאַ קראַיאָוואַ — פאַרבונדן מיט דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן.

צווישן דער גרופּע פונעם פּאַדפּאָרוטשניק „ראַיקע" און דער אָפּטיילונג „באַראַבאַש" פון דער אַ.ק. איז שיער נישט דערגאַנגען צו אַ צוזאַמענשטויס. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיטן פינגער אויפן צינגל, זענען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין פאַרשידענע ריכטונגען *.

— וועגן דעם האָב איך גאָרנישט נישט געוווּסט — האָט וויטעק געזאָגט. — דאַקעגן האָב איך מיט אַ יאָר צוריק געהערט, אַז די נ.ס.ז.** האָט פאַרניכטעט אַן אָפּטיילונג פון אַ.ל.*** אויף אַ געמיינעם, אַכזריותדיקן אופן.

— וועגן דעם אַלעם לוינט אונדז נישט זיך צו ברעכן דעם קאָפּ. פאַר־לויפיק זוכן מיר נישט קיין קאָנטאַקטן און אויך נישט פון קיינעם קיין אונטערשטיצונג. מיר האָבן אונדזערע פּלענער. מיר וועלן זיך מעלדן אין דער קראָקעווער בריגאַדע פון אַ.ל. נאָכן אויספירן אונדזער אויפגאַבע.

*

איבערן טאָל האָבן זיך געצויגן צוויי וועגן. דאָס איז אַן אָפּשניט צווישן ניי־סאָנטש און לימאַנווו. נישט קיין סך איז שוין פאַרבליבן צו דער אויס־גאַנגס־באַזע. חוץ דעם האָבן דאָ ביים שאָסיי געגלאַנצט די אייזנבאַן־רעלסן. זיי האָבן זיך געצויגן פונעם טיפן דייטשישן הינטערלאַנד דורך קראָקע, טאַרנווו און אוקראַינע. דער דאָזיקער וועג איז וואָרשיינלעך געווען דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג ביי דער ווערמאַכט. אויפן שאָסיי איז די באַוועגונג געווען זייער אַ שוואַכע. זעלטן ווען האָט זיך באַוויזן אַ פור. נישט ווייט פון דער באַן־סטאַציע האָט אַ גרופּע אַרבעטער זיך געפּאָרעט ביי אַ וואַל. אַ דרעזינע איז צוגעפאָרן. אין די גלעזלעך פונעם לאָרנעט האָבן זיך שאַרף אויסגעשניצט זעלנערישע פיגורן. אָפּט האָט דורכגעשפּרייזט די באַנוואַך, יעדע שעה אַ פּאַטרול.

---

* Wojskowy Przeglad Historyczny, Nr. 2, 1964.
Mgr. Edwarda Markowa.

** נאַראָדאָווע שילי זבראָינע (רעאַקציאָנערע אַנטיסעמיטישע גרופּירונג)

*** אַרמיאַ לודאָוואַ — פאַרבונדן מיט דער פּוילישער אַרמיי אין ראַטן־פאַרבאַנד.

— דורך וואַנען זאָל מען דאָ דורכגיין ? — האָט וויטעק געטראַכט. דער נאָענטסטער וואַלדראַנד צום וועג איז בערך צוויי אָדער דריי הונדערט מעטער.

— אפשר דורכגיין די סאָווילינע אונטער דער בריק ?

— שטותערייען — האָט שמעון אַ וואָרטשע געטאָן. — די בריקן זענען אונטער אַ שטאַרקער שמירה.

וויטעק, אַריינקוקנדיק אין דער מאַפּע, רעכנט אויס די נעמען פון די דערפער, פון מאַרטשינקאָוויץ ביז מאַרדאַווקי. ער האָט זעלטן גוט געקענט דעם דאָזיקן שטח, יעדעס בערגל און יעדעס באַוואַקסענע אָרט פון דער געגנט.

— לאָמיר גיין דורך דער לוקאָוויצע — האָט וויטעק געזאָגט — ווו די ברעגן זענען באַוואַקסן מיט הויכע געוויקסן. נאָך דעם מיטן שטראָם פון דער סלאָמקע — וועט אַ סך לענגער דויערן, וואָס אָן אמת, אָבער דערפאַר וועט מען אונדז נישט באַמערקן. מיר וועלן דורכגיין ביי אַ צוויי קילאָמעטער ביים טאָלברעג צו מערב.

פון דער וויטנס האָט זיך דערהערט אַ טראַסקעריי פון אַ לויפנדיקן צוג. די אַרבעטער האָבן זיך אָפּגערוקט פונעם וואַל. מיט אַ סאָפּעריי איז דורך דער סטאַציע פאַרבייגעלאָפן אַ לאַנגער משא־צוג. אויף די אָפענע פּלאַטפאָרמעס זענען געווען אויסגעשטעלט טאַנקען און מאָטאָריזירטע האַר־מאַטן מיט לאַנגע לופעס. זיי זענען געווען פאַרמאַסקירט מיט נעצן פון קינסטלעכע בלעטער. זיי האָבן ווייטער אָבסערווירט די באַוועגונג פונעם פאַטרול, וואָס איז קענטיק פאַרקלענערט געוואָרן. זיי האָבן לאַנג געוואַרט אויפן ווייטערדיקן פאַטרול. אויסגערוטע זענען זיי אַריין אויפן ראַנד פון אַ געמישטן וואַלד, פאַרבייגעגאַנגען אַ ברייטן פאַס פון אַ לעשטשינע, אָריענ־טירנדיק זיך לויט דעם אין טאָל פליסנדיקן טייכל. וויטעקן האָבן באַאומ־רויִקט די אָנגעלאָפענע וואָלקנס, הגם ערטערווייז האָט דורכגעלויכטן די זון. אין אַ שעה אַרום האָט נאָווי סאָנטש אויפגעטויכט פאַר זייערע אויגן. געזילבערט האָבן זיך די וואַסערן פון דונאַיעץ, זיך געקייקלט צו דער רוזשנאָווסקער אָזיערע.

זיי זענען אַוועק באַרג־אַרויף מיט דער סלאָמקע. די לופט איז געווען אַ שטיקנדיקע. ערגעץ וויַיט האָט איין מאָל, צוויי מאָל אַ דונער געטאָן, אַ

שטורעם איז געהאַנגען אין דער לופטן. די בליצן האָבן שאַרף דורכגעשניטן דעם הימל. עס זענען אַראָפּגעפאַלן די ערשטע טראָפּנס. זיי זענען צו פוס דורכגעגאַנגען דעם טייכל סאָווילינע. איינגעבויגענע זענען זיי אַרונטער אונטער אַ בוים. זיי האָבן געסאָפּעט ווי אָפּגעמאַטערטע באַלעגאַלישע שקאַ־פּעס. זיי האָבן דורכגעשניטן דעם וועג, דורכגעקראָכן דורך דער פלאַכער סמאַלענקע. עס האָט געכליאָפּעט ווי מיט צעבערס.

— נישט אַנדערש, ווי אַ וואָלקנבראָך האָט אונדז געטראָפן. אַ כמאַרע האָט זיך אַוודאי אָפּגעריסן — האָט וויטעק אַ שעפּטשע געטאָן.

ענדלעך זענען זיי צוגעקומען צום באַנוואַל. אַ בליץ האָט דורכגעשניטן דעם הימל. שמעונען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז פון באַנבריקל האָט אַ שיין געטאָן אַ רעפלעקטאָר. זיי האָבן זיך דורכגעשאַרט און אַריינגעשפּרונגען אין געדיכטע קוסטעס. דער נאָענטער וואַלד האָט געפינקלט. דער רעגן איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַ שמוציקער גרויער נעפּל האָט זיך געשפּרייט אונטער די פיס. זיי האָבן פאַרלאַנגזאַמט זייערע טריט. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ ביקס. פון דער וויטנס האָט אָפּגעהילכט אַ שוואַכער דונער. אַלץ איז צונויפגעגאָסן געוואָרן אין איין טראַסק. ס'האָבן זיך דער־הערט געשרייען: האַלט! האַלט! וויטעק האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם אויטאָמאַט, אָבער שמעון האָט אים אַ שטורך געטאָן און אַנגעכאַפּט פאַר דער האַנט.

— דרעק! — האָט ער אַ וואָרטשע געטאָן. — פאַרפּלאָנטער זיך נישט. שנעל זענען זיי אַריינגעלאָפן אין וואַלד. עס האָט געטריפט פון דיביימער. ווי אַ הונט האָט וויטעק דערשמעקט דאָס געוווּנטשענע וועגל. זיי זענען געגאַנגען באַרג־אַרויף, אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם.

די צייט האָט זיך פאַרצויגן, זיי האָבן שוין געדאַרפט זיין אויפן אָרט. וויטעק איז אַוועק אויף אַן אויסשפּיר. שנעל איז ער צוריקגעקומען. אין עטלעכע מינוט אַרום זענען זיי געשטאַנען אונטער אַ באַרגשפּיץ.

— עס האָט זיך פאַרצויגן — האָט וויטעק געוואָרטשעט — אויף אַ שעה, אָבער מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט די נאַכט און דעם שווערן גאַנג בעתן רעגן.

די נישע אין פעלדז איז געווען באַקוועם. זיי האָבן באַטראַכט די רוקזעק, וואָס זענען נישט דורכגענעצט געוואָרן. זיי האָבן אָפּגעווישט דאָס געווער און אָנגעשפּיצט די אויערן. מען האָט געהערט אַ שטיל גערויש פון די אַנט־

שטאַנענע ריטשקעלעך און פון די טראַפּנס, וואָס האָבן געטריפט פון די ביימער. פון צפון האָט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלט ווינטל. גוט, וואָס זיי האָבן שוין באַוויזן זיך אָפּצוטריקענען אויפן וועג. בלויז אין די שטיוול האָט געכליאָפּעט דאָס וואַסער.

וויטעק האָט אַרויסגעשלעפּט די פעלדפלאַש מיט בראַנפן. שמעון האָט אַ זופּ געטאָן צוויי מאָל.

— געבוג — האָט ער געזאָגט — מער טאָר איך נישט.

וויטעק האָט אויסגעטרונקען מיט עטלעכע שלוקן מער.

— גוט, וואָס איך האָב נישט געשאָסן — האָט ער געזאָגט — איצט גיב איך זיך אָפּ דערפון אַ חשבון.

שמעון האָט געשוויגן. ער האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע און אים אַ שעפּטשע געטאָן אין אויער:

— קיין וואָרט נישט, שטיל שאַ. עפן אויף די קאַנסערוון. לאָמיר פאַר־זוכן צו שטיקל שאָקאָלאַד. דאָס וועט אונדז שטאַרקן. איך וועל זיך שטעלן אויף דער וואַך.

ער איז אָפּגעגאַנגען און זיך אַוועקגעשטעלט הינטער אַ יאַלאָוויעץ־קוסט. ער האָט זיך צוגעהערט. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער הערט עפּעס אַ שאָרך. ער האָט אויסגעריבן די אויגן, ווייל עס האָט זיך אים געדוכט, אַז אָט־אָט ווערט ער איינגעשלאָפן. אַ ווילגע האָט אַ פּייף געטאָן. אין עטלעכע רגעס שפּעטער האָט זיך דערהערט אַ קרעכץ פון אַ סאָווע. ווידער האָט אַ ווילגע אַ פּייף געטאָן. נעבן אים איז אויסגעוואַקסן וויטעק. ער האָט אים אַ דריק געטאָן פאַרן אָרעם, צוגעלייגט די איינגעבויגענע דלאָניע צו די ליפּן און צוויי מאָל אַ פּייף געטאָן. עס האָט זיך אָפּגערופן די ווילגע.

— דאָס איז דאָך וולאָדעק, כ׳לעבן — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן — דאָס איז דאָך וולאָדעק...

זיי זענען שטיל געבליבן ווען זיי האָבן דערהערט טריט. אויפן שטעגל האָט זיך באַוויזן די סילוועטקע פון אַ גוראַל מיט אַ קאַפּעליוש אויפן קאָפּ.

— דאָס בין איך, וולאָדעק.

זיי האָבן זיך געהאַלדזט. פון גרויס התפּעלות האָט שמעון אים אויפגע־הויבן אויף די הענט. ער האָט אים געדריקט צו זיך, שיער נישט דערשטיקט.

— לאָז מיך אָפּ, דו בער איינער! ווייל דו כאַפּסט ביי מיר באַלד אַריין !...

ער האָט אים לסוף אָפּגעלאָזט, קושנדיק און האַלדזנדיק אים. וויטעק האָט געדריבלט מיט די פיס ווי אין אַ גוראַלן־טאַנץ, וואַרטנדיק, אַז וולאָדעק זאָל צו אים צוקומען. ער איז צוגעפאַלן צו אים.

— כ׳לעב, אַן אמתער, ממשותדיקער יאַנאָשיק! * — האָט וויטעק אויסגערופן פון שמחה.

וולאָדעק האָט איבערגענומען די אָנפירונג.

— חברה, כאַפּט אַ קיי און לייגט זיך שלאָפן. איך וועל איצט זיין אייער שומר. שפּעטער, בעת איך וועל אייך אויפוועקן, וועל איך אייך אַלץ דערציילן. קוקט — האָט ער מיט גאווה אָנגעוויזן אויף אַ פּלאַסטער איבערן רעכטן אויער. — איך האָב אויף אייך דאָ זייער לאַנג געוואַרט. טוט איבער מייַנע אָנוצעס, זיי זענען טרוקן.

זיי האָבן אָפּגעריסן צווייגלעך פון די נאָענטסטע יעגלינעס, איבערגעדעקט זיי מיט אַ ברעזענט, די רוקזעק אונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ אַנשטאָט קישנס. מיט גרויס גיריקייט האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צו די קאָנסערוון און סוכאַרעס.

— און איצט — שלאָפן. אַ בעט, ממש אַ קייזערלעכער געלעגער! — האָט דער פאַרשלאָפענער וויטעק געמרוקעט.

— חתן־כלה אין דער חופה־נאַכט וואָלטן זיך געוווּנטשן אַזאַ געלעגער! — האָט שמעון צוגעגעבן.

אין עטלעכע רגעס אַרום האָט זיי באַהערשט אַ טיפער שלאָף. וולאָדעק האָט געוואַכט און געקוקט אויף די שלאָפנדיקע חברים. ער האָט פאַרריכט די אַראָפּגערוקטע פּלאַכטע און זיי צוגעדעקט. אין דריי שעה אַרום האָט ער אויפגעוועקט וויטעקן.

— שמעון זאָל שלאָפן — האָט וולאָדעק געזאָגט. — עס וואַרט אויף אים אַ סאָלאָ־אַרויסטריט. אין די נאָענטסטע דריי טעג וועט מען זיך דאַרפן מיט אים צאַצקען ווי מיט אַ פּרימאַדאָנע.

שמעון האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין טיפן שלאָף און געמרוזשעט מיט די אויגן. ער האָט דערהערט עמעצנס שטים. דאָס איז געווען

---

* אַ לעגענדאַרער גוראַלישער העלד, וואָס האָט באַרויבט די רייכע און אוועקגעגעבן אָרעמע.

אַ מין ווייטע שטים, ווי אין אַ טעלעפאָן־טרייבל. ער האָט אויפגעעפנט די אויגן.

— דאָס איז געווען שוין איין מאָל אַ שלאָף! — שמעונס שוואַרצע אויגן האָבן געבלישטשעט פון צופרידנקייט. — ס׳וואָלט געווען אַ יושר זיך אָפּצוגאָלן. — ער האָט מיט די פינגער זיך צוגערירט צו דער גאָמבע. — שוין איין מאָל אַ באָרד!

— אַ יושר — האָט וואָלאָדעק זיך אָנגערופן. — איך האָב זיך אָפּגעגאָלט ביי מיינע עלטערן.

— וואָס?! — איז שמעון אויפגעשפּרונגען. ער האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן — דו שפּאַסט פון מיר! דו האָלטסט מיך פאַר אַ גולם!

— איך שפּאַס נישט, איך האָב געגעכטיקט אין שטוב, ביי זיך אין בוקאָווינע.

אַ שאָטן האָט דורכגעשוועבט איבער שמעונס פּנים.

—ליידער, איך קאָן אָפילו וועגן דעם נישט טרוימען. איך גלייב נישט, אַז עמעצער פון מיינע זאָל זיך האָבן געראַטעוועט — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— דאָך האָב איך אין כעלם און אין לובלין באַגעגנט אָפּגעראַטעוועטע יידן. מעגלעך, אַז אויך דיינע וועלן זיך אָפּגעפינען — האָט וואָלאָדעק געשעפּטשעט.

— מ׳דאַרף לעבן מיט בטחון — האָט שמעון צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — קיין אַנדער מיטל האָט מען נאָך נישט צוגעקלערט. בטחון איז לעבן...

פלוצלינג האָט זיך אָפּגערופן די ווילגע. זיי האָבן איבערגעריסן דעם שמועס. זיי האָבן אַ כאַפּ געטאָן דאָס געווער. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אַליאַרם איז געווען אַ פאַלשער. אַ צעטומלטער האָט וויטעק עפּעס געוואָרטשעט אונטער דער נאָז, אָנגעוויזן אויפן זייגער:

— איר האָט וועגן מיר פאַרגעסן.

וואָלאָדעק האָט שטיל געלאַכט.

— צום ערגסטן איז די דיסציפלין ביי די יונגע אָפיצירן, ווען זיי פירן אָן מיט זיך אַליין. אין די שפּיטאָלן איז אויך דאָס זעלבע. ביי די זעלנער איז געווען אַ בעסערע אָרדענונג, איך געדענק עס גאַנץ גוט.

— דער וואַכפּאָסטן רופט אַרויס דעם עלטסטן ביי אַ נויטווענדיקייט

מיטן אָפּגערעדטן סיגנאַל — האָט וויטעק זיך פּאַרטיידיקט. — איך וואָלט געשווירן, אַז איר האָט ביידע פילאָזאָפירט.

— גענוג, וואָרטשע נישט. איך שטעל זיך אויף דיין אָרט. אין אַ שעה אַרום לאָזן מיר זיך אין וועג אַריין.

*

אויפן ברייטן שטח פון דער אַזיערע האָבן זיך אויסגעטיילט צוויי אינדזעלעך. די שיטער־צעוואָרפענע הייזקעס אויף דער צווייטער זייט האָבן אַרויסגעקוקט פון צווישן דיביימער און קוסטעס. זיי זענען אַוועק אויף לינקס. די אָזיערע, אַריינגעפּאַסט אין אירע קרומע ברעגעס, איז זי וואָס ווייטער אַלץ שמעלער געוואָרן. נאָענט צו דער דאַמבע האָט דאָס וואַסער אויסגעקוקט גרין. אַ קאָמפּרעסאָר האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן. עס האָבן זיך דערהערט געשרייען אין דער דייטשישער שפּראַך. פון דער ווייטנס האָט זיך באַוויזן די דאַמבע. זי האָט זיך אויסגעשיילט כסדר אַלץ נענטער און דייטלעכער. גלאַטיק און רויִק האָט אויסגעקוקט דער וואַסער־שפּיגל ביי דער דאַמבע. די קאָליר פונעם וואַסער האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער גרינקייט פון די היגלען. פון דער הייך פון אַ פויגלפלי האָט די דאַמבע אויסגעקוקט, ווי אַן אָפּגרונט אָדער ווי אַ באַרגשפּאַלט פון אַט דעם ראַיאָן.

וואָלאָדעק האָט מיטן לאָרנעט אָבסערווירט דעם וועג, וואָס ציט זיך פון דעם אויסגוס. ער האָט באַטראַכט יעדן קוסט, ער האָט נאָכגעפּאָלגט יעדן זעלנער. אויף דער זייט האָט ער באַמערקט צוויי בונקערס. די אַרויסגעגנג האָבן געפירט צו דער זייט פון דער דאַמבע. זיי האָבן קאָנטראָלירט די וועגן און שטעגן פון מזרח, דרום און צפון. אויף דער צווייטער זייט פון דער דאַמבע האָבן שטיל געאַרבעט די אַגרעגאַטן פון דער עלעקטראָוניע. דאָס וואַסער, אַריינגענומען אין קאַרבן, האָט דערלאַנגט עלעקטרישן שטראָם. פון דער זייט, ווו זיי זענען געקומען, איז נישט געווען קיין צוגאַנג, צוליב די הויכע שיפּועים איבער אָפּגרונטן. עס האָט זיך דערהערט דאָס טראַסקען פון אַ מאָטאָרשיפל, וואָס האָט זיך דערווייטערט פון דער דאַמבע.

דער מאָטאָריסט האָט געטראָגן אַ מין קעפּקע, דער צווייטער, אַ פּאַסאַ־זשיר אין אַ קאָמבינעזאָן, האָט געדרויכערט פון אַ לאַנגער פייקע. אומעטום

האָט געהערשט רו, בלויז דאָס גערויש פון דער אַרבעטנדיקער דאַמבע האָט איינטאָניק געשורשעט אין דער שטילקייט.

— וואָס זאָגסטו דערצו, שמעון ?

— לאָמיר זוכן אַ רויִקערן אַראָפּגאַנג צו דער אָזיערע. עס האַנדלט זיך דאָ, אייגנטלעך וועגן אַן אַרויסגאַנג. אַן אונטערוואַסער־שווימער איז תמיד לייכטער אַריינצוגיין אין וואַסער ווי אַרויסצוגיין, וואָס קאָן פּאַרקומען פּלוצעם, אָדער דורך צוואַנג. גאַנץ אָפט צוליב מאַנגל פון זויערשטאָף.

— פאַר וואָס ? דו האָסט דאָך עפּעס אַ פּרעכטיקן אַקוואַלונג — האָט זיך וויטעק געחידושט.

— עס טרעפן צייטנווייז סורפּריזן. מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט אַלע מינים צופאַלן. ביים מאַנגל אין זויערשטאָף קאָן מען דערשטיקט ווערן. געראַטעוועט קאָן מען ווערן בלויז דאַן, ווען מען גייט שנעל אַרויס פון וואַסער און מען זופט זיך אָן מיט פרישער לופט. אַזאַ מין געצוווּנגענער אַרויסשווים איז זייער געפערלעך, אָבער בעת עס פעלט אויס לופט, איז עס די איינציקע ישועה. אט דעריבער דאַרף מען זאָרגן פאַר אַ מאַקסימאַל צוטריטלעכן אַרויסגאַנג.

זיי האָבן געענדערט די ריכטונג. זיי האָבן זיך באַוועגט איבער אַ גלייכן אָפּהאַנג. די געדיכטעניש האָט זיי פאַרבאָרגן פונעם מענטשלעכן אויג.

וויטעק האָט אַראָפּגענומען דעם רוקזאַק. ער איז אַריין צווישן ביימער און געדיכטע קוסטעס און דערנאָך האָט ער פאַרקערעוועט אויף לינקס. ביי אַ דריי הונדערט מעטער פון דער דאַמבע האָבן זיי באַמערקט אַ קליינע בוכטע, באַוואַקסן מיט צמחים. דאָרט, אין מיטן דער אָזיערע, האָבן זיך אויסגעשניצט צוויי גרינע פאַראיינזאַמטע אינדזלען. וולאָדעק האָט זיך אַני־דערגעזעצט, אויסגעווישט די גלעזלעך פונעם אַרטילערישן לאָרנעט, און קוקנדיק אהין, האָט ער קיין שום פאַרדעכטיקע זאַך נישט באַמערקט. די אינדזלען האָבן זיך שאַרף אַרויסגערוקט פונעם וואַסער־שפּיגל, ווי צוויי גלייך־אָפּגעשניטענע קאָנוסן. נישט אויסגעשלאָסן, אַז דער ברעג פונעם ערשטן אינדזל איז באַפעסטיקט. די דערהויבונג פונעם אינדזל האָט דאָמי־נירט איבערן שאָסיי, וואָס האָט געפירט פון נאָווי־סאָנטש אָזש ביזן אָפּהאַנג פונעם ראָזשנאָווסקי־היגל. דאַקעגן די בונקערס, וואָס וולאָדעק האָט באַ־מערקט, האָבן מיט זייער פאַרנעם דערגענצט די דאַמבע פון דער דורכגוס־

זייט און דער עלעקטראָווניע. ער האָט דערלאַנגט אַ צייכן. זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט אונטער אַ ברייטן קוסט פון מאַלינעס.

וויטעק איז געשטאַנען אויף די קני און האָט זיך געטיילט מיט זיינע אָבסערוואַציעס.

— די בוכטע איז מסתמא אַ טיפע, זי וועט מיך געוויס פאַרשטעלן ביים אַראָפּלאָזן זיך — האָט שמעון צוגעגעבן — מען דאַרף עס קאָנטראָלירן.

ער האָט פון רוקזאַק אַרויסגענומען אַ דין שטריקל מיט אַ מעשן געוויכטל. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, זוכנדיק עפּעס אַ פלעקל.

— אַ רגע — האָט וויטעק אַ שעפּטשע געטאָן. — ער האָט אַרויסגענומען דאָס פּינישע מעסער און אַרויפגעקראָכן אין דער הייך.

שמעון, כדי נישט פטרן אומזיסט קיין צייט, האָט אויסגעלאָדן נ׳עם רוקזאַק. ער האָט פאַרזיכטיק אַרויסגענומען אַ צווייצילינדערדיקן אַקוואַ־לונג, אַ סקאַפאַנדער, אַ קאָפּטור. וולאָדעק איז געווען אַנטציקט פון די אַלע מכשירים. ער האָט יעדע רגע געשטעלט שאלות. שמעון האָט געקוואָלן און מיט אַ שמייכל פלעגט ער אָפּענטפערן: פלעשער מיט זויערשטאָף, אַ מאַסקע, שווים־פּעדער (פלעטוועס), בלייענע געוויכטלעך. פון אַן אַלומיניום־שאַכטל האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ קאָמפּאַס, אַ זייגערל און אַ לאַמטערן, וואָס לאָזט נישט אַדורך קיין וואַסער. וויטעק איז אָנגעקומען און אַ דער־שטוינטער האָט ער געקניט לעבן שמעונען. ער האָט אים דערלאַנגט אַ לאַנגע צוויי מעטער די לענג. אויפשטייענדיק האָט אים שמעון געדראָט מיט אַ פינגער. וויטעק און וולאָדעק האָבן אויסגעקוקט, ווי צוויי לצים, וואָס וואָלטן אויס נייגעריקייט געקאָנט דער טייוול ווייסט וואָס אָפּטאָן.

— רירט נישט די שלעסער, דרייט זיי נישט, ווי יענע מאַלפּע אין באָד, ווייל דער זויערשטאָף וועט אַנטרונען ווערן — האָט שמעון געוואָרנט. זיצנדיק אונטערן קוסט, האָט ער צוגעבונדן צו דער לאַנגע אַ שנירל מיט אַ געוויכטל. דאָס איז ביים ברעג אַראָפּגעלאָזט געוואָרן אין וואַסער, כדי אויס־צומעסטן די טיפקייט.

— אויסגעצייכנט! — האָט ער אין אַ ווײלע אַרום אויסגערופן. — דריי טריט, און מיר האָבן צוויי מעטער די טיפקייט. שמעון האָט קאָנטראָלירט די אַפּאַראַטור, די שלעסער, האָט אָנגעדרייט דעם זייגער, אָנגעשטעלט דעם קאָמפּאַס. — אַלץ גייט כשורה! — האָט ער מיט פרייד אויסגערופן. —

אָוונטצייט מאַך איך אַ פּראָבע. איך מוז זיך אַקלימאַטיזירן. אין דער פרי וועל איך אויספירן די אויפגאַבע.

✶

די נאַכט איז צוגעפאַלן. מיט זיינע שפּאַסן האָט וואָלאָדעק צעשטרייט די ערנסטע שטימונג. וויטעק האָט געשוויגן. ער האָט, ווייזט אויס, נישט געהאַט קיין צוטרוי בנוגע דער קוואַליטעט פון דער אַפּאַראַטור. אַן אַנגעשטרענג־טער, האָט שמעון זיך אַריינגעגליטשט אין סקאַפּאַנדער.. וואָלאָדעק האָט אים צוגעהאָלפן אָנצוטאָן די פלעטווועס. — מיר טוען דיך אָן ווי אַ כלה! פון גרויס פרייד האָט וויטעק געשטורכעט וואָלאָדעקן, זאָגנדיק, אַז ער זעט אויס, ווי אַ מאַרסיאַנער מיט קאַטשקע־פּיס. אין אַ רגע אַרום איז ער שוין געווען גרייט. אונטערגעהאַלטן פון ביידע זייטן דורך זיינע פריינד, האָט שמעון פּאַמעלעך זיך אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער און איז פאַרזונקען ווי אַ שטיין. וויטעק האָט אַראָפּגערוקט דעם אויטאָמאַט אויף זיין ברוסט און אַרויפגעע־קלעטערט אין דער הייך. ס׳איז אַדורך עטלעכע מינוט. וואָלאָדעק האָט אָן אויפהער געקוקט אויפן זייגער. עס האָט געדויערט אַ גאַנצע אייביקייט.

— ענדלעך — האָט ער לייכט אָפּגעאָטעמט. — שמעון האָט אויפגעע־טויכט פון וואַסער. ער האָט אויסגעשטרעקט צו אים די האַנט, מיט דער צווייטער האָט ער זיך אָנגעהאַלטן פאַר אַ צווייג, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען איבערן וואַסער. אָפּטרייסלענדיק זיך פונעם וואַסער, האָט שמעון אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— איך האָב אויסגענוצט צען מינוט זויערשטאָף. ס׳איז מיר איבערגעע־בליבן אַ שעה מיט אַן עודף. איך בין געשווומען אין אַ טיפקייט פון צען מעטער — האָט ער אויסגערופן. — איך פיל זיך אויסגעצייכנט.

✶

זיי האָבן זיך אַרומגענומען. שמעון האָט געמאַכט אַ טראָט אויף צוריק, סאַלוטירט מיט דער פויסט, און אויפגעהויבן זי ביז צום שטערן. ער איז אַריין אין וואַסער און אַלץ טיפער פאַרזונקען. זיין שפּיץ קאָפּ, וואָס מען האָט מיט אַ רגע צוריק אַרויסגעזען, איז פאַרשווונדן. ער איז געשווומען, באַוועגנדיק מיט די פיס אויפן קראָל־סטיל. דאָס טאָגליכט איז אַלץ מער

און מער דורכגעדרונגען. די געוויינלעך גרויע פעלדזן און שטיינער פונעם פאַרטרונקענעם ברעג, האָבן זיך אונטערן וואַסער העל געזילבערט. פיש גרויסע, קליינע, דראָבנע האָבן געגלאַנצט מיט די קאָלירן פון אַ רעגנבויגן. לייכט און פלינק האָבן זיי זיך באַוועגט, זוכנדיק עפּעס איינצושלינגען. זיי האָבן משמעות געשטוינט אויף דער אָנוועזנהייט פונעם אומגעבעטענעם גאַסט. ביסלעכוויז האָט שמעון דערגרייכט די געהעריקע טיפקייט. ער האָט קאָנטראָלירט די ריכטונג. דער פּאַספּאָריזירטער וויזער האָט אָנגעוויזן אויף צפון. ער האָט זיך צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען. ער האָט געפֿילט, אַז ער ווערט אַ טייל פון דער דאָזיקער שווייגנדיקער און רויִקער וועלט. ער האָט געכאַפּט אַ בליק אויפן קאָמפּאַס. ענדלעך וואַקסט אויס און עס דערנעענטערט זיך אַ וואַנט. דאָס איז די דאַמבע. דער גרויער בעטאָן קוקט אויס ווייס ווי קרייד. ער זעט דייטלעך יעדן שטריך, יעדן קנייטש. ער נור־קעוועט, די איבערגוסן פאַרבלייבן אין דער הייך. פּופּצן מינוט זענען פאַרביי. דער דרוק איז אַ גוטער, ער אָטעמט נאָרמאַל. ער טויכט אַלץ טיפער און טיפער מיטן קאָפּ אַראָפּ. דער דרוק אויף די פּויק־הייטלעך פון די אויערן האָבן אים נישט באַאומרויִקט. ער האָט אַראָפּגעשלונגען דאָס שפּייעכץ און זיך אויסגעגלייכט. ער האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט. ער טויכט ווידער נידעריקער און טיפער, ביז ער דערגרייכט צוואַנציק מעטער. ער שווימט לענג־אויס דער דאַמבע, ערטערוויז קומט ער אין באַרירונג מיטן גליטשיקן בעטאָן. ער רירט זיך צו מיט די פינגער צו דער עלעקטרישער לייטונג. אַ סאָלידע אַרבעט, צוגעפּעסטיקט מיט האָקן. ס׳איז אויך דאָ אַ קנופּ. ער ציילט: צוועלף קאַבעלן פירן צו די אויפרייס־לאָדונגען. אויפן דעק, אין די צווישנרוימען ליגן גרויסע גלייכווינקלדיקע קאַסטנס. יעדער פון זיי וועגט בערך אַ האַלבן טאָן. אונטערן וואַסער איז עס אַ שרעקלעכע לאָדונג: די אויפרייס־קראַפט איז דאַן אַ צענפאַכיקע... ער האָט אַרויסגע־כאַפּט די צוואַנג, וואָס איז אים געהאַנגען ביים פּאַס. דער אָפּגעשניטענער קאַבעל האָט זיך געדרייט און געוואָרפן, ווי אַ שלאַנג. שמעון מאַכט עס גאַנץ רויִק. ער קען זיין פאַך. ער האָט געאַרבעט אין פראַנקרייך און אין טוניס. עס זענען נאָך פאַרבליבן דריי קאַבלען. עס האָט אים אָנגעהויבן צו שטיקן. ער האָט אויפגעעפנט דעם צווייטן קראַן. דאָרט איז נאָך פאַרבליבן גענוג זויערשטאָף. דאָס וואַסער האָט אים אָפּגעצויגן פון זיין אָפּעראַציע־

פונקט. ער האָט אָנגעהויבן צו זוכן דעם צענטראַלן קאַבעל. אָט איז ער, ער העננט, דער אַכזר, אָבער אין אַ מינוט אַרום וועט ער פאַרלירן זיין כוח. ער נורקעוועט טיפער. נאָך קאַבלען. מען טאָר פון זיי קיין איינעם נישט איבער־לאָזן. איין שניט, אַ צווייטן און אַלץ איז דערליידיקט. ער נורקעוועט ווידער. ער שניידט אָפּ אַ שטיקל קאַבעל צום אָנדענק...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן מאַנאָמעטער און אַרויסגעוואָרפן די געוויכטלעך. ער שווימט אין דער הייך, לענג־אויס דער אָזיערע. ער האָט געשפּירט, אַז ער שווימט מיט די פּלעטוועס אין אַ רעקאָרד־שנעלקייט. דער קאָמפּאַס באַווייזט אויף דרום. ער רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע, כּדי דער אָרגאַ־ניזם זאָל שלעכט נישט רעאַגירן אויפן האַסטיקן, שנעלן אַרויסשווים. אַ באַצויבערטער, באַטראַכט ער די אונטערוואַסער־וועלט. צי האָט ער דאָ זיך נישט געשפּירט בעסער, ווי אויף דער אויבערפלאַך? ער איילט זיך נישט. ער האָט נאָך אַ ביסל זויערשטאָף. ביסלעכווייז הייבט ער זיך אויף, באַוועגנ־דיק לייכט און גראַציעז מיט די פּלעטוועס. ער שווימט צום ברעג. אָט איז די בוכטע. ער זעט קיינעם נישט. ווו זענען זיי אַהינגעקומען? צי קען ער אַרויסגיין? ענדלעך האָט ער באַמערקט וולאָדעקן פאַרטייעט הינטער אַ קוסט, זיינע אומרויִקע אויגן נישטערן די וואַסער־אויבערפלאַך.

שמעון האָט פעסטער באַוועגט מיט די פּלעטוועס, אויסגעשטרעקט פאָרויס די הענט און ווי אַ פייל צוגעשווומען צום ברעג. וולאָדעק האָט אָנגעכאַפּט שמעונען פאַר דער האַנט און מיט אַ שטאַרקער באַוועגונג אים אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער. שמעון האָט טיף אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן מאַנאָמעטער: עס איז נאָך פאַרבליבן זויערשטאָף בלויז אויף צוויי מינוט.

הינטערן פעלדז, אויפן מאָך, האָט מען אויסגעלייגט געשמאַקע מאכלים. לאַקס אין אייגענעם זאַפט, געוועגדזלטן קעז און קאָנסערוון פון חזיר־פליש. וולאָדעק האָט אַרויסגענומען טרוקענעם ברענשטאָף. די שפּירט־מאַשינקע האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיט איר בלוילעך פייערל. דאָס קעסעלע, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ שטאַנג, האָט אויסגעהויכט דעם אַראָמאַטישן ריח פון קאַ־קאַאָ. זיצנדיק פון דער וויטנס האָט וויטעק ענערגיש געגראָבן מיט זיין פּיניש מעסער. שמעון איז געזעסן מיטן אויטאָמאַט אין דער האַנט.

— סקנערע, קמצן! אויף ווען באַהאַלטסטו דעם וווּרשט?! — האָט וויטעק אויסגערופן.

— שטילער, קינד מיינס, די באַבעניו קאָכט פאַר דיר קאַקאַאָ, און פון דער מאָסקווער קאָלבאַסע וועסטו דאָך, חס־ושלום, באַקומען ציין־ווייטיק...

וויטעק האָט אַריינגעלייגט אינעם אויסגעגראָבענעם גרוב אַלע אונטער־וואַסער־מכשירים. ער האָט אַ מורמל געטאָן:

— נאָך דער מלחמה וועל איך דאָ קומען און עס אויסגראָבן, עס וועט אונדז צו נוץ קומען. — אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט ער אויסגערופן: — אויך אין דיר וועל איך נישט פאַרגעסן. דו וועסט קומען צו מיר צו גאַסט. איך וועל דיך מכבד זיין מיט זויערמילך, מיט אַן אוגערקע און מיט פּאַסט־נעם קעז. וולאָדעק, דו הערסט נישט, וואָס איך זאָג, אָדער מאַכסט דעם אָנשטעל, אַז דו הערסט נישט? איך קען דיך שוין גוט!

וולאָדעק האָט אויף דעם שטאָך נישט אָפּגעענטפערט. ער האָט אַראָפּ־גענומען פון פייער דאָס אָנגעוואַרעמטע קעסעלע.

— וויטעק, נעם זיך צו דער אַכילה! — האָט ער אויסגערופן — איך וועל פאַרטרעטן שמעונען. — נישט איילנדיק זיך האָט וויטעק אָפּגעווישט דאָס פינישע מעסער. קוקנדיק מיט אַ קריטישער מינע אויפן פרישטיק, האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל אים פאַרטרעטן. איך קאָן עס טאָן. איך געהער אויך צום אויסגעהאַלטענעם און בכבודיקן דור.

ווען וויטעק איז פאַרשוווּנדן צווישן די ביימער, האָט וולאָדעק זיך אַ גראַבל געטאָן אין רוקזאַק, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט דעם וווּרשט. אָפּגע־שניטן אַ העלפט, וואָס ער האָט צעטיילט אויף דריי חלקים. וולאָדעק האָט געגריזשעט אַ טרוקענעם סוכאַר און פאַרטרונקען מיט הייסן קאַקאַאָ. שמעון האָט איינגענעצט די סוכאַרעס, כדי עס זאָל אים זיין לייכטער צו עסן. — מיין טאַטע האָט אויך אַזוי געגעסן — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן — ער האָט געהאַט שוואַכע ציין.

וולאָדעק איז אויפגעלעבט געוואָרן:

— נישט אַלץ האָב איך דיר דערציילט. מיין טאַטן איז כמעט קיין איין צאָן נישט פאַרבליבן אין מויל. מען האָט אים אַלע אויסגעהאַקט. עד, שמעון, ווען דו וואָלסט געוווּסט, ווי עס וואָלט זיך מיר געוואָלט זיי באַגעגענען פּנים

אל פנים, אויספּרוּוון אויף זיי מיינע פויסטן, צעהאַקן זיי די מאָרדעס אויף אַ גוראַלישן אופן!

— ראָמאַנטיקער! זיי האָבן עס פיינט. זיי שרעקן זיך פאַר אַזאַ האַנט־מלאכה, ווי דער טייוול פאַר ווייררויך.

וולאָדעק איז אויפגעשטאַנען און אַ מאַך געטאָן מיט דער פויסט:

— מיר וועלן נאָך זען. איך וועל זיך נאָך מיט זיי באַגעגענען, איך וועל נאָך האָבן די געלעגנהייט אָפּצורעכענען זיך מיט זיי... — ער האָט אַ פּאַכע געטאָן מיט דער האַנט און, אַוועקגייענדיק, אַרויסגעלאָזט אַ מיאוס וואָרט.

— דאָס פאַרשטיי איך! נישט בלויז מיט סוכאַרעס און מיט אַנדערע שווייגעררייען לעבט אַ מענטש. — אַ פאַררויטלטער האָט וויטעק זיך צוגע־בויגן און געשמעקט דעם וווּרשט. מיט אַן אָנגעשטאָפּט מויל האָט ער נישט אויפגעהערט צו רעדן:

— כ׳האָב אים צוגערעדט, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט איבער־רעדן. דו, שמעון, האָסט דאָך אויף אים אַ השפּעה.

פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, האָט שמעון נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָ. ער האָט גוטמוטיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זאָגנדיק: יעדער האָט אויף יעדן אַ השפּעה, אַבי ס׳זאָל נאָר זיין אַ גוטע השפּעה.

— שמעון, זאָג מיר, כ׳בעט דיך, צי ביסטו געווען דאָרט, טיפער? צי האָבן די פּריצן געקאָנט אָנמאַכן אַ גרויסן חורבן?

— ווי שטעלסטו זיך פאָר? — האָט שמעון אָפּגעענטפערט מיט אַ שאלה אויף אַ שאלה.

— נו, זיי וואָלטן אויפגעהאַלטן אונדזער אָפענסיווע אויף שיינע עט־לעכע טעג.

— בלויז עטלעכע טעג?

— ישובים און דערפער וואָלטן פאַרטרונקען געוואָרן, די דאַמבע וואָלט איינגעפאַלן, ווי אַ קאָרטן־הייזל.

— מער גאָרנישט.

— צי עס איז ווייניק?

— ניין, נישט וויניק, אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. צום חשבון גיב צו די פאַבריקן, די שטאָטישע געביטן. אַ שטיין אויף אַ שטיין וואָלט נישט פאַרבליבן.

— דאָס איז אַ טייוולאָנישער פּלאַן. עס וואָלטן אומגעקומען טויזנטער מענטשן.

— גרייט זיך צו, פּאַקט אייערע וואַליזעס! — האָט וולאָדעק אויסגעשריגן. — ער האָט אַ קוק געטאָן הינטערן קוסט, ווו עס זענען באַגראָבן געוואָרן די אונטערוואַסער־מכשירים, און באַטראַכט די רוקזעק. איצט וועגט דאָס אַלץ נישט מער פון שול־טאָרניסטערס — האָט ער מיט דערלייכטערונג אַ טראַכט געטאָן.

— וויטעק! איצט ביסטו דער וויכטיקסטער. ווען בינדסטו אָן די פאַרבינדונג מיטן שטאָב.

— 12,00, 18,00 און 24,00 — ווי אַזוי עס וועט אונדז באַקוועמער זיין. בעת דער דאָזיקער מעלדונג האָט וויטעק זיך אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע.

— וואַרף אַוועק דיינע נאַרישע שטיקלעך, ווייל די באָבעשי וועט אין כּעס ווערן, און צום שטאָב איז נאָך ווייט. זיי זענען אַוועק אויף מערב און איבערגעלאָזן הינטער זיך דעם דונאַיעץ.

*

וויטעק איז שטיין געבליבן.

— אין אַ האַלבער שעה אַרום וועלן מיר זיך פאַרבינדן מיטן שטאָב — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום אָנגעקומענעם וולאָדעק.

— איצט דאַרפן מיר אויסזוכן אַ באַקוועם אָרט.

— לאָמיר גיין גלייך רעכטס, דערנאָך באַרג־אַרויף. דורך אַ שטעגל וועלן מיר זיך דערקלייבן צום גאָרץ־שפּיץ — האָט וויטעק געעצהט.

זיי זענען אַראָפּ ביי דער זייט פון סיאַדלאָווינע. אונטן האָט זיך באַוויזן אַ פעלדוועג, וואָס האָט געפירט פון קוראָסיץ ביז פּזשיסלאָפּע.

— דייטשן! דייטשן! — האָט וויטעק מיט אַ מאָל אויסגערופן.

פון דער ווייטנס זענען געגאַנגען זשאַנדאַרן, וואָס האָבן קאָנוואָירט אַ וואָגן. איינער איז דאָרט געלעגן מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ. מיטן געווער אין די הענט האָבן די פריצן זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן. אין די

גלעזלעך פון לאַרנעט האָט זיך דייטלעך געזען די געשטאַלט אויפן וואָגן. ער איז געלעגן אין ציווילע מלבושים. ביי דער זייט איז געגאַנגען דער פורמאַן מיט אַ קאַפּעליוש פון אַ גוראַל, און מיט רויט־באַצירטע הויזן.

— לאָמיר זיי איבערשניידן דעם וועג — האָט וולאָדעק באַפוילן.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער נידער מיט אַ געשלענגלטער סטעזשקע און זיך פאַרטייעט.

— וויטעק, דיינער איז דער ערשטער פון פאָרנט. שמעון, גיב אַכטונג אויף דעם פון דער רעכטער זייט. צילט אין דער לינקער זייט פון די ברוסט־בלעכן.

עס האָבן אַ פייף געטאָן די שטילשיסער. די דייטשן האָבן זיך איבער־געקערט ווי אין אַ פאַנטאָמימע. וויטעקס דייטש האָט אַ סעקונדע געדריגעט מיט די פיס. אַ צעטומלטער איז געשטאַנען דער גוראַל — ער האָט אַ געשריי געטאָן פון שרעק, אַ וואָרף געטאָן די לייצעס און, פאַרלירנדיק דעם קאַפּעלוש, איז ער אָפּגעשפּרונגען אין די זייטיקע קוסטעס, גלייך אין די הענט אַריין פון די פּאַראַשוטיסטן.

— פאָטערל, האָט נישט קיין מורא, מיר זענען אייגענע!

דער גוראַל איז שטיין געבליבן און שווער געסאַפּעט, גלאָצנדיק מיט די אויגן.

— גאָט מיינער! — האָט ער אויסגערופן. — ראַגאַטיוקעס, אונדזערע זעלנער. (ראַגאַטיוקעס — פּירעקיק פּוילישן היטל — ז. ע.)

— וואָס פירט איר דאָרט? — האָט וולאָדעק אַ פרעג געטאָן.

— אַ פאַרוווּנדעטן פאַרטיזאַן, כּלי־זין וכדומה. ס'איז דערגאַנגען צו אַ שיסעריי. צוויי דייטשן זענען דערהרגעט געוואָרן. איינער פון די וואַלדלייט איז אומגעקומען. ער האָט פון זיי פעסט אַריינגעכאַפּט. מיך האָבן די דייטשן געכאַפּט און ביז איצט געטריבן — האָט דער גוראַל געענטפערט און גע־קנייטשט זיין אַלט פּנים.

— צו דער אַרבעט! — האָט וולאָדעק אַרויסגעגעבן אַ באַפעל.

די מתים האָט מען אַרויפגעשליידערט אויף דעם פאָדערשטן געזעס. דעם לייכטן, פון ווערבעס געפלאָכטענעם וואָגן, האָבן די פּאַראַשוטיסטן צוגעשטופּט מיט זייערע אַקסלען און מיט אַ זייטיק וועגל אים אַריינגעפירט

אין אַ וועלדל. דעם פֿאַרוואונדעטן האָט מען פֿאַרזיכטיק אַנידערגעלייגט אויף אַ ווייך אָרט, אין שאָטן פֿון אַ בוים. פֿאַרנומען מיט אים האָט זיך שמעון. דער גוראַל האָט אַרויסגעשלעפּט אַ שאַרפֿע לאָפּעטע און אײנער נאָכן אַנדערן האָבן געגומען גראָבן. נאָכן באַגראָבן די דײַטשן האָבן זײ באַטראַכט די מכשירים: צוויי ביקסן, אַ ראַלקע מיט קנויטן, שטיקלעך טראָטיל, געווײַנלעכע און עלעקטרישע קאַפּסלען, דריי „שמייסערס" און דריי „וואַלטער"־פּיסטאָלעטן. דאָס דײַטשישע וואָפן האָט מען אַריבערגעלייגט אין די רוקזעק. מען האָט אויך געפֿונען צוויי גרויסע קעזן, אַ הילצערנע פּושקע מיט ברינדזע און אַ גרויס שטיק פּוטער אײַנגעוויקלט אין קרויטבלעטער.

— דאָס האָבן זיי ביי אונדזערע אַוועקגערויבט — האָט דער גוראַל געזאָגט.

— פּאַטערל, מיר וועלן אייך אַרומוואַשן דעם וואָגן פֿון די בלוט־שפּורן. פֿאַרן פֿאַרוואונדעטן וועט איר געפֿונען אַן אָרט. אין אַ וואָך אַרום וועלן מיר קומען צו אייך צו גאַסט. איך האָב אייער אַדרעס. — וולאַדעק האָט מיט די אויגן אָנגעוויזן אויפֿן בלעכענעם שילדל, וואָס איז געווען צוגעפּעסטיקט ביי דער זייט פֿון וואָגן.

קראַצנדיק זיך אין קאָפּ, האָט דער גוראַל געשטאַמלט:

— באַלד, באַלד, וואָס זאָל איך מיט אים טאָן?

— פּאַטערל, איך זאָג דאָך אייך עפּעס. איך בין אויך אַ גוראַל. דאָס געוווער דאַרף מען באַגראָבן, דערנאָך וועט איר רופֿן אַ דאָקטער. די קעז און די פּוטער לאָזן מיר אויך איבער.

— איך ווייס וואָס צו טאָן, איך בין אַליין אַן אַלטער זעלנער, נאָך פֿון פֿראַנץ־יאָזעפֿס צייטן — האָט ער צוגעגעבן מיט ווירדע — און די קעזן נעמט אייך, דאָס האָב איך אין דער היים.

דער אַלטער האָט זיך איבערגענומען. ער האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן דעם קאַפּעליוש איבער די אויגן, און כאַפּנדיק פֿון וואָגן דעם ברעזענטענעם עמער איז ער שנעל אַוועקגעלאָפֿן נאָך וואַסער. זיי האָבן אַלע פֿאַרשאַרצט די אַרבל און מיט גראָז אויסגעריבן דעם וואָגן, אַזוי, אַז פֿון די בלוטפֿלעקן איז קיין שפּור נישט פֿאַרבליבן. דאָס פּנים פֿונעם פֿאַרוואונדעטן האָט געברענט פֿון היץ. דער באַנדאַזש, וואָס מען האָט אים דאָ נישט לאַנג אַרויפֿגעלייגט אויפֿן קאָפּ, האָט אים קענטיק לײַכטער געמאַכט.

— האָסט באַטראַכט די ווונד? — האָט זיך װלאָדעק געווענדעט צו שמעונען.

— יאָ, נישט שרעקלעך. איבערגעריסן די הויט און פאַרטשעפּעט דעם ביין.וויײזט אויס, אַז ער האָט אויך באַקומען מיט דער קאַלבע אין קאָפּ. מיר וועלן אים איבערלאָזן צוויי באַנדאַזשן. די אויסוווּרפן האָבן געוואָלט אים האָבן אַ לעבעדיקן, אָבער עס איז זיי נישט געלונגען.

— איך וועל אים אַרויפשלעפּן אין דער הייך. דאָרט האָב איך אַ ביידל, אַ גוראַלישן שאַלאַש, די דייטשן וועלן אים נישט געפינען — האָט דער אַלטער געזאָגט.

ער האָט אויסגעשפּאַנט דאָס פערד און אַרויפגעלייגט די דערקע אויף זיין רוקן. דער חולה האָט אויפגעעפנט די אויגן און צוריקגעקערט זיך צום באַוווּסטזיין. — אַ טרונק! — שמעון האָט אים דערלאַנגט דעם לאָגל. ער האָט געטרונקען מיט גרויס גייציקייט, אַז עס האָט אים אַזש געבולקעט אין האַלדז. אין אַ רגע אַרום האָט ער צוגעמאַכט די אויגן. מען האָט אים אַני־דערגעשטעלט אויף די פיס. ער האָט זיך געוואַקלט, אָבער ער האָט אויסגע־האַלטן און איז נישט אומגעפאַלן.

— שטיי און האַלט זיך פאַרן כאָמוט — האָט אים װלאָדעק אַ זאָג געטאָן.

— פאַטערל, די וואָפן וואָס איר האָט געזאָלט באַגראָבן, זאָלט איר באַהאַלטן אין אייער שאַלאַש. זיי קענען נאָך אים — ער האָט אָנגעוויזן אויפן פאַרוווּנ־דעטן — צו נוץ קומען. אַלץ קען פּאַסירן.

דער פאַרוווּנדעטער האָט צו אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און עפּעס אים געשעפּטשעט אין אויער אַריין. װלאָדעק האָט אויפמערקזאַם זיך צוגע־הערט און עפּעס אים צוגעזאָגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

— נעמט די קעז און די פּוטער — האָט פאַרן אָפּגעזעגענען זיך געבעטן דער אַלטער גוראַל.

וויטעק האָט נאָר געוואַרט אויף אָט דעם פאַרשלאָג, און ער איז שוין געשטאַנען גרייט מיט אַן אָפענעם רוקזאַק.

— ניין, פאַטער, נעמט עס פאַרן קראַנקן. עס וועט אייך צו נוץ קומען.

דער אַלטער האָט געשטאַמלט:

— נעמט עס, נעמט אייך — האָט ער זיך געבעטן.

— נו, גוט — האָט וואָלאָדעק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — אַ האַלבן קעז און די ברינדזע. דאָס איבעריקע — פאַרשטייט איר שוין אַליין.

וויטעק האָט בליצשנעל צעטיילט מיטן פּינישן מעסער דעם קעז. איידער ער האָט דאָס איינגעפּאַקט, האָט ער עס גוט באַשמעקט: „אַזוינס האָב איך שוין פינף יאָר נישט געגעסן".

דאָס מאָגערע פערדל איז גאַנץ גוט געגאַנגען. דער פאַרוווּנדעטער. ווע־מען דער אַלטער האָט אונטערגעהאַלטן מיט דער האַנט, האָט זיך געוואַקלט. ווייזט אויס, אַז דאָס פערד האָט גוט געקענט דאָס שטעגל, עס איז געגאַנגען, ווי אין שטאַל אַריין. אויפן אָפּגעשווענקטן פעלזיקן באָדן האָט דאָס פערד געשטעלט זיינע טריט פאָרזיכטיק, אָבער זיכער. דער פאַרוווּנדעטער האָט זיך דערשפּירט עטוואָס בעסער, געקוקט מיט באַוווּסטזיניקע אויגן. ביים אָפּהאַנג האָבן די פּאַראַשוטיסטן מיט זיי זיך צעשיידט.

✶

די פּאַראַשוטיסטן זענען אַוועק מיט שנעלע טריט. זיי האָבן אויסגעמיטן דעם גאָרץ־רוקן און געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דער פּושיסלאָפּ־הויכ־קייט. זיי זענען געגאַנגען מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, אין מורא פאַר אַן אומ־געריכטן צופאַל. צווישן די יעגלינעס איז מיט אַ מאָל טונקל געוואָרן. וויטעק האָט אַ קוק געטאָן אויפן הימל דעם באַדעקטן מיט כמאַרעס; עס האָט געשמעקט מיט רעגן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: זעקס, אין עטלעכע מינוטן אַרום.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. שמעון האָט באַטראַכט דעם פּלאַץ. אַן איינגעבויגענער, האָט ער אָפּט זיך אָפּגעשטעלט און אַרומגעקוקט זיך אויף אַלע זייטן.

וויטעק האָט קאָנטראָלירט די באַטעריעס און אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ. וואָלאָדעק האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון דער לינקער האַנט דעם מאַשין־פּיס־טאָלעט, און מיט דער רעכטער האַנט האָט ער פאַרוואָרפן די אַנטענע אויף אַ הויכער יעגלינע.

— אַ סיגנאַל. מען האָט זיך אָפּגערופן.

וואָלאָדעק האָט דיקטירט: „די אויפגאַבע איז אויסגעפילט געוואָרן. נישטאָ קיין פאַרלוסטן. מיר בעטן אַ קאָנטאַקט, אַ דערלויבעניש, אויפצו־

רייסן אַ צוג אויף דער ליניע זאַקאָפּאַנע—נאָוויטאַרג—ראַבקע. מיר האָבן אַ געלעגנהייט״.

ביי וויטעקן האָט דאָס פּנים זיך צעשיינט פון גרויס עמאָציע קלאַפּנדיק מיטן ראַדיאָ־שליסל, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער וועט ענדלעך אויס־פירן אַ קאָנקרעטע זאַך. ער האָט שנעל דעשיפרירט דעם אויפגענומענעם טעקסט. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אָנגעכמורעט. דער ענטפער איז געוואָרן אַ קורצער — פאַרלויפיק נישט. דיספּאָזיציעס — אַ זייגער 23.45.

וויטעק האָט צונויפגעוויקלט די אַנטענע, איינגעהילט זיין „סעווער״. וולאָדעק האָט אַ פייף געטאָן צו שמעונען. זיי זענען אַוועק מיט דער זייט פון דער באַרגיקער שיפּוע, אַראָפּ אין דער נידער מיט געשלענגלטע וועגן. צוקוקנדיק זיך אויפן אַראָפּהענגענדיקן קאַלכפעלדז, איז וויטעק אַוועק אויף רעכטס, אַנווייזנדיק, אַז דאָ איז אַ גוט אָרט פאַר אַ פעלדלאַגער. פון דרום־זייט איז דער פעלדז געווען צעפרעסן פון דער צייט. צוויי מענטשן האָבן דאָרט דרייסט געקענט אַריינקריכן און זיך צעלייגן אויף אָפּרו. זיי האָבן אָנגעקליבן צווייגן, זיי אויסגעשפרייט און צוגעדעקט מיט אַ ברעזענט.

ווי נאָר זיי זענען אַהין אַריינגעקראָכן, האָט אָנגעהויבן כליאָפּען אַ רעגן. גוט איינגעהילט, זענען וויטעק מיט וולאָדעקן שנעל איינגעשלאָפן.

מיט אַ פעלערינע אָנגעוואָרפן איבער די פּלייצעס, איז שמעון געשטאַ־נען אונטער אַ בלעטערבוים אויף דער וואַך. פאַר האַלבער נאַכט האָט דער הימל זיך אויסגעלייטערט. נאָכן רעגן האָט דער וואַלד געפּאַרעט. עס איז וואַרעמער געוואָרן.

זיי זענען אויפגעשטאַנען. סטוק, סטוק — האָט וויטעק סיגנאַליזירט מיטן שליסל. וולאָדעק האָט אים באַלויכטן דאָס נאָטיצביכל מיט אַ מאַס־קירט לעמפּל. דער בליישטיפט איז געפלויגן: אַ שטריך, אַ פּונקט, אַ שטריך. וויטעק האָט שיער נישט אומגעוואָרפן דעם אַפּאַראַט פון גרויס פרייד. ער האָט אַראָפּגעריסן דאָס טרייבל פונעם אויער: פאַראַן אַ הסכּמה אויפצורייסן דעם צוג! אין 48 שעה אַרום אַ באַגעגעניש אויפן טורבאַטש.

*

— דו שלאָפסט? — וויטעק איז געזעסן אויף די שפּיץ פינגער נעבן וולאָדעקן און אים געשטורכעט. ער איז אויפגעשטאַנען.

— מען דאַרף שוין בייטן די וואַך?

— אין פינף מינוט אַרום.

— וולאַדעק, כ׳גלייב, אַז עס איז איצט געקומען מיין צייט — האָט וויטעק געזאָגט. — איך וויל אויפרייסן דעם צוג.

פאַרציִענדיק דעם פּאַפּיראָס, האָט וולאַדעק אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אַ פאַרשנדיקן בליק און געזאָגט:

— דו ביסט נישט קיין מיגער, וועסט עס נישט באַווייזן.

— גאָט איז מיט דיר, וולאַדעק! דו באַגייסט קעגן מיר אַן עוולה. דו האָסט אַוועקגעלייגט אַ גאַנצע מחנה דייטשן, שמעון האָט צורעכט געמאַכט אַ דאַמבע און איך דאַרף דאָ זיצן און קלאַפּן: אַ שטריך, אַ פּונקט, אַ שטריך...

וולאַדעק האָט געוואָלט עפּעס זאָגן.

— איך ווייס, וואָס דו וועסט זאָגן — ראַדיאָ־פאַרבינדונג. אין אַ היינט־צייטיקער מלחמה קאָן מען זיך נישט רירן אָן פאַרבינדונג.

— ניין, ניין, האָסט אַ טעות! איך וועל דיר דערלויבן, אָבער אונטערן באַדינג, אויב דו וועסט מיר זאָגן, ווי אַזוי מען מאַכט עס.

— איך וועל דיר זאָגן, איך וועל דיר טאַקע זאָגן!

— נו, זאָג, איך הער!

— דו און שימעק וועלן שטיין אויף דער וואַך. איך וועל זיך צוגנבענען צו די רעלסן, באַזייטיקן דאָס זאַמד, די שטיינדעלעך צווישן די שפּאַלן און אַרונטעררוקן די שטיקלעך טראָטיל. אין איינס פון זיי וועל איך אַריינשטעקן אַ קאַפּסל מיט אַ קנויט. איך וועל דאָס אַלץ פאַרשיטן און וואַרטן פון דער וייטנס אַזוי לאַנג, ביז דער לאָקאָמאָטיוו וועט זיך באַווייזן. צוויי דריי מעטער פון די פאָדערשטע רעדער וועל איך אונטערצינדן דעם קנויט.

מיט אַ געפיל פון רחמנות האָט וולאַדעק אַ קוק געטאָן אויף וויטעקן.

— האָסט באַטראַכט דעם קנויט, האָסט זיך גוט צו אים צוגעקוקט, ראַדיסטל?

— אַוודאי, ער איז אין אַ גוטן צושטאַנד.

— גולם, נישט דאָס מיין איך. איך וויל וויסן, צי דער קנויט טויג זיך אויף אויפצורייסן באַוועגלעכע צילן.

וויטעק האָט זיך פאַרקרימט. ער האָט געפילט, אַז ער פאַלט אַריין אין

אַן אַנגעשטעלטער פּאַסטקע. ער האָט געשוויגן אַ צעטומלטער, געריבן דעם שטערן.

— איך וועל דיר אַרויסהעלפן. וויפל רגעס דאַרף דויערן פונעם אַנצינדן דעם קנויט ביזן אויפרייס פון דער מינע?

— איין סעקונדע.

— אויסגעצייכנט! וואָס איז עס פאַר אַ קנויט, פרעג איך דיך צום צווייטן מאָל.

— ביקפאָרד־שנור!

— נישט קיין שנור, נאָר לאָנט אויף פויליש. אַלזאָ, מיטן ביקפאָרד־קנויט קען מען קיין באַוועגלעכע צילן נישט אויפרייסן. ווען דו וואָלסט נישט געווען קיין ראַדיסט, וואָלט מען דיך געדאַרפט דעגראַדירן — האָט וולאָדעק פאַר כּעס אַ וואָרטש געטאָן. — דורך דעם דאָזיקן קנויט לויפט דער פונק איין צענטימעטער אין אַ סעקונדע. רעכן אויס די צייט אויף 50 מעטער. וויפל צייט וואָלסטו געדאַרפט וואַרטן אויפן אויפרייס?

וויטעק האָט זיך שיער נישט פונאַנדערגעוויינט. מען האָט אים אַוועק־געלייגט אויף ביידע לאָפּאַטקעס. וולאָדעק איז אויפגעשטאַנען און האָט גענומען דאָס געווער.

— זיך! זיי נישט קיין חכם. און ווי אַזוי וועסטו עס מאַכן? קיין אַנדער קנויט האָסטו נישט.

— אמת, אָבער מיר זענען דאָך עפּעס מינערס! שימעק האָט עפּעס אויסקאָמבינירט.

וויטעק האָט זיך אויפריכטיק געערגערט. דאָס מלחמה־פאַך פון אַ ראַ־דיסט האָט אים נישט אַנטשפּראָכן. אמת, ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון וועגן דער וויכטיקייט פון פאַרבינדונג בכלל, און וועגן ראַדיאָ־פאַר־בינדונג בפרט. ער קלאַפּט מיטן שליסל בלויז עטלעכע מינוט, און מען ווייסט שוין אין שטאַב, וואָס צו טאָן, ווו און וואָס עס טוט זיך מיט יעדער קעמפּפנדיקער איינהייט. אין עטלעכע רגעס קאָן ער אָנפירן מיט די פליִער און ענדערן די ריכטונג פונעם אַרטילעריע־פייער. דאָך באַפרידיקט עס אים נישט, ער וואָלט געוואָלט מיט זיינע אייגענע הענט... פון זיינע ביטערע געדאַנקען האָט אים שמעון אַרויסגעשלעפּט.

— וויטעק, גיב אַ טרונק בראָנפן. איך בין דורך און דורך פאַרפרוירן.

דעם ראַדיסט האָט מען דאָס נישט באַדאַרפט צוויי מאָל איבערחזרן. ער איז אויפגעשפרונגען, צוגעגאַנגען צום רוקזאַק און צוגעטראָגן די פעלד־פלאַש שמעונען אונטער דער נאָז. ער האָט אָנגעהויבן צו זופן און קוים האָט ער אָפּגעריסן דאָס העלדזל פון די ליפן, האָט אים שוין וויטעק צוגעטראָגן אַ שטיק קעז.

— עס, עס וויפל דו ווילסט.

שמעון איז געווען שלעפעריק, און נאָך דער כּוסע האָט זיך אים געוואָלט שלאָפן. איבערדרייענדיק זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער האָט ער זיך באַקוועם אויסגעצויגן אויפן געלעגער.

— שימעק! איך האָב געהערט, אַז דו האָסט אויסגעטראַכט אַ מינע, נישט אמת?

— איך האָב אַן איינפאַל. מען וועט זי דאַרפן אויספּרובירן. אין דער פרי וועלן מיר מיט וולאַדעקן עס אָנהייבן. איך דאַרף האָבן אַ ביסל דראָט פון דיינע זאַפּאַסן.

— באמת, פון מיינע?

— דו ביסט דאָך עפּעס אַן עלעקטריק, וועסטו דאָך אונדז צוהעלפן.

— שימעק, ווי גאָט איז מיר ליב! — ער האָט אים אַרומגענומען און אַ שטאַרקן קוש געטאָן אין דער אומגעגאָלטער באַק.

— וויטעק, האָב רחמנות. עס ווילט זיך מיר שלאָפן.

— שלאָף, שלאָף געזונטערהייט. אויב איך וועל אַ מאָל ווערן אַ גענע־ראַל, וועל איך דיין חברישע באַציִונג נישט פאַרגעסן.

שמעון האָט זיך איבערגעדרייט אויף אַ זייט און איז תיכף איינגעשלאָפן.

✶

באַלד אין דער פרי האָט זיך ביי זיי אָנגעהויבן אַ באַוועגונג. איידער מען האָט זיך נאָר צוגערירט צו דער ברינדזע, איז שוין אין קעסטל גאָר־נישט פאַרבליבן. נאָכן אָפּווישן די ליפן האָט זיך שמעון גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט עפּעס געצייכנט אויף אַ זייטל פּאַפּיר. ווען די סכעמע איז פאַרענדיקט געוואָרן, האָט ער צוגערופן וולאַדעקן. צו ערשט זענען זיי צווישן זיך נישט דורכגעקומען, דערנאָך האָבן זיי אַריינגעטראָגן אויסבע־סערונגען. שמעון האָט אַרויסגענומען די טאַבלעטקעס פון אַ לאַנגן רונדן אַלו־

מיניום־שאַכטל און צענומען אויף טיילן אַ טראַפּיי־פּיסטאַלעט. אין אַ רגע אַרום האָט ער אים ווידער צונויפגעשטעלט. בלויז די פּרוזשינע איז אים פֿאַרבליבן צווישן די פינגער. פונעם לאַמטערן האָט ער אַרויסגענומען די באַטעריע. דאָס אַלץ האָט ער אַריינגעלייגט אין דעם קעזקעסטל.

— וויטעק! — האָט שמעון אַ רוף געטאָן. — גיב מיר אַ ביסל ראַדיאָ־דראָט.

רייניקנדיק זיין „סעווער", האָט וויטעק מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם דאָזיקן אויסרוף. ער האָט פּינקטלעך צוגעדעקט דעם אַפּאַראַט, אויפגעעפנט זיין זעקל מיט די זאַפּאַס־טיילן און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ שפּולקע דינעם איזאָלאַציע־דראָט.

— זע, וויטעק, פון אַ ברינדזע־שאַכטל וועלן מיר מאַכן אַ מינע אויף עלעקטרישן שטראָם. די באַטעריע וועט אונדז געבן דעם פונק. באַטראַכט די סכעמע. מיר וועלן זי צופּעסטיקן דאָ, אין ווינקל. צו איין גליד טשעפּע איך צו אַ דרעטל פונעם עלעקטרישן דעטאָנאַטאָר. דאַן כדי אַרויסצורופן אַ קורצשלוס און אַן אויפרייס, טשעפּע איך צו אַזאַ דרעטל צום צווייטן גליד און פאַרבינד מיטן דעטאָנאַטאָר. דאַן איז דער עלעקטרישער קרייז אָפּגעשלאָסן און עס קומט פאָר דער אויפרייס. פּאַקטיש דאַרף דאָך דער קורצשלוס פאָרקומען אין דעם מאָמענט, ווען די רעדער פון לאָקאָמאָטיוו וועלן שוין זיין אויף דער מינע. מיט דער האַנט וועסטו עס נישט דורכפירן, נישט אמת? אַלזאָ, דו באַקומסט פון מיר דרייסיק מינוט אויף טראַכטן. זיי זיך מישב. דערווייל מאַך איך די וויטערדיקע הכנות.

וויטעק האָט זיך באַקוועם אַנידערגעזעצט און באַטראַכט יעדע דעטאַל באַזונדער. ער האָט זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויפן אַלומיניום־שאַכטל און אויף דער פּרוזשינע פונעם פּיסטאַלעט. ער האָט געקוקט אויף שמעונס פינגער. צו דער באַטאַרייקע האָט ער פון איין זייט פאַרבינדן דעם דעטאָנאַטאָר. דאָס צווייטע דרעטל פונעם דעטאָנאַטאָר האָט ער איזאָלירט. צום פרייען טייל האָט ער צוגעטשעפּעט אַ נישקשהדיק שטיקל איזאָלאַציע־דראָט, דעם עק האָט ער אָפּגערייניקט און איזאָלירט. ס'איז קלאָר, האָט וויטעק געטראַכט, כדי עס זאָל נישט פאָרקומען קיין צופעליקער שלוס. אָבער ווי זאָל מען אַרויסרופן אַ שלוס אונטער די רעדער פון לאָקאָמאָטיוו? פּלוצעם איז אים אַריין אַ געדאַנק. די פּרוזשינע. ווען ער נעמט זי אין האַנט אַריין,

ציטערט זי און וויברירט. אַהאַ. ער האָט אָנגעקוקט דאָס אַלומיניום־רערל. די פּרוזשינע, וואָס איז אַריינגערוקט אין שאַכטל, קען אַרויסרופן אַ שלוס. די באַוועגונג און די מאַסע פון לאָקאָמאָטיוו רופט אַרויס אַ וויבראַציע — און עס קומט פאָר דער אויפרייס.

שמעון האָט אַ קוק געטאָן אויף וויטעקן מיט אַן איראָנישן שמייכל און געוואַרט אויף ענטפער.

— איך ווייס שוין — האָט וויטעק אויסגערופן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס מעטאַלענע רערל און אַריינגערוקט די פּרוזשינע. די פּרוזשינע האָט וויברירט, אָנקלאַפּנדיק זיך אין די ווענטלעך פונעם שאַכטל.

— נישט שלעכט. האָסט אַ נישקשהדיקן אָבסערוואַציע־חוש און קענ־טעניש אין עלעקטרע. איך גיב דיר צוויי שעה צייט אויף באַטראַכטן זיך. זאָלסט געדענקען, אַז אונטערלייגנדיק אַ מינע אונטער אַ רעלס, קענסטו אַליין פליִען אין דער לופטן.

— יאָ, אַוודאי אַזוי.

— ווי אַזוי קענסטו זיך פאַרזיכערן ?

— איך וועל אַזוי איינטיילן מיין אַרבעט, כדי גוט אַוועקלייגן די מינע. אַז איך וועל שוין האָבן דאָס פאַרענדיקט, וועל איך אַריינלייגן דעם קאַפּסל אין טראָטיל־קלעצל. איך וועל דערנאָך פאַרשיטן, פאַרמאַסקירן. דאַן וועל איך מיט געדולד וואַרטן ביז דער צוג וועט פליִען אין דער לופטן.

שמעון איז געשטאַנען, געהאַלטן די פינגער ביי דער גאָמבע און זשמו־רענדיק די אויגן, האָט ער געזאָגט :

— דער צוג וועט נישט פליִען אין דער לופטן, מיין טייערער. דו וועסט אפשר נישט געהרגעט ווערן, אָבער דער דעטאָנאַטאָר וועט אויפרייסן און צעקאַלעטשען דיין פּנים איידער דו וועסט אים אַריינשטעקן אין דעם טראָטיל. דו קענסט אַ מאָל פאַרבלייבן אַ בלינדער. דו וועסט דאָך נישט האָבן די יזכערקייט, אַז אין צווישנצייט וועט נישט פאָרקומען אַ קורצ־שלוס ? טו אַ טראַכט, צוקונפטיקער גענעראַל, ווי אַזוי מען דאַרף עס מאַכן. איצט גיי און פאַרטרעט וולאָדעקן. צוזאַמען וועלן מיר זיך מישב זיין, אַז דער צוג מיט די דייטשן זאָל פליִען אין דער לופטן, און נישט מיר.

שוער אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם האָט וויטעק גענומען דעם מאַשין־פּיסטאָלעט און אַוועק צו וולאָדעקן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט און אים

נישט געקענט געפינען. וויטעק איז צוגעגאַנגען צו אַ צעוואָקסענעם מאַלינע־קוסט. ער האָט געריסן די יאַגדעס און געשטופּט זיי אין מויל אַריין. מיט אַ מאָל האָט ער דערהערט אַ שאָרך. ער האָט זיך בליצשנעל אויסגעדרייט. הינטער אים איז געשטאַנען וולאָדעק. ער האָט געהאַלטן אַ פול קעסטל מיט מאַלינעס און זיין צורה איז געווען פּיאָלעט באַפּאַרבט.

— ביסט בייז אויף מיר, וויטעק?

— ניין. אָבער עס פאַרדריסט מיך. אַלע האָט איר זיך שוין נוקם געווען אין די דייטשן, און איך האָב געפּטרט בלויז איין זשאַנדאַר. כ׳וואָלט אויך געוואָלט האָבן אַ סאַטיספאַקציע. זיין תמיד אַ משרת? איך וויל אויך עפּעס אויפטאָן מיט מיינע אייגענע הענט — האָט ער מיט ברען צוגעגעבן.

— מיר וועלן זען, וויטעק. איך וועל אַ טראַכט טאָן. געדענק, אַז אַ מינער האָט בלויז איין מאָל אַ טעות...

וולאָדעק האָט עפּעס געמייסטרעוועט איבער אַ שאַכטל. ער האָט צוגע־פּעסטיקט די ווינקלען פוןביידע זייטיקע ווענטלעך. ער האָט געמאַכט קליינע לעכעלעך און גוט צוגעפּאַסט דאָס דעקל. דערנאָך האָט ער געמאַכט זאַווּעסעס פון לייקאָ־פּלאַסטער. זיי זענען צוגעטרעטן צום מאָנטאַזש. דעם דעטאָנאַטאָר האָבן זיי דורכגעצויגן דורך אַ לאָך פון פאָדערשטן ווענטל, און ער איז געהאָנגען אין דרויסן, פאַרבונדן בלויז מיט איין דראָט. דער צווייטער איז געהאָנגען לויז איזאָלירט. ביי דער רעכטער זייט פונעם שאַכטל זענען געהאָנגען צוויי דראָטן. איין דראָט האָט קאָנטאַקטירט מיט דער באַ־טאַרייקע, דער צווייטער איז געווען איזאָלירט מיט לייקאָ־פּלאַסטער און האָט זיך געצויגן פון דער פּרוזשינע און מיט אַ העלפּט געווען אַריינגערוקט אין אַלומיניום־שאַכטל. ביי דער ענדונג איז געהאָנגען אַ גלילעמפּל באַ־שמירט מיט מאַלינע־סאָק. די מינע איז שוין געלעגן גרייט, אָבער אָנמעכ־טיק, אומבאַוואָפנט, שווייגעוודיק.

באַגייסטערט פון דעם איינפאַל, האָט וויטעק נישט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי ער, וואָס האָט מיט אַ יאָר צוריק געענדיקט דעם טעכניקום, און וואָס האָט פיל מער וויסן אין עלעקטראָטעכניק ווי זיינע חברים, האָט נישט געקענט זיך אָנשטויסן אויף דעם דאָזיקן איינפאַל. די מינע איז נישט געווען שטאַרק קאָמפּליצירט און האָט גאַראַנטירט פולע זיכערקייט ביים פאַרלייגן זי. אָבער עס איז נישט געווען קיין אופן ווי אַזוי צו אַנטוואָפּענען

זי, ווייל יעדער צוריר, יעדער פּרווו אַרויסצושלעפּן זי פון אונטער די שינעס וואָלט גורם געווען אַן אויפרייס.

✶

נאָך דעם, ווי זיי האָבן פאַרמאַסקירט דאָס אומנויטיקע געווער און די מכשירים, האָבן זיי זיך דורכן וואַלד אַוועקגעלאָזן אויף מערב. עס האָט געבלאָזן אַ וואַרעמער דרום־ווינט. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם שיפּוע פונעם קיטשאָרע־באַרג און אין אַ שעה אַרום האָבן זיי הינטער זיך איבער־געלאָזט דעם טורבאַטש. אין שכנותדיקן טאָל האָבן זיך געפּאַשעט שעפּסן. איינער פון די פּאַסטעכער האָט בייז געשריִען:

— ווו טראָגט דיך דער טייוול, צו אַלדע רוחות?

דער הונט, אויפכאַפּנדיק זיין שטים האָט געבילט אויף דער פאַרבלאָנ־דזשעטער שעפּס.

אַרום האָט געהערשט רו און שטילקייט, וואָס איז געוואָרן איבערגעריסן פון צייט צו צייט דורך אַן איינטאָניקער, קוים אויפגעכאַפּטער קלינגעריי. מיט געשלענגלטע שטעגלעך האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט דורכן וואַלד פון בוקן און יעגלינעס. שקיעה־צייט איז אָנגעקומען. פון דער הייך האָט מען שוין געקאָנט באַמערקן דעם טונקל־גרינעם באַרגפּאַס און פון דער ווייטנס האָט מען שוין געזען דעם שאָסיי און זייער ציל — די אייזנבאַן־ליניע. איינזייטיק מיט דער ליניע, אינעם שמאָלן שיינעם טאָל, צווישן געדיכטע צמחים, איז געפלאָסן די ראַבאַ. זיי זענען געבליבן שטיין. דאָס אויג האָט זיך געקוויקט מיט דער פּאַנאָראַמע פון די טאַטרען, צופוסנס פון פּאָדהאַלע.

— אַנטציקונג, באַצויבערטקייט — ניין, דאָס איז נאָך נישט אַלץ — האָט אויסגערופן דער פּאַרטראַכטער וולאָדעק. — ס׳האָט געקאָנט זיך דוכטן, אַז אין די שרעקלעכע צייטן באַמערקט מען עס נישט. אָבער אָט די לאַנד־שאַפט פון די היימישע ערטער שטייט תמיד פאַר מיינע אויגן.

— איך ווייס אַפילו נישט פאַר וואָס — האָט וויטעק צוגעגעבן — נאָר לעצטנס דערמאָן איך זיך די קראָם, ווו מיט דער מאַמע און מיטן שוועסטערל האָבן מיר אָפּגעגעבן צו פאַרריכטן לאַלקעס און פּילקעס, און תמיד טראַכט איך, צי זיי לעבן נאָך.

שמעון האָט זיך נישט אָפּגערופן און זיך צוגעהערט צו זייערע רייד...



וויטעק האָט געטראָגן די מינע און וולאָדעק האָט אַכטונג געגעבן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. שמעון האָט געהאַלטן דעם רוקזאַק מיט די אויפרייסשטאָפן.

אין צוואַנציק מינוט אַרום האָבן זיי אונטער צוויי שפּאַלן אויסגעגראָבן אַ גרוב. די מינע איז לייכט אַראָפּגעלאָזן געוואָרן אין גרוב, וואָס האָט צוגעדעקט די טראָטיל־קלעצלעך. איין גרויס קלעצל איז געלעגן ביי דער זייט פונעם שאַכטל. דאָס גלילעמפּל האָט אויפגעהערט צו שיינען, אַ סימן — אַז די פּרוזשינע האָט אויפגעהערט וויברירן.

— שמעון, רוק זיך אָפּ.

וויטעק האָט געשפּירט, אַז עס טריקנט אים אין האַלדז. פאַר זיינע אויגן האָט זיך געפּונען דער דעטאָנאַטאָר, וואָס האָט זיך געצאַפּלט אויף איין דראָט. גוט, וואָס שמעון האָט זיך אָפּגערוקט און זעט נישט, ווי ער ציטערט פאַר שרעק. ער האָט אַראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די אויגן און אויף אַ רגע איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דאָס העמד האָט זיך געקלעפּט צו דער פּלייצע, שווייס איז אים גערונען איבערן רוקן. אין דער פינצטער האָט ער באַהעפט די דראָטן. עס האָט נישט אויפגעריסן! ער האָט לייכט אָפּגעעטעמט. מיט אַן אַנטשלאָסענער באַוועגונג האָט ער אַריינגערוקט דעם דעטאָנאַטאָר אין דער עפענונג פונעם טראָטיל־קלעצל. נישט איילנדיק זיך, האָט ער אַלץ באַשאָטן מיט זאַמד. לאַנגזאַם און פאַרזיכטיק האָט ער אַריינגעלייגט די שטיינדלעך. ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט — אַן אמתדיק קונסטווערק! — האָט ער אַ טראַכט געטאָן...

אין אַ שעה אַרום זענען פאַרבייגעגאַנגען פיר באַן־שוצמאַנען. זיי האָבן זיי גענומען אויפן ציל. די שוצמאַנען זענען אַדורך, שמועסנדיק צווישן זיך. ס'איז זיי געלונגען — זיי האָבן אויסגעמיטן דעם טויט.

— מאַרש! — האָט וולאָדעק אַרויסגעגעבן אַ באַפעל.

אין דער שטילקייט האָט אויפן היגל זיך דערטראָגן דאָס הילכן פון אַ וויטן צוג. ער האָט זיך געאיילט. צוויי הונדערט פליִער האָבן, נאָך זייער אָפּרו, זיך צוריקגעקערט פון זאַקאָפּאַנע צו זייערע היימישע אָפּטיילונגען.

און זיי, די דריי פּאַראַשוטיסטן, זענען געשטאַנען און געוואַרט מיט אַ פּאַרכאַפּטן אָטעם. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך געטראָגן פּאָרויס מיט זיינע פּאַרטונקלטע רעפלעקטאָרן. אַ רגע האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז אַריי־בערגעשפּרונגען דעם געפערלעכן באַריער, אָבער מיט אַ מאָל איז ער געבליבן שטיין מיט די רעדער אין דער לופטן.

די מינע האָט אויפגעריסן מיט אַ געוואַלדיקן רעש. די וואַגאָנען האָבן זיך געקאָלערט, ווי אַ ברויזנדיקער שטראָם אָנהייב פּרילינג. אויפן אָרט פונעם אויפרייס איז אַלץ אויסגעמישט געוואָרן מיט פייער און רויך.

וואַרשע, יוני 1966. (פון פויליש : מאַרק ראַקאָווסקי)

# בלוט אויפן צלם

בערנאַרד מאַרק׳ן

בין־השמשות. איבער דער גאַס שפּרייט זיך אַ פרילינג־נעפּל. אויף דער הויפּטגאַס פון לאָדזש גאַלאָפּירן צוויי רייטער. אַ דאַרינקער קאַוואַלע־ריסט אויף אַ גרוי פערד מיט אַ פּעלערין נאַכלעסיק אַריבערגעוואָרפן איבער די פּלייצעס, אין אַ ראָגאַטיוקע מיט אַ זילבערנעם ראַנד, האָט גע־צויגן אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. אַ סך דורכגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט. עטלעכע טריט הינטער אים איז אויף אַ ברוין פערדל געריטן אַ יונגער רויטהאָריקער זעלנער.

— דאָס איז אַוודאי אַ קאָזאַק פאַרשטעלט פאַר אַן אולאַנער — האָט זיך עמעץ אָפּגערופן.

— ניין, דאָס איז נישט קיין קאָזאַק — האָט שטיל געזאָגט אַ דיקער מאַנספּערשוין אָנגעלענט אויף אַ שטעקעלע — איך וועט זיך, אַז דאָס איז אַן אונדזעריקער. ער רייט ווי ביי אונדז אין דער קאַוואַלעריע.

פאַרקערעווענדיק אין אַ זייטיקער גאַס, האָט דער רייטער האַסטיק אַ צי געטאָן די צוגלען. דאָס פערד האָט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און געגומען אומרויִק הירזשען. פון אונטער די אַראָפּהענגענדיקע פער־דישע קלאָען האָט זיך קוים אַרויסבאַקומען אַן איינגעשרומפּענע אַלטיטשקע.

אָנשטרענגענדיק אַלע כּוחות האָט זי מיט אַ געשריי דערגרייכט דעם טראָ־טואַר.

אין דער טיפעניש פון געסל האָט געשטורעמט אַן אויפגערעגטער המון.

— דערהרגעט די פּאַסקודסטווע! — האָט מען געשריגן — אויסשעכטן אַלע פון יודאַש־שבט.

— מענטשן! מענטשן! זענט איר אַראָפּ פון זינען! האָט איר שוין פאַרגעסן די שרעקלעכע יאָרן? וואָס טוט איר? מענטשן!

— און איר טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען, אויב איר ווילט נישט אַריינכאַפּן!

אַ מאַנספּאַרשוין מיט אַ געשטופּלט פּנים, פּאַכענדיק מיט אַ פאָן איינ־געוויקלט אין פּאַפּיר, איז ווי אַ משוגענער אַרומגעשפּרונגען און געדראָט דער גראָער פרוי. אָבער זי האָט זיך נישט דערשראָקן, געפּאָכעט מיט דער פויסט און וואָס אַ מאָל העכער געשריגן:

— דו עקלדיקער שמאַלצאָווניק, פאַרביי יענע צייטן!

קוויטשערייען, ווילדע היסטערישע געשרייען האָבן געבושעוועט איבערן המון. פויסטן, שטעקנס האָבן זיך געהויבן אין דער לופט. פרויען, מאַמעס האָבן גערופן זייערע קינדער, וועלכע האָבן זיך פאַרלוירן אין געדראַנג.

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַן אויפרייסנדיק געשריי פון אַ פרוי.

— אַ לאַנגע סעריע איבער די קעפּ! — האָט אויסגערופן דער קאַפּיטאַן.

די שיסעריי און דער געדראַנג פון די פערד האָט צעטריבן דעם המון. נעבן דער וואַנט פון אַ הויז האָבן זיך אין געשלעג געקלאַמערט עטלעכע מענטשן.

— וואָס קומט דאָ פאָר?! — האָט אַ געשריי געטאָן דער קאַפּיטאַן צו־רייטנדיק נאָענט צום געזעמל ביים הויז. דאָס פערד, גערייצט דורך די שפּאָרן, האָט עמיצן אַ ביס געטאָן. אַ יונגער מאַן אין אַ מונדיר פון אַ באַן־אַרבעטער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן פאַרוווּנדעטן אָרעם און גערעוועט:

— מיר האָבן געפאַנגען אַ מערדערין, זי האָט געוואָלט כאַפּן אַ קינד.

— אויף מצה, אויף מצה — האָט אונטערשפּרינגענדיק געפּישטשעט, ווי אַ יונגער האָן, אַ דאַר ייִנגל. דער קאַפּיטאַן איז געוואָרן בלאַס. ער האָט שוין פאַרשטאַנען. זינט עטלעכע טעג איז לאָדזש אויפגערודערט געוואָרן דורך אַ קלאַנג, אַז ייִדן פאַרכאַפּן קינדער פאַר ריטועלע צוועקן. דער אומזין פאַרשפּרייט זיך ווי אַ מגפה.

דער צעטריבענער המון האָט זיך ווידער דערנענטערט מיט אַ מורא־דיקן געברום. מען טאָר לענגער נישט וואַרטן. דער קאַפּיטאַן האָט זיך אונטערגעהויבן אויפֿן זאָטל און הויך אויסגעשריגן:

— איך אַרעסטיר זי: פֿירט זי אַרויס. — אין אַ רגע אַרום האָט ער זיך איינגעבויגן און איינגעקוקט אין דער געשלעפּטער יונגער פֿרוי. איר קאָפּ איז הילפֿלאָז אַראָפּגעהאָנגען אין דער זייט. פֿון איר שטערן האָט גע־רונען בלוט.

— הייבט זי אויף! הייבט זי אויף! ווער איז דאָ אַ שטאַרקער?

צענדליקער גיריקע הענט האָבן זי אונטערגעכאַפּט. דער פּלוצעם פֿאַרשטומט געוואָרענער המון איז שטיל נאָכגעגאַנגען ווי נאָך אַ לוויה.

דער אָנפֿירער פֿון דער וואַך ביים אַריינגאַנג אין שטאַב, אַ יונגער לייטענאַנט, איז צוגעלאָפֿן אַ גרייטער אָפּצוגעבן די מעלדונג, אָבער דער קאַפּיטאַן האָט מיט אַ ווונק באַפֿוילן — עפֿענען דאָס טויער. מען האָט אַריינגעטראָגן די צעשלאָגענע פֿרוי.

בלישטשענדיקע באַגנעטן האָבן אָפּגעשניטן דעם וועג פֿאַרן המון.

פּלוצעם האָט דער קאַפּיטאַן אויפֿגעהויבן די האַנט. עס איז געוואָרן שטיל.

— עדות אַריינגיין! — האָט ער אַ געשריי געטאָן. מען האָט זיך גענו־מען שטופּן. „איך! איך!" — האָבן קולות גערופֿן.

— די קינדער זענען די הויפּט־עדות! — האָט מען געשריגן פֿון המון. נעבן קאַפּיטאַן האָט זיך באַוויזן אַ מענטש אין אַ ציקליסטן־קאַשקעטל און ער האָט פֿאַרטרוילעך גערופֿן:

— דאָס איז זי; זי האָט געוואָלט כאַפּן די קינדער.

צוויי יינגלעך מיט צעפּלאַמטע פּנימער האָבן אַרויפֿגעשריגן צום קאַ־פּיטאַן אויפֿן פֿערד:

— יאָ! יאָ! דאָס האָט זי אונדז געוואָלט שעכטן.

זיצנדיק אויפֿן רוקן פֿון זיין פֿערד, הויך איבערן המון, האָט דעם קאַפּיטאַן פּלוצים זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז צוריקגעשטויסן געוואָרן אין אַ ווייט־פֿאַרגאַנגענער צייט. „ביילים־פּראָצעס" — איז אים פֿאַרביי אַ מחשבה — „דאָס זענען דאָך געווען די צאַרישע צייטן. אָבער איצט? דאָ אין פֿאָלקס־פּוילן? אַ יאָר נאָך דער היטלערישער אָקופּאַציע!"

דער טומל פונעם המון און די צערוישטקייט פון די ייִנגלעך נעבן זיינע פיס, האָבן אים צוריקגעבראַכט צו דער ווירקלעכקייט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די צעפּלאָנטערטע פּנימער. צי גלייבן זיי ווירקלעך, אַז די ייִדישע פרוי האָט פון זיי געוואָלט אויסצאַפּן בלוט? עס האָט אים אונטערגעהויבן אין זאָטל.

— צום טויער! — האָט ער באַפוילן און אַן איילעניש אַריינגעפירט די עדות אין דער געביידע.

— לייטענאַנט — האָט זיך דער קאַפּיטאַן געוואָנדן צום אָנפירער פון דער וואַך — איך וועל פירן די אויספאָרשונג און איר וועט נאָטירן.

אַוועקזעצנדיק זיך אויף אַ טאַבאָרעט האָט ער זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון די צונויפגעזאַמלטע מענטשן. אַן אָפיציר מיט מעדיצין־אָפּציי־כענונגען האָט, אָנבייגנדיק זיך, אַריינגעשעפּטשעט אים אין אויער און ער האָט נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ:

„דאָס מיידל קאָן דאָ נישט קומען. זי רעדט נישט צו דער זאַך. זי האָט הויכע טעמפּעראַטור".

דער קאַפּיטאַן האָט צונויפגעצויגנדיק די ברעמען אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. עס איז אים געוואָרן הייס. ער האָט אויפגעשפּילעוועט דעם קאָלנער. ער האָט זיך געווענדעט צום באַן־אַרבעטער מיטן פאַרוווּנדעטן אָרעם:

— דערציילט ווי אַזוי איר האָט זי געכאַפּט?!

דער באַן־אַרבעטער האָט זיך, קרימענדיק פון ווייטיק, איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, גענומען דערציילן:

— איך בין געווען ביי מיין כלה, דאָ נישט ווייט. — ער האָט אויסגע־דרייט דעם קאָפּ און אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פינגער אין פענצטער.

— איך בין אַרויס פון טויער ווי איך האָב דערהערט אַ געשריי. טאַקע אָט די יאַטלעך האָבן זיך געריסן: „כאַפּט זי! כאַפּט זי! זי האָט מיך גע־וואָלט שעכטן! די ייִדישקע האָט אונדז געוואָלט דערהרגענען!" איך האָב גענומען נאָכיאָגן. פאַר מיר איז געלאָפן די, וועלכע מיר האָבן פאַרהאַלטן. זי האָט געשריגן און געיאָמערט. אָט דער דאָ האָט זי געכאַפּט פאַר די פיס אַזוי, אַז זי איז געפאַלן אויפן פּנים. זי האָט געשריגן, אַז דאָס איז געווען אַן אַנדערע.

— אויך איך האָב זי נאָכגעיאָגט — איז מיט אַ געשריי אויפגעשפּרונגען אַ יאַטל.

— שטיל! — האָט אַ טופּע געטאָן מיטן פּוס אַ נעבן זיצנדיקע פרוי, אַרומגעוויקלט מיט אַ טונקעלער פאַטשיילע — מען פרעגט דיך נישט!

דאָס איז געווען אַן אומגעוויינלעכע אויספאָרשונג. דער קאַפּיטאַן האָט זיי נישט געשטערט זיך קעגנזייטיק אַריינצופאַלן אין די רייד. ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, אָבסערווירט, אַריינגעקוקט אין די אויגן, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט און נישט געקענט געפינען.

— ווער האָט זי געיאָגט און געכאַפּט — זאָל אויפהייבן די האַנט!

אַלע האָבן אויפגעהויבן די הענט. אַ טייל האָבן צונויפגעלייגט די פינגער, ווי צו אַ שבועה.

— ווער האָט געשלאָגן?

עטלעכע האָבן אויפגעהויבן די הענט, באַלד זיי אַראָפּגעלאָזט.

— פאַר וואָס האָט איר זי געשלאָגן? — האָט ער זיך געווענדעט צו דער פרוי אין דער פאַטשיילע.

— איך האָב זי געשלאָגן! — האָט זי צונויפגעדריקט די דינע ליפּן — אַ שאָד, וואָס איך האָב זי נישט דערהרגעט. קריסטלעך בלוט ווילן זיי.

— אויף מצה! — האָט מיט אַ דין קול אויסגערופן איינער פון די יינגלעך.

— פאַרשרייבט די פּערסאָנאַליעס פון די יינגלעך — האָט באַפוילן דער קאַפּיטאַן און זיך געווענדעט צו איינעם פון די יינגלעך:

— דערצייל אונדז ווי אַזוי מען האָט דיך געוואָלט דערמאָרדן.

דאָס יינגל האָט אַ צי געטאָן די הויזן אַרויף:

— צוזאַמען מיט קאַזשיקן בין איך געגאַנגען עפּעס קויפן. טו איך אַ קוק, אין טויער פון הויז נומער עלף שטייט די יידישקע. זי האָט אויף אונדז געקוקט און איך האָב באַלד אַ טראַכט געטאָן: אַ כאַפּערין. אונטערן אָרעם האָט זי געהאַלטן אַ לענגלעכן דאַמענטאַש.

— וואָס פאַר אַ קאָליר האָט געהאַט דער דאַמענטאַש? — איז אים דער קאַפּיטאַן אַריינגעפאַלן אין די רייד. דאָס יינגל האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין חבר.

— אַ שוואַרצן — האָט ער געזאָגט נאָך דעם, ווי ער האָט אַ ווײַלע נאָכ־געטראַכט.

— אַ רויטן — האָט אויסגעבעסערט דער חבר.

— אַ שוואַרצן!

— אַ רויטן! — האָט געברומט דער חבר.

— גוט! גוט! ווײַטער! — האָט דער קאַפּיטאַן געאײַלט. די ייִנגלעך זענען זיך אַרײַנגעפֿאַלן אין די רייד, עמעצער פֿון די דערוואַקסענע האָט זיי דערמוטיקט, ווי אין צימער איז אַרײַן דער דאָקטאָר. ער האָט אויפֿן טישל אָוועקגעלייגט אַ גרינעם דאַמענטאַש און געזאָגט צום קאַפּיטאַן:

— דאָס מיידל האָט נישט צוריקבאַקומען דעם באַוווסטזײַן. איר צושטאַנד איז אַ שווערער. דאָס איז איר טאַש מיט דאָקומענטן.

דער קאַפּיטאַן האָט באַקוקט דעם טאַש פֿון בײדע זײַטן און קוקנדיק אויף די ייִנגלעך געפֿרעגט:

— פֿון וואָס פֿאַר אַ פֿאַרב איז דער טאַש?

— גרין!

— און איר האָט געזאָגט?

— אַ רויטער, שוואַרצער! — האָבן די אַנוועזנדיקע זעלנער זיך אַרײַנ־געמישט.

דער קאַפּיטאַן האָט גענישטערט אין טאַש, געלייענט פּאַפּירלעך און מיטן פֿינגער אַ רוף געטאָן דעם סערזשאַנט. אויף אַ בלעטל פֿון אַ נאָטיצ־ביכל האָט ער עפּעס אויפֿגעשריבן און עס דערלאַנגט.

— סערזשאַנט! — האָט ער שטיל געזאָגט — נעמט צוויי זעלנער פֿון דער וואַך־אָפּטײלונג און ברענגט מיר אַהער דעם בירגער, וואָס איך האָב דאָ אויפֿגעשריבן זײַן אַדרעס.

— באַפֿעל!

דער סערזשאַנט האָט זיך אויסגעדרייט און פֿאַרשוווּנדן.

דער קאַפּיטאַן האָט ממשיך געווען אויסהערן דאָס ייִנגל, ווי די שטים פֿון דעם עדות האָט זיך פּלוצים אײַנגעבראָכן. דעם ייִנגלס בעזל איז געוואָרן פֿאַרשפּיצט און די אויגן שטאַר. ער האָט אָנגעהויבן שרייען מיט נישט אַרטיקולירטע ווערטער, פֿון וועלכע עס האָט אויסגעזען, אַז ער האָט טויט מורא באַקומען דאָס מיידל זאָל אים נישט וועלן הרגענען.

צווישן דעם געזעמל עדות איז געוואָרן אומרויִק. עטלעכע היסטערישע שטימען האָבן אויסגעבראָכן. דער קאַפּיטאַן איז אויפגעשפּרונגען און אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש: „גענוג!"

זיי האָבן זיך אומגעקוקט מיט באַוווסטלאָזע בליקן, ווי זיי וואָלטן אויפגעשטאַנען פון אַ שווערן קאָשמאַרפולן שלאָף. זיי האָבן זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף זייערע ערטער און זיך באַרויִקט.

— וואָסער — האָט אַ געשריי געטאָן דער קאַפּיטאַן. אָפּווישנדיק מאַטשעקן דאָס פּנים מיט אַ פייכט טיכעלע, האָט ער שטיל געזאָגט:

— באַרויִק זיך. נעבן מיר האָסטו נישט וואָס מורא צו האָבן.

— ווי אַלט ביסטו, מאַטשעק?

— צוועלף יאָר.

— ער טרעלט, ער טרעלט! ערנוואָרט — האָט קאַזשיק אויסגעשריגן.

— ער זאָגט ליגן? — האָט געפרעגט דער קאַפּיטאַן.

— ער איז ערשט אַלט 11 און אַ האַלב יאָר.

— גענוג גענוג. קריגט זיך נישט, ייִנגלעך. — איינהאַלטנדיק דאָס געלעכטער, האָט דער קאַפּיטאַן ווייטער גענומען אויספרעגן:

— זי האָט אַלזאָ אַרויסגעצויגן אַ בריו פון דאַמענטאַש.

— יאָ — האָט מאַטשעק געענטפערט.

— זי האָט אים דיר געגעבן?

— ניין.

— און וואָס איז ווייטער געשען?

— איך האָב גענומען שרייען און מען האָט זי געכאַפּט. — ער האָט דערביי אַ קוק געטאָן אויפן קאַפּיטאַן מיט אויגן, וואָס פאַרשטייען נישט, פאַר וואָס ער שטעלט אַזעלכע נאַרישע פראַגן.

— האָסטו גענומען דעם בריוו?

—ניין!

— ביסט געווען אין עפּעס אַ ווינונג?

— ניין, ניין, צוליב וואָס? אַז מען זאָל מיך דערהרגענען? — האָט מיט כוח אויסגערופן מאַטשעק — איך בין נישט אַזוי נאַריש — האָט ער שנעל צוגעגעבן.

— וואָס זאָגסטו, קאַזשיק?

דאָס ייִנגל האָט אַ קוק געטאָן מיט פאַרוואונדערונג. אין אַ רגע אַרום האָט ער געזאָגט! — אַ בריוו אָדער בוקעט?

— זי האָט דיר געגעבן דעם בריוו? — האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט.

— ניין.

— און אויב זי וואָלט אים דיר געגעבן, וואָס וואָלט געווען?

— וואָלט איך נישט גענומען. ווייל...

— זאָג, זאָג! — האָט אים דער קאַפּיטאַן דערמוטיקט.

קאַזשיק האָט געשוויגן...

— אָבער לאָמיר, צום ביישפּיל, זיך בלויז פאָרשטעלן, אַז דו וואָלסט יאָ גענומען דעם בריוו. וואָס וואָלט געשען?

— וואָלט איך געדאַרפט גיין אין דער וווינונג — האָט קאַזשיק מיט איין אָטעם דערקלערט. — דאָרטן וואָלטן אויף מיר געוואַרט צוויי בערדיקע פאַרשוינען מיט מעסערס און מיך באַלד אויפגעהאָנגען אויפן האָק.

— אָט אַזוי ווי אויף דעם בילדל. — איז מאַטשעק אויפגעשפּרונגען פאָכנדיק אין דער האַנט מיט אַ שטיקל צייטונג.

דער קאַפּיטאַן האָט גענומען די צייטונג און זי אַוועקגעלייגט נעבן זיך. ער האָט זיך געווענדעט צו די עדות און צו די זעלנער און שטיל געזאָגט:

— מען האָט שווער צעשלאָגן אַ יונג מיידל, ווער ווייסט, צי זי וועט בלייבן לעבן, דערפאַר, ווייל זי האָט געעפנט אַ דאַמענטאַש, ווייל די ייִנגלעך האָט זיך געדאַכט, ווייל זיי האָבן געגלייבט, אַז זי וויל זיי דערהרגענען. — ער האָט זיך אַרומגעקוקט... פאַרהאַלטן דעם בליק אויף דער פרוי אין דער פאַטשיילע. — אַזוי וואָלט מען אייך, בירגערין, אויך געקאָנט דערהרגענען. ריכטיק?

די פרוי האָט אָנגעהויבן כליפּען. זיך קרייצנדיק, האָט זי אויסגערופן:

— יעזו כריסטע!

דער קאַפּיטאַן האָט אַ קוק געטאָן אויף דער צייטונג; ער האָט געקאָנט דאָס דאָזיקע בילד. צוויי בערדיקע פאַרשוינען מיט מעסערס צאַפּן בלוט, אַ קינד הענגט אויף אַ האָק. אונטערן טיש קערפּערלעך פון קליינע קינדער.

— ביטע — ער האָט דערלאַנגט דער פרוי די צייטונג. זי איז איבער־געגאַנגען פון האַנט צו האַנט.

— אַ היטלעריסטישע — האָט מען דערשראָקן געשעפּטשעט.

— איך וועל הייסן אַריינברענגען דאָס מיידל — האָט פּאַמעלעך געזאָגט דער קאַפּיטאַן, קוקנדיק אויף די עדות. די פרוי האָט זיך אַרומגעהילט און באַהאַלטן דאָס פּנים אין דער פּאַטשיילע.

דער טעלעפאָן האָט געקלונגען. דער קאַפּיטאַן האָט אויסגעזען מיד, די קנייטשן אַרום זיין מויל האָבן זיך פאַרשאַרפט.

עס איז אַריינגעקומען דער סערזשאַנט, נאָך אים איז אַריינגעגאַנגען אַ הויכער לייכט איינגעבויגענער פּאַרשוין, אין אַן אויסגעריבענער טונקל־בלויער מאַרינאַרקע. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ מאַטשעיוווקע, די הויזן אַריינגעלאָזט אין דייטשישע שטיוול. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל, געשטאַנען באַשיידן, די שיטערע העלע האָר זענען געווען צוגעקלעפּט צום שטערן. ער איז געווען אויפגערעגט. אין די אויגן האָט געטליִעט אומזי־כערקייט און פּחד.

— קומט צו נעענטער — האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט צו אים.

ער האָט געמאַכט אַן אומזיכערן שריט און נערוועז געדריקט דאָס היטל אין די גרויסע דלאָניעס.

דער קאַפּיטאַן האָט אויפגעהויבן די קענקאַרטע.

— איר קענט דאָס דאָזיקע מיידל?

דער מענטש האָט אַ קוק געטאָן מיט זיינע קליינע בלויע אויגן.

— דאָס איז דאָך מיין טאָכטער.

— און די דאָמענטאַש?

— האָט געהערט צו מיין פאַרשטאָרבענער פרוי.

דער קאַפּיטאַן האָט אַריינגערוקט די האַנט אין דער דאָמענטאַש און אַרויסגענומען פון איר אַ קייטל מיט אַ צלמל. קוקנדיק דערויף איז דאָס פּנים פון מאַנצפאַרשוין געוואָרן פורפור־רויט, די אָדערן אויף זיינע שלייפן זענען געוואָרן אָנגעשוואָלן און גענומען שטאַרק פולסירן.

— בלוט! בלוט! — האָט ער אויסגעשריגן — הער קאַפּיטאַן! ווו איז מיין קינד? ווו געפינט זי זיך?

דער קאַפּיטאַן האָט געשוויגן.

דער פאַרשוין האָט גענומען ביילן די פויסטן און וואַרפנדיק דראָענדיקע

בליקן אויפֿן קאַפּיטאַן האָט ער זיך צעשריגן:

— ווו איז מיין טאָכטער, ווו? וואָס האָט איר מיט איר געטאָן? ער האָט זיך אויסגעדרייט צו די אָנוועזנדיקע:

— מענטשן, העלפֿט אַן אומשולדיק קריסטלעך מיידל!...

וואַרשע 1965 (פֿון פּויליש ש. גרובער)

# די קאָנטראָלע

דער וויצע־פּרעזעס יאַראָש איז אויפגעשטאַנען און אַרויס פון הינטערן גרויסן שרייבטיש. באַגריסט האָט ער מיך מיט אַ העפלעכן זשעסט מיט דער האַנט, געבעטן מיך צו זעצן זיך.

זיצנדיק אין באַקוועמען פאָטעל, האָב איך געוואַרט אויף דער דיספּאָזיציע. ער האָט אַ זוך געטאָן און פון שופלאָד אַרויסגעצויגן אַ בלעטל פון נאָטיצבוך. האַלטנדיק דאָס צווישן די פינגער האָט ער אַ לענגערן בליק געגעבן אויף מיר און מיט אַ שמייכעלע דערלאַנגט מיר די נאָטיץ. דערביי האָט ער געזאָגט:

— לייענט עס דורך!

די נאָטיץ איז געווען פון מלוכה־פּרעזידענט אַדרעסירט צו יאַראָשן. אַ פאַראינטערעסירטער האָב איך זיך טיפער אַריינגערוקט אין פאָטעל און גענומען לייענען.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט באַזייטיקט פון דער אַרבעט אַ געוועזער־קאָנסטרוקטאָר, צוליב איבערגעבן עמעצן שטרענג געהיימע דאָקומענטן. מען האָט די באַשולדיקונג צוגעשיקט צו דער גענעראַל־פּראָקוראַטור.

איך האָב זיך פאַרטראַכט. פון די מחשבות האָט מיך אַרויסגעריסן יאַראָש, דערלאַנגענדיק מיר צוויי ביכער. איך האָב זיי גענומען בלעטערן.

אַן אויפלאַגע פון 50 עקזעמפּלאַרן, געדרוקט זאַרגפעליק אויפן „ראָטאַ־פּרינט", נאָר אויבן, אין ווינקל פון שער־בלאַט, האָט זיך מיט גרויסע שריפט געוואָרפן אין די אויגן „שטרענג געהיים".

— חבר פּולקאָווניק, איך גיב אייך איבער דעם גאַנצן ענין! פּירט דורך אַ קאָנטראָלע.

איך האָב פאַרוווּנדערט ברייט געעפנט די אויגן.

— וואָס הייסט, איך?

יאַראָש האָט זיך געשפּילט מיט אַ גרויסן קאַלירטן בלייפעדער. ער האָט זיך נישט זען געמאַכט מיין פאַרוווּנדערונג.

— אמת, איך בין פון די יעניקע, וואָס האָבן אַוואַנסירט, איך האָב אויך אַן אַמביציע זיך אַרויסצווייזן — האָב איך געזאָגט. — ס'פעלט מיר נישט אויס קיין גוטער ווילן, נאָר קאָנטראָלירן פּרעציזע געווער־קאָנסטרוקציעס שטייגט איבער מיינע מעגלעכקייטן.

יאַראָש איז אויפגעשטאַנען, מיט דראָבנע טריט איז ער געגאַנגען הין און צוריק לענגאויס זיין גרויסן שרייבטיש.

— אַוואַנס, אַ מענטש פון די אַוואַנסירטע. דאָס איז דאָך אַ מעלה. אַלע האָבן מיר אַוואַנסירט. איר זענט אַן אַבסאָלווענט פון דער מיליטערי־שער אַקאַדעמיע. איר האָט דורכגעמאַכט אַ לעבנס־אוניווערסיטעט, שטרייקן, ק.פּ.פּ., פראָנט.

— אָבער דאָך, חבר גענעראַל — האָב איך געפּרוּווט מיט באַגרינדעטע מאָטיוון אים איבערצייגן. מיט אַ לייכטער באַוועגונג פון דער האַנט האָט ער מיר איבערגעריסן.

— איך פאַרשטיי אייך זייער גוט. איר האָט רעכט צו צווייפלען און צו וואַקלענישן. אָבער איר האָט דאָך צו אייער דיספּאָזיציע אונדזערע ספּעציאַליסטן. איך וויל נאָר איין זאַך פון אייך, איר זאָלט זיין אָביעקטיוו, ווייל מיר זענען אַ געזעלשאַפט פון יושר וצדק.

איך בין אַרויס פול מיט צווייפלען. ביי מיר אין קאַבינעט האָב איך גענומען לייענען, און זיך אויבערפלעכלעך באַקאַנט מיטן אינהאַלט.

דער מחבר האָט באַשריבן אַזאַ מין געווער, וואָס ביי אונדזער מיליטער איז עס נאָך נישט געווען באַנוצט. פון דעם אַריינפיר־וואָרט האָט געדרונ־

גען, אַז דער מחבר האָט אָנגעזאַמלט זייער פיל מאַטעריאַלן און פּראַקטישע ידיעות. איך האָב זיך געלאָזט אונטערפירן — האָב איך ביטערלעך גע־טראַכט.

שטאַרק פאַרצויגן זיך מיטן ציגאַרעטל איין מאָל און נאָך אַ מאָל. נאָך עטלעכע מינוט האָב איך זיך דעצידירט. ווי אַ שיכּור בין איך אַראָפּ פון די טרעפּ און גלייך אַריין אין אויטאָ.

מיר שניידן דורך יעראָזאָלימסקע אַלעיע, פאָרן שנעל דורך נאָווי שוויאַט. מיידן אויס די אַלטשטאָט און אין עטלעכע מינוטן אַרום פאָרן מיר נעבן דעם קאַטוילישן בית־עולם און קערעווען זיך אַריין אין אַ זייטיק געסל. מיר זענען שטיין געבליבן פאַרן טויער. באַלויכטן דורך דער זון האָבן געבלישטשעט די גאָלדענע בוכשטאַבן פון שילדל „אינסטיטוט פון עקספּערימענטאַלער מעכאַניק״.

די שטאַכעטן אַרום האָבן דערמאָנט די פאַרצוימונג ביים אויאַזדאָווער פּאַרק. טיף אינעווייניק אַן איינשטאָקיק הויז. אַ טיפּיש שלאַכעצקער בנין. אַ שיינער סקווער, גוט געפּלעגטע בייטן. גלייך פון דעם טויער האָט גע־פירט אַ טראָטואַר. פוןביידע זייטן רייען שיין פונאַנדערגעבליטע קאַשטאַן־ביימער.

פון דער זייט ביים טויער אַ קליין הייזקעלע, אַ קאָפּיע פון דער וואַכ־שטוב אויף פּראַשטשאַטי־גאַס. ביים אַריינגאַנג אַ שומר אין אַ מאַרענגאָ־אוניפאָרם מיט שמאָלע מאַלינע־בענדלעך. איך דערלאַנג מיין באַאַמטן־ביכעלע. ס׳מאַכט אויף אים נישט דעם דערוואַרטנדיקן איינדרוק. ער שיקט מיך אַריין צו דעם צווײ־בענדלדיקן אין וואַכצימער. עס זיצט דאָ אַ הויכער דאַרער מאַן. אין דער זייט אַ ביקס אָנגעשפּאַרט ביים טיש. אויפן פענצטער־פּאַראַפּעט אַ שטיק ברויט מיט שמאַלץ און אַן אָפּגעביסענער קאָלבאַס. ער קייט פויל מיט די זשוכוועס. נעמט ביי מיר די לעגיטימאַציע מיט די פּעטע פינגער, קלינגט, פאַרבינדט זיך מיט עמעצן, און לאָזט מיך ענדלעך אַדורך.

דער דירעקטאָר פון אינסטיטוט, וואַווזשיצקי, באַגריסט מיך מיט אַ מאַטן שמייכל, זייער העפלעך בעט ער מיך זיצן. איך קוק זיך צו אים צו זייער דיסקרעט. זיינע געדיכטע שוואַרצע ברעמען, לייכט אויפגעהויבענע, דריקן אויס פאַרוווּנדערונג און באַאומרויִקונג.

איך פיל זיך נישט גוט. איך האָב אַ טרעמע ווי איך וואָלט געשטאַנען פאַר אַן עקזאַמען. ווען ער ווייסט וואָס איך לעב איבער אין דעם מאָמענט, וואָלט ער נישט געווען אַזוי צעטראָגן — האָב איך געטראַכט.

איך קלער פון וואָס און ווי אַזוי אָנהייבן די קאָנטראָל. מיר דאַכט זיך, אַז צום בעסטן וועט זיין כאַפּן אַ געוויינלעכן טאָן, רעדן וועגן אַלגע־מיינע נישט־טעכנישע פּראָבלעמען. איך פיל זיך נישט באַקוועם, איך בין דאָך נישט קיין ספּעציאַליסט, איך קען זיך נישט אויף טעכנאָלאָגיע פון מעטאַל און געווער. דערצו נאָך לייענען קאָנסטרוקציע־פּלענער.

איך האָב אָנגעהויבן שטעלן פראַגן — וואָס קען ער זאָגן וועגן דעם פאַרברעכער אינזשיניער וויניאַרסקי? — צי איז זיין גורל שוין געחתמעט? מיט וואָס האָט זיך דער אינזשיניער פאַרנומען אין אינסטיטוט?

— מאַגיסטער אינזשיניער וויניאַרסקי — האָט רויִק און אַ ביסל פאַר־טראַכט געפּליסטערט דער דירעקטאָר וואָווזשיצקי — ער איז אַ פעיִקער מענטש, ער האָט קאָנסטרויִרט אַ קעגן־פּאַנצער־גראַנאַט פון אַ גאַנץ נייעם טיפּ, אויך אַ האַרמאַטל, מאָדעל „מוכאַ״ און דערצו אַ סנאַריאַד קעגן עראָ־פּלאַנען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נייעס? — האָב איך געפרעגט — אַזעלכע מאָדעלן זענען נישט קיין רעוואָלאַציעס.

דירעקטאָר וואָווזשיצקי צוזאַמענציִענדיק די ברעמען האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן. ס׳האָט אים אַ שטאָך געטאָן מיין עם־הארצות.

איך האָב, זעט אויס, געמאַכט די ערשטע נאַרישקייט. בייז אויף זיך, האָב איך געטראַכט ווי אַזוי אַרויסצודרייען זיך פון געמאַכטן פאַלשן טראָט. איך האָב געדאַרפט זיך בעסער צוגרייטן צו דער קאָנטראָל. זעט אויס, אַז איך האָב צו פיל זעלבסטגלויבן. „ביסט נישט קיין פאַכמאַן, ברודערקע — האָב איך פון מיר אַליין געחוזקט — זיי באַשיידענער. אפשר איז דאָס איבערגעטריבענע פלייסיקייט? ניין — ניין, ס׳קען זיין, אַז ס׳פעלט מיר געדולד, כ׳יאָג זיך נאָך אַ שנעלן עפעקט״. דער דירעקטאָר וואָווזשיצקי, קוקנדיק אויף מיר, האָט געוואָלט זיכער זאָגן: אויב דו ביסט נישט קיין פאַכמאַן, זיץ ביי אַ שרייבטיש און גריבל זיך אין פּאַפּירלעך. ווענדיק פאַרמאַסקירן מיין פאַרלוירנקייט האָב איך פאַררויכערט אַ ציגאַרל.

וואָוושיצקי איז שווערלעך אויפֿגעשטאַנען; ער איז צוגעגאַנגען צו אַן אײַזערנער שאַנק. ער האָט אַ דריי געטאָן מיטן שליסל, געעפֿנט, און אַרויס־געצויגן אַ גוט געפּאַקטע טעקע. אין אַ רגע אַרום איז ער געשטאַנען נעבן מיר פֿאָנפֿענדיק מיט דער נאָז, זײַן פֿליישיק פּנים האָט שטאַרק געשוויצט.

ער האָט געעפֿנט די טעקע: אַ גראַנאַט, סנאַריאַד קעגן עראָפּלאַנען 37 מ״מ, אַ באַזוקע־האַרמאַטל, ביטע — ער האָט געבלעטערט אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט. איך האָב זיך געפֿונען אין אַ נאַרישער לאַגע. אַרײַנגעפֿאַלן ווי אַ פֿלוים אין קאָמפּאָט. איך האָב געוואָלט שעלטן מיט וויסטע קללות. איך בין געווען פֿאַרביטערט און בייז אויף זיך, צו וואָס פֿאַראַ כאָלערע האָב איך מסכּים געווען אויף דעם מיאוסן שטיקל אַרבעט?

איך האָב באַטראַכט די צייכענונגען. איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז איך שפּיל ווי אַ בלינדער אין קאָרטן.

פֿירנדיק מיטן פֿינגער איבער פֿאַרשידענע פֿראַגמענטן, האָב איך גע־מאַכט אַן אָנשטעל, אַז איך פֿאַרשטיי עפּעס.

— דער גראַנאַט און די צייט פֿון זײַן באַוועגונג דאַרף זײַן אַ קומו־לאַטיווער — זאָגט וואָוושיצקי.

ווידער עפּעס אַ האַטשיק, שוין ס׳צווייטע מאָל הער איך דאָס וואָרט קומולאַטיווער.

— יאָ, יאָ, אַוודאי — האָב איך צוגעטאַקעוועט — ביטע, רעפֿערירט. איך האָב נישט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק פֿון זײַן פֿינגער, וואָס האָט אויס־געזען גראָב ווי אַ קאָלבאַסקעלע, און ער האָט מיט אים נערוועז געקלאַפּט אין דער צייכענונג.

אין דער צייט וואָס ער האָט מיך אינפֿאָרמירט, איז געוואַקסן מײַן זעלבסטגעפֿיל. איך האָב זיך אָנגעהויבן אָריענטירן אין די איינצלהייטן און געקאָנט זיך אַ ביסל פֿאָרשטעלן אין וואָס דאָ גייט. פּאַמעלעך איז גע־וואַקסן מײַן זיכערקייט. ווייזנדיק אויף דער צייכענונג פֿון דער באַזוקע האָב איך געפֿרעגט וויפֿל וועגט זי, וואָס פֿאַראַ פֿאַרנעם האָט זי. אויסגעפֿרעגט וועגן עפֿעקטיוון פֿײַער, באַליסטישע איינצלהייטן. איך האָב גאָרנישט ריזי־קירט, איך האָב געפֿרעגט וועגן דעם, וואָס יעדער אָפֿיציר דאַרף וויסן.

וואָוזשיצקי האָט זיך צעוואָרעמט, ער האָט זיך אויך געפילט אַ ביסל בעסער — די שרעק פֿאַר דעם קאָנטראָלער איז אַריבער. די אויגן האָבן ביי אים געבליאַסקעט, ער האָט הויך גערעדט מיט אַ זיכערן טאָן.

ער האָט פונאַנדערגעוויקלט פאַר מיר אַ וויזיע פון ענדערונגען און אויסבעסערונגען, ער איז אַ פאַכמאַן אין יעדן פּרט. דערביי האָט ער געביטן יעדער רגע נייע סקיצן און צייכענונגען. די באַזוקע, דער סנאַדיאַד וועלן זיין פיל לייכטער, ווי דער זעלבער מאָדעל אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די דורכשאָס־פעיִקייט — אַ פאַנטאַסטישע.

— אַן אַמביציעז שטיקל אַרבעט — האָב איך געזאָגט מיט אָנערקענונג. איך האָב אַ בליק געטאָן אויפן זייגער, ס'איז נאָענט צום מיטאָג־איבעררייס און דעם עצם ענין האָב איך נאָך נישט באַרירט.

— זאָגט מיר, ביטע, נאָך עפּעס וועגן וויניאַרסקי. וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטש?

— קוקט דורך זיין פּערסאָנעלע טעקע! — וואָוזשיצקי האָט זי געהאָט אונטער דער האַנט.

איך האָב אָנגעהויבן לייענען. אַ יונגער. געבוירן אין יאָר 1925. אין 1948, פאַרן פאַראייניקן די אַרבעטער־פּאַרטייען, באַזייטיקט פון פּ.פּ.ס. בשעת דער אָקופּאַציע אָנגעהערט צו דער א.ק.* אַ פאַרריסענער אינדיווידואַליסט. האָט ליב זיך אַרומצורייסן צוליב יעדער קלייניקייט. ער נייגט זיך אָפּ פון קאָלעקטיווער אַרבעט. אַ טאַלאַנטפולער, אַ פלייסיקער.

איך באַטראַכט זיין פאָטאָגראַפיע. אפשר האָב איך זיך געטראָפן מיט אים אין די יאָרן 45־1948**. מען דאַרף ענדיקן, נאָך עטלעכע פּרטים, און איך וועל וויסן וועגן וויניאַרסקין אַלץ, וואָס מען דאַרף...

איך בלאָנדזשע מיט די אויגן איבער דעם קאַבינעט. וואָוזשיצקי רעדט מיט עמעצן דורכן טעלעפאָן, רוקט צו זיך דעם בלאָקנאָט. איך מאַך עטלעכע שריט און שטעל זיך ביים פענצטער. איך בין אַנטציקט מיט דעם שיינעם פונאַנדערגעוואָקסענעם קאַשטאַנבוים. אַ רגע שפּעטער דריי איך

---

* מיליטער־אָרגאַניזאַציע פון דער לאָנדאָנער פוילישער רעגירונג.

** די צייט פון בירגערקריג אין פוילן.

זיך אויס. קוק זיך צו צו טיש, צו דער שרייבמאַשין. כ׳זע טעקעס, סכעמעס, צייכענונגען.

„וואָרשיינלעך האָט וויניאַרסקי פון דעם אַלעמען געמאַכט קאָפּיעס און אַרויסגעטראָגן. דאָס פעלן פון וואַכזאַמקייט פילט מען אין די ביינער. דאָס איז נישט נאָר אונדזער שוואַכקייט, אין אַלע מיניסטעריאַלע אַמטן הערשט צו פיל זעלבסט־זיכערקייט״ — טראַכט איך אָן אויפהער.

— דאָס הייסט, אַז ער האָט אַרויסגעטראָגן? — ווייז איך מיט די אויגן אויפן שטויס טעקעס, ווי נאָר וואַווזשיצקי האָט אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

— יאָ, וועגן דעם גייט דאָס, אַזוי האָט מען פעסטגעשטעלט.

— ווער?

— דאָס מיניסטעריום *.

מיר זענען שטיל געוואָרן.

פון דרויסן האָט זיך געטראָגן אַ וואַקסנדיקער רעש. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן אָפענעם פענצטער.

— מיטאָג־איבעררייס — האָט זיך אָנגערופן דער דירעקטאָר — דאָס פערסאָנאַל פאַרלאָזט דעם אינסטיטוט.

— יאָ, מיר דאַרפן אויך רירן פון אָרט. מיר וועלן זיך טרעפן מאָרגן פרי.

שטייענדיק אויף דער שוועל, האָב איך זיך אַ קער געטאָן צו אים:

— זאָגט מיר, אַ פּראָפּאָ, מיט וועלכער אַגענטור האָט ער זיך פאַרבונדן?

וואַווזשיצקי האָט אויסגעטרעשטשעט די אויגן.

— איך ווייס גאָרנישט — האָט ער אַ הייב געטאָן די אָרעמס, געשוויגן...

* די צענזור האָט איבערגעמאַכט אויף „צענטראַלע פאַרוואַלטונג״, אין געדרוקטן טעקסט אין פּויליש אין בוך „אַ ווידוי״ Spowiedz. אַלע איבערגעמאַכטע זאַצן און ווערטער, אַרויסגעוואָרפענע דורך דער צענזור זענען געוואָרן אונטערגעשטראָכן מיט אַ ספּעציעלער שריפט.

כ׳האָב אויף אים אַ קוק געגעבן און פאַרביסן די ליפּן.

— איך פאַרשטיי נישט — האָב איך זיך אָנגערופן אַ צערייצטער. אַליין זאָגט איר, אַז מען האָט פעסטגעשטעלט אַ פאַרראַט.

— אַוודאי, אַוודאי. — מיט טרייסלענדיקע הענט האָט ער צוזאַמענגע־שאַרט די טעקעס.

איך בין צו אים צוגעשטאַנען:

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת. איר דרייט עפּעס.

זיין פול פּנים איז רויט געוואָרן. ער האָט געשוויגן. איך האָב אויף ס׳ניי געטאָן אַ נאַרישקייט. איך האָב געמילדערט דעם טאָן און ווייך גע־זאָגט:

— ס׳איז שוין צייט אויף מיטאָג, די שמועסן וועט מען היינט שוין נישט ענדיקן.

ער האָט אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ. ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט. זי איז געווען קאַלט אייז.

*

די שלימזלדיקע קאָנטראָלע האָט מיר נישט געגעבן קיין רו. שוואַרצע ברעמען, די הערעלעך אויף דעם פּעפּערל אונטער דער גראָבער נאָז האָבן מיר נאָכגעפאָלגט. איך האָב אָן אויפהער געזען זיין אויסדרוק פון פּנים, ס׳האָט זיך אויף אים געמאָלן שרעק. ווען וואַווזשיצקי האָט גערעדט וועגן אַרבעט, האָט ער אויפגעלעבט: די אויגן האָבן געבליאַסקעט, די שטימע האָט געהאַט אַ לויטערן קלאַנג, ער איז געווען מיט זיך. נאָר ווען איך האָב עפּעס געפרעגט וועגן וויניאַרסקין, האָט ער זיך מאָמענטאַל געענדערט. געענטפערט מיט האַלבווערטלעך, אָדער געשוויגן. אפשר איז ער אַ מיט־שולדיקער — האָב איך געטראַכט.

איך האָב נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן וויניאַרסקין און זיין פאַר־גאַנגענהייט. אַ פּ.פּ.ס.אָוויעץ און דערצו אַ פאַרשוין פון א.ק., אָט אַ מנוול האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו אַזאַ מין געהיימער אַרבעט. די געדאַנקען וועגן אים האָבן מיך נישט געלאָזט רוען דעם גאַנצן אָוונט.

פינקטלעך ניין פרי בין איך געווען אויפן אָרט. בלומען אויפן טיש, דער רויש פון ווענטילאַטאָר, אַ סיפאָן סאָדע־וואַסער, האָבן אויף מיר גע־ווירקט זייער פרידלעך.

מיר האָבן פאַררויכערט ציגאַרעטלעך.

— איך האָב פאַר אייך רעזערווירט אַ סך צייט.

— זייער גוט, היינט וועלן מיר פאַרענדיקן די געשפרעכן — האָב איך געזאָגט.

— די קאָנטראָלע — האָט אַ מרוקע געטאָן וואָרזשיצקי.

— נאָר אַ געשפרעך, נאָר אַ געשפרעך — האָב איך צוגעגעבן — איך וועל נישט מאַכן קיין פּראָטאָקאָל, איך פאַרזיכער אייך.

וואָרזשיצקי, נישט אַראָפּלאָזנדיק פון מיר קיין אויג, האָט איראָניש געשמייכלט.

— נו, זאָגט מיר, ביטע, ווער האָט אינזשיניער וויניאַרסקי אַרויס־געגעבן די מיליטער־סודות?

— דעם פּאַטענטן־אַמט. נישט איך, — ער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם — נישט מיר פון אינסטיטוט באַשולדיקן אים.

— ווער, אַז נישט איר?

— דאָס מיניסטעריום.

— איר האָט דאָך אים אָפּגעזאָגט פון פּאָסטן.

— וואָס האָב איך געקאָנט טאָן — האָט פונאַנדערגעלייגט די הענט וואָרזשיצקי. — איך האָב באַקומען אַזאַ ווונק. דער מיניסטער האָט זייער אַ סך צו זאָגן — דאָס איז די מאַכט.

— ווי איך פאַרשטיי, האָט איר אים אָפּגעזאָגט אָן אייער ווילן. אונ־טער אַ דרוק?

— דאָס האָב איך נישט געזאָגט. — ער האָט אַ סאָפּע געטאָן, אויס־ווישנדיק דעם שטערן פון שווייס.

— איר גיסט איבער פון ליידיקן אין פּוסטן.

הייבנדיק די ברעמען האָט ער געזאָגט:

— איך קען זיך נישט כאַפּן, וואָס אייגנטלעך ווילט איר פון מיר?

— אינזשיניער וויניאַרסקי איז אייער מיטאַרבעטער; צי קענט איר זיין אַזוי גלייכגילטיק? איך וויל נישט פון אייך קיין אויפקלערונגען אין

שריפט. פאַר מיר איז גענוג דאָס, וואָס איר און אַנדערע ווייסן וועגן דער פּרשה.

— נעמען, ווילט איר? — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן, ער האָט אויף מיר געקוקט מיט מטושטשע אויגן.

— ניין, מיר גייט אין עצם ענין.

וואָוזשיצקי האָט אַ נעם געטאָן דעם סיפאָן, אָנגעצאַפּט אַ גלאָז סאָדע־וואַסער. ער האָט געטרונקען מיט איין אָטעם ביז צום דנאָ.

— יאָ, איך וועל אייך דערציילן אַלץ וואָס איך ווייס. אויספירונגען פון דעם, וואָס עס איז געשען, קאָן איך ליידער נישט מאַכן. וויניאַרסקי האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק צוגעשטעלט צייכענונגען פון דעם סנאָ־ריאַד אין שטאַטישן פּאַטענטן־אַמט. ווער האָט דאָס צוגעטראָגן, ווייס איך נישט. — ער האָט אַ רייב געטאָן אַ שוועבעלע, זשעדנע פאַררויכערט דאָס ציגאַרל.

— וואָס וואָלט איר געטאָן מיט אים, אָן דער איניציאַטיוו פון מיניס־טעריום?

— אפשר דאָס זעלבע — האָט ער שווערלעך אַ קרעכץ געטאָן.

— דאָך האָט איר זיך געוואָלט אָנשפּאַרן אין דער דעציזיע פון מיניס־טעריום? איר האָט געוואָלט דערמיט דערקלערן, אַז איר האָט גאָרנישט צו זאָגן, — פּשוט אַ בלינד געצייג?

— אַנטשולדיקט — האָט ער זיך שנעל פאַרענטפערט — איך וויל נאָך צוגעבן. דער מיניסטער פאַררופט זיך אויך אויפן פאָרזיצער פון פּ.ק. פּ.ג.,* וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צירקולאַר וועגן פּאַטענטן.

— נאָר אויף אים? — האָב איך געפרעגט מיט אַ סאַרקאַסטישן טאָן.

— אויך אויפן שעף פון גענעראַל־שטאַב.

— אפשר זענט איר ביי אַן אַנדערער מיינונג ווי דער מיניסטער?

— ניין.

— צי האָט איר וועגן דעם פאַל גערעדט מיט וויניאַרסקין?

---

* פּ.ק.פּ.ג. — איניציאַלן פון „מלוכהשע קאָמיסיע פאַרווירטשאַפטלעכער פּלאַנירונג״.

— איך האָב נישט געוואָלט קאָמפּראָמיטירן אונדזער אינסטיטוט, מיר זענען געבליבן די לעצטע; צו וואָס דאַרף איך מיט אים רעדן? — וואָווזשיצקי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און שטיל צוגעגעבן: — דער מיניסטער שיקט דער ענין אין דער פּראָקוראַטור — און וואָס קאָן איך טאָן? — גאָר גענעצן?

— מיט איין וואָרט, אַ געיעג; ווער ס׳איז פליסיקער און ווער וועט זיין דער ערשטער?

— ביטע נישט מאַכן דאָס פשוט. איך האָב באַקומען אַן אָנווייז — האָט ער ענערגיש אַ זאָג געטאָן.

איך האָב באַמערקט, אַז ער איז געוואָרן אַ ביסל זיכער מיט זיך, ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון דעם צוזאַמענבררוך. אפשר האָב איך אַליין געגעבן אים די מעגלעכקייט?

— איך מיין, אַז מען דאַרף ענדיקן. ס׳איז ווערט אַדורכצולייענען די נויטיקע דאָקומענטן.

וואָוזשיצקי האָט זיך צו מיר צוגעקוקט מיט אַ פאַרשנדיקן בליק, די ברעמען האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין קרומער ליניע.

— דערלאַנגט מיר ביטע דעם צירקולאַר פון פ.ק.פ.ג. — ער האָט זיך לייכט פאַרכמורעט, די לינקע ברעם האָט ביי אים אַ ציטער געטאָן.

— תיכף דערליידיק איך. — ער האָט אָנגעקלונגען דורכן טעלעפאָן, נאָך עטלעכע מינוטן האָט זיך דערהערט אַ דיסקרעט קלאַפּן ביי דער טיר.

— ביטע אַריין, — האָט ענערגיש אַ רוף געטאָן וואָוזשיצקי.

ס׳איז אַריין אַ יונגער מענטש, די האָר האָבן געבליאַסקעט, געשמירט מיט ברילאַנטין. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט; שעף פון דער קאַנצעלאַריע „געהיימע אַקטן“. ער האָט דערלאַנגט אַ בלויע טעקע, דערביי האָט ער געפרעגט צי ער דאַרף נישט ברענגען די צייכענונגען פון דער פאַטענטירטער דערפינדונג? אויפן פרעגנדיקן בליק פון דירעקטאָר, האָב איך אָפּראָבירט מיט אַ נייג פון קאָפּ. ער איז אַרויסגעגאַנגען.

— זעט זיך אויס, אַז אַלע ווייסן שוין פון דעם פאַל.

— ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלעך — האָט אַ מרוקע געגעבן וואָווזשיצקי.

איך לייען: פּאַראַגראַפן, נומעראַציע, פּונקטן. ס'איז פאַרשטענדלעך. מען קאָן פאַטענטירן געווער־דערפינדונגען נאָר מיט דער הסכמה פון פאַר־זיצער פון פּ.ק.פּ.ג. דער דירעקטאָר האָט פאַרלייגט די דלאָניעס אויפן בויך נאָר די גראָבע פינגער האָבן זיך געדרייט ווי אַ מילעכל.

די צייט איז נישט געשטאַנען אויף אַן אָרט, איך האָב געשוויגן. איך האָב אַ בליק געטאָן אויפן דירעקטאָר, אין זיינע אויגן האָבן זיך באַוויזן פונקען איראָניע.

— אַלץ שטימט. נאָר פאַר וואָס האָט ער אַזוי היסטעריזירט? — האָב איך געטראַכט — דאָס מאָל מאַך איך דעם לעצטן גאַנג.

— מיין טייערער, צי זענען אַלע געווען באַקאַנט מיט דעם דאָזיקן דאָקומענט?

— זיכער, ווי אַנדערש?

— גיט מיר די אונטערשריפטן פון די, וואָס האָבן געלייענט דעם צירקולאַר.

— אַ רגע, אַ רגע, ס'איז זיכער פון הינטן צוגעשפיליעט. ניין, איך זע נישט — האָט ער געמורמלט. — באַלד, אַ רגע — ער האָט אַ קלונג געטאָן — פרוי נאַטאַליאַ! איך בעט דעם שעף פון די „געהיימע אַקטן".

ער איז אַריין. אַ שמייכעלע בלאַנדזשעט אים אונטער דער נאָז. עס זעט אויס, אַז ער האָט געוואַרט אין סעקרעטאַריאַט, ער האָט פאַרויסגעזען. ער האָט אַרויסגעצויגן עפּעס אַ בויגן. ער האָט זיך שנעל אַרויסגעשאַרט ווי אַ שאָטן.

איך גיב זיך אָפּ אַ רעכענונג, אַז דאָס איז שוין אַ פאָרמאַליטעט, דאָס איז שוין אַ קראַנץ צום אינזשיניער וויניאַרסקיס אָרון — האָב איך געטראַכט.

דער דירעקטאָר וואַווזשיצקי האָט געלייענט די אונטערשריפטן. פּלו־צעם האָט ער אַ צאַפּל געטאָן. דער בויגן האָט געציטערט אין זיינע הענט. ער איז אויפגעשטאַנען און זיך האַסטיק אַוועקגעזעצט.

— וואָס איז געשען? — האָב איך אומרויִק אַ רוף געטאָן.

פון גאָרגל האָט זיך אים אַרויסגעריסן אַ נישט־אַרטיקולירטער קלאַנג. ער האָט געשטאַמלט. אַ דערשראָקענער בין איך אויפגעשפּרונגען פון אָרט. דאָס פּנים פון דירעקטאָר איז געווען פיאָלעט בלאַס. מיט אַ ציטערנדיקער

האַנט האָב איך געכאַפּט די קאַראַפע מיט וואַסער און אַ כלופּע געטאָן אים אין פּנים. ער האָט אויף מיר אויסגעשטאַרצט די אויגן. איך האָב אים געגעבן צו טרינקען און ער איז צו זיך געקומען. אָנשפּאַרנדיק זיך בײַם טיש האָט ער זיך אויפגעשטעלט. ער האָט עפּעס געמורמלט אונטער דער נאָז:

— וויניאַרסקי האָט נישט אונטערגעשריבן, נישט אונטערגעשריבן...

איך האָב זיך נישט געוווּנדערט. די גאַנצע באַשולדיקונגס־פּיראַמידע איז אײַנגעפאַלן. איך האָב אַדורכגעלייענט די אונטערשריפטן — עס האָט זיך באַשטעטיקט. איך האָב געעפנט מײַן נאָטיצבוך, נאָטירט אַ פּאָר ווער־טער און נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון דירעקטאָר. ס׳איז אים בעסער געוואָרן, ער האָט זיך באַהערשט.

— ווער איז שולדיק? — האָב איך אַ פרעג געטאָן. — פאַר וואָס האָט וויניאַרסקי נישט אונטערגעשריבן דעם צירקולאַר.

— נישט מײַן שולד, ניין, ניין! איך האָב מיט עטלעכע מאָנאַט צו־ריק איבערגענומען דעם פּאָסטן.

— איר האָט נישט געהאַלטן פאַר נויטיק צו כאַפּן אַ שמועס מיטן אינזשיניער וויניאַרסקי.

— איך באַדויער זייער! איך בעט אײַך איבער.

— מיך!

— איך האָב אײַך אַרײַנגעפירט אין אַ טעות.

— נאָר מיך?

— נישט נאָר אײַך.

— און וועגן אַ מענטשלעכער קריוודע קומט אײַך נישט אויפן געדאַנק.

— וויניאַרסקי האָט צו דעם אַלעמען אַ מישמאַש אין קאָפּ. — ער האָט דערבײַ אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט מיט אַ גרינגשאַצנדיקן זשעסט.

— פון וואַנען איז די זיכערקייט? צי האָט איר נישט קיין טעות?

— מ׳זאָגט אַזוי, מענטשן זאָגן אַזוי. ס׳איז נישט דאָ קיין רויך אָן פײַער.

— איך קום צו אַ מסקנה, אַז איר זענט באַאײַנפלוסט דורך נישט באַ־גרינדעטע אויספירן.

— אײַער מיינונג איז אויך נישט... — ער האָט איבערגעריסן און נישט דערזאָגט.

— ווער וועט זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן באַפֿרייען וויניאַרסקין פֿון דער אַרבעט.

— אַלע, דער מיניסטער, דירעקטאָרן פֿון די פֿאַראינטערעסירטע דע־פּאַרטאַמענטן.

— און איר, וועלכער האָט פֿאַרנאַכלעסיקט דאָס אונטערשרייבן דעם צירקולאַר ?

— נאָר נישט איך, ווען ס׳איז אַרויס דער צירקולאַר, האָט אַמטירט דאָ דער דירעקטאָר אַדאַמסקי.

— איך וועל אויך רעדן מיט אַדאַמסקין.

וואַווזשיצקי האָט עפּעס אויף מיר מאָדנע אַ קוק געטאָן. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, זאָגנדיק :

— ער גוססט ; שטאַרבט פֿון אַ ראַק. איר וועט אים גאָרנישט טאָן.
— וואַווזשיצקי איז געגאַנגען פֿון וואַנט צו וואַנט. ער האָט שטאַרק זשעסטיקולירט פֿאַרציִענדיק זיך מיטן ציגאַרל און מיט אַן אויפֿגערודער־טער שטימע געזאָגט : — מען האָט עיפּושדיקע קאַשע געקאָכט און איך דאַרף דאָס אויפֿעסן.

— פֿאַרבעט, ביטע, וויניאַרסקין, איך וועל זיך מיט אים דורכריידן. אַ־פּראָפּאָ צו דעם מסרן אים. צי פֿאַרשטייט איר נאָך נישט, אַז איר האָט אַריינגעפֿירט דעם מיניסטער אין אַ טעות ?

— המ... וועגן דעם האָב איך נישט געטראַכט, איך האָב געהאַט אַ גוטע כּוונה.

ער איז געשטאַנען צוזאַמענגעבראָכן ווי אַ פֿאַרמישפּטער. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ער האָט קוים געאָטעמט.

— ווער האָט צוגעטראָגן ?

— איר האָט געזאָגט אַ נעמען.

— גוט, איך האַלט וואָרט.

— איר האָט רעכט, איך האָב געהאַנדלט נישט דורכטראַכטנדיק קעגן אייגענעם ווילן. אָבער אויך איר שטעלט אייך פֿאַר דאָס בילד נאָך נישט איבערגעטראַכט ביזן סוף.

אַלץ האָט זיך צעשוועבקט, עס בלייבט נאָר אַ שמוציקער שוים. אינ־זשיניער וויניאַרסקי האָט נישט אונטערגעשריבן, אַדאַמסקי שטאַרבט ; און

דירעקטאָר וואָווזשיצקי איז אַ נייער. פון דעם פּאָרטראַכטן זיך האָט מיך אַרויסגעריסן וואָווזשיצקי.

— איר ווילט זיכער באַקענען זיך...

איך האָב נישט באַוויזן צו ענטפערן, ווי פון אונטער דער ערד איז אַרויסגעוואַקסן דער גלאַטיקער מיט בריליאַנטינע געשמירטער יונגערמאַן מיט דער טעקע צייכענונגען:

— ביטע — נייגנדיק זיך העפלעך גיט מיר וואָווזשיצקי צו פאַר־שטיין, אַז איך האָב פאַרהאַנט, אַלס עלטערער קאָלעגע.

וואָס מאַכט מען? איך פאַרבייס די ליפּן און מאַך אַ גוטע מינע צו אַ שלעכטער שפּיל. איך באַקוק עטלעכע סטעמפּלען פון פּאַטענטן־אַמט, ווי קריכט מען פון דעם אַרויס? איך זע נישט די קאָנטורן פון סנאַריאַד, עפּעס אַ מין רייפלעך, בעכערלעך. איך בין אַריינגעפאַלן, וואָס טוט מען? ווי דרייט מען זיך אַרויס פון דער לאַגע? איך וואַרף אַ בליק אויפן די־רעקטאָר — ער פילט זיך גוט. דאָס פּנים צעשטראַלט. ער פאַרציט ליידנ־שאַפטלעך מיטן ציגאַרעטל. ער מרוזשעט די אויגן פון צופרידנקייט. איך גיס אָן אַ גלאָז סאָדע־וואַסער פון סיפאָן און טרינק זייער פּאַמעלעך.

פּלוצים, כ׳וויס, באַלד וועל איך זיך אָן עצה געבן. ווייזנדיק אויף די צייכענונגען פרעג איך צי די פּראָיעקטן קאָן מען רעאַליזירן אָן אינזשי־ניער וויניאַרסקין?

פאַרבליפט פון מיין פראַגע, כאַפּט ער אַ קוק מיטן אויג אויפן טיש. שטיקנדיק זיך האָט ער אַרויסגעיאָנקעט.

— ניין.

איך האָב זיך געפילט זיכערער. איך בין אַרויס פון דער נישט־פויגל־דיקער לאַגע.

— פון דעם איז געדרונגען, אַז אַ פרעמדע אַגענטור קאָן אָן אים די דערפינדונג נישט אויסנוצן.

ס׳האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן אין דער טיר. ס׳איז אַריין אַ יונגער בלאָנדין. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט:

— איך בין טשעשלאַק, סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. וויניאַרסקין האָב איך נישט געפונען. אין דער היים ווייסט מען נישט ווו ער געפינט זיך. איך האָב אַן איינדרוק, אַז ער באַהאַלט זיך אויס.

דער טעלעפאָן האָט אַ קלונג געטאָן. טשעשלאַק האָט אַראָפּגענומען דאָס טרייבל. ער האָט מיט אינטערעס זיך צוגעהערט. ער האָט מיט דער האַנט צוגעדעקט דעם מיקראָפאָן, אַ שעפּטשע געטאָן:

— אינזשיניער וויניאַרסקי ביים טעלעפאָן.

— איך וועל מיט אים רעדן — האָט אַ זאָג געטאָן דער דירעקטאָר.

— פּאַניע מאַגיסטער! כאַפּט זיך שנעל אַריין... ביי מיר איז דאָ אַ פאָרשטייער פון דער העכסטער מאַכט, מען בעט אייך אויף אַ געשפּרעך. — נאָך עטלעכע מינוטן האָט ער אַ דענערווירטער אַ טראַסק געגעבן דאָס טרייבל.

— וויניאַרסקי וויל זיך מיט אייך נישט טרעפן. אויך צו אייך האָט ער נישט קיין צוטרוי. — האָט ער מיט אַ שמייכעלע צוגעגעבן.

— און וועגן אייך וואָס האָט ער געזאָגט?

— נאַרישקייטן. ס'איז נישט ווערט איבערצוחזרן...

שרייבנדיק דעם דין־וחשבון האָב איך דערפילט, אַז עפּעס פעלט מיר. איך בין נישט געווען צופרידן. איך האָב זיך קיין אָרט נישט געפונען. איך האָב שפּרייזנדיק איבער דעם קאַבינעט יעדעס מאָל עפּעס געמעקט אָדער צוגעגעבן. דעם בלייפעדער האָב איך געשאַרפט יעדע עטלעכע מינוט. צום מיינסטן האָט מיך כסדר אינטריגירט, פאַר וואָס האָט דער דירעקטאָר אַזוי שווער איבערגעלעבט די קאָנטראָל. פאַר וואָס האָט ער היסטעריזירט. איך האָב געפילט עפּעס אַ שלעכטן געשמאַק, דערמאָנענדיק זיך די געשפּרעכן. איך בין געווען גרייט דעם קאָפּ צו געבן, אַז צום עצם־ענין בין איך נישט דערגאַנגען. נאָר, וואָס קאָן מען טאָן? — איך האָב קיין איינציקן פאָדעם נישט געהאַט אין דער האַנט.

מאַגיסטער אינזשיניער וויניאַרסקי האָט נישט געגלויבט אין מיין אָביעקטיוויזם. ער האָט זיכער ערגעץ באַקומען וועגן מיר אַן אינפאָרמאַ־ציע: אַ קאָמוניסט, אַן אָפיציר פון דער ערשטער אַרמיי, געקעמפט מיט דער אונטערערד. מיטגליד פון דער פאַרטיי. די אַוועסיע איז דאָך געווען אַ קעגנזייטיקע, שווער איז זיך צו וווּנדערן. איך האָב זיך איבערגעשטעלט גינסטיק פאַרן מענטש. אין איינקלאַנג מיטן געוויסן פון אַ קאָמוניסט. ער, נאָך נישט...

שרייבנדיק דעם באַריכט, האָב איך כאַראַקטעריזירט די אַרבעטן און די וויכטיקייט פון די דורכגעפירטע פאָרשונגען, וועגן די נישט באַגרינ־דעטע באַשולדיקונגען קעגן וויניאַרסקין. די איינדרוקן האָב איך געלאָזט פאַר זיך...

✶

וויצע־פּרעזעס יאַראָש, ווי געוויינלעך, האָט זיך געשפּילט מיטן קאַ־לירטן בלייפעדער. ער האָט געשמייכלט מיט די ווינקלען פון מויל, ווען איך האָב פאָרגעלייענט מיינע פאָרשלאָגן. ער האָט גענומען מיין באַריכט און צוגעשריבן זיין באַשטעטיקונג.

— רעפערירט אונדזערע פאָרשלאָגן דעם מיניסטער. איך שטעל זיך פאַר זיין מינע — האָט ער צוגעגעבן מיט נישט באַהאַלטענער סאַטיס־פאַקציע.

— איך מיין, אַז ער וועט באַלד ליקווידירן דעם ענין.

— מיט גאָטס הילף, די זאַך געהערט נישט צו די לייכטע.

— דער ענין איז אַ פאַרשפּילטער. קיין שום פּראָקוראָר וועט נישט מאַכן קיין באַשולדיקונגס־אַקט.

— ס׳קאָנען זיין שוועריקייטן מיטן צוריקציִען דעם אָפּזאָג פון דער אַרבעט.

— איך מיין, אַז דער מיניסטער וועט וועלן ליקווידירן דעם אינצי־דענט. דער באַריכט גייט דאָך צום פּרעזידענט.

— מען וועט זען, ווער ס׳וועט זיגן, פאַרשטאַנד צי אַמביציע.

✶

דער מיניסטער באַזשעק־קאָוואַלסקי, איבערראַשט מיטן באַריכט, האָט זיך פאַרכמורעט. זיינע שווערע בליקן האָבן געשטאָכן די אָנוועזנדיקע דירעקטאָרן פון די פאַראינטערעסירטע דעפּאַרטאַמענטן. דער דירעקטאָר פון דער קאַנצעלאַריע איז געזעסן איינגעקוליעט און געמרוזשעט מיט די אויגן. דער פון טעכניק, און די, וואָס זענען פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר די אינסטיטוטן, האָבן זיך געהאַלטן שטייף. זיי האָבן מאָטיווירט, אַז וויניאַר־סקי האָט אַ שווערן כאַראַקטער און מיט אים איז נישט מעגלעך צו אַרבעטן.

יאַראָש האָט גוט פאַרויסגעזען — ער האָט געקענט די באַציִונגען. איך, אַ גרינער, נאָר־וואָס אַרויס פון מיליטער, האָב נישט געהאַט קיין דערפאַרונג.

— געריכטלעך זענען מיר פאַרשפּילט — דאָס איז די ווירקלעכקייט.

— האָט זיך אָנגערופן דער מיניסטער.

— אַוודאי — האָב איך צוגעגעבן.

— זיין צוריקגיין צום פּאָסטן, דאָס דאַרפן מיר באַטראַכטן.

— ער איז דאָך באַפרייט געוואָרן מיטן פּאַראַגראַף מקק 32, דאָס מוזט איר סיי ווי סיי ענדערן, און צו דעם איז ער באַשמוצט געוואָרן — האָב איך צוגעגעבן.

באַזשעק, אַ דענערווירטער, האָט נאָך אַ מאָל אַריינגעקוקט אין באַריכט. אויפהייבנדיק די אויגן, האָט ער געפרעגט:

— וואָס מיינען וועגן דעם די חברים דירעקטאָרן?

די פאַרזאַמלטע האָבן געשוויגן, איך האָב זיי קרעמפּירט. דאָס שווייגן האָט איבערגעריסן דער דירעקטאָר פון פּערסאָנאַלן־דעפּאַרטאַמענט:

— אָפּזאָגן פון דער אַרבעט מיט אַ דריי־חודשלעכער אָנטשעדיקונג ליקווידירט די פּרשה.

דער מיניסטער, אַ נישט צופרידענער, האָט געדרייט מיטן קאָפּ, שיקלענדיק אין מיין זייט.

— אַ פאַלשע באַשולדיקונג, נישט באַגרינדעטע באַפרייונג פון דער אַרבעט. די גאַנצע אַפּערע אין גרונט האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו באַזייטיקן וויניאַרסקין פון אינסטיטוט. איך האָב נישט קיין צוטרוי צו דעם נייעם פאַרשלאַג אָן אַ פּיצל געוויסן. מען האָט אַ מענטש באַעוולהט. מען דאַרף דעם פעלער פאַרריכטן — האָב איך דעצידירט צוגעגעבן.

— אַ בייזוויליקער מענטש. — האָט עמעצער אַ בורטשע געטאָן.

— און די אינטריגאַנטן זענען מלאכים. — האָב איך געמאַכט אַ צווישנרוף.

די גרויע קליינע אייגעלעך פון מיניסטער זענען טונקל געוואָרן פון כּעס:

— אָפּרופן די באַשולדיקונג, צוריקנעמען צו דער אַרבעט! — האָט ער געפּסקנט — דיר דאַנק איך. אַלע דירעקטאָרן בלייבן.

ער האָט מיר געדוצט. מיר האָבן אַ מאָל געדינט אין איין פּאָלק. אַרויס־גייענדיק האָב איך געטראַכט: ער וועט מיט זיי קנעלן — איך קען אים גוט.

*

— אַ יונגער מענטש צו אייך. — אינפֿאָרמירט מיך די סעקרעטאַרין.

— ווער איז דאָס. פֿון וואָס פֿאַר אַן אינסטיטוציע?

— ער האָט זיך איינגעשפּאַרט, ער וויל נישט זאָגן.

— פֿאַר וואָס?

— ער איז נישט זיכער צי איר וועט אים נישט ווייזן די טיר.

— ביטע, לאָזט אים אַריין, מע וועט זען וואָס איז דאָס פֿאַראַ פֿאַרשוין.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך געעפֿנט די טיר. ס'האָט זיך באַוויזן נישט קיין הויכער מאַנצפּאַרשוין, אַ געלער מיט ברילן אויף דער שפּיץ נאָז. די באַקן און דער שטערן באַשיט מיט זומער־שפּרענקעלעך. אַ פֿאַראינטריגירטער האָב איך זיך צו אים צוגעקוקט. דער אַנצוג, אַן אָפּגענוצטער און אַ נאָכלעסיק פֿאַרקניפּטער קראַוואַט.

— גוט מאָרגן. איך בין וויניאַרסקי פֿון אינסטיטוט. דער הער מיניסטעריאַלער ראַטגעבער קען מיין נאָמען.

— יאָ.

— איך האָב געוויסנביסן, איך האָב אייך באַליידיקט.

— ביטע זיצן, איך פֿיל זיך נישט באַליידיקט. ס'זענען אין לעבן פֿאַראַן פֿאַרשידענע סיטואַציעס.

וויניאַרסקי, אַ זשענירטער, האָט די ברילן אַראָפּגענומען און זיך אַריינגעזעצט אין פֿאָטעל.

— אפֿשר וועט איר מיך באַטראַכטן פֿאַר אַן איבערגעקליגטן, אפֿשר וועט איר מיך נישט פֿאַרשטיין. איך האָב אָבער צו אייך צוטרוי, איך בין גרייט מיט אייך צו רעדן.

— פֿאַר מיר איז אייער דערקלערונג זייער אַ גינסטיקע, אָבער אין דער רגע האָב איך נישט קיין צייט. מיר וועלן אָפּלייגן אונדזער טרעפֿונג אויף עטלעכע טעג, איך וועל אייך אַריינשרייבן אין קאַלענדאַר.

— פּאַניע פּולקאָווניקו! — וויניאַרסקי האָט צונויפֿגעלייגט די הענט ווי בעת אַ תּפֿילה. — דאָ גייט נישט וועגן מיר, דאָס וואָס איך וויל אייך איבערגעבן האָט אַן אומגעהויערע באַדייטונג.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט אומגעדולדיק. ער איז אויפגעשטאַנען און האָט מיר פאַרשטעלט דעם וועג.

— איך וועל אייך עפּעס זאָגן אין צוויי ווערטער. — נישט וואַרטנדיק אויף מיין הסכמה, האָט ער פון זיך אַרויסגעוואָרפן:

— מיין סנאַריאַד האָט דורכגעשאָסן 25 צ"מ שטאָל. אָט דער, צו מיין באַזוקע.

די אויגן זיינע האָבן אַ בליאַסקע געטאָן פון הינטער די ברילן. „דער קעניגלעכער טיגער" — דער בעסטער דייטשער טאַנק — האָב איך אַ טראַכט געטאָן — האָט געהאַט אין זיין פאָדערשטן טייל 11 צ"מ דיק. וויניאַרסקי, זעט אויס, האָט באַמערקט מיין פאַרשנדיקן בליק.

— יאָ, יאָ. איך קאָן דאָס באַווייזן.

— ווען האָט איר געמאַכט די דערפאַרונג, אויף וועלכן פּאָליגאָן?

— פינף מאָנאַט צוריק, אויפן פּאָליגאָן נומער...

איך האָב געגעבן צוויי טעפּלעך קאַווע. איך האָב אויסגעהערט מיט נייגער וועגן קאָנסטרוקטאָרן, דערפינדער, אַמביציעס און קאָנקורענץ. אָט די סטיכיע האָט געבושעוועט אין אינסטיטוט. נישט אָרגאַניזירט, נישט צוגעפּאַסט אין פאַסיקע ראַמען: נישט געשאַפן קיין סיסטעם צו דערמעג־לעכן שעפערישע אַרבעט און גלייכן סטאַרט.. דערציילנדיק, האָט דער יונ־גער קאָנסטרוקטאָר נישט אַראָפּגעלאָזט פון מיר קיין אויג. ער איז גרייט אָפּצולייגן זיינע דאָקטאָר־אַרבעטן, האָרעווען טאָג און נאַכט. פאַר אָט דער גרייטקייט וויל ער נאָר עפעקטיווע הילף.

איך האָב זיך פאַרטראַכט וועגן דער טעטיקייט פון דערפינדער און קאָנסטרוקטאָרן, וועגן זייער לעבן און אָפּפערווילּיקייט. וואָס ווייסן מיר, ווו עס ענדיקט זיך פאַנטאַזיע, טעאָריע, און ווען און ווו עס הייבט זיך אָן זייער רעאַלע אַרבעט? אפשר אונדז, מענטשן פון טאַט, אָרגאַניזאַטאָרן פון נייעם בעסערן לעבן, פעלט פעיִקייטן פאָרויסצוזען און געדולד אין די נייע באַדינגונגען. אפשר האָבן מיר צוליב דער טאָג־טעגלעכער האָרעוואַניע נישט אונטערגעכאַפּט דאָס, וואָס איז דאָס וויכטיקסטע? נישט תמיד און איבעראַל דעצידירט כּמות. דערפינדערישקייט, נייע קאָנסטרוקציעס, דאָס איז איכות און כּמות. עפעס לייכטס דורכזיכטיק און פעסט, קאָן אויך זיין מיט ווינציקער שטאָל, אייזן, בעטאָן. דעמאָלט וועלן מיר דאָס געיעג —

מער און מער אייזן — פֿאַרביטן אויף איכות. פֿאַר מיינע אויגן האָבן געשווּבלט בעסערע וואַשמאַשינען, בעסערע אויטאָמאָבילן, מער אייער, ווינציקער ברויט, מער פֿלייש, ווינציקער קאַשע, אויף דער סטאַטיסטיק וועלן מיר קוקן מיט ניכטערע אויגן. איבעריאָגן אין טאָנען אייזן, דאָס איז נישט אַלץ... מיר זיצן אויף גוטע היוון — דאָס איז אמת — אָבער דאָס איז נישט אַלץ... איך האָב זיך דערמאָנט, די ניי־מאָדערנע בעקעריי נעבן מיר, ווי איך ווין. בטלנים, דזשאַדעס, אַלץ האָבן זיי, אָבער באַקן קאָנען זיי נישט. אַ לאַבאָראַטאָריע, מאַשינען, אַרבעטער. וואָס פֿעלט זיי?... איך האָב זיי דערמאָנט... ער האָט זיי גוט אַריינגעזאָגט. ס'האָט זיך געדאַכט אָט אַן אינזשיניער, וואָס האָט געהאַט אין דער ברוסטן־קעשענע, נישט קיין קאַליריטע טיכעלע, נאָר אַ לאָגאַריטמישן ציילער: מיט האַרץ, מיינע טייערע, אָן אַ האַרץ איז נישטאָ קיין טעכניק. די פֿאַרזאַמלונג איז געווען אַ שטורמישע — איך האָב פֿאַרשטאַנען — אַן אינזשיניער אין דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, דאָס איז נישט קיין פֿאַרלוסט... טעכניק, קולטור און האַרץ. טעכניק און האַרץ...״

— צי קאָן איך פֿאַררויכערן? — האָט געפֿרעגט וויניאַרסקי.

— ביטע. — האָב איך אַ שעפּטשע געטאָן מעכאַניש. איך האָב דערוואַכט פֿון מיינע רעיונות.

— שרייבט אָן וועגן אייערע דערפֿאַרונגען, איך בעט אייך וואַרטן אויף מיר אין האָל. אין אַ שעה אַרום וועל איך צוריק קומען.

איך בין שנעל צוגעפֿאָרן צום אינסטיטוט. דער וועכטער האָט צו מיר אַ שמייכל געטאָן, אַזוי ווי צו אַן אייגענעם. דער דירעקטאָר איז נישט געווען. דער הויפּט־אינזשיניער, גלעטנדיק זיין בערדל, האָט פֿלעגמאַטיש אַרויסגעגעבן די דיספּאָזיציע. דער אַרכיוו פֿון די געהיימע אַקטן האָט זיך געפֿונען אין גוט איינגעאָרדנטע קעלערן. איך בין שטיין געבליבן פֿאַר אַן אייזערנער טיר. אינעווייניק זענען די פּאָליצעס דערגאַנגען ביזן סופֿית. טעקעס אין פּוטעראַלן זענען געווען אין דער בעסטער אָרדענונג. איך האָב לאַנג נישט געוואַרט אויפֿן פּראָטאָקאָל. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דעם סנאַריאַד האָט מען אויספּרובירט אויף אַ סטאַטישן מעטאָד. ער האָט אָבער דורכגעשאָסן 25 צ״מ שטאָל. ס'זענען אויך דאָ די אונטערשריפֿטן פֿון די

אַנוועזנדיקע. ס'איז אויך דאָ די באַשטעטיקונג פון פּאָליגאָן־קאָמענדאַנט. אַ סענסאַציע, אַ ריזן־סענסאַציע...

דער פּראָטאָקאָל איז אָבער געווען איבערגעשטראָכן מיט אַ נערוועזן רויטן שריפט. דער ברילאַנטינער שמייכלט. נאָך אַ רגע און איך וועל אים אַ קוש געבן. נאָך עטלעכע מינוטן האָב איך אַ קאַפּיע אין דער האַנט. איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטן, אַז איך זאָל נישט לויפן. זיצנדיק אין אויטאָמאָביל האָב איך זיך באַרויִקט. איצט האָב איך ענדלעך עפּעס אין דער האַנט. וויניאַרסקי האָט קאָנסטרויִרט אַ לייכטן סנאַריאַד, וואָס ביז איצט האָט דאָס קיינער נישט באַוויזן. אַ סנאַריאַד מיט אומגעהערטע דורכשלאָס־מעגלעכקייטן. צי איז דאָס מעגלעך, אַז דאָס מיניסטעריום זאָל דאָס נישט דערשאַצן: אַ סנאַריאַד וואָס שיסט דורך יעדן טאַנק? אין וועמענס אינטערעס ליגט דאָס, אַז מען זאָל פאַרמינערן אַזאַ אויפטו? פּאַרטיפּט אין די געדאַנקען האָב איך נישט באַמערקט, אַז מיר זענען אָנגעקומען צו דער געביידע אויפן „פּלאַץ פון די דריי קרייצן”. איך יאָג זיך צו יאַראָשן. ער איז אויף אַ פּלאַנירטער זיצונג.

— איך קאָן אים נישט אַרויסרופן, ער זיצט ווייט פון טעלעפאָן. — זאָגט מיר די סעקרעטאַרין.

איך טרעט נישט אָפּ:

— ביטע, זאָגט יאַראָשן, אַז איך וואַרט. אַ דרינגנדיקער ענין.

נאָך עטלעכע מינוטן איז יאַראָש אַרויסגעקומען צו מיר. ער האָט גענומען לייענען. ער, שטענדיק אַ באַהערשטער, האָט אַן אומרויִקן בליק געטאָן אַרום זיך. ער האָט נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט און אַ פייף געטאָן צווישן די ציין:

— וואַרט צו אַ רגע. — ער איז אַריין אין קאַבינעט. ביי דער אָפענער טיר האָב איך דערהערט:

— איך בעט אייך איבער, חברים, מיר רייסן איבער די זיצונג אויף פופצן מינוט.

מיר זענען אַריין צו מיר, ער האָט אויסגעהערט מיין באַריכט. יאַראָש האָט עטלעכע מאָל מיר איבערגעריסן שטעלנדיק קורצע פראַגן.

— קלינגט מיר אָן זעקס אין אָוונט. — האָט ער פאַרענדיקט און שנעל אויפגעשטאַנען.

איך האָב זיך פאַרבונדן פּינקטלעך צו דער צייט, יאַראָש איז נישטאָ. איך האָב געהאַט בילעטן אין טעאַטער, איך קלינג צו באַקאַנטע — ס'קומט גאָרנישט אַרויס. — די בילעטן זענען לאיבוד געגאַנגען. אומגעדולדיק האָב איך געוואַרט.

— מיט דיר איז שטענדיק אַזוי, אַט אַ גורל. — האָט געוואָרטשעט מיין פרוי. — אויב דו אַרבעטסט נישט, האָסטו אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג. די מלחמה האָט זיך לאַנג פאַרענדיקט, ס'ברענט נישט, און דו דרייסט זיך אַרום ווי אַ פּייערלעשער מיט אַ שפּריצער!

נאָך צוויי שעה וואַרטן אַ טעלעפאָן: — קומט צו פאָרן!

יאַראָש האָט מיך גענומען אונטער דעם אָרעם און אַריינגעפירט אין קאַבינעט.

— מיר אָרגאַניזירן אַ קאָמיסיע און איר, פּולקאָווניק, וועט זיין דער פאָרזיצער.

— איך?

— יאָ, איר, מיטגלידער וועלן זיין דעפּאַרטאַמענט־דירעקטאָרן פון די פאַראינטערעסירטע מיניסטעריומס. ביטע, גרייט צו אַ פאַראָרדענונג.

אַנשטאָט צו זיין אין טעאַטער, בין איך געזעסן אין קאַבינעט, רעדאַגירנדיק דעם באַשטעלטן דאָקומענט.

צומאָרגנס, נאָך די מיטאָג־שעהען, איז די פאַראָרדענונג אונטערגעשריבן געוואָרן. נישט איין מאָל האָב איך געטראַכט ווו איז דער סוד, אַז דאָס וואָס איז פאַרבונדן מיט דער אַרמיי, דערליידיקט מען שנעל און אָפּעראַטיוו, און דאָס וואָס האָט אַ שייכות מיטן ציווילן לעבן וואָלט באַקומען אונטערשריפטן פון דריי מיניסטאָרן געדויערט מינימום עטלעכע וואָכן.

*

די זיצונג פון דער קאָמיסיע איז פאָרגעקומען ביי מיר אין פ.ק.פ.ג. דעם פּולקאָווניק פּראַלאָוון * פון פאַרטיידיקונגס־מיניסטעריום האָב איך נישט געקענט. אַן אָפן פנים, אַ דיקער, ער האָט געריבן די הענט פון צו־

---

* די צענזור האָט געהאַט פאַרפּוילישט דעם נאָמען אויף פּלאַרטשאַק.

פרידנהייט, ער איז געווען גוט געשטימט. פּראַלאָוו איז אַ טיפּ פון אַ פּראָ־פעסיאָנעלן מיליטער־מאַן. פּאַדפּולקאָווניק ביעליך * פון זיכערקייט־מיניס־טעריום האָב איך שוין געטראָפן. מיר האָבן זיך אַ מאָל געקריגט. ער האָט אויסגעזען צו זיין אַ פילבאַרער מענטש, אַ פּנים פון אַן אינטעליגענט מיט טרוימערישע ברוינע אויגן.

פירנדיק די זיצונג האָב איך אויך געשריבן דעם פּראָטאָקאָל. מיר האָבן אָנגעהויבן פון דערציילן אַנעקדאָטן. אין אַ געוויסן מאָמענט איז אַריינ־געקומען דער וויצע־פּרעזעס גענעראַל יאַראָש. פּראַלאָוו און איך האָבן געקייכט פון געלעכטער. ביעליך האָט נאָר וואָס פאַרענדיקט אַן אַנעקדאָט, ער אַליין איז געזעסן מיט אַ קאַלט פּנים און האָט זיך צו אונדז צוגעקוקט מיט אַן איראָנישן בליק. יאַראָש האָט אַ שמייכל געטאָן און האָט אונדז דערמוטיקט צו דערציילן נאָך אַ פּאָר וויצן. ער האָט זיך מיט אונדז אַ ביסל געוויילט; מיט מיר האָט ער עפּעס דערליידיקט און זיך געזעגנט.

ענדלעך האָבן מיר זיך גענומען ערנסט צו דער אַרבעט. דאָס פונאַנ־דערטיילן ווער און וואָס, איז געווען אַ פאָרמאַליטעט. דער קאַלענדאַר פון טרעפונגען איז אָנגענומען געוואָרן אָן דיסקוסיע. דעם אַרבעטס־פּראָגראַם האָבן מיר פאַרמאַכט מיט אַ קלאַוזולע „שטרענג געהיים". קיינער האָט נישט געטאָרט וויסן וואָס פאַר אַ שריט מיר מאַכן און ווען וועלן מיר עפּעס טאָן.

צומאָרגנס, ווי נאָר איך בין אַריין אין אינסטיטוט, האָב איך גלייך דערפילט פון די זשעסטן און האַלבווערטלעך, אַז מען האָט עפּעס דער־שנאַפּט. אפשר אַ צופאַל? איך האָב געקרייזט, פאַרווישט די שפּורן. איך האָב וויזיטירט די אַרבעטס־צימערן, וואַרשטאַטן. אָט אַזאַ פאַרמעלע קאָנ־טראָלע, גערעדט מיט מענטשן, צום מייִנסטן מיטן טעכנישן פּערסאָנאַל. וואָוזשיצקין האָט מיין וויזיט נישט באַאומרויִקט. ער האָט מיך אָבער גערן אויסגעמיטן. אַסיסטירט האָט מיר דער הויפּט־קאָנסטרוקטאָר מאַגיסטער אינזשיניער שיווי. ער האָט מיך אַרומגעפירט אין די וואַרשטאַטן, כעמישע אָפּטיילונגען. מיך האָט אינטערעסירט די צוזאַמענאַרבעט צווישן אָפּטיי־לונגען און בריגאַדעס. פּרייזן, פּרעמיעס און דער מעטאָד פון צעטיילן זיי.

---

* ביעליך — פּאַרפּוילישט דורך דער צענזור אויף ביאַלעק.

מיטן אינזשיניער שיווין איז געווען זייער אָנגענעם צו שמועסן. ער איז געווען אַן ערודיט מיטן גאַנצן וועזן. ער איז נישט נאָר געווען אַ גע־ווער־ספּעציאַליסט, ער האָט זיך אויך גוט אָריענטירט אין מיליטערישער קונסט. אַן אַבסאָלווענט פון דער פּעטערבורגער פּאָליטעכניק. אַ ליבהאָבער פון דער רוסישער ליטעראַטור און שפּראַך. ער האָט דורכגעפּלאַכטן נישט איין מאָל אין די געשפּרעכן גלייכווערטלעך פון באַקאַנטע ליטעראַטן און פּאָעטן. צום שטאַרקסטן איז מיר אַריין אין זכרון: „אַ מענטש, דאָס איז אַן אַקטיאָר, וואָס שפּילט נישט זיין פּאַסיקע ראָלע" פון אָסקאַר ווײַלד. דעם רמז האָב איך פאַרשטאַנען, נאָר זיך נישט געמאַכט וויסן.

אַזוי האָב איך פאַרברענגט עטלעכע טעג. דורך דער צייט האָב איך זיך נישט אָנגעטראָפן אויפן דירעקטאָר און נישט געטראָפן זיך מיט ווי־ניאַרסקין. אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך מיט מיר אָפּגערעדט אינזשיניער שיווי צו טרעפן אויסערן אינסטיטוט. איך האָב אים דערזען פון דעם פענצ־טער פון מיין קאַבינעט. ער איז געזעסן הינטער אַ זונען־פּאַראַסאָל אויף דער טעראַסע ביי „לייקאַניק". ער, אַ הויכער, מיט אַ שלאַנקער פיגור, מיט אַ שיין שפּיץ בערדל, אויפן קאָפּ אַ ווייסע פּאַנאַמע האָט אויף זיך גע־צויגן די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. לאַנג זענען מיר דאָ נישט געזעסן. איך האָב אים איינגעלאַדן אין אויטאָמאָביל. מיר זענען געפאָרן צו דער ווייסל. שפּאַצירנדיק איבערן מאַריענשטאַט, וואָס מען האָט אַזוי שיין אויפ־געבויט, האָב איך נישט דאָס ערשטע מאָל געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך געפין זיך אויף די באַפרייטע טעריטאָריעס ביי דער מערב־גרענעץ. דאָס מאָל האָב איך געהאַט דאָס זעלבע געפיל. ניין, דאָס איז נישט דער מאַריענ־שטאַט פון מיין קינדהייט, צו שיין. זייער קאָלירט און צוגעפּוצט. איך בין געווען שטאָלץ קוקנדיק אויף אויפגעבויטע גאַסן, הייזער, בריקן. שפּאַצירנ־דיק האָב איך זיך געלאָזט דורך גאַסן און געסלעך. דערביי האָבן מיר נישט פאַרגעסן וועגן דעם עיקר פון אונדזער טרעפונג. מיט אַ בענקשאַפט האָב איך געקוקט אויפן צווייטן ברעג. די פּלאַזשעס באַפּלעקט מיט בונטע קאָלירן פון די באָדנדיקע האָבן געצויגן, געצויבערט. איך וואָלט זיך גערן געלאָזט שווימען. פון אָט די געדאַנקען האָט מיך אַרויסגעריסן שיווי.

— זאָלן מיר פאָרן אויפן צווייטן ברעג?

— מיר האָבן נישט קיין באָד־קאָסטיומען.

— עס שאַדט נישט. איך האָב עפּעס בעסערס, ווי די פּלאַזשע.

— מסכּים. מען פאָרט. — מיט גרויס צופרידנקייט האָב איך אָנגענומען דעם פאָרשלאַג.

— מיעדזעשינער וואַל. — שיווי האָט געגעבן אַ באַפעל, ווי להבדיל, אַ גענעראַל.

מיין קאַזשיק האָט זיך נישט געלאָזט בעטן. ער האָט אַ דרוק געטאָן דעם פּעדאַל און מיט פאַנטאַזיע דורכגעפאָרן די בריק. מיר האָבן איבערגעלאָזט הינטער זיך די סאַסקע קעמפּע. מיר שניידן מיטן אַספאַלט אין דער ריכטונג, וואָס איז נאָר באַוווּסט שיווין.

*

ווען איך האָב געעפנט די אויגן האָב איך זיך נישט אָריענטירט ווו איך בין. דער אויטאָ איז געשטאַנען אין אַן אַלייע אונטער אַ סאָסנע. איך גיב אַ בליק אויפן זייגער. אָ, לאַ־לאַ, איך בין געשלאָפן מער ווי אַ שעה! איך שפּרינג אַרויס. דערנעבן אַ ראָזע אַלטאַנע באַוואַקסן מיט קריכפלאַנצן. אינעווייניק טישן, שטולן.

— איר האָט זיך אויסגעשלאָפן?

— איך פיל זיך אויסגעצייכנט, איך בין אַ ביסל פאַרמאַטערט. — האָב איך זיך פאַרענטפערט זשענירט.

— ביטע, מיטאָג. — שיווי האָט דערביי אַ שמייכל געטאָן. — אַ צופאַל האָט זיך געטראָפן! אַז דאָס גענדזל איז נאָר אַרויס פון בראָטאויוון.

קוקנדיק אויפן טישל האָב איך געזען: הערינג מיט ציבעלעס, פּאָמידאָרן, אַפילו קאַוויאַר, אַ קאַראַפקע בראָנפן האָט צוגעגעבן חן און אַפּעטיט.

נאָך עטלעכע כּוסות איז מיר דער קאָפּ געוואָרן שווערלעך. איך וואָלט גערן געכאַפּט אַ דרימל.

— אפשר מאַזאַגראַן? — האָט פאָרגעלייגט פּאַן פּיאָטר; אַזוי האָט געהייסן דער אייגנטימער פון דער טאַווערנע. ער איז געגאַנגען אַרום אונדז ווי אויף ספּרענזשינעס. זיין ווייסער פּליך האָט זיך גענייגט אויף יעדנס ווונק. די גראָבע פּייכטע ליפּן אונטער דער קאַרטאָפל־נאָז האָבן עפּעס אָן אויפהער געמורמלט. שיווי האָט פאָרגעלייגט שוואַרצע קאַווע מיט קאָניאַק. נאָך צוויי כּוסעלעך האָב איך דערפילט אַ שווערן רויש. די פּאַ־

דלאָגע האָט זיך גענומען וויגן, איך האָב געבעטן מאַזאַגראַן. אין עטלעכע מינוטן האָט זיך דער מאַזאַגראַן געוויגט אין אַ הויך גלעזל. דער ברוינער געטראַנק, אַ שטיקל ציטרין, צעברעקלטער אייז האָט מיר גוט געשמעקט.

— מען קען מאַכן אַ לעבן. — האָט מיר אין אויער אַריינגעשעפּטשעט שיווי.

איך האָב געצויגן דעם געטראַנק דורך אַ שטרויעלע און איך האָב דערפילט, אַז דאָס וויגן האָט אַ ביסל אויפגעהערט.

— פּיאָטר איז מיין תּלמיד, ער האָט געאַרבעט אונטער מיין האַנט. אַ שלאָסער ערשטע קאַטעגאָריע. ער האָט פאַרביטן טעכניק אויף האַנדל. ער פירט גלענצנדיק די קרעטשמע.

— דאָס פילט מען, דעם טעם פון דעם גענדזל פיל איך נאָך אין מויל.

— איצט איז דאָ פּוסט. זונטיק אין אָוונט איז דאָ זייער פריילעך. אַ האַרמאָניע, קלאַרנעט, סאַקסאָפאָן, מיט איין וואָרט, מען מאַכט אַ לעבן. געסט קומען פון די העכסטע אינסטאַנצן. דינסטלעכע אויטאָמאָבילן אָן אַ מאָס.

— זאָג נאָר טייערער, וואָס איז מיט די געפילטע פיש ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם דורכגייענדיקן שעף.

— איך דאַרף באַקומען די קאַרפּן פון בלאָטי. נאָך אין דער פרי האָב איך נאָך זיי געשיקט.

— נעם אָן מיין באַשטעלונג אויף איבערמאָרגן אין אָוונט, כ׳וועל זיין ווי תּמיד.

— פּאַניע מאַגיסטער, איך האָב כמעט פאַרגעסן. — פּיאָטר האָט אַרויסגענומען אַ גרינגע פען מיט שוואַרצע פינטעלעך. ער האָט זי אָוועקגעלייגט אויפן טיש. — איך ווייס נישט וועמענס זי איז, אייערס אָדער דעם רוסישן מאַיאָרס ?

שיווי האָט זיך נערוועז אַ ריר געטאָן:

— דאָס איז מיין פעדער. — ער האָט זי שנעל אַ כאַפּ געטאָן און אַריינגעשטופּט אין דער זייטיקער קעשענע פון רעקל.

— איר וועט מיר גלויבן, פּאַניע מאַגיסטער, איך פיל זיך לייכט, אָבער אַנגענעם פאַרשיכורט.

— ס'ווייזט זיך אויס, אַז אונדזער טייערער קאָנטראָלער האָט אַ שוואַכן קאָפּ, — האָט זיך צעלאַכט שיווי.

— מיט מיר איז נישט אַזוי שלעכט. איך וועל פון אייך נישט אָפּשטיין אויף קיין איין טראָט.

— איך גלויב אייך. — שיווי האָט געלאַכט. דאָס בערדל האָט זיך קאָמיש געטרייסלט. — יאָ, יאָ. שווערע צייטן. רעאַליזירן סאָציאַליזם איז נישט קיין לייכט פּראָבלעם. די צוקונפט פאָדערט אָפּפערוויליקייט, אָפּזאָגן זיך פון עולם־הזה. — שיווי האָט זיך אָנגעכמורעט. — איך דערמאָן זיך נישט איין מאָל די יונגע יאָרן. איך וואָלט געזאָגט אַ ליגן, אַז מיר איז געווען שלעכט. דאָך האָט מען געדאַרפט אַרבעטן, באַווייזן אַז מען איז דיסציפּלינירט, אין אָרדענונג און פּינקטלעך. דאָס איז נישט יענע יוגנט, זיי שאַצן אונדז, עלטערע, גרינג. זיי זענען געקומען צום גרייטן. ס'איז נישט גוט, נישט גוט. די וואָרעמע באַדינגונגען פאַר זיי זענען ערגער פון אַ כאָלערע, דזשומע. עפּידעמיעס גייען אַריבער, אָבער געוווינהייטן בלייבן. שווער איז זיי אויסצוואָרצלען...

שיווי האָט אַ הייב געטאָן זיין כּוסעלע קאָניאַק. אַ קוק געגעבן אונטער דער זון:

— פאַר אונדזער דור!

מיר האָבן אַ צאָקע געטאָן, דאָס גלאָז האָט אַ קלונג געטאָן. דער קאָניאַק איז געווען אויסערגעוויינלעך. איך האָב אויף ס'ניי אָנגעפילט די כּוסעלעך.

— מיר טרינקען פאַר דער פאַרמלחמהדיקער יוגנט, די אַרבעטזאַמע, די אידעישע... — שיווי האָט אַ שלונג געטאָן מיט איין אָטעם. איך האָב נאָר אַ לייכטן זופּ געטאָן.

— ניין, דאָס געפעלט מיר נישט. — שיווי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס כּוסעלע און אַ טרונק געטאָן די קאַווע.

— איך האָב נישט געענדיקט דעם טאָאַסט — ווייל איך וויל נישט טרינקען פאַר דער יוגנט און סטודענטן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט אָנפאַלן אויף זייערע קאָלעגן ייִדן. איך וויל נישט טרינקען פאַר די סטודענטן, וואָס האָבן געזוכט פּאָפּולאַריטעט ביי האַקן שויבן פון די יידישע אָרעמע געוועלבער. זיי האָבן געהאַט מוט דאָס צו טאָן אונטער דער אַפּוטרופּסות

פון דער פּאָליציי. זיי זענען אָנגעפאַלן אויף לינק געשטימטע סטודענטן פאַר איבערצייגונגען, און דערפאַר ווייל זיי האָבן קריטיש געטראַכט וועגן דערווירקלעכקייט. זיי האָבן אַפּאָטעאָזירט ראַסיזם אַזוי ווי די היטלעריסטן, ביי אַזעלכע האָט די לערע געדויערט לאַנג, זיי זענען גאָרנישט געווען פּלייסיק. אָט די פּאָטענציעלע שמאַלצאָווניקעס אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע. היינט זענען זיי גוט פאַרמאַסקירט ביי אונדז.

— פּאַניע ראַטגעבער, איך ווייס, אַז איר געהערט צו די לינקע פון יענע צייטן. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז צווישן אונדז, אַרבעטס־מענטשן, זענען נישטאָ קיין אונטערשיידן, אָבער דאָך...

שיווי האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און ווייטער געצויגן:

— אַ מאָל, פאַרן יאָר 1939, איז די דיסציפּלין געווען אַ בעסערע. איך וויל נישט, אַז איר זאָלט מיך שלעכט פאַרשטיין; איך רעד דאָס, וואָס איך פיל. וועגן דעם שרייבן אויך די צייטונגען. — האָט ער שנעל צוגעגעבן. ס׳איז גענוג אַרומצוקוקן זיך... — אַוודאי — האָט ווייטער לעבהאַפט מאָטיווירט שיווי. — קאָלעקטיווע אַרבעט, דאָס איז אַ גרויסע אידייע. נעמט אַלס ביישפּיל דעם אינזשיניער וויניאַרסקי. די בעסטיע האָט גרויסע פעי־קייטן, אָבער אַן אינדיווידואַליסט. ס׳איז גאָטס שטראָף מיט אים צו אַר־בעטן! מענטשן דאַרפן זיין באַשיידענער, באַזונדערס די יוגנט. ווער האָט עס אַ מאָל געהערט צו פאָדערן פּרייזן. צוזאַמען האָבן מיר געמאַכט עקס־פּערימענטן. מיר האָבן געהאַט דערגרייכונגען. פּלוצעם וויל ער באַווייזן זיין א י ך. נישט נאָר ער — האָט האַסטיק אַ זאָג געטאָן שיווי, אויפהייבנ־דיק דעם פינגער — נישט נאָר ער קאָן זיך באַווייזן מיט דערפאָלגן. מיך מיט מיינע מענטשן טאָר מען נישט אין קיין פאַל איגנאָרירן.

שיווי איז אויפגעשטאַנען און לייכט געוואַקלט זיך אויף די פיס.

— איך מיין, אַז מיין אַרבעט דאַרף אויך געפּרוווט ווערן אויפן פּאָלי־גאָן.

— זיכער, ס׳ליגט אין מיין קאָמפּעטענץ. — האָב איך צוגעטאַקעוועט.

— אפשר האָבן אויך מיינע דערגרייכונגען עפּעס אַ ווערט? — האָט ער מעלאַנכאָליש צוגעגעבן.

כדי אויפצוהאַלטן די שטימונג האָב איך צוגעגאָסן דעם קאָניאַק. שיווי האָט ווייטער געפירט דעם מאָנאָלאָג. איך ווידער האָב געהאַט אַ געפיל,

ווי מען וואָלט מיך באַגאָסן מיט אַן עמער קאַלט וואַסער, איך האָב אָנגע־הויבן ניכטער ווערן. דער געהיימער צירקולאַר, די צעטיילונג פון דער אַרבעט... ווער האָט אים דערציילט? פון וועמען ווייסט ער וועגן פּאָליגאָן? אַלאַרם־סיגנאַלן ווי די הונדערטער נאָדלען האָבן מיר אַ זעץ געטאָן אין די שלייפן.

— פּאַניע מאַגיסטער! מיט גרויס פאַרגעניגן וועל איך זיך באַקענען מיט אייערע אַרבעטן. — איך האָב אַ הייב געטאָן דאָס גלעזל און מיר האָבן אויסגעטרונקען „נאַ זדראָוויע".

✶

צומאָרגנס האָב איך געענדערט מיין טאַקטיק. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט און זיך דערוווּסט, אַז מען ווייסט וואָס און ווען מיר האָבן צו טאָן. איך האָב זיך באַקענט מיט די אַרבעטן פון מאַגיסטער שיווי. זיין סנאַריאַד האָט געוויגן מער מיט אַ האַלבן קילאָגראַם ווי דער, וואָס עס האָט קאָנסטרויִרט וויניאַרסקי. די דורכשאָס־פּעיִקייט 17־20־22 צ"מ. אַ זייער שיינע דערגרייכונג, האָב איך געטראַכט. שיווי האָט אָנגעפירט מיט אַ מאַנשאַפט פון 11 פּערזאָן. וויניאַרסקי האָט געאַרבעט אַליין. איך האָב געוויגן פאַר און קעגן. דער ערשטער האָט אויף זיין קאָנטע אַן אַנטי־טאַנק־ביקס, דער צווייטער אַ גראַנאַט פון אַ נייעם טיפּ. וויניאַרסקי האָט קאָנ־סטרויִרט זיין באַזוקע און ענדיקט אַ לייכטערן סנאַריאַד. שיווי האָט אויס־פּראָבירט דריי סנאַריאַדן. וויניאַרסקי נאָר איינעם, דערגרייכט אָבער 25 צ"מ...

✶

דער דירעקטאָר וואָזשיצקי, צעלייגט אין פאָטעל, האָט מיט די גראָבע פינגער מאַניפּולירט מיטן לאָגאַריטמישן צייגער און האָט דיסקרעט גע־שמייכלט, זאָגנדיק:

— וויניאַרסקי האָט אָן ספק די איבערהאַנט. אָבער איין געלונגענער שאָס, דאָס קאָן זיין אַ צופאַל. בשעת עקספּערימענטאַלע אַרבעטן טרעפן זיך אַזעלכע סורפּריזן. ווען דער עקשן וואָלט געוואָלט אַרבעטן קאָלעקטיוו — וואָלט געווען רויִק, דאָס איז מיין דעוויזע.

צוקוקנדיק זיך צום דירעקטאָר האָב איך זיך געטראַכט, צי דער אומרו פון שאַפן, פון זוכן דאָס דערפינדערישע, וואָס רופט אַרויס קאָנפליקטן, שאַרפע מיינונג־פאַרשידנהייטן, כאַראַקטעריזירט נאָר יונגע? דירעקטאָר וואָוזשיצקי איז נישט מער ווי אַ פערציקער — אַ יונגער. צוליב „רו און רויִקייט" האָט ער גאָרנישט געטאָן אין דער פרשה וויניאַרסקי. אַפילו פאַרן פרייז צו רעזיגנירן פון אַ גרויסן דערפאָלג. ס'האָט געמוטשעט אַ געדאַנק, צי די דעפּאַרטאַמענט־דירעקטאָרן און דער מיניסטער האָבן גע־ווּסט פון דעם אַלעם. צי ביי זיי האָט אויך דאָמינירט אין זייער טעטיקייט „רו און רויִקייט". קריטיק, אַנאַליז — דאָס איז דאָך מאַרקסיזם. מיר זוכן אַלץ, וואָס קאָן בעסער און גרינגער מאַכן דאָס לעבן. „רו און רויִקייט", קאָנפליקטלאָזיקייט? נאָך דעם גייט די „פּעדאַלע פּראַקטיק", דער עלטע־רער פון שבט, דער אויבערשטער אין אמת איז שטענדיק גערעכט? מען וועט זען ווי דאָס אַלץ וועט זיך אַנטוויקלען. צי ס'וועט זיגן דאָס אַלטע וואָס שטעקט אין אונדז?

**איך האָב פאַרגעלייגט אַ שמועס מיטן סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. וואָוזשיצקי האָט זיך פאַרכמורעט, אויסמיידנדיק מיין בליק.**

**— ביטע זייער, איך בין אויך אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי. אדרבא.**

**אין עטלעכע צענדליק מינוט שפּעטער איז אַריינגעקומען דער סעקרע־טאַר. ער האָט געגעבן פאַרגרויכערט פון מיינע ציגאַרעטן. ער האָט פאַרלייגט אַ פוס און זיך פאַרצויגן.**

**— וואָס איז אייער מיינונג וועגן דעם קאָנפליקט? — האָב איך גלייך אַ פרעג געטאָן. — שיווי איז אַן אַלטער ענדעק, וויניאַרסקי אַן א.ק.־מענטש, דאָס איז דאַכט זיך איין משפּחה. וואָס איז די סיבה פון דעם קאָנ־פליקט?**

**דער סעקרעטאַר האָט זיך פאַרצויגן און געטראַכט, ס'איז זייער שטיל געוואָרן.**

**— איך וויל זיין אויפריכטיק — ער האָט באַלעקט די ליפּן און האָסטיק אַרויסגעוואָרפן פון זיך: — דער קאָנפליקט דויערט שוין צוויי יאָר. ביין, קיינער ביז איצט האָט זיך מיט דעם ערנסט נישט פאַרנומען. מען האָט זיי צעטיילט, דאָס איז גוט. קאָנקורענץ קאָן גאָרנישט שאַטן.**

— אפשר מיינט איר אַרבעטס־פּאַרמעסט ? — האָב איך אונטערגע־זאָגט.

— ניין, ניין, נישט דאָס איז עס. אַרבעטס־פּאַרמעסט מוז האָבן גלייכע מעגלעכקייטן. אָבער אין אונדזערע באַדינגונגען ? צום וואַרשטאַט האָט איינער אַ צוטריט — דער צווייטער אַ פייג. אין דער מאַנשאַפט ביי שיווין זענען דאָ עלעקטריקערס, כעמיקערס, שלאָסערס ; וויניאַרסקי אַרבעט אַליין.

— אַנטשולדיקט מיר. וויניאַרסקי האָט זיך אויסגעבראָכן, ער האָט געקאָנט אַרבעטן מיטן קאָלעקטיוו. אַן אמתער פלאָקן־שיסער. — האָט זיך צעבייזערט וואַווזשיצקי.

דער סעקרעטאַר איז געזעסן פאַרכמורעט. ס'איז אים געוואָרן נישט אָנגענעם און אַ רגע אַרום האָט ער ווייטער געצויגן :

— שיווי פאַרדינט אַ סך געלט, באַקומט פרייזן און פּרעמיעס. וויניאַר־סקי אַרבעט אויף אַ האַלבן עטאַט, ווייל ער מאַכט דעם דאָקטאָראַט. אַט אַזעלכע זענען די פאַרשריפטן.

דער סעקרעטאַר, זעענדיק מיין מינע, האָט אַ געשריי געטאָן :

— מען דאַרף גאָרנישט באַהאַלטן אונטער דער קאָלדרע, ניין ! אַלע ביי אונדז ווייסן וועגן דעם. וויניאַרסקי לעבט פון פאַבריצירן מעכאַנישע קינדער־שפּילצייג. די צאַצקעס קאָסטן אונדז זייער טייער !

— האַלט זיך איין, טשעשלאַק. — האָט זיך אַ וואָרף געטאָן וואַווזשיצקי.

— טאָטן, נאָר טאָטן, איך גלויב אין זאַכלעכקייט. די אַנטי־טאַנק־ביקס, דער סנאַריאַד צו דער „באַזוקע" און אויך אַנדערע קליינקייטן.

— חבר דירעקטאָר ! איך בין אַ געוויינלעכער שלאָסער, אָבער פאַר־רעדט מיר נישט די ציין. דער סנאַריאַד וויניאַרסקיס איז אַ גרינגערער. דאָס הייסט ווינציקער מעטאַל און ווינציקער אויפרייס־מאַטעריאַל. זיין באַזוקע איז אויך אַ לייכטערע פון אַלע, וואָס מיר קענען ביז איצט. שיווי באַאַרבעט קעגן יעדער לאָגיק די דעטאַלן אויף דער טאָקער־מאַשין. ווי־ניאַרסקי פאָרמירט אונטער דער פּרעס, מאַכט צוגרייטונגען צו אַ מאַסן־פּראָדוקציע.

איך האָב שנעל נאָטירט זיינע באַמערקונגען. ייִנגער פון דירעקטאָר און דער קאָפּ אַרבעט ביי אים גאָר נישט שלעכט.

— איך בין תמיד פאַר פאַרשונגען מיט אַ ברייטן פאַרנעם און פאַר־שידענע מעטאָדן. אָבער אָן אַ לאַבאָראַטאָרישער שטילקייט וועלן מיר גאָר־נישט דערגרייכן. — האָט דער דירעקטאָר צוגעגעבן מיט אַ טיפן זיפץ.

— זאָג אַליין צי בין איך נישט גערעכט, — האָט ער זיך געווענדט צום סעקרעטאַר, — צי האָב איך נישט מיט זיי קיין צרות?

— איך ווייס, אַז איר האָט שוועריקייטן. — טשעשלאַק האָט, רעדנדיק, אַראָפּגעלאָזט די אויגן. — אָבער דאָך שטערט אייך קיינער נישט אַרויס־צורוקן פאָרשלאָגן צום מיניסטעריום. דער בעל־הבית פון די וואַרשטאַטן זענט איר. — אויפּהייבנדיק דאָס פּנים האָט ער ווייטער גערעדט. — די רכילות אַרום וויניאַרסקין שטינקען פון דער ווייטנס. שיווי קאָן מיט אַלע ריינע און נישט־ריינע גענגלעך דערגרייכן צום טרעסט, צום מיניסטעריום אַפילו, צו חברים אין צ.ק. פון דער פּאַרטיי. יעדער רמז, אַז מען האָט עפּעס געטאָן, קלינגט באַלד אָפּ און עס שיטן זיך פּרייזן און פּרעמיעס ווי פון אַ צעריסענעם זאַק קאַרטאָפל. דער אמת איז, אַז דאָס גאַנצע גוטס פאַלט אַריין אין שיוויס קעשענע. אַזוי איז געווען אין דער קאַדענץ פון דירעקטאָר אַדאַמסקי. און ביז איצט האָט זיך גאָרנישט געביטן.

וואַוזשיצקי, אַ נישט צופרידענער פון גאַנג פון די געשפּרעכן, האָט זיך געדרייט אין פאָטעל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז. ער האָט אַ הייב געגעבן דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— איך וויל נאָר איין קאָלעקטיוו. היינט רעדט מען וועגן צוויי, מאָרגן וועט מען מאָנען דריי, פיר. איבערמאָרגן גיב יעדן אַ וואַרשטאַט, אויטאָ־מאָביל און אַ שיינע סעקרעטאַרין; און צו דעם אַ פאָנד אויף קאָניאַק און צוביס. אַ דאַנק, אַ דאַנק, איך פאַרטראָג נישט קיין ביוראָקראַטיע.

צוהערנדיק זיך צו וואַוזשיצקיס רייד האָב איך אָבסערווירט טשעש־לאַקן. ער האָט פאַררייכערט אַ ציגאַרעטל מיט אַ שנעלער באַוועגונג. פאַר־שטעלט דאָס שוועבעלע מיט די הענט, אַזוי ווי מען שיצט עס קעגן ווינט. ער האָט אונדז נישט מכבד געווען. ער איז געזעסן אַן אָנגעשטרענגטער.

— אייערע מיינונגען זענען זייער אינטערעסאַנטע, — האָב איך זיך געווענדט צום דירעקטאָר, — אָבער מ׳דאַרף נאָך עפּעס באַלויכטן. איר זענט דאָ אַ נייער מענטש. ס׳וועט נישט זיין קיין איבערטריבנקייט אין מיין פעסטשטעלונג, אַז נישט אַלץ ווייסט איר. מיך אינטערעסירט אָט וואָס,

צי אַ קאָנסטרוקטאָר באַצירט מיט זיין נאָמען זיין שאַפונג, ווי צום ביישפּיל: מאַשינען־געווער מאַקסים, דיעכטיעראָוו, בערטיער, מאַוזער?

— אַהאַ, אַהאַ! — האָט אַ רוף געטאָן טשעשלאַק.

וואָווזשיצקי, קנייטשנדיק דעם שטערן, האָט אָפּערגעקוקט. טשעשלאַק האָט ענערגיש אָנגעהויבן דערציילן.

— שיווי האָט נישט געוואָלט און וויל נישט אָנרופן דאָס געווער מיטן נאָמען פון קאָנסטרוקטאָר. צוליב דעם איז דער כּבוד און פּרעמיעס געגאַנגען אונטער זיין פירמע: מאַגיסטער שיוויס קאָלעקטיוו. דער ערשטער, נאָך מיט צוויי יאָר צוריק, האָט זיך צעבונטעוועט וויניאַרסקי. ער האָט געוואָלט אַרבעטן אין קאָלעקטיוו. אָבער זיין קאָנסטרוקציע האָט ער אָנגערופן „מ.וו.". אַזוי ווי עס איז אָנגענומען אויף דער גאַנצער וועלט. דאָס האָט דעצידירט, און וויניאַרסקי איז מיט אַ טראַסק אַוועקגעגאַנגען. און מורא האָבנדיק, אַז מען זאָל זיין דערפינדונג איבערכאַפּן, איז ער אַוועק אין פּאַטענטן־אַמט.

— אפשר, באמת, ווייס איך נישט וועגן אַלץ, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן, — האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ וואָווזשיצקי, — אָבער איך שטעל פעסט, אַז קאָלעקטיווע אַרבעט איז פּאָזיטיווע און אַ קעגנזאַץ צו דער עגאָיסטישער שטעלונג פון וויניאַרסקין.

— פאַר וואָס זאָלט איר נעגירן דעם קאָנסטרוקטאָר? חבר דירעקטאָר, איך פאַרשטיי אייך נישט. פאַר וואָס ווילט איר באַזייטיקן דעם נאָמען פון שעפער? די אַנאָנימקייט אין דער קונסט איז געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג אין מיטלעלטער. דער שעפער איז נאָר געווען דער אויספירער פון דעם ווילן פון די הערשנדיקע פעאָדאַלן. ווען מען באַקענט זיך מיטן גאָטיק, ווייזט זיך אַרויס, אַז כּמעט אַלע אַרכיטעקטאָנישע ווערק זענען אַנאָנים. די שעפער זענען פאַרגעסן געוואָרן. בריגאַדע, קאָלעקטיוו מוז נישט שטענדיק זיין אַ סינאָנים פון סאָציאַליזם.

— אָט וועגן דעם גייט עס. — האָט צוגעגעבן טשעשלאַק.

וואָווזשיצקי האָט אַרויסגעצויגן פון שופלאָד עלעגאַנטע „וואָוועלן", ער האָט דאָס שאַכטעלע ציגאַרעטן אונטערגעטראָגן דעם סעקרעטאָר מיט אַזאַ זשעסט, אַז ס'האָט געמאַכט אַן איינדרוק, אַז ער וויל אים לפנים

כבוד אָפּגעבן. טשעשלאַק האָט, נישט איילנדיק, אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע אַ ציגאַרעטל און שנעל פאַררויכערט.

איך בין אויפגעשטאַנען און גענומען זיך געזעגענען:

— מיין מיינונג איז, אַז די שאַרפע דיסקוסיע וועט דעם אינסטיטוט צו נוץ קומען.

— אַלץ וואָלט געווען גוט, — האָט געזאָגט טשעשלאַק, — ווען נישט די טייוואָלאַנישע שפּיל פון דער טויטער האַנט...

— וואָסערע? — האָב איך געפרעגט.

— טויטע האַנט...

*

די דריטע זיצונג האָט לאַנג נישט געדויערט. פּראַלאָוו, רייבנדיק די הענט, האָט גערעדט מיט אַ פריילעכן אויסדרוק פון פּנים.

— אַזאַ מין אַרבעט האָב איך גערן. דער פאַליגאָן איז צוגעגרייט! דאָס מיליטער וואַרט אויף די רעזולטאַטן.

אויפן ערשטן פייער איז געגאַנגען שיווי, צוויי טעג שפּעטער וויניאַר־סקי.

*

פולקאָוניק ביעליך האָט פאַרענדיקט זיין דין־וחשבון. טרינקענדיק זיין גלעזל סאָדע־וואַסער האָט ער פּלוצים זיך צעלאַכט.

— וואָס איז געשען? — האָב איך געפרעגט.

— איך קאָן אייך עפּעס דערציילן, נאָר אונטערן באַדינג!

— קאַפּיטולאַציע?! אפשר עפּעס ערגערס? — האָט אַ רוף געטאָן פּראַלאָוו.

— אַ נאַרישקייט... ס'גייט נאָר אין דעם, אַז מיין דערציילונג זאָל נישט אַריין אין פּראָטאָקאָל!

מיר האָבן מסכּים געווען.

— עטלעכע טעג צוריק, נישט ווייט פון דענקמאָל פאַר די גיבורים פון געטאָ, איז געשטאַנען אינזשעניער וויניאַרסקי, זעט אויס, אַז ער האָט אויף עמעצן געוואַרט. ס'איז אָנגעקומען אַ לאַסטאויטאָ. ער האָט אויפגע־

הויבן די האַנט. די מאַשין איז שטיין געבליבן. אין אַ רגע אַרום איז ער איינגעשטיגן. מיט די הענט האָט ער זיך געהאַלטן ביי דער בודקע און נעבן זיך האָט ער אָוועקגעלייגט אַן אַלטע לעדערנע טעקע. הינטער זיי, בערך אַ 20־30 מעטער, איז געפאָרן אַ ספּאָרט־קאַבריאָלעט, מאַרקע ב.מ.וו. מיט צוויי יונגע פּאַסאַזשירן עלעגאַנט געקליידט. אַזוי זענען זיי געפאָרן דורך נאַוואָטקי, פאַרקערעוועט אין דער דלוגע. ביי דעם ראָג פון טלאָמאַצקע גאַס זענען זיי שטיין געבליבן. דער שאָפער איז צוגעגאַנגען צו אַ קיאָסק, גענומען טרינקען ביר און לאַנגזאַם פאַררויכערט אַ ציגאַרעט. ווען ער האָט גערירט פון אָרט, האָבן זיך צוויי מענער פון אויבן אַרויפגעדראַפּעט אויף דער פלאַטפאָרם פון לאַסטאויטאָ. פאַרנדיק ווייטער אַ שטיקל וועג זענען זיי שטיין געבליבן. עמעצער פון דער גאַס האָט אַ געשריי געטאָן: — אַ גיגאַנטישער פּראַפּן, מען קאָן זיך נישט רירן פון אָרט. די שאָפערן פון פאַרנט און פון הינטער זיי האָבן געדריקט אויף די קלאַקסאָנען, נאָר ס׳האָט נישט געהאָלפן. דער טומל און גערודער איז געוואַקסן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ וואָגן מיט אַלטע ציגל פון די רוינען האָט זיך צעשיט אין מיטן דער גאַס. די צוויי יונגעלייט זענען אַרויסגעשפּרונגען פון ספּאָרטאויטאָ און שנעל זיך אַ לאָז געטאָן זען, וואָס ס׳איז געשען. פּלוצים האָבן זיי דערזען, אַז איינער פון די צוויי אַרבעטער האָלט וויניאַרסקיס טעקע און ער קוקט זיך צו מיט גרויס אינטערעס וואָס עס טוט זיך פון פאַרנט. אין דער רגע האָט זיך אָפּגעשפּילט אַזאַ סצענע: די צוויי זענען אַראָפּגעשפּרונגען און זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ דורכפאָרנדיקן פורגאָן, וואָס איז אָנגעפאָרן פון טעאַטער־פּלאַץ. און אָט, אָט, ווערן זיי פאַרשוווּנדן. די צוויי עלעגאַנטע יונגעלייט זענען אונטערגעשפּרונגען ווי ספּרונזשינעס. זיי זענען שטיין געבליבן אין מיטן פון דער גאַס, איינגעהאַלטן אַ שוואַרצן אויטאָ. איינער איז אַריין צום שאָפער, דער צווייטער אויפן הינטערשטן געזעס. אַ לופע פון אַן אָקסידירטן פּיסטאָלעט האָט אַ ווייז געטאָן די ריכ־טונג, דער צעשראָקענער פּאַסאַזשיר האָט גענומען שרייען, אָבער דער צווייטער יונגערמאַנטשיק האָט אים שנעל באַרויִקט, צושטעלנדיק אים אַ „בראַונינג" צום פּנים. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג. דער פּאַסאַזשיר האָט זיך נישט אָריענטירט ווער, ווער יאָגט? אין ווענענס הענט ער איז אַריינגעפאַלן. ער האָט זיך דענערווירט, נישט זייענדיק זיכער וואָס

אים וואַרט. אַזוי האָבן זיי געיאָגט פאָרויס, דורך שווערטשעווסקי, זשע־לאַזנע, פילטראָווע. און אָט זענען זיי אַריין אין אַלייע נעפּאָדלעגלאָשטשי. די, פון דער פורגאָנעטקע, האָבן נישט געוווסט, אַז מען יאָגט זיי, זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אַנטקעגן אַ גרויס הויז מיט צווויי לייבן. אין אָט דער מינוט זענען צוגעפאָרן די צוויי באַוואָפנטע חברה־לייט, אַרויס פון אויטאָ מיט די פיסטאָלעטן און געשריגן: — שטיין בלייבן! הענט אין דער הויך!

די דורכגייערס האָבן זיך דערשראָקן, ס׳איז געוואָרן אַ פּאַניק: „מער־דערס, באַנדיטן!“ — האָט מען געשריגן. די צוויי מיט די פיסטאָלעטן האָבן געדראָט, איינעם האָבן זיי צוגעלייגט דעם פיסטאָלעט צום קאָפּ און אַרויסגעריסן די טעקע. מענטשן זענען געלאָפן און געשריגן: „מערדערס! אַ באַנדיטן־אָנפאַל!“ פון דער געביידע האָבן זיך אַרויסגעשאָטן אַן אָפיציר מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן, זיי האָבן געפּאָכעט מיט געווער, אויך געשריגן: „הענט אין דער הויך!“ מען האָט אַלע סוף־סוף אַריינגעפירט אין דער געביידע הינטער די צוויי לייבן.

פון אָנהייב איז געווען אַ קאָנסטערנאַציע, דערנאָך האָט מען זיך גע־נומען קריגן. לסוף האָט מען געלאַכט, און ס׳איז געוואָרן פריילעך...

— די צוויי פון ספּאַרטאַויטאָ זענען געווען מיינע, — האָט געזאָגט ביעליך, — די צוויי, וואָס האָבן געגנבעט די טעקע זענען אָפיצירן פון דיין מיניסטעריום, טייערער פולקאָווניק פּראַלאָוו.

איך העב זיך צו און איך קריך פון דער הויט, און דער טיוואָלאַנישער ביעליך מיט די טרוימערישע אויגן פאַררויכערט קאַלטבלוטיק אַ ציגאַרעטל.

פולקאָווניק פּראַלאָוו רייבט די הענט אויף זיין שטייגער און שווייגט.

— און וואָס ווייטער? — פרעג איך אומגעדולדיק. איך זע שוין, אַז די ווענט, וואָס איך האָב אַזוי מיסטעריעז געבויט ביז אונטערן דאַך, ברעכן זיך איין.

— מען האָט געעפנט די טעקע, געשריבן אַ פּראָטאָקאָל...

— וואָס האָט מען געפונען? — האָב איך אַ געשריי געטאָן.

— מעכאַנישע שפּילצייג. — האָט געענטפערט פולקאָווניק ביעליך...



אויפֿן פּאָליגאָן בין איך געקומען גלייך פֿון וועג. אין אַ רגע אַרום איז געקומען ביעליך. פֿון דער ווייטנס האָט מען געזען די צוגרייטונגען. אַ גרופּע סאָלדאַטן פֿון דער פּאָליגאָן־באַדינונג האָט געצויגן אַ קאַבעל. אַנ־דערע האָבן געשלעפּט שטאָלענע בלעכן, פֿינף צענטימעטער די גרעב.

— וואָסערע דערגרייכונגען האָט דערלאַבערט אייערנעכטן שיווי? — פֿרעג איך ביעליכן.

— איינצלהייטן וועל איך אײַך נישט זאָגן, איך בין אויך נישט געווען.

— פֿאַר וואָס?

— אַ קאָפּדרייעניש אָן אַ מאָס. ביי אונדז אין זיכערהייטס־אָמט איז דאָ וואָס צו טאָן. אַז מען האָט אַ שטעקן וועט זיך דער הונט געפֿינען.

— די פּראָבע האָט מען געמאַכט?

— יאָ, אַ גוטער רעזולטאַט.

— גוט־מאָרגן אַריסטאָקראַציע! — באַגריסט אונדז פּולקאָווניק פּראָ־לאָוו. זיין גראָבע שטימע האָט געהילכט ווי פֿון אַ פּוסטן פֿאַס. — תּמיד מוז עמעצער מאַכן די שוואַרצע אַרבעט.

— איך שטעל אַ גלעזל בראָנפֿן און אַ פּיצעלע הערינג, נאָר אָן מאָראַל־מליצה. — האָט אַ זיפֿץ געטאָן ביעליך.

איך בין צוגעגאַנגען צו די פֿייער־פּאָזיציעס. אויף פֿיר אייזערנע סלופּעס האָט מען אַרויפֿגעלייגט די שטאָלענע פּלאַטן. אינזשיניער וויניאַרסקי פּאָרעט זיך דערביי. דירעקטאָר וואַווזשיצקי באַגריסט זיך מיט אונדז, ער שמייכלט נאַרישעוואַטע. דער קאָמאַנדיר פֿון דער פֿייער־פּאָזיציע, אַ הויכער, געשטופּלטער פּאָרוטשניק, האָט מיר דערלאַנגט דעם פּראָטאָקאָל פֿון די פּראָבעס, וואָס עס האָט אַדורכגעפֿירט אינזשיניער שיווי.

מען האָט געשאָסן פֿינף סנאַריאַדן. דער סך־הכּל: צוויי 17 צ״מ, צוויי 18 צ״מ, איין סנאַריאַד 20 צ״מ.

— אַ סוקצעס, אַ גרויסע דערגרייכונג, — צמאַקעט דער דירעקטאָר וואַווזשיצקי, — איך ווינטש אים הצלחה.

אינזשיניער וויניאַרסקי האָט זאָרגפֿול אָנגעשטעלט זיינע צאַצקעס. ער האָט זיך געדרייט ביי דער פּאָזיציע ווי אַ מאָלער ביי זיין בילד. פּעדאַנטיש האָט ער געמאָסטן דעם מרחק צווישן די אָנגעצילטע סנאַריאַדן. מיט די פֿינגער האָט ער פּרעציז ווי אַ זייגערמאַכער קאָנטראָלירט די סטאָ־

טישקייט. ער האָט געקניט, צוקוקנדיק זיך פון דער זייט, פון הינטן און פאַרקערט. ער איז געווען נישט פילבאַר לגבי דעם, וואָס ס'האָט זיך געטאָן אַרום אים, ער האָט קיינעם נישט געזען. אונדז, די קאָמיסיע, האָט ער אויך נישט באַמערקט.

די סאָלדאַטן האָבן אונטערגעצויגן די קאַבלען. דינע דראָטלעך ווי שפּינוועבס האָט מען צוגעפּעסטיקט צו די קאַבלען.

— פאַרטיק! —האָבן געמאָלדן די אונטעראָפיצירן.

וויניאַרסקי איז נאָך נישט אָפּגעטראָטן, ער האָט נאָך אַלץ עפּעס צוגע־דרייט און צוגעשפּיליעט. איך בין גרייט צו שווערן, אַז ער האָט זיי גע־גלעט. איך האָב זיך דערמאָנט די ווערטער פון דירעקטאָר וואַווזשיצקי. זיין דערגרייכונג קאָן זיך נישט איבערחזרן. איין סנאַריאַד קאָן זיין נאָר אַ צופאַל. וועגן אַזאַ מעגלעכקייט האָבן מיר אַלע געוווסט.

— צום בונקער! — איז געפאַלן אַ קאָמאַנדע.

וויניאַרסקי איז ווי אַ היפּנאָטיזירטער געגאַנגען מיטן רוקן צום בונ־קער, ער האָט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון דער פייער־פּאָזיציע. ער איז אַריין אין בונקער. אויף זיין פּנים גראָבע טראָפּנס שוויס. ווישנדיק די באַקן און שטערן האָט ער זיך מיט אונדז באַגריסט. איך האָב אים אַ דרוק געגעבן שטאַרק די האַנט, ער האָט פון ווייטיק זיך צוגעזעצט. ס'האָט זיך דערהערט אַ סיגנאַל פון אַ טראָמפּייט. אין בונקער א'ז געווען ענג און שטיל. דער לעצטער איז אַריין דער געשטופּלטער פּאָרוטשניק. ער האָט אויפגעהויבן דאָס טרייבל. ער גיט נאָך עפּעס אָנווייזונגען. ס'ציִען זיך מינוטן פון אָנגעשטרענגטער שטילקייט.

— גרייט זיין! פייער!

אַ סעקונדע. ס'האָט זיך דערהערט: טראַאַך, טראַאַך... עמעצער האָט געלאָסן געציילט ביז פינף.

דער פּאָרוטשניק האָט איבערגעוואָרט עטלעכע רגעס און איז אַרויס דער ערשטער.

— מען קאָן אַרויסגיין. — האָט דער פּאָרוטשניק אַ זאָג געטאָן.

וויניאַרסקי האָט זיך אַ ריס געטאָן אין אַ גאַלאָפּ. אויף אַלע פיר האָט ער עפּעס געזוכט נעבן די פּלאַטן. ער האָט געפונען שפּליטער. זיי האָבן געבריט. ער האָט זיי געוואָרפן פון האַנט צו האַנט. ער האָט זיך נישט

באַרויִקט. ער האָט ווייטער געזוכט. ער האָט עפּעס געפֿונען, אַ פֿאַרברענט שטיקל מעטאַל אין פֿאָרם ווי אַן אייזאָפּליע.

דער יונגער קאָנסטרוקטאָר האָט ווי אַ פֿאַרכּישופֿטער געקוקט אויף די שטאָלענע פּלאַטן, אַראָפּגענומענע דורך די סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן האָבן די פּלאַטן דעמאָנסטראַטיוו געוויזן פֿון ביידע זייטן. אַ שטילקייט, מען וואַרט אויף ווייטערע. ווען מען האָט אַראָפּגענומען די דריטע פּלאַטע האָט דער קאָמענדאַנט הויך געמאָלדן:

— פֿינף דורכשאָסן צו פֿופֿצן צענטימעטער.

די שפּאַנונג איז געוואַקסן, טייל פֿון די אַנוועזנדיקע זענען געשטאַנען פֿאַרגליווערט אין שווייגן, ווי וואַקסענע פֿיגורן פֿון קאַבינעט פֿון מאַדאַם טוססאָ.

די ערשטע, צווייטע, דריטע פּלאַטע דורכגעשאָסן, די פֿערטע... זיין שטימע איז נערוועז הייזעריק:

— דורכגעשאָסן. צוזאַמען 20 צ״מ.

— גאָט איינער! ער האָט געשלאָגן אַ וועלט־רעקאָרד! — האָט עמע־צער דערנעבן אויסגערופֿן.

די זעלנער הייבן אויף די לעצטע פּלאַטע. אַלע, ווי אויף אַ קאָמאַנדע, שטופּן זיך און בייגן זיך צו, אַלע ווילן זען; אין אַ רגע אַרום...

ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ געשריי: 25 צ״מ! וויניאַרסקי קניט ביי דער פּלאַטע, ער איז טויב, ער רעאַגירט נישט, ער בלאָזט אין די לעכער, ער באַטאַפּט די ראַנדן; ער בלאָזט דורך מיט די ליפּן יעדן דורכשאָס. מיט אַ דינער פּינצעטע שלעפּט ער אַרויס יעדעס קרישקעלע שטאָל. ער איז מיט אײן שאָס נישט צופֿרידן: נאָר 23 צ״מ.

דאָס געשריי ברעכט אויס מיט אַ נייעם כּוח, אַזוי ווי אַ שטימע פֿון אַ מיט צוואַנג פֿאַרשלאָסענעם מויל. פֿנימער צעפּלאַמטע, ווי ביי אַ האַזאַרד־שפּיל שוועבן מיר פֿאַר די אויגן.

— אַ וועלט־רעקאָרד! — רופֿט ענטוזיאַסטיש דער געשטופּלטער פּאָרוטשניק. דאָס היטל פֿאַררוקט איבער דעם שטערן. ס׳האָט אים אַרומ־געכאַפּט אַ פֿרייד, אַזוי ווי דער רעקאָרד וואָלט געווען זיינער. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ שאַכטל ציגאַרעטן, און טיילט ווער ס׳קומט אים אונטער דער האַנט.

פולקאָווניק פראַלאָוו איז אַריינגעפאַלן אין דעלירים. קלאַפּט מיט דער האַנט אין דער האַנט פון וויניאַרסקין, אַזוי ווי אויף אַ פּערדמאַרק. דירעק־טאָר וואָוושיצקי כאַפּט זיך צו קושן, וויניאַרסקי אָבער שטופּט אים אָפּ. ביעליק איז אויך אַרויס פון די כּלים, ער דריבלט מיט די פיס, ווי ער וואָלט געטאַנצט אַ לעזגינקע. ער מורמלט אָן אויפהער:

— אַזאַ מין ממזר, אַזאַ מין ממזר!

*

אין בנין אויף דער קרולעווסקע־גאַס אַנטקעגן דעם הויז, וואָס מען רופט „בעז קאַנטאַוו" האָבן מיר געהאַט אַ זיצונג. עס רעפערירן ספּעציאַ־ליסטן: מיר, די מדינה, דאָס מיליטער האָבן פאַרלוירן פינף מאָנאַטן איינ־צוהאַלטן אַזאַ מין אַרבעט, דאָס איז אַ שווערער פאַרלוסט. — שטעלן מיר פעסט.

אינזשיניער מאַיאָר באַנדאַרעוויטש * פאַרטיידיקט זיך, ער איז געווען דער פאַרבינדלער צווישן מיליטער און אינסטיטוט.

— אונדז אינטערעסירט ווען באַקומט איר די פּראָטאָקאָלן פון די דורכגעפירטע פּראָבעס אויפן פּאָליגאָן?

— נאָך אַ טאָג, צוויי.

— און אַ רעקאָרד, עפּעס אָן אויסנאַם!

— אין דעם זעלבן טאָג. — האָט געענטפערט באַנדאַרעוויטש.

— ווער פון אייערע מיטאַרבעטער איז געווען ביי דעם ערשטן דער־פאָלג פון וויניאַרסקיס סנאַריאַד?

— איך פערזענלעך.

— פאַר וואָס האָט איר איבערגעריסן זיינע פּראָבעס?

— איך האָב נישט איבערגעריסן; איך האָב נאָר רעאַליזירט דעם פּלאַן, דעם אַרבעט־פּראָגראַם.

— פאַר וואָס זשע האָט מען דעם סנאַריאַד געשאָסן?

— דאָס איז נאָר די שולד פון מאַגיסטער וויניאַרסקי.

---

* דער צענזאָר האָט פאַרפאַלישט דעם נאָמען פון מאַיאָר באַנדאַרטשוק.

— וואָס הייסט עס, איך פאַרשטיי נישט, זאָגט עפּעס דייטלעכער.
— וויניאַרסקי האָט דורכגעשמוגלט צווישן אַנדערע דעם סנאַריאַד.
— און וואָס איז אַזעלכעס שלעכטס געשען? — האָט אַ פרעג געטאָן ביעליך.
— מען האָט געשאָסן נישט אין איינקלאַנג מיטן פּראָגראַם.
— און דעם רעקאָרד האָט איר נישט באַמערקט? — האָב איך גע־פרעגט.
— מיך האָט מען געלערנט נאָר פּלאַנמעסיק אַרבעטן.
— פאַר וואָס האָט איר מיר נישט געמאָלדן? — האָט זיך צעבייזערט פּולקאָווניק פּראַלאָוו.
— תמיד רעפעריר איך אייך דערגרייכונגען איינשטימיק מיטן פּראָ־גראַם.
— זענט איר משוגע געוואָרן, מאַיאָר, וועגן אַזאַ מין דערגרייכונג רעדט איר אַזוי קאַלטבלוטיק? — האָט זיך ביעליך צעשריגן אויף רוסיש.
— זאָגט מיר, מאַיאָר, ס׳איז אייך נישט איינגעפאַלן צו דערוויסן זיך פאַר וואָס האָט ער אַריינגעשמוגלט דעם סנאַריאַד?
— איך האָב אים נישט פאַרטראָגן, ער איז נישט סימפּאַטיש. ער גלויבט צו פיל אין זיין אי ך.
— צי האָט איר אַ מאָל אויסגעהערט זיינע אַרגומענטן?
— ניין!
— פאַר וואָס?
— איך קאָנטאַקטיר זיך נאָר מיט דער דירעקציע, מיט די שעפן פון קאָלעקטיוו.
— ער איז דאָך אַ זעלבשטענדיקער, ער האָט דאָך אַן אייגענעם פּראָ־גראַם. — איז צו אים צוגעשטאַנען ביעליך.
באָנדאַרעוויטש האָט געשוויגן.
— צי האָט נאָך עמעצער פראַגן? — ס׳איז נישטאָ. — האָב איך הויך פעסטגעשטעלט.
איך האָב איבערגעלייענט דעם פּראָטאָקאָל אויפן קול. מיר האָבן זיך אונטערגעשריבן. באָנדאַרעוויטש האָט לאַנגזאַם אַרויסגענומען זיין פען, אַ גרינע מיט שוואַרצע צענטקעלעך. איך האָב זיך צוגעקוקט...

— אַ רגע! איך בעט אייער פעדער. יאָ, דאָס איז די זעלבע. — איך האָב זיך דערמאָנט די קנייפּע און פּיאָטרן, וואָס האָט די געפונענע פעדער צוגעטראָגן שיווין.

— איך פיר ווייטער די זיצונג! איך האָב פראַגן.

אַ שטוינונג האָט זיך באַוויזן אויף די פנימער.

— איר קענט די קנייפּע צווישן פּאַלעניצע און מיעדזעשין?

— יאָ, איך קען, איך פאָר אָפט פאַרביי אויפן וועג צום פּאָליגאָן.

— די פען, האָט איר פאַרלוירן?

— יאָאָאָ... — האָט ער געזאָגט נאָך אַ רגע וואַקלעניש.

— וווּ?

— נעבן דער קנייפּע.

— אפשר ביים בראָנפן און געפילטע פיש?

— ס׳קען זיין.

— ווער האָט אייך צוריקגעגעבן די פען?

— דער בעל־הבית.

— אפשר מאַגיסטער שיווי?

— ס׳קען זיין. איך געדענק נישט.

— אַזוי ווייט האָט אייך דער זכרון פאַרפירט? איר האָט זיך געטראָפן מיט שיווין אין דער אַלטאַנע ביי אַ גלעזל שנאַפּס און קאַרפּ?

— יאָ, פאַר וואָס נישט?

— צופעליק?

— ניין, ווען מיר זענען צוריקגעפאָרן פון פּאָליגאָן.

ביעליק האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס. פּראָלאָוו האָט זיך געעירט אַזוי שטאַרק, אַז די שטול האָט געטרעשטשעט.

— זאָגט מיר, מאַיאָר, ווער האָט דערציילט שיווין, אַז די קאָמיסיע וועט קאָנטראָלירן די אַרבעטן אויפן פּאָליגאָן?

באָנדאַרעוויטש איז בלאַס געוואָרן; פּיאָלעטע פלעקן האָבן זיך באַוויזן אונטער זיינע אויגן.

— איך ווייס נישט. — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן.

פּולקאָווניק פּראָלאָוו איז האַסטיק אויפגעשטאַנען, ער איז נאָענט צו־געגאַנגען צום מאַיאָר, זאָגנדיק:

— נאָר פון אונדז, איך און איר האָבן וועגן דעם געוווּסט. באַנדאַרעוויטש האָט געשוויגן.

— דאָס הייסט, אַז איך האָב אים דערציילט ביים טרינקען בראַנפן מיט אַ צובייס! — האָט אַ געשריי געטאָן פּראַלאָוו.

— רויק, רויק! — האָב איך געבעטן. — די לעצטע פראַגע: — אפשר צווייפלט איר, אַז אָט די איינצלהייטן ווייס איך פון שיווין און פון דעם בעל־הבית פון דער קנייפּע?

באַנדאַרעוויטש האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ...

— שרייבט אָן אַ דערקלערונג, אַז מיר זאָלן זיך אָריענטירן; וואָס בינדט אייך? געשעפטן, צי עפּעס ערגערס? — האָט שנעל אַ זאָג געטאָן ביעליך. — אין אייער אינטערעס, שרייבט דעם אמת.

✱

די אַרבעט אונדזערע האָט געהאַלטן ביי פאַרענדיקן זיך. וויניאַרסקי האָט דערוויייל אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ גרויסן פאַרנעם.

פּראַלאָוו און ביעליך האָבן פאַרענדיקט זייערע אויפגאַבן. וויניאַרסקי איז געוואָרן רעהאַביליטירט. מאַיאָר באַנדאַרעוויטש איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון פּאָסטן.

די לעצטע זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ גלענצנדיקער שטימונג. מען האָט אויך געוווּסט, אַז עס וואַרטן אויף אונדז אויסצייכענונגען און באַלוינונגען.

מיר אַלע באַטראַכטן די צוגעגרייטע דאָקומענטאַציע.

— מען דאַרף נישט אַריינפירן דעם נאָמען פון מאַיאָר באַנדאַרעוויטש. — האָט אַ זאָג געטאָן ביעליך. ער האָט גענומען אויסשטרייכן זיין נאָמען, נישט וואַרטנדיק אויף אונדזער צושטימונג.

— וואָס הייסט, איך פאַרשטיי אייך נישט, וואָס טוט איר?

— גאַנץ פּשוט, ער איז נישטאָ, מען האָט אים... — ביעליך האָט נישט דערזאָגט.

איך גיב אַ קוק אויף פּראַלאָוון. ער קוקט אין אַ זייט; ער שוויגט.

— וואָס זאָגט איר דערצו?

— איך מיין, אַז ביעליך איז גערעכט.

איך פיר מיט די אויגן פון איינעם צום צווייטן — אפשר איז דאָס אַ שפּאַס? נישט וואָרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָב איך גענומען לאַכן:

— איר ווילט מיך זיכער אָנצינען. — איך זע אָבער פאַר זיך ערנסטע שטרענגע פּנימער. ס'איז מיר געוואָרן קאַלט און הייס.

— טייטשט מיר אויס, וועגן וואָס גייט אייך? פאַר וואָס דאַרפן מיר באַהאַלטן באַנדאַרעוויטשן פאַר אונדזערע העכסטע אינסטאַנצן?

— זיי ווייסן, און וועלן וויסן, צי האָט איר נישט צו אונדז, צו אונדזערע רעסאָרטן קיין צוטרוי? — ביעליק האָט שטרענג אויף מיר אַ קוק געטאָן, דערנאָך זיין בליק איבערגעטראָגן אויף פּראַלאָוו.

— אויב איר האָט אַזעלכע מין צווייפלונגען, פאַר וואָס שטעלט איר איצט די קלאָץ־קשיא, און צוליב וואָס האָט איר מיט מיר מיטגעאַרבעט?

— איך קאָן נישט זאָגן, ביז איצט איז קיין פליג צווישן אונדז נישט דורכגעפלויגן. אָבער... — ביעליק האָט נישט פאַרענדיקט און געשוויגן.

— ביטע, גיט מיר אָן מאָטיוון, אָפיציעל. איך טרעט נישט אָפּ; איר קאָנט אויך שרייבן, אַז איר האָט אַזעלכע אָנווייזונגען פון אייערע מיניס־טאָרן.

— צו וואָס אַזוי הויך? — האָט זיך אָנגערופן ביעליק.

— נו, יאָ, וואָס מאַכט מען? — האָט אַ זאָג געטאָן פּראַלאָוו מיט אַ זויערער מינע.

— גאַנץ פּשוט! שרייבט אונטער אין איינקלאַנג מיטן פּראָטאָקאָל.

— האָב איך געזאָגט.

— וואָס האָט איר זיך איינגעשפּאַרט? איר ווייסט, וואָס אַ מיניסטע־ריום איך רעפּרעזענטיר. מיר האָבן מער דערפאַרונג פון אייך! איך שטרייך נאָך אַ מאָל אונטער: איר האָט זיכער צו אונדז נישט קיין צוטרוי.

— דער מאַטעריאַל, די דאָקומענטאַציע מוז דאָך זיין אַ זאַכלעכע, ווי אַזוי וועט מען דאָס איבערגעבן די פּראָקוראַטור אָן דעם נאָמען פון פאַר־דעכטיקטן? — האָב איך מאָטיווירט.

— וואָס גייט אייך אָן, זאָל דער פּראָקוראָר זוכן... פאַרשן...

— ניין, ניין, פּולקאָווניק ביעליק! נעמט אויך אין אַכט דעם מאָראַלישן שטאַנדפּונקט. פאַר וואָס זאָלן מיר אַריינפירן אין אַ טעות אונדזער פּרעזעס? מיר טאָרן גאָרנישט פאַר אים באַהאַלטן.

— נו, וואָס וועט מען טאָן? — האָט אויף ס'ניי אַ פרעג געטאָן פּראַלאָוו.

מיר שווייגן. איך האָב פאַררויכערט:

— איין אויסוועג זע איך: איך וועל אייער פאָרשלאָג איבערגעבן דעם וויצע־פּרעזעס יאַראָשן. איר וועט מיט אייערע...

— צו מיין מיניסטער וועל איך זיך נישט ווענדן.

— איך אויך נישט. — האָט צוגעוואָרפן פּראַלאָוו.



דער אָנהייב דעצעמבער פון יאָר 1952 איז געווען אַ פּייכטער, אַ קאַל־טער ווינט האָט געבלאָזן פון מיזרח. אַ פאַרטראַכטער בין איך צופוס גע־גאַנגען אויף מיטאָג. אַ טריבע קעלט האָט מיך דורכגענומען ביז דעם מאַרך פון די ביינער. איך בין געווען צעטרייסלט צוליב דער שטעלונג פון מיינע קאָלעגן. פאַר וואָס האָבן זיי נישט געוואָלט אָנטפּלעקן דאָס אַלץ, אַפילו פאַר אונדזערע העכסטע אינסטאַנצן? אפשר אַ פאַלש פאַרשטאַנענע ערע פון רויט־אַרמייאישן מונדיר?

נישט ווילנדיק האָב איך פאַרטשעפּעט אַ קוישל פון אַ געזונט גע־בויטער פרוי. זי האָט זיך צעשריגן. איך האָב איר שנעל געזאָגט:

— אַנטשולדיקט מיר.

— אַ משוגענער! — האָט זי געברעוועט — ער ווייסט נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער לעבט!

שנעל, אָן ווערטער, האָב איך זיך אָפּגעטראָגן, פאַרביטערט בין איך געלאָפן פאַר זיך, איר קול האָט אָבער מיך גערודפט: אַזאַ פאַטאַלאַך, אַזאַ טשאַמיידע.

**וויצע־פּרעזעס יאַראָש איז געווען גוט אויפגעלייגט, ער האָט געשפּריצט מיט הומאָר.**

**— גוט וואָס איר זענט אַריינגעקומען. אַ פּראָפּאָ דעם פּראָטאָקאָל — ווי אַזוי האָט איר פאַרענדיקט? — ער האָט זיך צו מיר צוגעקוקט מיט אַ פאַרשנדיקן בליק.**

— אַזוי ווי איך האָב אייך רעפערירט. דעם פאָרשלאָג זייערן האָב איך נישט אָנגענומען.

יאַראָש האָט זיך פאַרטראַכט. ער האָט עפּעס געצייכנט אין ברוליאָן מיטן רויטן בלייפעדער. ער האָט דערביי אויסגעמיטן צו קוקן אין מיינע אויגן.

— אָט איז דער פּראָטאָקאָל. זיי האָבן אונטערגעשריבן, אָן שום באַמערקונגען.

יאַראָש האָט געלייענט אַ קאַרטל נאָך אַ קאַרטל. ער האָט מיט זיין בלייפעדער שנעל נאָטירט.

— די רעזולטאַטן שטייגן איבער אַלץ, וואָס מיר האָבן דערוואַרט. אייערע פאָרשלאָגן זענען באַגרינדעט, אַז שיווי זאָל ווייטער אַרבעטן. זאָלן זיי צווישן זיך קאָנקורירן. צום וויכטיקסטן איז דאָס, אַז די אינטריגעס און אונטערשטעלן זיך פּיסלעך איז דעמאַסקירט געוואָרן. מיר וועלן אַרויסציִען ריכטיקע מסקנות...

★

שוין אַ וואָך צייט ווי אויפן אָרט פון יאַראָשן אַמטירט גענעראַל פּולטאָראַק. מיר קענען זיך, איך קען אים נאָך פון מיליטער. איך האַלט ביי זיך אַ פּאָטאָ. איך, בראש אַ באַטאַליאָן, ער, שטייט און נעמט אָפּ די שבועה. ער וועט מיך דערקענען? איך וווּנדער זיך, אָבער פאַר וואָס האָט ער מיך נאָך נישט גערופן?

אַ טעלעפאָן פון קאַדרן־דעפּאַרטאַמענט — עס רעדט דער וויצע־דירעקטאָר:

— איך וואָלט געוואָלט זיך מיט אייך זען.

— ביטע קומט אַריין.

— מיר איז נישט באַקוועם, בירגער ראַטגעבער.

— קיינער איז איצט ביי מיר נישטאָ.

— איך האָב אייער טעקע פאַפּירן — דאָ גייט אין אייער פּערזאָן.

ס׳האָט מיך געוווּנדערט; פון ווען רעדט ער צו מיר פער בירגער, אַנשטאָט חבר? ס׳האָט געקלונגען אין מיינע אויערן אין גאַנצן פרעמד.

— איצט האָב איך נישט קיין צייט, אפשר מאָרגן?

— ס׳איז נישט מעגלעך, אַ דרינגנדיקער ענין.

איך האָב עפּעס געהאַט אַ שלעכט פאַרגעפּיל. איך בין שנעל דורכ־געגאַנגען עטלעכע קאָרידאָרן. די סעקרעטאַרין האָט שטענדיק געהאַט גרייט אַ שמייכעלע ווען זי האָט מיך געטראָפן, דאָס מאָל האָט זי מיך קוים באַמערקט. מיט אַ שטייף פּנים האָט זי מיר אַ ווייז געטאָן, אַז איך קאָן אַריינגיין.

אין אַ רגע אַרום האָב איך באַקומען אַ באַפרייונג פון דער אַרבעט, לויטן פּאַראַגראַף 32, אַזוי ווי גאָר נישט לאַנג צוריק אינזשיניער וויניאַר־סקי. אויך די ספּעציעלע צוגאַבע, וואָס איך באַקום יעדן מאָנאַט, באַקום איך שוין נישט. אונטערגעשריבן: פּולטאָראַק.

איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען. איך האָב זיך דערמאָנט די ווערטער פון סעקרעטאַר אין אינסטיטוט: ס׳עקזיסטירט אַ טויטע האַנט... איך האָב זיך צו יאַראָשן נישט געוואָנדן... צוליב וואָס?

✶

איך האָב אָנגעקלונגען אין צענטראַל־קאָמיטעט. מיר איז געווען אינטע־רעסאַנט, ווי אַזוי וועט רעאַגירן די סעקרעטאַרין.

— דאָס זענט איר, איך האָב אייך שוין לאַנג נישט געזען. — האָט זי געצויבערט מיט איר אָנגענעם שטימעלע.

— איך בעט דעם חבר...

— ביטע.

— וואָס מאַכסטו?

— אָט, פאַרשידנס. איך וויל צו דיר אַריינפאַלן אויף איין שפּרונג.

— כאַפּ זיך אַרויף, דו האָסט געטראָפן אויף אַן איבעררייס.

אַ הויכער, דאַרער, אַ תפיסה־חבר, צוזאַמען געפּאַקט און געמאָזלט. ער האָט נערוועז געשפּרייזט אויפן טעפּיך.

— ס׳האָט זיך מיר עפּעס געהערט, אַז דו גייסט אַוועק צוזאַמען מיט יאַראָשן, דער עטאַט איז דאָרטן שוין נישט בויטיק. אָבער דאָס, וואָס איז געשען, איז אומדערהערט. דיך באַפרייען פון אָרט מיט אָט דעם פּאַראַגראַף?

— ביסט נישט אַריינגעגאַנגען צו אים?

— ניין, צו וואָס, ער האָט מיך נישט גערופן און איך האָב נישט געוואָלט זיך צו אים ווענדן.

— בקיצור מיין טייערער, גיי אַהיים. אין אַ שעה, צוויי, וועט אַלץ זיין דערליידיקט. איך וועל צו דיר אָנקלינגען.

*

איך האָב זיך געשלעפּט איבער די גאַסן. איך בין געווען טיף באַליי־דיקט. מאָמענטנווייז האָבן די הייזער געשווינדלט מיר פאַר די אויגן. נאָך אַ טראָט און איך וואָלט געלעגן אונטער אַ טראָליי־בוס.

איך בין אָבער צו זיך געקומען. מיט מיר איז דאָך נישט אַזוי שלעכט, האָב איך געטראַכט. וואָס טוען מענטשן, וואָס האָבן נישט אַזאַ שנעלן צוטריט צום צענטראַלן קאָמיטעט ?

ווען איך בין אַריין אין מיין וווינונג האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן.

— עס רעדט דער דירעקטאָר פון דעם קאַדרן־דעפּאַרטאַמענט. טייע־רער חבר ! איך וויל זיך מיט אייך זען.

— דרינגנדיק ? — האָב איך געפרעגט מיט אַן איראָניש טאָן.

— זייער אַ וויכטיקער ענין.

— איך וועל צו אייך נישט קומען.

— פאַר וואָס ?

— ווייל איך וויל נישט האָבן מיט אייער אינסטיטוציע קיין ענינים.

— דער גענעראַל פּאָלטאָראַק האָט צוריקגעצויגן דאָס אָפּזאָגן אייך פון דער אַרבעט.

— איך וועל מיט אייך נישט רעדן.

צו מאָרגנס פרי אַ טעלעפאָן :

— איך בעט אייך איבער, וואָס איך קלינג אַזוי פרי. עס רעדט די סעקרעטאַרין פון וויצע־פּרעזעס.

— עס שאַדט נישט.

— דער וויצע־פּרעזעס גענעראַל פּאָלטאָראַק בעט אייך זייער, איר זאָלט צו אים אַריינקומען 10 אַ זייגער.

פאַרן אַרויסגיין האָב איך אַרויסגענומען די פאָטאָגראַפיע פון פאַרטפעל, זי איז מיר שוין נישט נויטיק.

נאָך עטלעכע צענדליק מינוט בין איך אַריין אין קאַבינעט. דאָס לענג־לעכע פּנים, די געלע קאַרנאַציע פון זיינע באַקן האָבן זיך פאַררויטלט.

— דאָס זענט איר? — פּולטאַראַק באַגריסט מיך מיט אַ שטוינונג אויפן פּנים, ער הייבט זיך אויף מיט אַ האַסטיקן רעש. ער איז זייער זשעגירט...

— ווען האָבן מיר זיך ס'לעצטע מאָל געזען?

— אין אויטאָמאָבילן־באַטאַליאָן.

— יאָ, יאָ, דאָן שבועה.

— און פריִער? — די שווערע מאָנגאָלישע אויגן האָבן אַ מרוגע געטאָן.

— אויפן צפון־מערבדיקן, דאָרטן זענט איר געטראָפן געוואָרן, איך האָב אייך פאַרבונדן די ווונד.

— איצט געדענק איך גוט, איך בין אַריין אין אַקאָפּ און איר האָט מיך באַשיצט.

— אַ נאַרישער צופאַל, איך האָב אייער נאָמען פאַרגעסן, פשוט אַרויס־געפאַלן פון זכרון. אַנטשולדיקט דערפאַר וואָס ס'איז געשען. — ער האָט מיך אָנגעהויבן דוצן. פּולטאַראַק האָט פּרובירט מיך אַרומצוכאַפּן.

איך האָב אים געלאָזט מיט די אָפענע אָרעמס און כ'בין אַרויסגעגאַנגען פון קאַבינעט.

וואַרשע, 1963

# הונט, פערד און מענטש

ער האָט זיך דערמאָנט די ערשטע פרימאָרגנס, די ערשטע טעג. ענער־גיש אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, האַסטיק אויפגעפּראַלט דאָס פענצטער. איינס, צוויי, איינס, צוויי — אַ שנעלער טעמפּאָ, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. די דענישע גימנאַסטיק, געאיבט פיל יאָרן, האָט אים אויסגעצייכנט אויפ־געמונטערט. ער האָט געפילט, אַז ער אָטעמט ריטמיש און לייכט. די פיס האָבן געטאַנצט עלאַסטיש ווי ביי אַ באַלעטמייסטער.

פון דער קיך האָט זיך געטראָגן אַ גערויש. ער האָט זיך צוגעהערט, זיין פרוי און קינדער האָבן געגעסן פרישטיק און געגרייט זיך צו די טאָג־טעגלעכע ענינים.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט. „איך האָב געגוג צייט — האָט ער געטראַכט — זייער פיל צייט, די פאָרמאַלי־טעטן, וואָס איך האָב צו דערליידיקן, דאָס איז דאָך אַן אָפּקומעניש און נישט קיין אַרבעט". ער יאָגט זיך נאָך די פאַפּירלעך, פון פענצטער צו קאָרי־דאָרן, וואָס מאַכן אויף אים אַן איינדרוק פון מיטלאַלטערלעכע קאַטאַקומ־בעס. פענצטער, קליינע, גרויסע, טייל מאָל פאַרקראַטעוועטע, מאַכט דאָס אַן איינדרוק, אַז זיי גרענעצן אָפּ דעם באַאַמטן פון ציבור. ער דרייט זיך אָפּט פון אַ טיר צו אַ טיר, און נעבן יעדער שוועל האָט ער דאָס געפיל, אַז ער הענגט אין דער לופטן ביי אַן אָפּגרונט.

מיטן טאָג־טעגלעכן געלויף איז געוואַקסן זיין דענערוווירטקייט. ער איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט און געוווינהייטן.

זיין גאַנץ וועזן איז געווען צערודערט: ער האָט זיך קוים באַהערשט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס האָט מען אים דעמאָביליזירט? און דערביי נישט געקאָנט, אַפילו נישט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אפשר איז ער דיסקרימינירט? ער, וואָס האָט באַקומען די העכסטע קאָמפּאָרדנס? נײן, נאָך אַ מאָל נײן. ביי אונדז אין פאָלקס־פּוילן? ווייל דער טאַטע הייסט נאַטאַן און די מאַמע איזאַבעלאַ? אַזוי צו טראַכטן... נאַרישקייטן — „איך האָב קיין מאָל נישט געפילט, אַז מיין אָפּשטאַם איז עפּעס אַ שטערונג, נײן, נײן, נישט ביי אונדז אין סאָציאַליסטישן פּוילן". אָבער די פּערזענלעכע אַמביציע האָט אים נישט געלאָזט רוען. דער לויף פון דער צייט, מיט נישט האָבן וואָס צו טאָן, און וואָס מיט זיך צו מאַכן, האָט געגרייצט און דענערווירט.

און צו דעם אַלעמען פילט ער זיך נישט באַקוועם אין די ציווילע מלבושים. נישט איין מאָל האָט ער אויסגעהערט: ווי אַזוי פאַרקניפּסטו דעם קראַוואַט? שלימזל! מיינע קאָלעגן טראָגן אַזוי! — אַזוי... גאָט אין הימל! וואַנדאַ האָט איינגעבראָכן די הענט: קנעפּלעך! די קנעפּלעך! — פאַרקנעפּל זיי נישט אַלע דריי, אַן אַנצוג איז דאָך נישט קיין מונדיר, קיין אוניפאָרם? זיי נישט קיין בטלן, ביסט נישט אַזוי אַלט! האָסט נאָר וואָס געענדיקט 39 יאָר. מיין פּראָפעסאָר האָט 67 יאָר אויפן קאַרק, ער פילט זיך ווי אַ היינטצייטיקער בחור — ער פילט זיך יונג, שיינע מיידלעך האָט ער אויפן אויג! יעדע סעקס־באָמבע לאָזט ער נישט דורך!

פּולקאָווניק אַנאַטאָל קראַוזע האָט זיך גוטמוטיק צוגעהערט, געקוקט אויף וואַנדען און נישט רעאַגירט, ער האָט נישט געוואָלט, און אפשר מורא געהאַט, אַריינצופירן זיין פרוי אין די צווייפלונגען און דאגות, וואָס ער לעבט איבער.

איך צווייפל נישט, אַז דער פּראָפעסאָר פילט זיך גוט, ער איז אַ בעמיקער, נישט קיין אַרטילעריסט און נישט קיין... ער וועט תמיד באַקומען זיין אָרט און אַרבעט.

איין מאָל האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט און געזאָגט פאַרביטערט צו וואַנדען — „דו ווייסט גאָרנישט וואָס איך טראַכט וועגן דעם?" ער האָט נישט פאַרענדיקט, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און אַנטשוויגן געוואָרן...

אין די פרימאָרגן־שעהען, בלייבט ער שטענדיק אַליין. ער בלעטערט די מיליטערישע זשורנאַלן. ס׳האָט געקאָנט מאַכן אַן איינדרוק, אַז ער לעבט מיט לויפנדיקע געשעענישן, און מיטן לעבן פון די לעצטע יאָרן. נישט איין מאָל האָט ער אָנגעטאָן דעם מונדיר, פאַרקנעפּלט אויף אַלע לעכעלעך, אויף צו להכעיס אַלע מעשענע פּאָלירטע קנעפּלעך, מיט דעם אָדלער פון פּאָלקספּוילן אַן דער קרוין. ער האָט טייל מאָל פּאָזירט ביי דעם שפּיגל — „גאָר נישט שלעכט, אַפילו זייער גוט״,— האָט ער מיט זיך אַליין גערעדט. געמאַכט אַן אָנשטעל, דאָס היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק אַראָפּגעצויגן אויף דער רעכטער זייט. „וואָס פעלט מיר, זע איך נישט אויס ווי אַ כוואַט?״ דאָס פּנים שיינט מיט פרישקייט, די ברוינע אויגן ברענען ייִנגלעריש. אפשר איז דאָס אַ פאַלשע אָפּשפּיגלונג? מעגלעך, אַז דער שפּיגל פירט אים אַריין אין אַ טעות? „יאָ, ניין, וויכטיק איז ווי עס שאַצן אים די קאָלעגן און פריינד״.

טייל מאָל האָט ער געצווייפלט און פאַרלוירן די האָפענונג, אַז ס׳קענען קומען ענדערונגען, אָבער דאָך האָט זיין איינגעבוירענע וויטאַליטעט גע־נומען תמיד די אויבערהאַנט.

„עס וועט קומען די צייט און די גערעכטיקייט וועט זיגן״. און אויף ס׳ניי האָט ער פּאָזירט ביים שפּיגל, מיינענדיק, אַז די אָפּשפּיגלונג וועט אים דערמעגלעכן אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט. נישט איין מאָל האָט ער געפּרוּווט פאַרענטפערן די רעגירונג, די פּאַרטיי, דעם גענעראַל־שטאַב: אפשר זענען זיי גערעכט, ס׳קאָן אויך זיין אַ באַרעכטיקונג, עס זענען דאָ ייִנגערע ביי אַ בעסערן געזונט. אָבער, עס זענען דאָ פאַלן... פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען דער גענעראַל־קוואַטערמייסטער מיטן פּוסטן אַרבל, עלטער פון אים מיט אַ פופצן יאָר. דער פּאָלקאָווניק קשענזש... מיטן שוואַרצן טיכעלע איבערן אויג. ער, דער נישט דערבאַקענער, ער האָט שוין ווו ביט ווו, געאַמטירט אין אַ זייט — ער איז דאָך צוריק געקומען. און אַנאַטאָל האָט זיך דערמאָנט נאָך אַזעלכע פאַלן: זיי האָבן נאָך אַוואַנ־סירט... וועגן אַן אַוואַנס גייט מיר גאָר נישט. כאַפּט זיי די כאָלערע, אָבער פּלוצלינג אַן אינוואַלידן־פּאַראַגראַף?

ער האָט דערפילט אַז וואָס ווייטער איז אים שווער צו באַהערשן זיך. זיין אומרויִקייט איז געוואַקסן.

צי איז מעגלעך, אַז די געשיכטע זאָל זיך איבערחזרן? די פראַגע האָט אים נישט געלאָזט רוען. ער האָט געפילט אַז ער ווערט דעקלאַסירט, ממש אַראָפּגעשטויסן פון די רעלסן, ער האָט נישט געוואָלט אין דעם זיך מודה זיין. געפילט זיך עפּעס שולדיק, אַפילו פאַר דער עוזרת אַננען, וואָס קומט רוימען און קאָכן? אַננאַ איז אַ סך עלטער פון אים, און זי אַרבעט. און צו דעם אַלעם איז זי געווען אַ לעבעדיקער עדות פון זיינע אַוואַנסן און...

מיט געמישטע געפילן האָט ער באַטראַכט די אַרדן־בענדלעך, די זיל־בערנע שטערנדלעך אויף דעם שוואַרץ־בלאָען גאַלאָן, נעבן דער אָפּצייכע־נונג פון אַבסאָלווענט פון דער מיליטערישער אַקאַדעמיע, וואָס ער האָט פאַרענדיקט עטלעכע וואָכן פאַרן שיקן אים אין רעזערוו. „די געשיכטע חזרט זיך איבער — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. וועמענס געשיכטע? ווער בין איך? פון וואָס און פון ווען אָנהייבן. ווו אָנהייבן זוכן? אפשר פונעם עלטער־זיידע, וואָס האָט געענדיקט אַן אָפיציר־שול אין איטאַליע? און איז געלאָפן איבער גרענעצן קיין פּוילן, קעמפן און וואַלגערן זיך אין וועל־דער, קעמפן מיטן צאַרישן מיליטער? דער אויפשטאַנד אין 1863 האָט גע־רופן: האָט זיך דער עלטער־זיידע געשטעלט. די גלאָריע האָט אים גע־קרוינט, אַ פאַרדינטע, אָבער באמת נאָר אין דער משפחה...

אַנאַטאָל קראַוזע האָט נישט איין מאָל געלייענט וועגן בערעק יאָסע־לעוויטש (*), וואָס האָט קאָמאַנדירט מיטן יידישן רייטערפּאָלק אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל קאָשטשושקאָ.

---

(*) בער יאָסעלעוויטש, געבוירן אין 1764, אין קרעטינגע, ליטע, געשטאָרבן אין יאָר 1809, פּולקאָווניק אין דער פּוילישער אַרמיי. אין יאָר 1794 אָנגעפירט מיט אַ יידישן לייכטן קאַוואַלעריע־פּאָלק; נאָכן פאַלן פון פּוילן אין יאָך פון צאַרישן רוסלאַנד, איז בער יאָסעלעוויטש אַנטלאָפן קיין איטאַליע, ווו ס'האָט זיך פאַרמירט דער פּוילישער לעגיאָן אַלס טייל פון דער נאַפּאָלעאָנישער אַרמיי; ער האָט אָנטייל גענומען אין דער קאַמפּאַניע אין יאָר 1805 אין די רייען פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, גענומען אויך אָנטייל אין דער שלאַכט ביי אוסטערליץ, אין יאָר 1807 האָט ער זיך באַפרייט פון פראַנצויזישן מיליטער און זיך געשטעלט צום דינסט פון דער פּוילישער אַרמיי. ער האָט מסכים געווען צו פאַרנעמען אַ נידעריקע פונקציע, און איז באַשטעטיקט געוואָרן אַלס קאָמאַנדיר פון אַן עסקאַדראָן אין 5טן קאַוואַלעריע־פּאָלק. אָנפירנדיק מיט אַ קאַוואַ־לעריע־פּאָלק איז ער אומגעקומען אין קאַמף מיט די עסטרייכער ביי קאָצק דעם 5טן מאַי 1809.

נישט די יום־טובדיקע־זיסלעכע דערציילונגען — קאַכאַימי שע...
געפונען גאָר עפּעס פאַרוואַלגערטע זכרונות ווו ס׳וויקלט זיך דורך ווי אַ שלעכטער געפיל, דער אומווילן, די קנאה צום פולקאָווניק בערעק יאָסעלע־וויטש אַלס ייד. ער האָט נישט איין מאָל געניגט דעם קאָפּ, פאַרן פּרייז, אַז מען זאָל אים דערלויבן קעמפן, זיין אין די רייען. דער שטאָלצער נאַפּאָ־לעאָנישער פולקאָווניק, קאַוואַליר פון ערן־לעגיאָן־אָרדן. ער האָט נישט איין מאָל מסכים געווען מע זאָל אַראָפּנידעריקן זיין ראַנג און פונקציע: אין דער צייט ווען אַנדערע „לאַנדסלייט" האָבן זיך אַרומגעריסן פאַר כבוד און פּאָסטנס.

אַנאַטאָל קראַוזע האָט אַ זוך געטאָן אין שרייבטיש. „די געשיכטע חזרט זיך דאָך איבער" — האָט ער געמורמלט אונטער דער נאָז. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ קאָפּיע פון אַן אַלטן דרוק, אַן אָפּגעבלאַקעוועטע קוים איבערצולייענען, זיי האָבן געשטאָכן אין די אויגן. יוסף בערקאָוויטש איז געגאַנגען אין טאָטנס וועג: געקעמפט און געבלוטיקט, געפאַלן פאַרוווּנדעט, געזונט געוואָרן און ווייטער געקעמפט. דער העלדישער אָפיציר איז געפאַלן אַ קרבן פון אַ רעאָרגאַניזאַציע אין דעם מיליטער פון קעניגרייך פוילן... פולקאָווניק קראַוזע האָט געלייענט, און יעדעס מאָל האָט ער עפּעס געפו־נען, ער האָט זיינע אייגענע אויגן נישט געגלויבט! מען האָט יוסף בערקאָ־וויטשן אַוועקגעשיקט אויף אַ פריציייטיקער רענטע.

נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אים די אויסצאָלונגען פאַרהאַלטן. „אַ רויב אין העלן טאָג", האָט אַ טראַכט געטאָן אַנאַטאָל. דער אָמט האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז זיין מוטער איז שוין געשטאָרבן, און ער נעמט, נישט באַרעכטיקט, די רענטע. מען האָט אַזוי געדרייט מיטן גראָבן פינגער, אַז ער האָט זיך געמוזט פאַרצעסירן. לאַנג האָט זיך געצויגן די פרשה, דאָס גליק איז געווען, וואָס זיין מאַמע האָט דערלעבט דאָס געווינען דעם מאָנס־טרואַלן פראָצעס.

„הינטיש איז זייער בלוט", האָט אַ ברום געטאָן דער פולקאָווניק קראַוזע. „די געשיכטע חזרט זיך איבער" — איצט לויף איך אַרום ווי אַ פאַרסמטער. אָבער דאָך האָט בערקאָוויטש געוווּנען, די גערעכטיקייט האָט געזיגט. אַנאַטאָל האָט אָנגעהויבן אַרומקרייזן איבערן צימער, פאַרטראַכט זיך, ער האָט געוואָלט זיין ערלעך און אָביעקטיוו.

דער אמת איז, אַז פּוילן איז יענע צייטן איז געווען אָנגעגאַנגען ווי אַ קעניגרייך: געהאַט אַן אַרמיי, און אַן אייגענע אַדמיניסטראַציע... „דער צאַר באַטיושקאַ" האָט זיך געקרוינט אַלס פּוילישער קעניג, זיין ברודער קאָנ־סטאַנטין איז געווען דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון קעניגלעכן פּוילישן מילי־טער. נו, וואָס פאַר אַ וואונדער, אַז צוליב דעם אַלעם, איז נישט געווען קיין אָרט פאַרן זון און אייניקל פון פּולקאָווניק בערעק יאָסעלעוויטש?

אַנאַטאָל קראַוזע האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה: אין יענע צייטן איז קיין שפּור נישט געבליבן פון דער קאָנסטיטוציע פון 3טן מאַי, פון די מאַניפעסטן פון קאָשטשושקאָ. דאָס דעמאָקראַטישע פּוילן האָט פאַרשפּילט און פאַרלוירן די אומאָפּהענגיקייט. צוזאַמען מיט איר האָט פאַרשפּילט דער מאַיאָר בערקאָוויטש און זיין זון פּאַדפּאָרוטשניק לעאָן — דאָס אייניקל פון לעגענדאַרן פּולקאָווניק בערעק יאָסעלעוויטש.

איצט... פּוילן און ראַטן־פאַרבאַנד... אַנאַטאָל קראַוזע האָט זיך געפילט ווי אַ גערודפטער אין אַ בלינד געסל... ער האָט נישט געהאַט קיין מוט טראַכטן ביזן סוף. אַנאַלאָגיעס האָבן זיך געטראָגן און געשטופּט פון אַלע זייטן...

— דער מאַיאָר יוסף בערקאָוויטש און זיין זון לעאָן האָבן עמיגרירט, געדרייט זיך נעבן די פּוילישע עמיגראַנטישע קרייזן. נישט דערוואָרעמט קיין אָרט אין פראַנקרייך, ווייטער געזוכט אַ מקום־מקלט. געוואָרן ערגעץ פאַרפאַלן. נאָך די יאָסעלעוויטשעס איז נאָר געבליבן אַ לעגענדע.

„צו וואָס פאַר אַ פאַרגאַנגענהייט דאַרף איך אָנבינדן, ווו דאַרף איך זוכן אַן אויסוועג?" אויף די געדאַנקען איז אים געקומען די אָנטשטייענדיקע מדינת ישראל. ער האָט אויסגעצויגן די האַנט צו די פּאַליצעס און אַ זוך געטאָן מיט די אויגן די ענציקלאָפּעדיע מיטן ישר, ישר, ישר...

ס׳האָט אַ ביל געטאָן אַ הונט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנטזייגער. ס׳דערגייט צו 11. אין עטלעכע מינוט אַרום קומט די עוזרת. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם מונדיר און בליץ־שנעל אָנגעטאָן די ציווילע „שמאַ־טעס", אָנטוענדיק דאָס רעקל האָט ער עס פון געוווינהייט פאַרקנעפּלט אויף אַלע קנעפּלעך.

ס׳האָט זיך דערהערט דאָס שאָרכן פון אַ שליסל ביי דער טיר. דער הונט האָט געוואָרטשעט פון פרייד. ס׳האָט אַ סקריפּע געטאָן די טיר, דאָס

שפרינגען פון הונט איז געוואָרן שנעלער און האַסטיקער. — גענוג! גענוג!
— האָט זיך דערהערט אַ פּרויען־שטימע. — אך, דו ווילדע חיה, ביסט פאַר מיר צו שווער, וועסט מיך אומוואַרפן.

אין דעם שיינעם האָל איז געשטאַנען אַ הויכע, דאַרע פרוי, זי האָט זיך געאַמפּערט מיט אַ גרויסן הונט, וואָס האָט אָנגעשפּאַרט זיינע לאַפּעס אויף אירע אָרעמס און געשמאַק געלעקט איר פּנים.

— לאָרד, צום פוס!

דער הונט האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן, געוואָרפן זיך צו אַנאַטאָלן, און שטיין געבליבן ביי די פיס. זיצנדיק אויף די הינטערשטע לאַפּעס, האָט ער געעפנט דעם פּיסק, אַרויסגעשטעקט די צונג, געוואָרט אויף אַ באַפעל. אין אַ רגע אַרום האָט זיך דער וואָלף־הונט געלייגט אויפן רוקן און געפּאַכעט מיט די לאַפּעס אין דער לופט, אויסגעגלאָצט די געטרייע אויגן אין פּנים פון בעל־הבית. „דו נישט דערצערטלטע חיה", האָט זיך צעלאַכט אַנאַטאָל. ער האָט זיך איינגעבויגן און געגלעט דעם הונטס בויך און מיט די פינגער לייכט געקיצלט זיין האַלדז. דער הונט האָט פון תענוג שטיל געוואָרטשעט און געפּאַכעט מיט די לאַפּעס.

— נישט דערצערטלטער... הם, הם, — האָט געמורמלט אַננע — ווער וועט דאָס גלויבן? דער הער פּולקאָווניק צעבאַלעוועט לאָרדן אַממייסטן.

די אַלטע פרוי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס קוישל מיטן גרינוואַרג. זי האָט אויסגעטאָן דעם קאָווערקאָטענעם מאַנטל, מיט אַ ברייטן קאָלנער. אַ גלעט געטאָן די גרויע האָר, וואָס זענען געווען גלאַט פאַרקעמט, און פאַרקנופּט מיט אַ שוואַרץ סאַמעטענעם בענדל. מיט דער אָפענער האַנט האָט זי אַ ביסל אויסגעגלייכט דאָס שוין זייער אָפּגענוצטע גראַנאַטענע קליידל, וואָס האָט דערגרייכט ביז די קנאָפּל.

— אַזוי זעט אויס דער אמת, — דער נישט געפעלשטער אמת, קיינער צעבאַלעוועט נישט אַזוי דעם הונט, דאָס זעט מען... אַז מען האָט אַ סך צייט... — זי האָט זיך אַ ביס געגעבן אין דער צונג, פאַרביסן די ליפּן, און די רעשט ווערטער נישט דערזאָגט.

פּולקאָווניק קראַוזע איז שוין צו דעם פלוידערן געווען צוגעוווינט, די ערשטע צייטן האָט איר כניקעווען אים טייל מאָל אויפגערעגט. וואָס האָט מען געקאָנט טאָן? אַן עוזרת איז געווען שווער צו געפינען: עלטער פון

אים אַ קנאַפּע צוואַנציק יאָר, האָט זי געאַרבעט אויף צוויי פּאָסטנס, אַ דאַנק דער האַרעוואַניע האָט זי אויסגעהאַלטן זיך און איר אייניקל, וואָס האָט געלערנט אין אַ שול. קראַוזע האָט זי יאָרן אָבסערווירט, געקענט אירע געוווינהייטן און זיטן, אַנגע האָט אויך געוווּסט צו דערציילן מעשׂיות, און גלייכווערטלעך צו יעדער צייט און געברויך. זי האָט אויך געוווּסט אַלץ, וואָס מען דאַרף און מען דאַרף נישט, געווען באַקאַנט מיט יעדן לאָקאַטאָר און סובלאָקאַטאָר. פֿאַר איר חוש און ריח האָט מען גאָרנישט געקאָנט באַהאַלטן. זי האָט געאַרבעט ביי דער משפּחה קראַוזע לענגער ווי אַלע הויזדינערינס פֿון אַרום, זי האָט אויך געהאַט נאָענטע קאָנטאַקטן מיט דער הויזדינערשאַפֿט, אַפֿילו פֿון די בלאָקן 2, 1.

נעכטן, אַריינגייענדיק אין דער קיך, האָט ער געטראָפֿן די עוזרת פֿון זיין קאָלעגע מאַיאָר קראַוויעץ. דורכגייענדיק אין דער קיך, האָט ער דער־הערט געשפּרעכן. ער האָט איינגעהאַלטן די טריט. מען האָט געשמאַק גע־רעדט וועגן אים, וועגן באַציִונגען און קאָנטאַקטן מיט זיינע קאַמפּס־חברים, וואָס האָבן זיך געריסן, צוליב די סיבות וואָס זענען אַלעמען באַוווּסט... יאָ, יאָ — האָט צוגעטאַקעוועט אַנגע — מען האָט אים דעם כּבוד צוגענומען... געטאָן אַ טובה ווי דער קשאַנדז מאַגדען... דאָס יונגע מיידל, צעפּלאַמט פֿונעם געשפּרעך האָט, דערזעענדיק דעם אַריינגייענדיקן פּולקאָווניק קראַוזע, זיך פֿאַרלוירן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און זיך שנעל אָפּגעטראָגן. אַנגע האָט אַ כאַפּ געטאָן עפּעס אַ טאָפּ און געשוויגן. אַננאַס פּנים, פֿאַרוואָלקנט פֿון דראָבנע קנייטשעלעך, האָט פֿאַרראַטן איר באַהאַלטענע פֿאַרלוירנקייט.

„זיכער פּרישע רכילות — האָט געטראַכט קראַוזע זעצנדיק זיך צום שרייבטיש. — דאָך, מוז איך זיך מודה זיין, אַז די מעשׂיות זענען נישט אויסגעזויגן פֿון פֿינגער. אַ יאָר צוריק, איז די פּלוידעריי נישט ווערט גע־ווען אַ שמעק טאַבאַק, היינט טאָר מען נישט דאָס רעדעריי גרינגשעצן".

אויפֿן שרייבטיש זענען געלעגן פֿאַרשריבענע קאַרטלעך פּאַפּיר. לייע־נענדיק האָט ער געהאַט אַ זויערע מינע. ס'איז נישט אַרויס, — ענלעך צו אַ ראַפּאָרט, אין בעסטן פֿאַל אַ רעגולאַמין. שוין עטלעכע מאָל געלייענט די נאָטיצן. די געוווינהייט צו קאַרגע מיליטערישע זאַצן, אין פֿאָרמולירונ־גען, נעמט ביי מיר די אויבערהאַנט — האָט געטראַכט קראַוזע. ער האָט

זיך דערמאָנט די ערשטע, געשריבענע קאָנספּעקטן. — צו פיל וואַסער. פאַנטאַזיע, פאַנטאַזיע — קוועטשט אַרויס דאָס לעצטע ביסל טינט: אַ קאָנספּעקט איז נישט קיין שול־חיבור און אויך נישט קיין בעלעטריסטיק — האָט געחוזקט דער אינסטרוקטאָר פון טאַקטיק.

אַ נישט צופרידענער, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, אָנגעהויבן שפּרייזן איבערן צימער. גענומען דעם שער־בלאַט, אַ קוק געטאָן אויפן טיטל „זכרונות פון אַן אָפיציר אין דער רײַטער־אַרטילעריע". אַ שפּאָגנײ־דיקער טיטל, דוכט זיך אַ ביסל צו לאַנג. ער האָט אַראָפּגענומען פון דער פּאָליצע אַן אַלבום אין אַ לעדערנעם פּראַכטבאַנד, אויסגעריבן און פאַר־פלעקט פון אַלע זייטן. דעם אַלבום האָט ער דורך אַ נס געפונען הינטער די רויִנען פון טאַטע־מאַמעס דירה. נעמענדיק אים אין דער האַנט האָט ער תמיד געהאַט דאָס געפיל, אַז ער קערט זיך אום צו אַ וועלט, וואָס האָט קיין מאָל נישט עקזיסטירט. פאָטאָגראַפיעס פון קינדער־יאָרן אין היימישן גע־זינדל. דער זיידע אין אַ פלאַכן שטרויענעם הוט, די באָבע אין אַ פּרעכטיקער פּאַנאַמע מיט שטרויספעדער, איינגעשנורעוועט אין גאָרסעט. דער טאַטע, מאַמע, שוועסטער, און ער, אין אַ מאַטראָזן־מלבושל, אויפן קאָפּ אַ באָסמאַן־היטעלע. צוקוקנדיק זיך צו די אַלטע, אָפּגעבלאַקעוועטע פאָטאָגראַפיעס, האָט ער זיך דערפילט עלטער, ווי ער איז באמת געווען. זיינע אָבות האָבן אויסגעזען יינגער פון אים. היינט איז נאָר אַ זכר נאָך זיי פאַרבליבן. ווו, און ווי אַזוי, זענען זיי אומגעקומען, קען ער זיך נאָר פאָרשטעלן...

אַ בילד פון ערשטן יאָר אין מיליטער, אַן אַרטילעריסט מיטן גאַנצן קנאַק, דאָס פּנים קיילעכדיק יינגלעריש, אַ שווערע שווערד ביי דער זייט, די רימענס גראָבע אַזוי ווי דער שפּאַן ביי די פערד. דורכגעמאַכט אַ שאַרפע שול, מען האָט זיך מיט אים נישט געצערטלט. די קריגס־קאָמפּאַניע פון יאָר 1939 ; די דורכגעשאָסענע האַנט העגגט פאַרבונדן. ס'איז אים געלונ־גען, ער איז אַריבער אויף דער צווייטער זייט : ברעסט־ליטאָווסק, קאָברין, קאָלוגאָ, סאַמאַרקאַנד. נאָך אַ מאָל אין מיליטער, דריי מאָל פאַרוווּנדעט. דער פראָנט אַלץ נענטער און נענטער צום האַרץ פון היטלערס דייטשלאַנד — בערלין. ענדלעך איז ער דערגאַנגען — ער האָט אַ קאָרעגיר געטאָן אין די געדאַנקען — נישט מאַרשירט — נאָר געריטן, טייל מאָל אין גאַלאָפּ — סטאָפּ ! אַן פאַנטאַזיע.

בערלינערשטראַסע, די גראָבע מויערן פון דער פּאָליטעכניק האָבן דערמעגלעכט די דייטשן שטעלן אַ האַרטן ווידערשטאַנד. די פערד זענען געפאַלן, מען האָט מיט די הוילע הענט געשטופּט די האַרמאַטן צו אַ דירעקטן פייער. ווער עס וועט דער ערשטער שיסן האָט אַ שאַנס, אַזוי ווי אין אַ דועל אויף פּיסטאָלעטן. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. מען האָט געלאָזט הינטער זיך טויטע און קוים לעבעדיקע. נאָר פאָרויס, פאָרויס! שׂריפות און חורבות האָבן געצייכנט דעם וועג — דעם אָנגריף: טירגאַרטן און ספּאָרט־סטאַדיאָן.

ער איז געפאַלן הילפלאָז מיטן קאָפּ פאָרויס. מען האָט אים אַרויסגעצויגן פון אונטער דעם פייער איינשטעלנדיק דאָס לעבן, און געלייגט נעבן אַ וואַנט. די האַרמאַטן האָבן געשאָסן. קראַוזען האָבן האַמערס געקלאַפּט אין קאָפּ, אין דער זייט האָט געריסן, ס׳האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ געדיכטער נעפּל.

אין שפּיטאָל האָט ער זיך באַקאַנט מיט וואַנדען. צום אָנהייב האָט זי אים דענערווירט. דאָס שוועסטער־היטעלע האָט זי געטראָגן מאָדנע און חוצפּהדיק, זי האָט אים אויך נישט באַמערקט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער דערפילט, אַז וואַנדע מאַכט אַן אָנשטעל, זי זעט אים גוט, זייער גוט. איין מאָל ביים איבערבינדן די באַנדאַזשן האָט ער געדרייט מיט דער נאָז. ער האָט נישט פאַרטראָגן דעם ריח פון פערפום.

— וואָס פאַראַ ריחות האָט איר גערן, קאַפּיטאַן קראַוזע? — האָט אַ פרעג געטאָן וואַנדע מיט אַ קוים באַהערשטער שטימע.

— פערדישע — האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן. וואַנדע האָט אַ ביס געטאָן די ליפּן, זי האָט גאַרנישט געזאָגט און אַרויס פון צימער.

במשך פון עטלעכע טעג האָט זיך וואַנדע נישט באַוויזן. אַנאַטאָל האָט געהאַט געוויסנס־ביסן און זיך וועגן איר נאָכגעפרעגט. פאַרן אָוונטברויט איז זי געקומען, האַלטנדיק אין דער האַנט אַ שפּריצער. זי האָט זיך געזעצט אויפן טאַבאָרעט, ער האָט זי דיסקרעט אָבסערווירט, דערזען פריילעכע פונקען אין די אויגן. ער האָט זי איבערגעבעטן, זי האָט געשוויגן. אַ שיין מיידל, האָט ער געטראַכט, מיט אַ קלוגן בליק, דאָס נעזל לייכט פאַררייסן און ראָזע באַקן:

— ווי פילט איר זיך, קאַניוך איינער? — האָט זי פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

— בעסער און ערגער — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ נישט זיכערער שטימע. וואַנדען האָט ער נישט געקוקט אין די אויגן, ער האָט זיך געפילט שולדיק. ער האָט זיך צוגעקוקט צו אירע ליפּן. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז אויפן אָרט פון מויל האָט זי אַ רויטן קאַרש, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין צוציִענדיק און געשמאַק.

— וואָס שייך ריחות בעט איך אַנטשולדיקונג. — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

וואַנדע האָט געשוויגן, זי האָט אַנגערירט מיט די שפּיצן פינגער זיין אָדער אין אָרעם, אַריינגעפירט די נאָדל און לייכט מיט איר געזוכט. זי האָט פריי געלאָזט דאָס גומי־בענדל און אַריינגעשפּריצט אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן.

— דו ביסט מיר מוחל? — האָט ער געפרעגט אַ ביסל העכער? וואַנדע, נישט אויפהייבנדיק די אויגן האָט געענטפערט מיט אַ שוואַכן „יאָ" און איז אַרויס פון צימער.

שפּעט אין אָוונט איז קראַוזע איבערראַשט געוואָרן צוליב וואַנדעס אומגעריכטן אַריינקומען. שמייכלענדיק האָט זי אים דערלאַנגט אַ בוקעט רויטע נעלקען. ס׳איז אים געוואָרן הייס, ער האָט געפילט, אַז ער האָט זיך פאַררויטלט, פון געררירטקייט האָט ער נישט געפונען קיין פּאַסיקע ווערטער, ער האָט קוים אַ מורמל געטאָן — „אַ דאַנק".

וואַנדע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט, אַריינגעקוקט אים אין די אויגן זאָגנדיק:

— רעד עפּעס, דו פערד־יונגאַטש! קענסט רעדן וועגן קאַבילעס, אַגערס, אַפילו וועגן פערשעראַנען.

— וואַנדע — האָט קראַוזע שטיל געפליסטערט, — איך בין נאָך אַלס רעקרוט געווען אַן אַרטילעריסט אין פערדישן געשפּאַן. איך האָב אַ שטיק פון מיין לעבן פאַרבראַכט מיטן קאַלטן אייזן און וואַרעמע פערד. מיט מיידלעך, פרויען... — ער איז שטיל געבליבן. — דעם אמת געזאָגט, ווייס איך נישט וואָס איז דאָס ליבע: אמתע ליבע — האָט ער צוגעגעבן... — איך האָב נישט געהאַט קיין געלעגנהייט, עפּעס ערנסטער איבערצולעבן.

רעדנדיק מיט איבעררייסן, איז ער געווען אַזוי גערירט, אַז די שטימע האָט ביי אים געציטערט. וואַנדע האָט מיט די פינגער אים אַ לייכט צערטל געטאָן די האַנט. ער האָט אָפּגעאָטעמט. קוקנדיק אויף איר, האָט ער גע־דאַנקט מיט די אויגן.

— פערדישע און פרויען־ריחות האָבן זיך ביי דיר צוזאַמענגעמישט, און דו ווייסט נישט וואָס איז בעסער, וואָס דו דאַרפסט אויסקלייבן?

— אַנטשולדיקט, איך וויל דיר זאָגן דעם אמת, איך האָב נישט ליב פּערפומען מיט וואַלעריאַן־טראָפּנס.

וואַנדע האָט צוזאַמענגעצויגן די ברעמען, זי האָט אים אַריינגעקוקט אין די אויגן, זאָגנדיק:

— דו וועסט שטענדיק פאַרגלייכן אַ פרוי צו אַ קלאַטשע!

אַנאַטאָל האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, זיך פאַרענטפערן, ער האָט זיך מיט מי אָנגעשפּאַרט אויפן עלנבויגן.

— איך זע דיך דורך און דורך. שוין אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועסטו אַרויסגיין אויפן ערשטן שפּאַציר; וועסט אָנטאָן דעם מונדיר, דאָס היטל אויפן קאָפּ אָנטאָן אויף אַ זייט, מיט די אויסגעפּוצטע שטיוול. און וויאָ, העטאָ, וויאָ, זיך אַ יאָג טאָן נאָכן ערשטן בעסטן פלירט. אַוועקזעצן זיך אויף אַ באַנק אין שטאָטישן פּאַרק. איך זע דיך ווי דו זיצסט און אָבסערווירסט יונגע פרויען. וועסט זיי געהעריק טאַקסירן. איך הער נישט אויף צו טראַכטן: פרויען און קאָבילעס... וועסט באַוווּנדערן און צמאָקען — וואָס פּאָר אַ קאָפּיטעס, וואָס פּאָר אַ פילבאַרער גאַנג, וואָס פּאָר אַ הינטן. זעט אויס צו זיין ווייך אין דער מאָרדע, מען קאָן זיך באַגיין אָן אַ מונשטוק, די ברוסט אַ ברייטע, גוט געבויט — מוסקולירטע. אַך, אַך! דאָס קעפּעלע, די נאָזלעכער, אַך, אַך! אָבער זי שמעקט נישט ווי פון אַ גוטן שטאַל.

וואַנדע האָט גראַציעז געקרייזט אין צימער, יעדעס מאָל אונטערגע־שטראָכן דאָס וואָס זי האָט באַצייכנט מיט אַ טייל פון קערפּער. אַנאַטאָל האָט געהירזשעט און געלאַכט, ער האָט זיך געוואַלגערט אין בעט, פאַרגעסן די ווייטאָגן.

— איך קאָן נישט, איך וועל נישט אויסהאַלטן. — ער האָט זיך גע־האַלטן ביי דער זייט, ער האָט זיך קוים באַהערשט.

— וואַנדע, דו רעדסט מיט אַ לשון, וואָס עס באַנוצן זיך פערדקענער. דו ביסט זיכער אַ גוטע רייטערין. — און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די ליבע־שפּיל צווישן וואַנדען און אַרטילעריע־קאַפּיטאַן אַנאַטאָל קראַוזע.

ס'האָט זיך דערהערט אַ דראַפּען ביי דער טיר. אַנאַטאָל האָט איבער־געריסן די געדאַנקען וועגן פערד, קאַבילעס און וואַנדען, וואָס האָט אַ יאָר נאָך דער מלחמה, געבוירן צוויי טעכטערלעך: איינס אַ שוואַרץ האָריקס און דאָס צווייטע אַ בלאָנד־גאָלדיקע.

ער האָט געעפנט די טיר, עס איז אַריין דער צעבאַלעוועטער לאָרד. דער הונט, פאָכנדיק מיטן ווידל, האָט אַ שפּרונג געטאָן און באַלעקט אַנאַטאָלס פּנים. — זיץ! — איז געפאַלן דער באַפעל. זיצנדיק האָט לאָרד נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון בעל־הבית. אַנאַטאָל האָט צוזאַמען גע־שטעלט צוויי שטולן נעבן זיך. דער הונט האָט שוין פאַרשטאַנען, ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אַנטקעגן און געוואַרט אויפן באַפעל. — קריכן! לאָרד האָט גענומען קריכן אויפן בויך, ווי אַ סאָלדאַט אונטער אַ האָגל פון קוילן. — נאָך אַ מאָל! — דער הונט האָט אויסגעפילט די קאָמאַנדע פלייסיקער ווי אַ סאָלדאַט.

נאָך עטלעכע איבונגען האָט אַנאַטאָל געמאַכט אַן איבעררייס, ער האָט אַ גלעט געטאָן דעם הונטס קאָפּ. צוגעגאַנגען צום באַרל מיט געטראַנקען, פון אַ בייטעלע אַרויסגענומען אַ טרוקענע פלוים און דערלאַנגט לאָרדן. דער הונט האָט גענומען וואַרטשען. אַנאַטאָל האָט דערלאַנגט די פלוים נעענטער און נעענטער. דער הונט האָט זיך צוריקגעצויגן און געבילט העכער און העכער. אַנאַטאָל האָט אָבסערווירט דעם הונט, ער איז געווען צופרידן. ענדלעך האָט ער די טרוקענע פלוים איבערגעלייגט פון דער רעכטער האַנט צו דער לינקער. לאָרד האָט זיך באַרויִקט. נאָך עטלעכע סעקונדן האָט קראַוזע אים דערלאַנגט די פלוים מיט דער לינקער האַנט. דער הונט האָט אַ שפּרונג געטאָן און אַ כאַפּ געטאָן זיין באַליבטן נאַש. ביידע זענען געווען צופרידן. לאָרד פון דער מתנה, און אַנאַטאָל פון די קענטענישן צו טרעסירן זיין הונט.

— מיר גייען שפּאַצירן! — לאָרד האָט אַ פאָכע געטאָן מיטן ווידל
— ברענג דאָס בערשטל!

לאָרד האָט רעאַגירט מיטן בליק און זיך נישט גערירט פון אָרט. — מען גייט שפּאַצירן! גיב דאָס בערשטל וועל איך דיך אויסקעמען. — ער איז אַוועק. אַנאַטאָל האָט געוואַרט און נישט געווען זיכער צי דער הונט האָט פאַרשטאַנען אַזש צוויי באַפעלן. נאָך אַ פּאָר מינוט האָט ער זיך באַוויזן מיטן בערשטל אין פּיסק.

פּולקאָווניק קראַוזע האָט גערייניקט דעם הונט ווי אַמאָל דאָס פערד, נאָר מיט דעם אונטערשיד אַז ביים פערד איז ער געשטאַנען, און איצט איז ער געזעסן אויף אַ שטול.

פּוצנדיק דעם הונט האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיינע לעצטע איבערלעבונגען מיט מענטשן און פערד. אויפן געדאַנק איז אים געקומען דאָס איבערגיין פון פערדישן געשפּאַן אויף מאָטאָריזירטע אַרטילעריע. דעם אויסטויש האָט מען געמאַכט שטופּנווייז, אָפּהענגיק איז דאָס געווען פון די קענטענישן צו באַהערשן די מעכאַניזאַציע.

אים פּערזענלעך איז דאָס אָנגעקומען גאַנץ שווערלעך. דער ניי געבויטער גאַראַזש האָט געעיפּושט מיט בענזין און סמאַראַווידלע. קאַלטע שטומע מאַשינען האָבן געסטראַשעט אין זייער פּאַראַליוועטקייט: זיי האָבן נישט רעאַגירט און נישט געווען פּילבאַר אויפן דערנענטערן זיך פון אַ מענטש, אויף זיין צערטלענדיקער האַנט און שטימע.

אָבער דער שטאַל האָט געווירקט אויף אַנאַטאָלן מיט זיין וואַרעמקייט און שאַרפן פערדישן שווייס: דאָס געהער, מיט אַ שטילן אינטימען הירזשען, דאָס דריבלען מיט די פיס און קלאַפּן מיט די קאָפּיטעס. ער האָט זיך דערמאָנט זיין לעצטע אינספּעקציע אין שטאַל פון 3טן דיוויזיאָן. ס'איז געווען שטיל און געמיטלעך, ציכטיק, ריין — ווי געוויינלעך. דער דיזשורנער אונטעראָפיציר אין שטאַל האָט האָפּערדיק אָפּגעצימבלט דעם ראַפּאָרט. די פערד פון די ערשטע שטעלונגען האָבן אויסגעדרייט די קעפּ און אָנגעשטאַרט די אויערן.

ער האָט קאָנטראָלירט די אויסשטאַטונג, די זאָטלען, דערקעס, קאַנטאַרס, מעטאַלענע טיילן זענען געווען גוט געפּלעגט. דער נערוועזער וואַלאַך האָט געקלאַפּט מיט די קאָפּיטעס און געשצירעט די ציינער. דער שוואַרצער פון דער צווייטער זייט האָט הויך געהירדזשעט, ס'האָט געמאַכט אַן איינדרוק אַז ער בייזערט זיך אויפן נערוועזן: אַז ער פאַרשטייט נישט

די געשאַפּענע לאַגע. דעם האַרטן פּולקאָווניק האָט זיך געדאַכט אַז ער איז באַהערשט. ער האָט זיך באַמיט צו זיין קאַלטבלוטיק, אַז מען זאָל נישט באַמערקן, אַז ער איז זייער גערירט. אַרויסגייענדיק פון שטאַל האָט ער אַ גלעט געגעבן איבער דעם רוקן דעם בולאַנער. דאָס פערד האָט אויסגע־דרייט זיין קאָפּ און שטיל געהירזשעט. ער איז צוגעגאַנגען נענטער, אַרייג־געקוקט אים אין די אויגן, אַזוי ווי ביי אַ מענטש, און אים אַ גלעט געגעבן די נאָזלעכער.

זיין בענקשאַפט נאָך פערד האָט אַנאַטאָל איבערגעטראָגן אויף זיין קאַרן אַגער. אויף דעם זכר נאָך זיין לעצט פערד, — האָט ער ביטערלעך גע־שמייכלט. די אידיליע האָט לאַנג נישט געדויערט, פאַרקערט, זי האָט זיך פאַרענדיקט גאַנץ דראַמאַטיש.

אין אַ געוויסן טאָג, אומגעריכט, איז אַראָפּגעפאַלן אויפן קאָפּ אַן אינ־ספּעקציע. דער ניי געבאַקענער שעף פון שטאַב האָט זיך געשלייכט אין די קאַשאַרן. ביי דעם מאַגאַזין פון ברענשטאָף האָט ער זיך גוט צוגעקוקט און זיך צוגעהערט. ס׳האָט זיך דערטראָגן אַ שטילער הירזשען.

— דאָס פערד פילט דעם בעל־הבית — האָט אַ מרוקע געטאָן דער גענעראַל — אַ שיין פערדל, גוט געבויט — האָט ער געצמאָקעט פון צופרי־דנקייט. מען האָט אים אָנגעזאָטלט. דער גענעראַל האָט פאַרקירצט די ריי־מענס פון די סטרעמענעס און צוגעפּאַסט צו זיינע פיס. אין אַ רגע אַרום איז ער ווי אַ גוטער קאַוואַלעריסט אַרויפגעשפּרונגען אויפן זאָטל. ער האָט זיך געלאָזט מיט אַ מיטעלער שנעלקייט, און זיך גוט געהאַלטן אין זאָטל, ריטמיש זיך באַוועגט צום פערדס געלויף. נאָך צוויי קרייזן אויפן איבונגס־פּלאַץ האָט ער אַ געשריי געטאָן — עפענען דעם טויער! געגעבן אַ זעץ מיט די קנאַפּלען אין די זייטן, אַ דריק געגעבן מיט די קני, דער אַגער האָט אַ ריס געטאָן און איז אַריבער אין אַ האַסטיקן גאַלאָפּ.

ביים טויער האָט דאָס פערד פּלוצים געשטעלט זיך אויף די הינטער־שטע פיס, געוואָרפן זיך אין די זייטן, געוויגט און געהוידעט דעם רייטער אין אַלע ריכטונגען. דעם גענעראַל איז דאָס היטל אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ, געאַמפּערט זיך, האָט פּרובירט באַהערשן דעם צעיושעטן אַגער, דאָס פערד האָט געטאַנצט און אַ וואָרף געגעבן מיטן קאָפּ אויף צוריק און אַ נייג גע־

טאָן זיך אויף די פֿאָדערשטע פֿיס. דער גענעראַל האָט פֿאַרלוירן דאָס גלייכ־געוויכט און איז אַדורכגעפֿלויגן איבערן פֿערדס קאָפּ.

דער גענעראַל איז גאַנץ שנעל צו זיך געקומען, געריבן די רעכטע קני. אַנאַטאָל האָט מיט אַן ערנסטן אויסדרוק פֿון פּנים באַמיט זיך אָפּצווויי־ניקן דעם גענעראַלס מונדיר פֿון שטויב. דער אָגער, זייער אַ צערייצטער, איז דורכגעשפּרונגען דאָס טויער און גאַלאָפּירט אויפֿן פּלאַץ.

דער גענעראַל, פֿאַררויכערנדיק אַ ציגאַרעט, האָט נישט אַראָפּגעלאָזט זיינע בליקן פֿון פֿערד. עטלעכע סאָלדאַטן האָבן פּרובירט אים צו כאַפּן, נאָר ס׳איז זיי נישט געלונגען.

פּולקאָווניק קראַוזע האָט שטיל אַ פֿייף געטאָן, דער אָגער איז שטיין געבליבן. קראַוזע האָט נאָך אַ מאָל אים געגעבן אַ סיגנאַל. דאָס פֿערד האָט זיך געלאָזט אין גאַלאָפּ און גראַציעז פֿאַרהאַלטן זיך ביי דעם בעל־הבית.

— אָט אַ בעסטיע — האָט אַ וואָרטשע געגעבן דער גענעראַל. „צו וועמען איז דער קאָמפּלימענט אַדרעסירט — האָט אַ טראַכט געטאָן אַנאַ־טאָל — מיר צי צו דעם פֿערד?”

נאָכן פֿאַרענדיקן די אינספּעקציע האָט דער גענעראַל אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס דאַרף איך מאַכן מיט אייך? אַ פֿערד אָן אַן עטאַט. פֿון וואָס פֿאַר אַ קאַריטע פּרעסט ער: פֿון מלוכישע צי פֿון אייערע?

— איך נוץ גאַנץ ווייניק דעם אויטאָמאָביל, אַנשטאָט בענזין קויפֿט מען האָבער און שטרוי — האָט ערנסט געענטפֿערט קראַוזע.

— איר מיינט זיכער די אויסטויש־באַדינגונגען? ניין, דאָס איז נישט מעגלעך, אַזוי קאָן מען נישט. מען קאָן בייטן ווען ס׳פֿעלט עפּעס אויס פֿאַר סאָלדאַטן, אַנשטאָט אַרבעס יאָגלע קאַשע, ס׳איז נישטאָ קיין פֿלייש גיט מען פֿיש. אָבער בענזין פֿאַרבייטן אויף האָבער, היי, בשום אופֿן נישט. איך שטעל פֿעסט, אַז ס׳זענען געבראַכן געוואָרן די דינסטלעכע פֿאָרשריפֿטן.

— בירגער גענעראַל! איך בין גרייט אויסצוהאַלטן דעם אָגער אויף מיין חשבון. איך בין נאָך משוגע נאָך אַ פֿערד.

— ס׳זענען נישטאָ קיין סאָלדאַטן צו באַדינען פֿערד! פֿון וואַנען אַן עטאַט?

דער גענעראַל, פֿאַרציִענדיק דעם ציגאַרעט, האָט זיך צוגעקוקט צום

אַגער ווי אַ זאַכקענער. צערטלענדיק זיין קאַרק האָט ער געזאָגט: פון אַזאַ פערד איז ווערט אַראָפּצופאַלן, ס׳איז נישט קיין חרפה.

פּולקאָווניק קראַוזע האָט אַרויסגערוקט פאַרשידענע אויסוועגן, צווישן אַנדערן האָט ער געזאָגט, אַז ער אַליין וועט באַדינען דאָס פערד. — איך וועל זיך באַגיין אָן הילף.

דער גענעראַל האָט זיך איינגעשפּאַרט — ער האָט נישט אויפגענומען קיין שום מאָטיוון — זאָגנדיק — איך בין אַ מענטש פון צדק ויושר... אַנאַטאָל האָט געביסן די ליפּן, קוים זיך באַהערשט — און האַרט אַ זאָג געטאָן: — איך וועל אים איבערפירן אויסער די קאַשאַרן.

— דאָס פערד איז נישט אייער פּריוואַטער.

— ער איז מיינער.

— וואָס הייסט? — האָט הויך אַ זאָג געטאָן דער גענעראַל.

— בשעת דער דעמאָביליזאַציע פון די פערד, האָט געאַרבעט אַ קאָמי־סיע, זי האָט זיי פאַרטיילט פאַר פאַרדינטע רעזערוויסטן פון פּאָלק.

— איר זענט אַ רעזערוויסט, אַ פויער?

— מיין אָגער גיט זיך נישט איין אין שפּאַן, איך זיץ אין זאָטל פון די צייטן ווען איך בין געווען אַ רעקרוט. איך האָב אויך פון דער קאָמיסיע באַקומען אַ צייגעניש.

— ווען איר ווילט איר אימפּאָנירן, איך בין אַ פּאָלאַק... — און באַלד צוגעגעבן — געבוירן אין זאָטל אַ פערד־ליבהאָבער... אין צוויי טעג אַרום זאָל דאָס פערד צוגעשטעלט ווערן אין שטאָב — איך שרייב אייך אויס אַ פאָרמעלן באַפעל.

„אינטערעסאַנט, ווי אַזוי וועט זיך דער גענעראַל באַגיין אָן אָן עטאַט?״ האָט אַ טראַכט געטאָן אַנאַטאָל קראַוזע.

אין שטאָב האָט מען געפונען אַן אויסוועג. דער אָגער האָט באַדינט דעם גענעראַל אויפן עטאַט פון אַ מיליטערישן שפּירהונט, פּולקאָווניק אַנאַטאָל קראַוזע האָט מען אַפּקאָמאַנדירט צו שטודירן אין דער אַקאַדעמיע פון גענעראַל־שטאָב.

נאָכן ענדיקן די אַקאַדעמיע מיט אַן אויסצייכענונג... פּלוצים באַקומען אַן אינוואַליד־פּאַראַגראַף... אין רעזערוו?...

רחובות, 24טער אויגוסט 1972.

# אין שאָטן פון באַאָבאַב

פּיאָטר רזשאַנאָווסקי, נאָכן אָנקומען אויפן פליפעלד אָרלי, האָט זיך דערפילט פריש און פריילעך.

מיט שנעלע טריט האָט ער געשפּאַנט דורכן קאָרידאָר געדעקט מיט הויכע גלעזערנע ווענט.

ער האָט זיך געפרייט וואָס נאָך היינט וועט ער זיך טרעפן מיט זיין פרוי און קליין טעכטערל. דער יונגערמאַן, פאַרנומען מיט זיינע געדאַנקען, האָט נישט באַמערקט די פּערזאָן, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען פון דער צווייטער זייט גלעזערנער מחיצה. אַרויסגייענדיק האָט זיך פּיאָטר אַרומגעקוקט נאָכן אויטאָבוס.

— ביטע אין דעם אויטאָ, מעסיע!

ער האָט נישט רעאַגירט.

— פּיעטרעק, דו ביסט טויב געוואָרן!

— יוזעק! — האָט ער אויסגערופן. זיי האָבן זיך באַגריסט קושנדיק זיך איןביידע באַקן.

— וואָס מאַכסטו? ווהין? דו פליִענדיקער האָלענדער!

— הם, שוין צוויי חדשים ווי איך שטעק אין פּאַריז. איך בין געקומען דיך באַגריסן, און אויף אַ צולאָג גאָר אָפיציעל. — דער אינזשיניער יוזעף אַלעקסאַנדראָוויטש האָט גענומען פּיאָטרן אונטערן אָרעם און צוגעגאַנגען צו דעם נאָענטן פּאַרקינג.

נאָך עטלעכע מינוט האָט דער זילבערנער פּיאַט לייכט און גראַציעז געשטראָמט אויף דער מאַגיסטראַלע קיין פּאַריז. פּיאָטר, פּאַראינטריגירט, האָט געשוויגן, געוואַרט.

אַרומקוקנדיק זיך, האָט ער מיט דעם קאָפּ אַ ווייז געטאָן אויף די רוישיקע, נייע הייזער און געזאָגט:

— נאָך אַ פּאָר שעה וועל איך זיין אין פּראַגע „2". כ'וויל עפּעס איינ־קויפן. — עס האָט פון אים געברויזט אַ גרויס צופרידנקייט און ער האָט צוגעגעבן: — די אַרבעט אין גאַנאַ האָט מיר פאַרשאַפן זייער פיל סאַ־טיספאַקציע, אָבער איך לעב שוין לאַנג מיט דעם היינטיקן טאָג. היינט וועל איך זיין אין וואַרשע, אַלע מיינע געפילן זענען דאָרט.

אַלעקסאַנדראָוויטש, נישט אַרויסנעמענדיק די לולקע פון מויל, האָט אַ בורקע געטאָן:

— ניין, דאָס איז נישט מעגלעך. — איבערדרוקנדיק דעם מונשטוק אין מויל האָט ער אַ זאָג געטאָן: — דיין רייזעקאַרט איז קאַסירט געוואָרן. דו פליסט נאָך היינט אין דאַר על סאַלעם.

פּיאָטר איז בלאַס געוואָרן, די שטריכן פון פּנים האָבן זיך פאַרשאַרפט.

— וואָס? וואָס? וואָס טוט זיך דאָ? — פון גרויס אויפרעגונג האָט ער אַ שטאַמל געטאָן.

יוזעף האָט אָנגעצונדן די אויסגעלאָשענע לולקע, זאָגנדיק:

— די שליחות איז אַ קורצע, אין גאַנצן צען טעג. אָט אַזאַ מין קאָנ־טראָל.

פּיאָטר האָט זיך געבייזערט און נישט געווען צופרידן, ער איז אַרויס פון די כלים. וואָס טוט זיך דאָ? ס'איז דאָך נישט קיין הפקר־וועלט. ער האָט געפּאָכעט מיט דער פויסט און געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון אויטאָ־מאָביל.

— באַרויִק זיך, מיין טייערער! נישט איין מאָל, אַפילו גאַנץ אָפט, קומען אָן פלוצלינגדיקע דירעקטיוון, מיר פילן זיי אויך גוט אין די ביינער. אויב דו ווילסט כאַפּ זיך אַריין צום האַנדלס־ראַטגעבער. אָבער איך ראַט נישט, מאָרגן וועסטו זיין אויפן אָרט. די פאַבריק אויף דעם גרינעם אינדזל קענסטו ווי די אייגענע קעשענע.

פיאָטר איז געווען צעטומלט. ער האָט נישט רעאַגירט אויף דער פראַכט פון פּאַריז.

— שוין דאָס צווייטע מאָל בין איך דאָ, איך זע די שטאָט נאָר דורכן פענצטער. די צייט איז אַזוי אויסגערעכנט, אַז מען קען גאָרנישט זען און מיט עפּעס זיך באַקענען. מאַרילע וואַרט אויף מיר אויפן פליפעלד. זי וועט זיין פאַרביטערט. איך וועל זיך שלעפּן דאָ אין פּאַריז אָן צייט און אָן אַ ציל.

יוזעף האָט זיך נישט איבערגענומען פון פיאָטרס רייד. ער האָט קונציק געפירט דעם וואָגן, ער האָט געמיטן רעכטס און לינקס שטופנדיק זיך אין יעדער שפּאַרע צווישן דער געדיכטער מאַסע אויטאָס. אויפן קרייצוועג בולוואַר סאַן זשערמען זענען זיי אַ שפּאַר ביסל געשטאַנען, דער געדראַנג איז געווען גאָר גרויס.

— נעכטן האָב איך גערעדט דורכן טעלעפאָן מיט מאַרילען, איך האָב איר געזאָגט, אַז דו וועסט קומען אַ צען טעג שפּעטער. דיין טאָכטער איז געזונט, ס׳שניידט זיך איר אויס דאָס פינפטע ציינדל.

— איך דאַנק דיר. אַנטשולדיק מיר, אפשר האָב איך זיך צופיל דער־לויבט. איך וועל נאָך היינט אָנשרייבן צו איר אַ בריוו, דאָס וועט זי באַרויִקן.

זיי האָבן פאַרקירעוועט אין בולוואַר סאַן מישעל. דאָ האָבן שפּאַצירט מאַסן מענטשן, זייער פיל יוגנט. ס׳איז נישט שווער געווען זיך צו אָריענטירן, אַז דאָ איז דער צענטער פון סטודענטישן לעבן. מיידלעך, יינגלעך זענען געגאַנגען גאַנצע פעקלעך. ווייסע, שוואַרצע, מאַלאַיער און קאַרעאַנער. ווייסע קאָווע, האָניק אין פאַרשידענע שאַטירונגען. עס מאַכט אַן איינדרוק, אַז די קאָנטראַסטן בינדן און ציִען צו זיך ווי אַ מאַגנעט. די הויטקאָלירן שטערן קיינעם נישט — האָט געטראַכט פיאָטר.

יוזעף האָט געזוכט ווו צו פּאַרקן, ער האָט געגישטערט אין די זייטיקע געסלעך און צום סוף געפונען עפּעס אַ לאָך. דאָס שיינע וועטער, די רוישיק אָנגעטוענע יוגנט, די קאַפעען מיט די פאַרביקע מאַרקיזן האָבן געלינדערט די קנייטשן פון פיאָטרס שטערן. ער האָט געטרוימט, געוואָלט מיט מאַרילען דאָ פאַרברענגען אַ וואָך־צוויי.

זיי זענען שטיין געבליבן פאַרן גראַנד־האָטעל דע האַרקור, ביים אַריינגאַנג איז געלעגן איינגעוויקלט אַ בעטלערין, דאָס האַלב פאַרדעקטע פּנים, די צעשויבערטע שניי־ווייסע קוטשמע האָר, האָבן געמאַכט אַ פּיינ־לעכן איינדרוק. זיי זענען אַריין אין האָטעל.

דער האָל איז קליין, אַ טישל, צוויי אַלטמאָדישע פאָטעלן בלאָקירן דעם וועג. די רעצעפּציע פאַרשטעקט אין אַ ווינקל איינגעצוימט מיט אַ באַלוסטראַדע. דער טעלעפאָן — אַ מאָדעל פון סוף 19־טן יאָרהונדערט.

זיי זענען אַרויפגעגאַנגען דורך געדרייטע טרעפּ. דאָך, זעט דאָ אויס צו זײַן ריין און אָנגענעם. דאָס צימער גענוג גרויס, אָבער דאָס בעט פאַר־נעמט אַ העלפט פון דעם אַפּאַרטמענט. אין ווינקל ביים פענצטער אַ פּאַראַ־וואַן, הינטער אים אַ טוש מיט וואַרעם וואַסער.

פּיאָטר האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן ברייטן בעט, און אויף ס׳ניי קרי־טיקירט די ביוראָקראַטן אין וואַרשע, וואָס האָבן קיין האַרץ, אַנשטאָט נערוון האָבן זיי פאַרזשאַווערטע דראָטן. יוזעף האָט פלעגמאַטיש געריוכערט זײַן לולקע, געמאַכט אַן אַנשטעל — כמעט אַן ענגלענדער. ער האָט דערביי געניטשטערט אין פאַרטפעל און אַ זאָג געטאָן:

— וועסט דאָרט טרעפן באַקאַנטע. איינער פון זיי איז אַ גרויסער שישקע, ער פוצט זיך שוין אין פרעמדע פעדערן. איך וועל צו דיר אַריינ־פאַלן ביי צען אין אָוונט, מיר וועלן אויסטרינקען אַ כּוסעלע און היידאַ, אין וועג אַריין.

פּיאָטערן האָט גוט געמאַכט דער קאַלטער פרישניץ. ער האָט זיך דערפרישט. אויף דער גאַס האָבן געברומט מאָטאָרן. ער האָט אַרויסגע־קוקט דורכן פענצטער. אויפן רויטן סיגנאַל איז שטיל געוואָרן. נאָר אויף עטלעכע סעקונדן, אַ רגע, און ס׳האָט אַ ריטשע און אַ ריס געטאָן, ווי הינט אָפּגעריסן פון דער קייט — האָט ער געטראַכט. ער איז אַראָפּ אויף דעם בולוואַר. ער האָט געשלונגען מיט די אויגן די שויפענצטער. ער איז גע־וואָרן אַנטציקט פון דעם רייכן אויסוואַל: דער אופן פון אויסשטעלן סחורות, מאָדעלן וועקן ביי די קליענטן דעם חוש פון קויפן. פאַרשידענע איינצל־הייטן, וואָס שטרייכן אונטער די ספּעציפיק פון געשעפט, זיין פיזיאָגנאָמיע. אַזוי פאַרשידנאַרטיק ווי דאָס מענטשלעכע וועזן. וואַרשעווער שויפענצטער זענען גרוי און אָרעם — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. שפּאַצירנדיק אויפן

בולוואַר סאַן־מישעל, איז ער שטיין געבליבן ביי אַ שויפענצטער אין אַן ענגלישן סטיל. אין צענטער אַ ספּאָרטזאַטל מיט אַ פּעיטש, אין ווינקל לינקס אַ קאַסק אין אַ סקאַפאַנדער. אַ קאַסקאַדע פון קאָלירן אין מאָדערנער מענער־קליידונג. ער האָט געזוכט עפּעס פּאַר מאַרילען. עס האָבן אים צו־געצויגן צווי גרויסע וויטרינען. אַ גלעזערנער קאָרידאָר, גלאָז פון אויבן ביז אַראָפּ. אַן מאַנעקינען קליידלעך, קאָסטיומען, ספּאָרט־פּרענטשן און לייכטע מאַנטלען. ער איז שטיין געבליבן. ס'האָט אים אַריינגעצויגן, אַזוי ווי די טיר וואָלט זיך אַליין אויפגעעפנט. ווי האַלט מען אויס ? אַן עקס־פּעדיענטקע האָט צו אים געשמייכלט, אַזוי ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן. זי פאַרבעט גראַציעז. ער ציט זיך אַ ביסל אָפּ, ער איז נאָך נישט גרייט. ער וויל זיך אַרומקוקן.

עס קומט צו אַן עלטערער מענטש. ער פרעגט דיסקרעט : — צי זענט איר נישט קיין אויסלענדער ? — ווייל אָפּהענגיק פון וואָסער לאַנד און קלימאַטישע באַדינגונגען, וועט ער דינען מיט אַ ראַט, אַן עצה.

פּיאָטר האָט זיך פאַרגעשטעלט.

— יאָ, איך האָב באַלד דערקענט, מען קען רעדן פּויליש, צו וואָס ברעכן די צונג.

די באַדינונג שמייכלט, דער שעף האָט געטראָפן אַ לאַנדסמאַן. פּיאָטר האָט אויסגעקליבן אַ זאַמשן רעקל געמאַכט פון אַן אַפריקאַנישער גאַזעלע, ווייך ווי אַ נאָזטיכל.

— איר האָט אַ גוטן געשמאַק. — די גרויע אויגן, די לייכט פאַררי־סענע נאָז פון בעל־הבית האָבן געשמייכלט. זיינע גלייכווערטלעך האָבן גע־שפּריצט מיט אַ יידישן הומאָר. ווען נישט דער געפּאַסטער קאָסטיום, דאָס ווייסע פּאָפּעלין־העמד מיט אַ מאָדערנעם קראַוואַט, וואָלט פּיאָטר זיכער געוועזן, אַז דאָס איז אַן אייגענער פון וואַרשע. ער האָט זיך נישט טועה גע־ווען. דער שעף איז אַ עגבוירענער אין דער געגנט פון וואַרשע. נאָכן איינ־פּאַקן דאָס רעקל און דריי קראַוואַטן פון דער פירמע „דאָרווען" האָט דער שעף אים פאַרגעלייגט טרינקען אַ קאַפע. זיי האָבן זיך צוגעזעצט צו אַ טישל ביי דער נאָענטער קאַפעיקע. מיט אַ לאַנדסמאַן דאַרף מען כאַפּן אַ שמועס. מען דאַרף אויך עפּעס אַ זופּ געבן אויף לחיים. זייער אינטערעסאַנטע זאַכן

טוען זיך אָפּ אין דער אַלטער היים, מאַן אַמי. עס טרעפן זיך גאַנץ אָפּט נישט פאַרשטענדלעכע זאַכן... ס׳איז ווערט צו וויסן פון דער ערשטער האַנט.

דאָס קליינע גלעזעלע „מאַרטעל״ האָט פּיאָטרן פאַרשאַרפט דעם אַפּעטיט. ער האָט אויך געטרונקען דזשין מיט אייז. ס׳איז געווען גאַנץ אָנגענעם, די שטיקלעך אייז האָבן געקלונגען אין דעם גרויסן גלאָז. ער האָט דערפילט הונגער. דאָס פראַנצויזישע זעמעלע מיט נישט פעטער שינקע האָט געכריפּעט אין מויל.

ביים צאָלן האָט זיך דער שעף איינגעשפּאַרט: ער פאַרטראָגט נישט קיין „דייטשישע פונגדעווער״, ער צאָלט און באַסטאַ. האַ! האַ! פאַר וועמען האַלט איר מיך. עפּעס איז פון דער טראַדיציע געבליבן. ווי זאָגט אַ פּאָליאַק — „זאַסטאַוו שען אי פּאָסטאַוו שען״. יאָ, עפּעס איז געבליבן, גענוי וויפל מען דאַרף...

ער האָט געשפּרייזט לענגאויס דער סענע. יונגע פּאַרלעך האָבן פּאַטראָלירט דעם ברעג. די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט פון דער גאַס אַראָפּ ביז צום טייך, זענען געווען באַפּלעקט מיט יונגוואַרג. זיי האָבן אויסגעזען אין זיינע בליקן, ווי זיך צערטלענדיקע טויבן. ער וואָלט אויך אַרומגענומען מאַרילען און געקושט זי מיט פאַרמאַכטע אויגן, לאַנג און ליידנשאַפטלעך. שפּאַצירנדיק איז ער צוגעקומען אין רי דע ריוואָלי. ער האָט באַוווּנדערט די אָפּערע און די אומגעגנט, ער האָט געמאַכט עטלעכע אויפנאַמעס. גייענדיק לינקס האָט ער באַמערקט אַ שויפענצטער מיט סווועניר. עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ פּלאַש אַרומגעפלאָכטן מיט שטרוי, און מיט אַ פּראָפּן, וואָס שטעלט פאָר דעם קאָפּ פון פּרעזידענט דע גאָל. דאָס גענעראַלישע היטל שעמערירט מיט גאָלד, זיין נאָז איז געווען קאַריקאַטורעל גרויס. ער האָט זיך האַרציק צעלאַכט. ער איז נישט געווויינט געווען צו זען עפּעס ענלעכס אין פּוילן. ער האָט זיך דערמאָנט אַ סקאַנדאַל אין דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג. דער גענעראַל־דירעקטאָר האָט זיך באַליידיקט צוליב אַ קאַריקאַטור אין דער וואַנטצייטונג. ער איז אַריין אין געשעפט און געקויפט די פלאַש מיטן קאָפּ פון בורזשואַזן פראַנקרייך, וואָס לאָזט צו אַזעלכע מעשׂים. גייענדיק זאַרגלאָז איז ער אַריין אויף דעם פּיגאַל־פּלאַץ. ביי לע טאַבאַרי האָט אים פאַרטשעפּעט אַ יונגערמאַנטשיק און האָט אים הייס צוגערעדט — ס׳איז אים געבליבן די לעצטע איינטריטס־קאַרטע.

פרויען־ליאַלקעס די פינגער צו לעקן. זיי טוען זיך אויס אין גאַנצן נאַקעט צום טאַקט פון מוזיק. ער וויל נאָר פאַרדינען עטלעכע פראַנק.

ביי גאָר דע נאָרד איז ער אַריין אין מעטראָ. דערנאָך האָט ער געקויפט פאַר עטלעכע פראַנקן סאַרדינען, קעז און סאַלאַמי.

אַרום צען איז געקומען יוזעף. ער איז געווען גרייט. אַ פּאָר מינוט שפּעטער זענען זיי אַריין אין דער מאַשין און געלאָזט הינטער זיך פּאַריז.

דאָס פליפעלד אין אָרלי האָט פון דער וויטנס געלויכטן ווי אַ גיגאַנ־טישער לאַמטערן. דער אָפּגלאַנץ האָט געשניטן הויך אין הימל. *

ביי דעם „קאַראַוועל" איז געשטאַנען אַ שפּאָר ביסל מענטשן. די מענער האָבן נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון אַ יונג מיידל. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העל בלויען קאָסטיום מיט אַ שוואַרצער לאַמווקע. דאָס היטעלע פון זעלבן פאַרב מיט אַ פּאָמפּאָן אויפן שפּיץ.

עטלעכע מענער, זעט אויס פראַנצויזן, האָבן זי אויסגעטאָן מיט די אויגן, זיך גאָרנישט קרעמפּירט. די רעשט, שפּעטער האָט זיך פּיאָטר אָריענ־טירט, ענגלענדער, גריכן, דייטשן און עטלעכע אַפריקאַנער האָבן זי אויך אָבסערווירט, אָבער דיסקרעט.

זי איז געשטאַנען מיט אַ סטיואַרדעסין און גערעדט פראַנצויזיש. דאָס מיידל איז געווען זייער שיין, אַ רייצנדיקע פיגור, זעט אויס צו זיין אַ הינדוסקע מיט גרויסע אויגן און דעליקאַטן פּראָפיל פון פּנים.

פּיאָטר האָט פאַרנומען זיין אָרט ביים פענצטער, ער האָט געוואַרט צו זען פּאַריז, העל באַלויכטן אין איר גאַנצער פּראַכט. ער האָט אַוועק־גערוקט דאָס פאַרהאַנגל און צוגעקלעפּט די נאָז צו דער שויב. אין אַ גע־וויסן מאָמענט האָט זיך אים געדאַכט, אַז מען האָט אים עפּעס אַריינגע־רוקט אין דער קעשענע פון ספּאָרטרעקל. ער איז נישט געווען זיכער און האָט אַ ביסל אָפּגעוואַרט, דערנאָך האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן. דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין די שלייפן, ער האָט געפילט, אַז ער רויטלט זיך. נעבן אים איז געזעסן די יונגע שיינהייט. זי האָט אים היפּנאָטיזירט

* דער גאַנצער טייל, פון אָנהייב ביז דער דאָזיקער שורה, איז באַזייטיקט געוואָרן דורך דער צענזור אין פוילן.

מיט די אויגן. גלאַטיקע פעד־שוואַרצע ברעמען, לאַנגע האָר, אירע אויגן האָבן געבּישופּט מיט עפּעס אַ זיסקייט. זי האָט אַ שמייכל געטאָן:

— איך בין דיין רייזע־שכנה — האָט זי חנעוודיק אַ זאָג געטאָן. פּיאָטר האָט זיך העפלעך פאָרגעשטעלט.

דער אַוויאָן האָט זיך אָפּגעריסן פון פּליפעלד. פּיאָטר האָט פאַרגעסן פאַריז. עלען האָט געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. ער האָט געוואָלט אָנ־בינדן אַ געשפּרעך, אָבער ס׳איז גאָרנישט אַרויס. ער האָט זיך געהאַלטן שטייף און די צונג איז געווען ווי נישט זיינע. עלען האָט זיך פאַרטיפט אין אַ קליין ביכעלע. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך געגרייט צום שלאָף. די געזעסן האָט מען באַקוועם פונאַנדערגעלייגט. פּיאָטר האָט אויסגעטאָן דאָס רעקל און דערפילט מיט די פינגער, אַז אין דער רעכטער קעשענע ליגט עפּעס.

די באַדינונג האָט צוגעטיילט קישעלעך און לייכטע דעקן. עלען האָט אַ גרייך געטאָן צו איר וואַליזקעלע. פּיאָטר איז אויפגעשפּרונגען, ער האָט זי בליץ שנעל דערלאַנגט. עלען האָט אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ און אַוועק־געגאַנגען צו דעם הינטערטייל פון באָרט. ער, גרייטנדיק זיך צום שלאָפן, האָט אַ בליק געטאָן מיט די אויגן אַרום זיך. עס האָט זיך אים געדאַכט אַז ער איז אונטער אַן אָבסערוואַציע. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער זוכט עפּעס. און ער האָט נאָך אַ מאָל אַ זוך געטאָן מיט די אויגן. אין דער דריטער רייע הינטער אים זענען געזעסן צוויי עלעגאַנטע אַפריקאַ־נער, ער האָט געפילט אויף זיך זייערע פאַרבאָרגענע בליקן. פּיאָטר האָט אַראָפּגענומען זיין קראַוואַט און באַקוועם זיך איינגעטיפט אין דעם פאָטעל. ליגנדיק האָט ער פּרובירט פונאַנדערבינדן די רעטעניש. אפשר אַן אָנגע־נעמער סורפּריז? אפשר זוכט דאָס מיידל — אַ פלירט, אַ רייזע־ליבע? איך ווייס, אַז איך פּרעזענטיר זיך נישט שלעכט, אָבער... נישט וויסנדיק פון וואַנען און פאַר וואָס...

עלען איז צוגעקומען, זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שלאָפראָק מיט אינדישע מאָטיוון. שמייכלענדיק האָט זי זיך ווייך אַריינגעגליטשט אונטער דער דעק, צוגעמאַכט די אויגן, געזאָגט — אַ גוטע נאַכט.

ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט און פּיאָטר איז נישט געשלאָפן. ס׳איז געווען האַלב־פינצטער. ער האָט אַ בליק געטאָן צו די אַפריקאָנער,

זיי זענען געשמאַק געשלאָפֿן. ער האָט זייער שטיל אַ זוך געטאָן אין דער קעשענע פֿון רעקל. ער האָט מיט די פֿינגער דערפֿילט אַ פֿידעלע. ער האָט זיך נאָך אַ מאָל אַרומגעקוקט, אומעטום איז געווען רויִק. ער האָט אַרויס־גענומען דאָס פֿידעלע, דאָס זענען געווען מעסערלעך פֿון דער פֿירמע „זשילעט".

פֿאַרשידענע באַהויפּטונגען האָבן אים באַאומרויִקט און נישט געלאָזט שלאָפֿן. אפֿשר איז דאָס אַ שמוגל. אויף דער ליניע זענען אַקטועל ברילִיאַנטן און נאַרקאָטיקן. מיט דעם פֿידעלע דאַרף ער זיך געזעגענען — אפֿשר איז דאָס אַ פּראָוואָקאַציע? ער האָט דאָס פֿידעלע פֿאַרשטופּט אונטער דעם קישעלע און איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

אַ נישט אָנגענעמער דרוק אין די אויערן האָט אים אויפֿגעוועקט. די איבערגעשראָקענע פּאַסאַזשירן האָבן געוואַלדיק רעאַגירט, ווייזנדיק אויפֿן הויכזייגער האָבן זיי געשריגן: מיר פֿאַלן אַראָפּ! מיר פֿאַלן אַראָפּ! פֿון דער נאַוויגאַציע־קאַבינע איז אַרויס אַ פּילאָט: „זייט רויִק! מיר נידערן אַראָפּ פֿון אַ גרויסער הויכקייט ביז 2000 מעטער. פֿון דער יבשה האָבן מיר באַקומען אַ באַפֿעל". עלען איז בלאַס געוואָרן, די אויגן זענען רונדיק געוואָרן פֿון שרעק. זי האָט באַקומען מאָגן־קרעמפּן.

פּיאָטר האָט אַרויסגעצויגן פֿון איר געזעס דאָס סאַניטאַרע בייטעלע. ער האָט בליץ שנעל אַריינגערוקט דאָס פֿידעלע זשילעטן און אונטערגע־רוקט אונטערן מויל פֿון דעם מיידל. ער האָט זי געהאַלטן פֿאַרן שטערן און זי האָט אָפּגעגעבן דאָס אָנבײַסן. זי האָט באַקומען אַ ביסל קאַלט וואַסער און עס איז איר געוואָרן בעסער.

אין דער פֿרי איז דער „קאַראַוועל" געפֿלויגן איבער עגיפּטן. די סטיו־אַרדעסעס האָבן סערווירט פֿרישטיק. שינקע, וווּרשטלעך, אייער און קעז, ווײַן און קאָניאַק האָט מען צוגעטראָגן אויף אַ פֿאַרלאַנג.

פּיאָטר, צופֿרידן פֿון זײַן געלונגענעם קונץ, האָט דערציילט עלען זײַנע אײַנדרוקן פֿון גאַנאַ.

— אין אַ שעה אַרום וועלן מיר מיידן כאַרטום — האָט מען אינפֿאָר־מירט דורכן מעגאָפֿאָן. פּיאָטר האָט געשפּילט מיט עלען אַ שאַך־פּאַרטיע. ער האָט זיך באַמיט, אַז זי זאָל געווינען.

— פֿאַר מיר איז דאָס אַ גוטער צייכן — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט גרויס פֿרייד.

— מיר דערנענטערן זיך צום באַרג קילימאַנדזשאַראָ. ס'וועט אונדז כאַפּן אַ רעגן. נאָרמאַל פֿאַלט דער רעגן אין די נאָכמיטאָג־שעהען, היינט פֿאַרקערט — האָט מען צו וויסן געגעבן דורך דעם מעגאַפֿאָן. פּיאָטר האָט אָבסערווירט דעם באַרג, די וואָלקנס האָבן פֿאַרשטעלט טיילווייז די זעעוו־דיקייט. דער באַרג איז געווען פֿאַרשנייט אין זיינע הויכע טיילן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ קוכן מיט מילדע שיפּועים. אַרום, ווו די אויגן האָבן דער־גרייכט, האָט געצויגן דער בוש, ער האָט אויסגעזען ווי אַ גרינער טעפּעך, נאָר דער בליאַסק פֿון אונטער די וואָלקנס האָט אַרויסגעבראַכט לייכטע קאָנטראַסטן. אַ בליץ האָט מיט אַ גרינעם זיגזאַג דורכגעשניטן דעם הימל. דער „קאַראַוועל" האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, מיט אַ גרויסן כּוח און האַס־טיק אַ פֿאַל געגעבן אין דער נידער. ס'האָט געגאָסן גאַנצע טייכן וואַסער. די פּאַסאַזשירן זענען אַריינגעפֿאַלן אין אַ פּאַניק. מען האָט אָפּגעגעבן דעם פֿרישטיק. דער „קאַראַוועל" האָט זיך געטרייסלט און געהוידעט. עס האָט געטראַסקעט, מען האָט געמיינט, אַז ער צעטרענצלט זיך אין אַלע זיינע ניטן. עלען האָט זיך קראַמפּהאַפט געהאַלטן אָן דעם פֿאָטעל און שטיל גע־ווויינט. דער רעגן איז אַדורך, עס האָט אַ שיין געטאָן די זון. באַלד האָבן זיך באַוויזן די סטיואַרדעסעס, שמייכלענדיק האָבן זיי צונויפֿגעקליבן די גע־נוצטע סאַניטאַרע בייטעלעך. פּיאָטר האָט זיך צוגערוקט צום פֿענצטערל. דער אינדישער אָקעאַן האָט פֿון דער הויכקייט פֿון 3000 מעטער אויסגעזען ווי אַ פֿינקלדיקער בלויער טאָפּל, פֿון ווייטנס האָבן זיך געטונקלט די אינדזלען פּעמבאַ און זאַנזיבאַר.

פּיאָטר האָט אַנאַליזירט זיין לאַגע. אין פֿאַל פֿון אַ רעוויזיע איז ער געווען רויִק. אין דער קעשענע האָט ער אַריינגעלייגט זשילעטן, וואָס ער האָט געקויפֿט אין פּאַריז. „מיר לאַנדן", האָט זיך באַוויזן אַן אויפֿשריפֿט. דער „קאַראַוועל" האָט געמאַכט אַ קרייז איבער דער שטאָט. דאָר עס סאַלאַם איז געווען העל און איינגעזונקען אין גרינס.

ביים ים־ברעג האָבן זיך די הויכע פּאַלמען געבויגן אונטערן דרוק פֿון ווינט. דער „קאַראַוועל" האָט לייכט געלאַנדעט, ער האָט געראָלט און שטיין געבליבן.

עלען, קוקנדיק פיאָטרן ליבלעך אין די אויגן, האָט פאַרגעלייגט צוזאַ־מען אַרויסצוגיין:

— אויב איך וועל פאַרזאַמען, ביטע, וואַרטן אויף מיר.

אין האָל זענען זיי געזעסן צוזאַמען. פיאָטר האָט באַלד דערקענט, אַז עס זענען פאַרגעקומען דאָ ענדערונגען. די צאָל־באַאַמטע זענען געווען נעגער.

ס׳האָט זיך באַוויזן אַ באַאַמטער. ער האָט געררופן עמיצן. קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. ער האָט געזוכט מיט די אויגן. נאָך דעם האָט ער אויפגעהויבן זיין פוילישן פּאַספּאָרט. פיאָטר איז שנעל אויפגעשטאַנען, אַ בייג זיך געגעבן צו עלען און געלאָזט זיך צום אַרויסגאַנג.

אין וואַרטזאַל איז פול געווען מיט אַראַבער און הינדוסן. עטלעכע אַראַבישע יינגלעך האָבן געוואָלט אים העלפן טראָגן די וואַליזע — פאַר קליינעם באַקשיש.

ער האָט זיך געאיילט. ער האָט געוואָלט נעלם ווערן, וואָס ווייטער זיין פון דער שיינער עלען...

ער איז אַריין אין אַ טאַקסי: „מאַכטיט״ — האָט ער אַ זאָג געטאָן. דער שאָפער, אַן אַראַבער אין אַ רויטן פעז, קוועטשנדיק דעם סטאַרטער, האָט געראָטן בעסער צו פאָרן צו אַ רעסטאָראַן. דער צוג גייט אָוועק אין 3 שעה אַרום.

— מאַלעש! — האָט פיאָטר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — פאָר!

נאָך עטלעכע מינוטן פאָרן האָט פיאָטר פּלוצלונג געזאָגט, אַז ער שטייגט אויס. ער האָט באַצאָלט און צוגעגעבן אַ באַקשיש. גייענדיק דורך אַ קליין געסל איז ער אַריין אין דער אַלטשטאָט. ער איז שטיין געבליבן נעבן אַן אַראַבער, וואָס האָט די קראָם אויסגעלייגט אויף דער ערד. ער האָט אויסגעקליבן אַ רויטע פעזקע. דער אַראַבער האָט אים טאַקסירט מיט די אויגן און אַ זונג געטאָן אַ שיינעם פּרייז. פיאָטר האָט שוין געהאַט דער־פאַרונג און האָט אים געגעבן ווינציקער ווי אַ העלפט.

— איך קאָן נישט. איך שווער אויף אַללאַס באָרד, איך קאָן נישט. — דער אַראַבער האָט געקנוילט די באָרד און האָט שטאַרק דערביי זשעסטי־קולירט.

— אַ׳נדאַק נוס! — האָט געזאָגט פיאָטר.

— וואָס? אַ העלפּט פון פּריז! — ער האָט דראַמאַטיש פאַרבראָכן די הענט. פּיאָטר האָט זיך אַרויסגעדרייט און געמאַכט אַ פּאָר טריט. דער אַראַבער האָט אים געכאַפּט פאַר דער האַנט און איינגעהאַלטן:

— נעם און צאָל; דו קענסט נישט האַנדלען, קויפסט אָן טעם! מען דאַרף זיך דינגען, רעדן, נישט גלייך אַנטלויפן.

זייענדיק ווייט פון אים האָט ער אָנגעטאָן די פּעזקע און טונקעלע ברילן. ער איז אַריין אין דערבייאיקן גריכישן רעסטאָראַן פון וואַנען עס האָט זיך געהערט מוזיק. אויפן בופעט נעבן דער קאַסע איז געווען אַ טעלעפאָן.

— האַללאָ! ביזט ענדלעך געקומען, — האָט זיך דערהערט אין טרייבל אַ יונגע שטימע, — יאָ, יאָ, איך קום שוין.

פּיאָטר האָט געגעבן עפּעס אַ פליישׁ־מאַכל מיט לאָקשן און אַ פּאָמידאָרן־סאַלאַט מיט מאַשלינעס. עסנדיק האָט ער זיך באַרויִקט. ס׳איז אים געלונגען אויסצומיידן די אינדישע טייל פון דער שטאָט. ער איז זיכער געווען, אַז עלען און אירע פריינד וועלן פאַרלירן זיינע שפּורן. ער איז אָבער געבליבן זייער פאַראינטריגירט, געוווסט פון זיכערע קוועלן, אַז די אינדישע און אַראַבישע סוחרים פירן דאָ טונקעלע געשעפטן. אין דאַר עס סאַלאָם זענען די מערהייט איינוווינער אַראַבער און הינדוסן. די רייכערע, און אַפילו די מיטעלע שיכטן, האָבן אַ ביטול־באַציִונג צו דער שוואַרצער באַפעלקערונג. נישט נאָר די רייכקייט טיילט זיי, נאָר אויך פון ראַסן־ און קאַסטן־שטאַנדפּונקט. פון די מחשבות האָט אים אַרויסגעריסן אַ הויכער יונגער נעגער, אָנגעטאָן אין קורצע הויזן — מיט אַ רוף „אַכעלעם וועסאַכעלעם, פּיאָטר!״ זיי האָבן זיך האַרציק באַגריסט, דריקנדיק זיך די הענט. דער נעגער האָט נישט לאַנג צוריק פאַרענדיקט זיינע סטודיעס אין וואַרשע, ער האָט דורכגעמאַכט די פּראַקטיק אונטער פּיאָטרס אויפזיכט. אין דער פאַבריק האָט מען אים ליב באַקומען פאַר זיין פלייסיקייט און חברישקייט. גערופן האָט מען אים קאַיטעק, און אַזוי האָט זיך דער צונאָמען צו אים צוגעקלעפּט.

— איך לייג פאַר אויסצוטרינקען אַ כּוסעלע — האָט געזאָגט קאַיטעק.

— ניין, מען דאַרף נישט, איך וויל וואָס שנעלער זיין אין טרעסט: רוף אַ טאַקסי!

— אונדזער מאַשין איז שוין גרייט, אַ דינסטלעכע, — האָט געענט־פערט קאַיטעק. ער איז צוגעגאַנגען צום בופעט, איינגעקויפט קאָניאַק און נאַשוואַרג. קאַיטעק האָט געיאָגט ווי אַ טייוול, געדריקט דעם קלאַקסאָן און פונאַנדערגעיאָגט פוסגייער, וואָס זענען אויף זייער שטייגער געגאַנגען אין מיטן גאַס.

*

דאָרט עס סאַלאָם איז געווען נישט גרעסער ווי ראַדאָם. נידעריק גע־בויט און געבענטשט מיט אַ סך קליינע און קרומע געסלעך. די אַנגע־פראָפּטע גאַסן מיט אַ רווישיקן המון האָבן נישט דערמעגלעכט שנעל זיך צו באַוועגן. פּיאָטר האָט מיט דער האַנט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים — ער האָט נישט פאַרגעסן די פאַסירונג מיט עלען.

זיי זענען שטיין געבליבן ביי אַן איינשטאָקיק הויז, דאָ איז געווען דער טרעסט פאַר מעבל און בוי־סטאָלעריי.

— וויליאַם אַקלומאָג וועט היינט נישט זיין, ער האָט אַ זייער ערנסטע קאָנפערענץ. דאָס צימער לינקס איז זיין קאַבינעט. אויף דער טיר האָט געבלי־אַסקעט אַ טאָוועלע: גענעראַל־דירעקטאָר. ער איז אויך נישט לאַנג צוריק געווען אַ פּראַקטיקאַנט, אַ פעיקער טעכנאָלאָג מיט פּאָליטישע פאַר־בינדונגען. די יונגע פריינד האָבן זיך אָוועקגעזעצט אין צימער פאַר ערב־געסט, געשמועסט און געצויגן קאָניאַק.

— מיר האָבן געמאַכט אַ גרויסן שפּרונג. די פאַבריק וואָס איר האָט אונדז פאַרקויפט, פירן מיר זי נישט שלעכט... — קאַיטעק האָט געקנייטשט דעם שטערן זוכנדיק פּאַסיקע ווערטער — דאָך בין איך נישט צופרידן. עס ליגט אויף מיר אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אַ הויפּט־אינזשי־ניער דאַרף נישט נאָר זיין אַ טעכנאָלאָג. איך האָב דאָך נישט געקאָנט ענדיקן צוויי פאַקולטעטן. איך לערן זיך און באַקום דערפאַרונג, דאָס איז אמת. — ער איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער, דעם פוס פאַרלייגט, האָט ער מיט אים רעגלמעסיק געוויגט. קאַיטעק האָט גערעדט אַ פּליסיקן פּויליש — נאָר יעדע עטלעכע זאַצן האָט ער דורכגעפלאָכטן מיט „אמת"; — מיר

האָבן גוטע מייסטערס־מעכאַניקערס, אין אַ יאָר אַרום וועט קומען אַן אינ־זשעניער־מעכאַניקער, ס׳וועט זיין פיל בעסער — אמת.

— וועסט זען דאָרטן אויפן אָרט, מיר האָבן אונדזערע אייגענע, גאַנץ אָריגינעלע איינפאַלן און דערפינדונגען.

— קאַיטעק, איך פלי אָפּ פינף אַ זייגער! איך וויל זיך אויסבאָדן און אַרומוואַשן.

— גוט! דו האָסט מזל, ביזט געקומען אין דער בעסטער צייט, מיר האָבן גענוג וואַסער.

אַ האַלבע שעה שפּעטער זענען זיי געקומען צום פליפעלד. דער באַר, אויסגעפּלאַסטערט מיט שפּיגלען, האָט אָפּגעשלאָגן די פילפאַרביקע פלעשער משקה. זיי האָבן זיך צוגעזעצט צום בופעט אויף הויכע געזעסן און האָבן געטרונקען וויסקי מיט סאָדע־וואַסער. פיאָטר האָט ראַפּטאָם אַ ציטער געטאָן, אין שפּיגל האָט ער דערזען אַ הינדוס מיט אַ שוואַרצן טורבאַן. די באָרד איז ביי אים געווען אונטערגעבונדן מיט אַ שוואַרץ זיידן טיכל. ער האָט שטודירט זיין פליקאַרטע, אָבער מיט די ווינקלען פון די אויגן האָט ער זיי אָבסערווירט. „באַלד וועט מען זען וואָס פאַר אַ פייגעלע דו ביזט״ — האָט אַ טראַכט געטאָן פיאָטר. קאַיטעק האָט בשעת מעשה דערציילט וועגן די דערפאָלגן אין דער פאַבריק אויף דעם „גרינגעם אינדזל״. אין פיר טעג אַרום וועט קומען וויליאַם אַקלומאַג און וועט איבערגעבן פאַר דער פאַבריק די ערנפאַן אַלס אויסצייכענונג.

פיאָטר, זייענדיק פאַרנומען מיט זיינע ענינים, האָט זיך נישט ספּעציעל צוגעהערט. ער האָט אַ נעם געטאָן דאָס רעקל און עס אַוועקגעלייגט אין אַ זייט. לאַכנדיק האָט ער זיך געגומען דורכוואָרטלען מיט קאַיטעקן. ענדלעך האָט מען מודיע געווען דאָס אָפּפליִען פון דעם אַוויאָן. נעמענדיק דאָס רעקל אין דער האַנט, האָט פיאָטר אַ זוך געטאָן אין דער קעשענע. דאָס פּידעלע מיט זיינע פאַריזער „זשילעטן״ זענען צוגעגנבעט געוואָרן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. דער הויכער הינדוס מיטן שוואַרצן טורבאַן איז נעלם געוואָרן.

ענדלעך! דער אַוויאָן „אייר קאָנגאָ״ האָט גערירט צום סטאַרט. עטלעכע פּאַסאַזשירן פון דערנעבן האָבן גערעדט אַראַביש און די, וואָס פאַר אים, האָבן געפּלוידערט אויף פראַנצויזיש.

זיי זענען געפּלויגן איבער דער באַן־ליניע דאָר עס סאַלאַם — אינדי־שער אָקעאַן — אַזיערע וויקטאָריע. דער דערלאַנגטער גוטער מיטאָג און די מידקייט האָבן געטאָן זייערס. פּיאָטר איז געשמאַק איינגעשלאָפן. ווען ער האָט זיך אויפגעוועקט איז שוין געווען 5 אין אָוונט. ער האָט זיך גענויגט צום שלאָף. דער קאָפּ איז צוגעפאַלן צום פּאָטעל; דאָך האָט ער געעפנט די פאַרנעפּלטע פון שלאָף אויגן. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער חלומט נאָך. ער האָט זיך צוגעהערט צום הילכער. „היינט, פון מיטאָגשעהען האָט מען דורכגעפירט אַרעסטן צווישן סוחרים, זיי האָבן געשמוגלט בריליאַנטן און דימענטן אין פידעלעך פון דער פירמע „זשילעט". די פּרווון צו קאָרומפּירן די צאָל־באַאַמטע פון דער יונגער רעפּובליק האָבן זיך נישט איינגעגעבן".

די פּאַסאַזשירן האָבן צווישן זיך געשושקעט:

— שווערלעך, דערווייל דאַרף מען זיך צופּאַסן. דערנאָך וועט מען זען — האָט זיך אָנגערופן אַ פּאַרשוין אין די יאָרן.

— ווער עס האָט דעם קאָפּ אויפן קאַרק און געלט אין דער קעשענע, וועט מן־הסתם, זיך אַן עצה געבן — האָט עמיצער צוגעבאַמקעט.

אין דער פרי האָבן זיי געלאַנדעט אין פּאָרט מוואַנזאַ, וואָס ליגט אויף דעם דרומדיקן ברעג פון דער אַזיערע וויקטאָריאַ. אין פּאָרט איז געווען אַ גרויסע טעטיקייט. אויף די ראַמפּעס האָט מען געלאָדנט זעק מיט קאַקאַאָ, באַנאַנעס און פּעק מיט רוי לעדער. דער פּאַראַנקערטער פּראָם האָט אַרויסגערופן ביי פּיאָטרן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג. אויף זיין באָרט זענען געשטאַנען אין אַ רייע צוגעדעקטע מיט פּלאַנדעקעס לאַסט־אויטאָמאָבילן. צווישן דער ראַמפּע און פּראָם האָט מען געלייגט אַ בריקל. פון די אַראָפּ־פאָרנדיקע מאַשינען האָט עמעצער אַ געשריי געטאָן:

— מיסטער פּיאָטר! מיר זענען פון דעם גרינעם אינדזל, איר קענט מיך נישט, מיסטער פּאָליאַק. — ער האָט אים אַ ריר געטאָן מיט דעם פינגער אין דער ברוסט — מיר האָבן געבויט די פאַבריק! — דער נעגער האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער און אַ געשריי געטאָן. ס׳זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן עטלעכע שאָפערן. עמעצער האָט אים מכבד געווען מיט אַ ציגאַרעטל. ס׳האָט אַ בליאַסק געטאָן אַ ציינד־מאַשינקעלע.

דער פּראָם אָנגעלאָדן פון עק צו עק, האָט מאַנעווּרירט. בלאָזנדיק מיטן טרייבל איז ער אַרויס אויף די ברייטע וואַסערן. מען איז פאַרביי עטלעכע קליינע בוכטעס. אין איינעם פון די בוכטעס האָבן פישערס פאַרנומען זיך מיט פאַנגען פיש. און דערביי מיט גרויס געפילדער אָפּגעשראָקן די קרייזנ־דיקע קראָקאָדילן. פּיאָטר האָט זיך אַנטציקט מיט דער פרישער לופט. פון דער רעכטער זייט פון דער ריזן־אָזיערע האָט זיך געצויגן דער בוש, אַ גרינער, געדיכטער, נישט צו זען קיין סטעזשקעלע. וואָס פאַר אַן ענדע־רונג! — האָט ער געטראַכט. ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין אַפריקע מאָנטירן מאַשינען, איז דאָ געווען טרוקן ווי אין אַ גוט געהייצטן אויוון. דער בוש און די סאַוואַננע זענען געווען אויסגעטריקנט, דורכזיכ־טיק העט ביז דעם האָריזאָנט. איצט איז שווער צו באַגרייפן ווו הייבט זיך אָן די סאַוואַננע און ווו דער בוש. ער האָט געקענט אונטערשיידןביימער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי גרויסע פאַפּראָטש־קוסטעס און ריזן אַקאַציע־ביימער, צווישן די שלענגלדיקע ליאַנעס און הויכע גראָזן מכּל המינים.

דאָס טרייבל האָט אַ ריטשע געטאָן מיט איבערגעריסענע סיגנאַלן. דער פּראָם האָט אויסגעמיטן דעם שמאָלן אויסגוס פון דער בוכטע. דער רעש האָט געשראָקן סטאַדעס פייגל. מען האָט געזען אָזעלכע, וואָס זענען שווערלעך געפלויגן. אָדער די ווילדע גענדז, קאַטשקעס און אַנדערע קליינ־וואַרג, האָבן מיט אַ קלאַקעריי פון די פליגלען און קוויטשעריי איבערגע־טראָגן זיך מיט אַ גרויסער שנעלקייט צו די קליינע אינדזלען. ער האָט אויך געוואָלט זען ווילדע חיות, אָבער די סאַוואַננע האָט אַלץ פאַרשטעלט און באַהאַלטן.

פּיאָטר האָט שוין נישט באַדויערט וואָס ער איז געקומען אין דער גרינער אַפריקע, צעזונגענע פון פייגל, זי האָט געזאָטן אַרום מיט לעבן. דאָס האָט אים געגעבן דערפרישונג און ענערגיע. דאָס פריִערדיקע מאָל איז ער געקומען אין דעם טרוקענעם סעזאָן און ער האָט געזען כּל מיני חיות, אָנהייבנדיק פון ווילדע חזירים ביז העלפאַנדן און זשיראַפעס. יעדע צייט פון יאָר האָט זיינע גוטע זייטן — האָט ער מודה געווען. דעמאָלט האָט אים געמאַטערט די אויסגעטריקנטע פאַרשמאַכטע נאַטור, איצט איז אַנגענעם. פון די מחשבות האָט אים אַרויסגעריסן אַ רוף, ער האָט זיך אומגעקוקט. פון דער ווייטנס האָט זיך באַוויזן דער גרינער אינדזל.

פון פראַם האָט מען צוגעוואָרפן די שטריק. עטלעכע מאַטראָזן האָבן געצוימט דעם פראַם צום ברעג. פון דאָרט האָט עמעצער געפּאַכעט מיט די הענט. ער האָט באַלד דערקענט דעם דירעקטאָר, ער איז דיק געוואָרן. גאָרנישט לאַנג צוריק געווען אַ צווייבענדלדיקער אין עפּעס אַ פרעמדן־לעגיאָן און איצט פירט ער אָן מיט אַ מאָדערנער פאַבריק אין דער אויף ס׳ניי געבוירענער אַפריקע. זיי האָבן זיך באַגריסט ווי אַלטע באַקאַנטע. דער דירעקטאָר האָט פאַרבעטן פיאַטרן אין אויטאָ אַריין. שמועסנדיק מיטן דירעקטאָר האָט ער אויסגעפרעגט וועגן צושטאַנד פון די מאַשינען און איינריכטונגען.

— אָט דעם וועג האָבן מיר אַליין געבויט, וועסט נישט דערקענען די פאַבריק, די טירן און פענצטער לאַקירט מען אויפן אָרט און דאָן זענען זיי נישט עמפּינדלעך אויף פייכטקייט. וועסט זען אונדזער קינדערגאָרטן און די שולע. — נאָכן קרייצוועג האָט זיך באַוויזן די זידלונג.

— וועסט זיך אַ ביסל אָפּרוען — האָט פאָרגעלייגט דער דירעקטאָר.

— איך וויל אַ קוק טאָן די מאַשינען.

זיי זענען אַריין אין דער מאָנטאַזש־אָפּטיילונג. די אָנוועזנדיקע האָבן אים גלייך דערקענט און באַגריסט. די אַרבעטער האָבן געאַרבעט סאָליד און ענערגיש. ער האָט זיך צוגעהערט צום ריטם פון די מאַשינען. עטלעכע מינוט האָט ער זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט פון די דרעניר־מאַשינען. ער האָט זיי אָנגערירט מיט די פינגער, ער האָט זיך איינגעהערט ווי צו אַ מענטשלעכן פּולס. דער „טאַנק" דערנעבן האָט געאַרבעט גוט, אָבער ער האָט זיך צוגעהערט און צוגעקוקט, ער האָט געהאַט עפּעס ספקות. אַרויס־נעמענדיק אַ מטבע פון בייטעלע האָט ער אַ שטעל געטאָן זי אויף דער פלאַך פון דער מאַשין. זי איז אומגעפאַלן. „די מאַשין איז אַ ביסל איינ־געזונקען" — האָט ער אַ זאָג געטאָן. אויפן פלאַץ, וווּ ס׳זענען געווען מאַגאַ־זינירט די ברעטער, האָבן אַספאַלט־וועגן געפירט צו יעדן שטאַפּל. דאָס געהילץ איז געווען גוט צונויפגעלייגט און געדעקט פון רעגן און זון.

פיאַטר האָט זיך דערמאָנט דעם געלן ענגלענדער, ווי ער האָט אויס־געצויגן זיין געדיכט באַהאָרטע האַנט. ער זעט פאַר די אויגן די סצענע: „דאָ וועט מיר אַ קאַקטוס אַרויסוואַקסן" — האָט ער חוצפּהדיק געזאָגט. ער האָט די אָפענע דלאָניע אים אונטערגערוקט אונטער דער נאָז, — „מיר

ענגלענדער קענען זיי בעסער, זיי האָבן געגעסן פּאַפּו, דאָס וואָס עס גיט זיי די יאַגד און דער פישפאַנג פון די אָזיערעס און טייכן איז פאַר זיי גענוג. דער קלימאַט און די אָפּגעשטאַנענקייט האָט זיי פויל געמאַכט, די מאַשינען זענען קליגער פון זיי". פּיאָטר האָט זיי באַוווּנדערט, זיי האָבן גענוג שנעל זיך אויסגעלערנט די מלאכה.

— איך וועל דיר ווייזן דיין הייזקע און דו וועסט עפּעס איבערבייסן אויף איין צאָן. דערנאָך קאָנסטו זיך אויסבאָדן אין אונדזער וואַסער־באַסיין. מען טאָר נישט מיט מענטשן רייזיקירן, היינט זענען אַנדערע צייטן: נעבן ברעג זענען דאָ זייער אַ סך קראָקאָדילן.

— דאָס איז נישט דאָס וואָס ביי אייך אין וואַרשע, ווו עפּעס אַזעלכע הערינג שווימען אין דונאַי.

פּיאָטר האָט נישט אויסגעהאַלטן, ער האָט זיך צעלאַכט:

— דונאַי איז נישט ביי אונדז, אונדזער טייך ביי וואַרשע איז די ווייסל.

— יאָ, אפשר האָב איך זיך טועה געווען — דונאַי, ווייסל...

פּיאָטר האָט זיך צעלאַכט, ער האָט זיך דערמאָנט — הערינג אין דער ווייסל.

— פּיאָטר! — האָט אויסגערופן דער דירעקטאָר — ביסט פאַר מיר צו קלוג! קענסט אונדזערע טייכן און אָזיערעס? איך האָב דיך דורכגעזען. איך קאָן זיך אַוועקלייגן אויפן בויך און לאַכן. — וויצלענדיק זיך זענען זיי צו צו אַ קליינעם בענגאַלאָו.

— פיל זיך ווי ביי זיך אין דער היים. אין אַ האַלבער שעה אַרום באַ־קומסטו עפּעס איבערצובייסן.

פּיאָטר האָט נאָכן דערפרישנדיקן טוש אָנגעטאָן די פּיזשאַמע און גע־וואָלט זיך צולייגן. עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט, ס׳איז אַריין אַ יונגע פרוי, דאָס פּנים האָט ביי איר געשיינט. זי האָט עפּעס געזאָגט אויף גוט מאָרגן, אין די הענט האָט זי געטראָגן אַ טאַץ מיט געבראָטן פלייש און געקאָכטע פרישע פּאַסאָלעס, דערביי אַ פלעשל פּייכט פון קעלט.

דאַנקנדיק האָט ער געפרעגט, וואָס פאַר אַ פלייש זי האָט געבראַכט. זי האָט וואָרשיינלעך אים געענטפערט אין לשון באַנטו־גורו. ער האָט גאָר נישט פאַרשטאַנען. פּיאָטר האָט צוגעלייגט די דלאָניעס, ווי אַ מאָרדע, זאָגנדיק אויף ענגליש — קראָקאָדייל, קראָקאָדייל.

— ניין, ניין, — האָט זי ענערגיש געענטפערט — קודו! קודו! — זי האָט די הענט צוגעלייגט צום קאָפּ און געוויזן הערנער.

ער האָט געגעסן און צוגעטרונקען מיט קוואַס פון קאָלאַ־ניסלעך. ער האָט דערפילט, אַז ער עסט נישט, נאָר ער שלינגט. ער האָט זיך איינגע־האַלטן. אויסווישנדיק דאָס מויל האָט פּיאָטר די טאַץ אַרויסגעשטעלט אויף דער וועראַנדע. אַריינגרוקנדיק זיך אונטער דער מאָסקיטיערע איז ער באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

אויפוועקנדיק זיך האָט ער דערפילט, אַז ער איז באַגאָסן מיט שוויס. כאַפּנדיק אַ קוק אויפן טערמאָמעטער — ס'איז געווען 26 גראַד — „ס'איז דאָך נישט הייס, אָבער פאַרנע און פייכט" — האָט ער אַ מורמל געטאָן.

ביים דירעקטאָר אין קאַנטאָר האָט ער געטראָפן די מייסטערס און דעם עלעקטריקער. פּיאָטר האָט פאָרגעלייגט זיין פּלאַן. מאָרגן וועט ער קאָנ־טראָלירן די מאַשינען, און וועט זיך אויך באַקענען מיט דער אינסטרו־מענטן־אָפּטיילונג.

פּיאָטר, שפּאַצירנדיק איבער דער זידלונג, האָט באַטראַכט די נייע הייזלעך. אַרכיטעקטור און אייראָפּעיִשע באַקוועמלעכקייטן. די ווענט זענען געווען זייער לייכטע, געמאַכט פון געפלאָכטענע באַמבוסשטרייפן. פון דער ווייטנס האָבן זיך געזען ספּאָרטפּלעצער. מען האָט געשפּילט נעצבאָל און באַסקעטבאָל. פּלוצלונג האָט ער אָנגעשפּיצט די אויערן. פון אונטער די קוסטעס האָט ער דערהערט פאָרזיכטיקע טריט. אפשר זענען דאָס די שמוג־לערס? ער האָט אַ שפּרונג געגעבן אין אַ זייט און איז שנעל אַוועק. ער האָט געגעבן אַ קוק הינטער זיך און איז געבליבן שטיין. עטלעכע מיידלעך און יִינגלעך זענען אַנגעלאָפן. זיי זענען שטיין געבליבן זשענירט.

— אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט זיין די צערעמאָניע פון איבערגעבן די פּאַן אַלס אויסצייכענונג. מיר טרעטן אַרויס טאַנצנדיק קויאַוויאַק און מאַ־זורקע. — צוליב דעם בעטן זיי, אַז ער זאָל זיי העלפן מיט אַ פּאָר טאַנץ־לעקציעס.

פּיאָטרן איז געוואָרן נישט אָנגענעם. ער קען זייער גוט מאָדנע טענץ. אָבער נאַציאָנאַלע — אַ מאָל אין דער שולע.

— איך טאַנץ סאַמבאַ און טוויסט — האָט ער געזאָגט. ער האָט זיי גענומען ווייזן ווי מען טאַנצט, געבויגן די קני און שטיל צוגעפייפט.

זיי האָבן אַ קוק געטאָן איינער אויפֿן אַנדערן און אַ רוף געטאָן: — „מיר טאַנצן בעסער!"

— ביטע פּייפּן! — עס איז אַרויסגעשפּרונגען אַ הויכפּיסיק מיידל, זי האָט אַראָפּגעצויגן דאָס קאָלירטע העמדל און געבליבן האַלב נאַקעט. די פּיס האָבן זיך גענייגט עלאַסטיש, די ביאָדרעס האָבן זיך געוויגט, די הענט מיט שלענגלעכע באַוועגונגען האָבן זיך גראַציעז באַוועגט, זיי האָבן זיך געבויגן אויף די זייטן און דערגרייכט די הויך פֿון די נאַקעטע עלאַס־טישע ברוסטן.

פּיאָטר האָט פֿון גרויס אַנטציקונג אויפֿגעהערט צו פּייפּן. די טענצערין איז שטיין געבליבן און לייכט געאָטעמט. יאָ! דאָס איז אַ סאַמבאַ, דאָס איז געווען אַ דינאַמישע הייסע סאַמבאַ אַזוי ווי די אַפֿריקאַנישע זון — האָט פֿעסטגעשטעלט פּיאָטר.

— מיר ווילן זיך לערנען טאַנצן אַ מאַזורקע, — האָט זיך אַנגערופֿן דאָס מיידל.

— גוט, מאָרגן וועל איך קומען, — האָט פּיאָטר צוגעזאָגט. ער איז אַוועקגעגאַנגען און אַ טראַכט געטאָן וועגן דער צוציִונגס־קראַפֿט פֿון קאָנ־טראַסטן.

נאָך די מיטאָג־שעהען האָט פּיאָטר אינסטרויִרט די מייסטערס. בשעת מעשׂה האָט זיך שטיל געעפֿנט די טיר. עס איז אַריינגעקומען אונדזער שוין באַקאַנטער קאַיטעק, ער האָט זיך באַגריסט שטיל, נייגנדיק דעם קאָפּ.

נאָכן אינסטרוקטאַזש זענען זיי צוזאַמען אַרויס באַקענען זיך מיטן פּייערלעשער־באַסיין. ווונדערלעך, ער איז געווען סיטויִרט אויסער דער פֿאַבריק. דערביי האָט פּיאָטר דערזען, אַז דער באַסיין האָט ספּאָרט־אייג־ריכטונגען.

— איר — האָט קאַיטעק זיך אָפּגערופֿן — קאָנט עפּעס פֿון אונדז געניסן. ביי אייך איז דער באַסיין נאָר נוצלעך אין אַן אומגליק, אַ שׂרפֿה, ביי אונדז דינט ער אויך פֿאַר ספּאָרטצוועקן.

— אַ גוטער איינפֿאַל — האָט מסכּים געווען פּיאָטר — אין וואַרשע וואָלט געווען ביי אַזאַ מעטאָד הונדערטער ספּאָרט־באַסיינען, היינט האָבן מיר נאָר דריי. אין פֿאַל פֿון אַ שׂרפֿה וועט נישט שטערן אַ טראַמפּאָלין אָדער אַנדערע ספּאָרט־מכשירים.

גרויסע פיקוסן און אַקאַציע־ביימער האָבן געוואָרפן אַ געדיכטן שאָטן. זיי האָבן זיך צוגעזעצט אויף דער נאָענטער באַנק.

ס'איז נישט געגאַנגען אַזוי גלאַטיק מיט די איינריכטונגען. דער די־רעקטאָר נאָוואַק, דער פּוילישער ראַטגעבער, האָט נישט געוואָלט הערן וועגן אַזאַ מין איינפאַל. ער האָט מאָטיווירט, אַז אין פּוילן בויט מען נישט אַזוי. דאָס גיט נישט קיין זיכערקייט קעגן סאַבאָטאַזשן.

— אַזוי איז דער סדר. די שילערס ווייסן בעסער, מיט דער צייט, ווי די לערערס. און די יוגנט — ווי די עלטערע — האָט צוגעגעבן פּיאָטר.

קאַיטעקן האָבן די אויגן געבליאַסקעט פון סאַטיספאַקציע — קום, איך וועל דיר נאָך עפּעס ווייזן.

דער געפילדער פון קינדער־קולות איז געוואַקסן. זיי זענען שטיין גע־בליבן אויף אַ פּאָלאַנע מיט געשוירענעם גראָז. אין דער מיט עטלעכע הייזלעך. זיי האָבן זיך צוגעקוקט ווי די קינדערלעך האָבן זיך פאַרווײַלט. איניקע האָבן זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש, מאַסקירט זיך אין די דיקע וואָרצלען פון באַאָבאַב. דער בוים איז געוועזן זייער הויך און צעוואַקסן. ער האָט געמוזט דעם קאָפּ זייער פאַררייסן ביז ער האָט דערזען עפּעס פון זיין שפּיץ. די קינדער, באַהאַלטנדיק זיך אין די וואָרצלען זענען אין גאַנצן פאַרשוווּנדן. ער איז צוגעגאַנגען נאָענט. ער איז אַריין נאָך זייערע שפּורן. ער איז דערשטוינט געוואָרן; ער האָט זיך געקאָנט אין גאַנצן באַהאַלטן. אַרויסקריכנדיק האָט ער שטיפעריש געזאָגט — „דער באַאָבאַב איז דאָך נישט אייער דערפינדונג!״

— ניט וועגן דעם גייט דאָ. מיט אויגן ועסטו דאָס נישט זען. באַלד וועל איך דיר דערציילן. נאָך דער אַרבעט נעמען די עלטערן אָפּ די קינדער פון קינדער־גאָרטן. אין אָוונט פירן זיי זייערע טייערע צוריק. אין דער פרי האָבן זיי פרייע הענט און אָן קלאָפּאָטן גייען זיי צו דער אַרבעט. דאָס איז די נייעס. — דו האָסט פאַרשטאַנען — אמת. זיי זיך מודה, אַז דאָס איז אַ גוטער איינפאַל. מיט דערוואַקסענע האָבן מיר אויך פּראָבלעמען, מיין נישט אַז עס גייט לייכט.

— ווו זענען זיי נישטאָ? מען קאָן פאַרשטעלן די אויגן, אָבער דאָס איז נישט קיין רפואה — האָט צוגעגעבן פּיאָטר.

— אַרום אונדז! — האָט קאַיטעק אַ זאָג געטאָן מיט אַ דראַמאַטישן זשעסט — איז די סאַוואַננע, דער בוש און זייער פיל אַזיערעס און טייכן. אַ רייכטום פון יאַגד־חיות. איבער טויזנט פאַרשידנאַרטיקע פיש. די נאַטור צויבערט און רופט — טייל מאָל שטאַרקער ווי אַ פרוי. עס קומט די צייט פון פאַנג, אַ נאָסטאַלגיע כאַפּט אַרום די מענער. די סאַוואַננע, די נאַטור ציט אונדז ווי אין די אַלטע צייטן. — פּיאָטר איז געבליבן שטיין. ער האָט זיך דערמאָנט דעם געלן ענגלענדער מיט דער אויסגעצויגענער האַנט. „דאָ וועט מיר אַ קאַקטוס אַרויסוואַקסן! דאָ וועט מיר אַ קאַקטוס אַרויסוואַקסן!"

— מיר האָבן געפונען אַן עצה — האָט פאַרגעזעצט קאַיטעק. אַנשטאָט אַ סטאַבילע גרופּע פון יעגער, האָבן מיר אַלע מענער צוגעטיילט צום יאַגד. יעדע וואָך אַן אַנדערע מאַנשאַפט. דעמאָלט קומען מיר צוריק אַנגעזעטיקט מיט באַוועגונג און פּאַסירונגען און פולע הענט מיט טראָפייען.

צומאָרגנס איז פּיאָטר צוגעטראָטן צום דעמאָנטאַזש. געענדיקט די אַרבעט האָט מען נאָך האַלבער נאַכט. צו דער יוגנט איז ער נישט געקו־מען. ביים עסן פרישטיק האָט ער נאָך אַ מאָל צוגעזאָגט, ער האָט אָבער פּשוט פאַרגעסן. אַ פּאָר מינוט פאַרן ענדיקן די אַרבעט איז פּיאָטר נאָך אַ מאָל צוגעגאַנגען צום „טאַנק", געלאָזט אים אין גאַנג. ער האָט זיך צוגעהערט צום ריטם. די מאַנשאַפט האָט, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, אָבסערווירט זיינע באַוועגונגען. פּיאָטר האָט רעגולירט באַזונדערע טיילן, דערנאָך אַרויס־גענומען דאָס בייטעלע, אַרויסגעצויגן אַ מעשענע מטבע און אַוועקגעשטעלט אויף דער פלאַך פון דער מאַשין. זי איז געשטאַנען ווי צוגעצויגן מיט אַ מאַגנעט.

נאָך מיטאָג עסן איז ער אַוועק אין זיין בענגאַלאָו און זיך אַ ביסל צו־געלייגט. אויפוועקנדיק זיך האָט ער אַ בליק געטאָן אויפן זייגער. און האָט פאַרביסן די ליפּן. ער האָט דאָס מאָל אויך פאַרשפּעטיקט. די יוגנט וואַרט אויף אים אומזיסט אין אַרבעטער־קלוב. פּיאָטר האָט זיך בליץ שנעל אָנ־געטאָן; ער איז דורך די קוסטעס צוגעגאַנגען צום באַסיין אויסבאָדן זיך.

פלוצלונג האָט מען אים עפּעס פאַרוואָרפן אויפן קאָפּ, ער האָט זיך געשטיקט. פּעסטע הענט האָבן אים געבונדן מיט שטריק די פיס און די הענט. ער האָט זיך זייער שטאַרק געוואָרפן. ער איז דאָך נישט געווען קיין מפּיל־קינד. ער האָט געלאָזט צו רו. אפשר וועט עמעצער דערזען — האָט

ער געטראַכט מיט האָפענונג. עס האָט זיך דערהערט אַ פּרויען־געלעכטער. ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז עלען. די פאַרכאַפּער האָבן אים גע־טראָגן און געביטן די ריכטונגען. ער האָט פאַרלוירן די אָריענטאַציע. מען האָט אים געטראָגן אויף שטיגן, דערנאָך געשלעפּט אויף רעכטס און לינקס. צום סוף האָט מען אים געלייגט אויף עפּעס אַ פּלאַטפאָרמע. נאָך אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ פרויען־געלעכטערל. מען האָט ביי אים אַראָפּגענומען דעם טוך פון קאָפּ. עס האָט זיך דערהערט די מעלאָדיע פון אַ קויאַוויאַק. ער איז געלעגן אויף דעם פּינג־פּאָנג־טיש אין קלוב. פּיאָטר האָט געפינטלט מיט די אויגן. מיידלעך און ייִנגלעך האָבן געקייכט פון געלעכטער. צום מיינסטן האָט געלאַכט סאַראַ, די הויכפּיסיקע, שיינע טענצערין, וואָס האָט אַזוי ליידנשאַפטלעך געטאַנצט סאַמבאַ. פּיאָטר האָט גוטמוטיק געשמייכלט, ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט זיך אויף אַזעלכע קונצן. קאַיטעק לאַכנדיק האָט אים געהאָלפן זיך פונאַנדערבינדן. די פאַרכאַפּערס האָבן עפּעס געשריגן אויף אַ קאָלעקטיוון אופן. צום סוף האָט ער דער־פילט אַ ברייטן הייסן קוש.

ער איז צוגעטראָטן לערנען זיי טאַנצן. גוט וואָס דער געפּיל פון הומאָר האָט אים נישט אָפּגעלאָזט, און ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל אַז ער איז אַ געניטער טאַנצמייסטער.

אין דער זידלונג האָט מען זיך ענערגיש געגרייט צו דער פייערונג. גרופּן פון אַרבעטער האָבן פאַרלאָזט די פאַבריק. זיי זענען געווען פאַרנו־מען מיט דעקאָרירן די עלעקטרישע סלופּעס און אַנדערע איינריכטונגען. מען האָט אויך אויפגעשטעלט אַ טריומף־טויער אין פּסעוודאָ־קלאַסישן סטיל. אין דער מיטן האָט מען אויסגעהאָנגען דעם פּאָרטרעט פון גענעראַל־ די־רעקטאָר וויליאַם אַקלומאַג, זיין פּנים איז געוואָרן רונדיקער, זיין אַסקע־טיש מויל און נעפּלדיקער קוק איז געבליבן ווי געווען. ער איז שוין נישט געווען דער צניעותדיקער סטודענט ווי מיט עטלעכע יאָר צוריק — האָט אַ טראַכט געטאָן פּיאָטר.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט מען איבערגעריסן די אַרבעט. די אַרבע־טער און זייערע משפּחות, שילערס און קליינע קינדער מיט פולע אָרעמס בלומען האָבן זיך אויסגעשטעלט אויףביידע זייטן פון וועג און מען האָט אָנגעזאָגט דעם עולם, אַז מען זאָל באַגריסן הויך און פריילעך.

— ער פֿאַרט! ער פֿאַרט! — האָט זיך געהערט אַ געשריי. בראש פֿון דער קאַוואַלקאַדע איז געפֿאָרן אויף אַ מאָטאָציקל דער נאַטשאַלניק פֿון דער פֿייערלעשער־קאָמאַנדע מיט אַ מעשענער קאַסקע אויפֿן קאָפּ. נאָך אים איז געפֿאָרן אַ קאַבריאָלעט פֿון דער מאַרקע „זים״. אויף דעם הינטערשטן געזעס איז געשטאַנען וויליאַם אַקלומאַג, ער האָט אויסגעזען שיין, ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן אַנצוג, אַ שניי־ווייס העמד מיט אַ שוואַרצן שניפּס. הינטער אים אַן אָפֿענער „מערצעדעס״ מיט די פֿאַרשטייער פֿון דער געזעלשאַפֿט. ביים טויער האָט דער אָרקעסטער אַ שפּיל געטאָן דעם גענע־ראַל־מאַרש. די נאָטן האָט מען ספּעציעל געבראַכט פֿון איטאַליע.

ווען די חשובֿע געסט זענען אַריין אין בנין פֿון דער פֿאַרוואַלטונג איז דער המון זיך צעגאַנגען נישט איילנדיק זיך. קיינעם האָט נישט גע־צויגן צו דער אַרבעט, מען איז געגאַנגען פֿאַמיליען־אַרטיק און געשמועסט. עס איז געבליבן סך־הכּל 2 שעה צום ענדיקן די אַרבעט; לוינט זיך נישט אָנצוהייבן די אַרבעט אויף ס׳ניי.

קאַיטעק, אָפּפֿירנדיק פּיאָטרן, האָט מיט אַ בענקנדיקן בליק געניש־טערט די גרינענדיקע סאַוואַננע, זאָגנדיק — ס׳ציט מיך צו דער נאַטור אין וואַלד אַריין... פּיאָטר האָט געשוויגן און ער האָט אים גוט פֿאַרשטאַנען...

אין אָוונט איז דער הויפּטזאַל פֿון אַרבעטער־קלוב פֿול געוואָרן. צווישן אַנדערע איז געקומען דער אַלטער שאַמאַן, אַקטועל איז ער דער געהילף ביים קעסל־אויוון.

אין פּרעזידיום האָבן פֿאַרנומען דאָס אָרט: דער פֿאַרזיצער פֿון סע־ניאָרן־ראַט, פֿאַרשטייערס פֿון אָרגאַניזאַציעס און פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין פֿון בוי־אַרבעטער. אַ לאַנגע רעדע האָט געהאַלטן וויליאַם אַקלומאַג, נאָך דעם האָט ער דערלאַנגט די פּיאָלעטע פֿאָן פֿון דער רעפּובליק דעם געווע־זענעם צוויי־בענדלדיקן קאָלאָניאַל־סאָלדאַט — דעם היינטיקן דירעקטאָר. ער, אַ הויכער, אַ דיקער, האָט געזאָגט אַ פּאָר ווערטער: אַז די ערע און די אויסצייכענונג איז דער פֿאַרדינסט פֿון גאַנצן קאָלעקטיוו. אין זיין נאָמען דאַנקט ער דעם טייערן וויליאַם אַקלומאַג. מען האָט געקלאַפּט מיט די דלאָניעס און געשריגן וויוואַט!...

עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרוויילונגס־טייל. פיאָטר האָט געוואָלט זען די פאָרשטעלונג פון אַ פערספעקטיוו. ער האָט פאַרלאָזט די ערשטע ריי און פאַרנומען אַן אָרט אין מיטן זאַל.

אין אַ געוויסער רגע האָט אים דער דירעקטאָר געגעבן אַ צייכן. דורכגייענדיק האָט ער זיך געכאַפט, אַז דער גאַנצער פרעזידיום איז נעלם געוואָרן. ווען ער איז אַריין צום דירעקטאָר זענען אַלע געווען אין קאָמפלעט. נעבן פיאָטרן האָט זיך צוגעזעצט קאַיטעק, ער איז נישט געווען ביים בעסטן הומאָר. אַ ביסל אין אַ זייט איז געזעסן אַקלומאָג מיט זיין ווייב, דער דירעקטאָר מיט זיין פולבוזעמדיקער סעקרעטאַרין. די רעשט חברה אַרום דעם טיש. דער טיש איז געווען געדעקט מיט אַ שניי־ווייס טישטוך. ער איז געווען אָנגעשטעלט מיט עסנוואַרג. פראַנצויזישע קאָניאַקן, אַ גרויסע פלאַש אַרמאָניאַק, איטאַליענישער ווערמוט און ציניציאַנאַ האָבן עדות געזאָגט, אַז די פאָלקס־מענטשן האָבן שוין פאַרשאַרפט זייער געשמאַק און זענען שוין געוואָרן פיינשמעקערס. מען האָט געטרונקען צום געזונט, מען האָט געטרונקען פאַר דער געזעלשאַפט. וויליאַמס ווייב האָט שוין געהאַט גענוג, זי האָט שוין נישט געוווסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי שטייט. זי איז געוואָרן שיכור. עס האָט זיך איר געוואָלט טאַנצן, זי האָט געוואָלט אויסטאָן די בלוזקע מיטן סטאַניק. מען האָט געזונגען הויך סאָלאָ און קאָלעקטיוו.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפן פון אַ פויק. קאַיטעק, אַן אומצופרידענער, אַ פאַרכמורעטער האָט אָנגעשפיצט די אויערן. די פויק האָט געדריבלט מיט אַ שנעלן טאַקט. צו אים איז צוגעשטאַנען דער טאָמטאָם מיט אַ גראָבן באַס. אַ גערודער און אַ טאַראַראַם האָט זיך דערנענטערט. אַנטקעגן זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אַ מענגע פרויען און מענער, וויליאַם מיט אַ צעפראַלט העמד, באַגאָסן מיט שווייס, האָט אַ הייב געטאָן אַ כוס און אַ רוף געטאָן: — מענטשן פילן זיך גוט מיט אונדז. פאַר זייער געזונט! וויוואַט!

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסנטאַנץ. מענער מיט רוישיקע געמאַלעוועטע פנימער אין ווייסע פאַסן אויף די קערפערס, האַלטנדיק אין די הענט שפיזן און פאַנצערס, זענען געגאַנגען מיט דראָבנע קעצישע טריט איינער הינטערן אַנדערן. זיי האָבן געזונגען און פאַרצויגן. די פויקן האָבן שטופנווייז צוגעאיילט דעם טאַקט. עס האָט זיך געמאַכט אַ קרייז. פרויען, נאַקעט

מיט שמאָלע פּאַסיקלעך אויף די היפּטן, מיט אַ פּאָר פּריש אָפּגעריסענע בלעטער אויפן הינטן, האָבן געטאַנצט אין דער מיט, ריטמיש האָבן זיי זיך געבויגן, געוויגט מיט אַלע רונדע טיילן פון קערפּער. פּלוצלונג האָט די פּויק אַ וואָרטשע געטאָן און איבערגעריסן דעם אַקאָרד. צו פּיאָטרן איז צוגעגאַנגען קאַיטעק. ער האָט געציטערט פון נערוון. פון קרייז איז אַרויס־געשפּרונגען אַ פעסט געבויטער מאַן, ער האָט געפּאַכעט מיט דער שפּיז. פּיאָטר האָט דערקענט דעם מעכאַניקער, ער איז געשפּרונגען זייער ענער־גיש. דאָס פּייקל האָט געדריבלט און ער האָט ריטמיש גענומען שרייען און רופן.

די שיכּורע געסט זענען צו זיך געקומען, זיי זענען דערשטוינט גע־וואָרן, אויף זיי איז געפאַלן אַ פּחד. דאָס פּויקן האָט זיך פּלוצלונג איבער־געריסן. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז עפּעס האָט געפּלאַצט.

די טענץ האָבן זיך אָנגעהויבן אויף ס׳ניי, עס האָט זיך אָנגערופן דער טאַם־טאַם. העיאַ, העי! העיאַ, העי! — האָבן זיך געהערט אויסרופן נישט פאַרשטענדלעכע פאַר פּיאָטרן. דער דירעקטאָר, שטאַרק צעשטרייט און אויפגערעגט, האָט עפּעס גערעדט און איבערגעצייגט אַקלומאַגן, זיין פרוי און סעקרעטאַרין האָבן געאָכעט פאַרשטופנדיק זיך אין אַ ווינקל. די פּאָר־שטייערס פון דער געזעלשאַפט זענען געווען צעטראָגן. מיט מטושטשע אויגן האָבן זיי געפירט פון אַקלומאַגן צום טאַנצנדיקן המון. זיי האָבן גע־פיבערט פון שרעק און ספקות. די פּויקן האָבן צעפּויקט זיך העכער און ווילד, ממש ווי אין שגעון.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ וואָיע און אַ ריטשעריי. קאַיטעק, שטייענדיק נעבן פענצטער, האָט געביסן די נעגל, מורמלענדיק: „צו וואָס ס׳איז דערגאַנגען, צו וואָס ס׳איז דערגאַנגען...״

פון דער וויטנס האָט זיך באַוויזן אַן איינגעהויקערטע געשטאַלט מיט אַ ברענענדיקן פאַקל אין דער האַנט, מיט אַן עקלהאַפטער מאַסקע אויפן פּנים. ער האָט שרעקלעך געריטשעט. די אָנוועזנדיקע געסט האָבן זיך דערשראָקן און געטרייסלט. פּיאָטר, באַאומרויִקט, האָט אַ צי געגעבן קאַי־טעקן ביים אָרבל: — וואָס טוט זיך דאָ?

— די באַפעלקערונג איז בייז. זיי טאַנצן אַ מלחמה־טאַנץ. זיי שרייען, אַז מיר האָבן אַ פּאַן. און איר מאַכט אַ לעבן! — דאָס וואָס זיי שרייען איצט: — אָדער אַלעמען, אָדער קיינעם נישט!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַסקע?

— דער שאַמאַן האָט אָנגעטאָן דעם מלחמה־פּרצוף.

פּלוצלונג האָט אַקלומאַג אַ געשריי געטאָן. ער האָט אַראָפּגעריסן דאָס העמד, האַלב נאַקעט איז ער אַריינגעשפּרונגען אין קרייז.

— האָיאַ, האַ; האָיאַ, האַ! — האָט ער געשריגן. דאָס ווייב, די סע־קרעטאַרין, נאָך זיי די געסט, האָבן אַראָפּגעריסן זייערע העמדער און סטאַ־ניקעס און געוואָרפן זיך שנעל אין קרייז אַריין. זיי האָבן געטאַנצט און הויך געשריגן. נאָך אַ ביסל צייט האָט מען זיי אַריינגעלאָזט צווישן זיך. די פּויק האָט געפּויקט און געדריבלט שנעל. די שפּיזן זענען ערגעץ גע־וואָרפן געוואָרן אין אַ זייט. מען האָט געטאַנצט. פרויען האָבן קאָקעטירט די מענער, דרייענדיק אינטענסיוו מיט אַלע טיילן פון קערפּער. מענער זענען אונטערגעשפּרונגען ווי הענער און געפּאָכעט מיט הענט ווי פליגלען. דער שאַמאַן איז שטיל געוואָרן, ער איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער. ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם פאַקל, און מיט גניבהשע טריטלעך האָט ער זיך צוריקגעצויגן — און איז פאַרשוווּנדן אין שאָטן פון באַאָבאַב.

אָבער אויף ווי לאַנג? דאָס האָט מען נישט פאַרויסגעזען...

וואַרשע, 1964

# דער ווידוי

צום אָנדענק פון פנחס חפץ ז״ל, ירושלים

ער איז געזעסן אָנגעלענט אויף דער וואַנט פון באַראַק. די לעפּלעך האָבן צוגעדעקט זיינע שוואַרצע אויגן אין דער פאָרם פון מאַנדלען. זיינע קורצע געקרייזלטע פּאות האָבן זיך געבאַמבלט אויף זיינע ברוינלעך־אויסגעמאַגערטע באַקן.

מיט אַן איבערגעשראָקענעם בליק, ווי אַ פאַרפאָלגטע חיה, האָט ער באַטראַכטביידע אַנוועזנדיקע בחורים.

אַ הויכער ברונעט, מיט אַ רויטער פּעסקע, געקליידט אין אַ לייכטן מונדיר פון אַ פּאָסט־באַאַמטן, האָט מיט אַ שמייכל אַרויסגעלאָזט אַ קליינגענדיקן הע, הע, הע, צוגעבנדיק:

— חומאַ אַ׳נדו, אינטע אייאַן?

— מענטש, אויף מיין נאמנות זאָג איך דיר, אַז איך האָב נישט קיין פיבער און איך בין נישט קראַנק.

— רויִק, רויִק, — האָט זיך אָנגערופן דער פּלייציקער דוב מיט אַ צע־פּלאָשעטער טשופּרינע. — איך ווייס, אַז דו באַהאַלטסט דיך פון אונדז.

— איך וואָלט געשווירן אויף דער באָרד פון אַללאַה, אַז דו ביסט אָנגעשטעקט מיט פיבער.

חתולי האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער וואַנט, און אויפן שײַנעם געוועבטן שטערן האָבן געפּערלט גראָבע טראָפּנס שוויס.

— גיט מיר עפּעס צו טרינקען, איך שפּיר קראַמפּן אין מײַן גוף, — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ שוואַכער שטים.

— אָט האָסטו! — האָט אַכמעד אַ מורמל געטאָן און מיט אַ טעאַטראַלן זשעסט אים דערלאַנגט אַ ליימען קריגל. חתולי האָט פאַרבויגן דעם קאָפּ און אין זײַנע אָפֿענע ליפּן האָט פון קריגל אַ שפּריץ געטאָן ווײַן מיט אַ דינעם שטראָם.

— גענוג! — האָט דוב אויסגערופן — לאָז אַ ביסל איבער פאַר אונדז.

נישט צוגערירט זיך צו מאָל מיט די ליפּן צום נעזל פון קריגל, האָבן זיי איינער נאָכן צווייטן זיך אָנגעטרונקען, נישט פאַרגיסנדיק קיין איין טראָפּן ווײַן.

חתולי, אָפּווישנדיק מיט דער האַנט די ליפּן, האָט שטיל געמאָלדן: — איך בין גרייט אײַך צו באַווײַזן.

— דו זוכסט דעם טויט! — האָט דוב אויסגערופן.

חתולי האָט אַ קוק געטאָן אויף דובן. איבערטראַגנדיק זײַן בליק אויף אַכמעטן, האָט ער געזאָגט:

— איך האָב געזוכט דעם טויט, ווי אַ ישועה. איצט איז אַלץ פאַרביי. איך בין גרייט אײַך אַלץ אויפצוקלערן.

— מאַזשנון! — האָט אַכמעד אַ מורמל געטאָן, קלאַפּנדיק מיט אַן איינגעבויגענעם פינגער אין שטערן.

— ניין, ניין! דו ביסט זיך טועה. איך בין נישט משוגע געוואָרן, ווי דיר דוכט זיך, אַכמעד! אַלזאָ, דערלויבסט מיר אָנצוהייבן פון סאַמע אָנהייב. די ערשטע בראָשור האָב איך באַקומען פון פנינהן אין הדסה־שפּיטאָל, ווו איך בין געלעגן אויף אַן אָנצינדונג פון דער בלינדער קישקע. נישט אַלץ האָב איך דאַן פאַרשטאַנען. איך האָב געקלערט, אַז זיי גרייפן אָן די זון מיט אַ מאַטיקע. זיי רייסן זיך קעגן אַלעמען, זיי בונטעווען זיך. זיי זענען אויפגערעגט. זינגדיק זענען פאַר מיר דאַן געווען זייערע געדאַנקען און טרוימען.. אַרויסגייענדיק פון הדסה־שפּיטאָל, האָט פנינה מיך צוויי מאָל באַזוכט. זי איז מיר געפעלן געוואָרן. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז זי וויל מיך צוציִען צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. איך האָב אַרויסגעוויזן

אַ געוויסע נייגעריקייט, איך האָב מיט איר עקשנותדיק דיסקוטירט, וויסנ־דיק גלייכצייטיק, אַז דאָס איז אַ חטא קעגן גאָטס געבאָטן.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר אָפּגערעדט זיך צו באַגעגענען ביים הדסה־שפּיטאָל, איך בין געזעסן אויף אַ שטיין אונטער עקאַליפּטוסן. פּלוצלונג האָט פאַר מיר אויפגעטויכט דער סערזשאַנט־מאַיאָר פון דער פּאָליציי.

— דו ביסט אָפּגעשוואַכט נאָך דיין קרענק? — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן, געבנדיק מיר אויסצוטרינקען לעמאָנאַדע פון זיין לאָגל.

— דו אַרבעטסט אין דער דרוקעריי פון רב אַדלער?

— יאָ.

— דיין טאַטע האָט געאַרבעט ביים קאַפּיטאַן אַמנון?

— יאָ, ער האָט באַאַרבעט ווייסע שטיינער.

— אַן אָנשטענדיקער מענטש און אַ גוטער בעל־מלאכה. איך האָב פאַר דיר אַ גוטע ידיעה. דער קאַפּיטאַן וויל קומען צו הילף דיר און דיין משפּחה. ער וואַרט אויף דיר זעקס אַזייגער אין אָוונט. ער האָט מיר באַפוילן דיר דאָס איבערצוגעבן. דערצייל קיינעם נישט וועגן דעם. דאָס דאַרף זיין אַן אָנגענעמער סורפּריז. אַ מזל־ברכהדיקער רעגן וועט אַראָפּפאַלן אויף אייער הויז ווי מן פון הימל.

שטאַרק גערירט פון זיינע ווערטער, האָב איך נישט געוווסט ווי אַזוי אים אָפּצודאַנקען. איך בין געווען גליקלעך. דאָס האָט מיר צוגעגעבן מוט און כוחות. מיט גרויס אומגעדולד האָב איך זיך קוים דערוואַרט אויף דער באַשטימטער שעה.

ווען איך האָב מיך דערנעענטערט צו זיין ווילע, וועלכע איז אַלעמען באַוווּסט, האָט מיר אויסגעפּעלט מוט. אין גרויס פאַרלוירנקייט האָב איך זיך אַרומגעדרייט אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר ווי אַ שומר פאַרן מלו־כשהן בנין. איך האָב באַטראַכט דעם בנין, אָנגעפילט מיט גאווה פון מיין טאַטנס אַרבעט. יעדער שטיין איז אַדורכגעגאַנגען דורך זיינע הענט מיט אַ מאָל האָט זיך אַ פאַרהאַנג פון אַ פענצטער אָפּגערוקט און עמעץ האָט אַרויסגעקוקט. אין אַ רגע אַרום האָט זיך אין דער טיר באַוויזן דער קאַפּי־טאַן. ער האָט מיך העפלעך אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און אַריינגעפירט אין דער צפונדיקער זייט פונעם הויז. אין צימער האָט געהערשט אַן אָנגע־נעמע קילקייט. דער ווענטילאַטאָר האָט שטיל גערוישט, אויף אַ טישל זענען

געשטאַנען פאַרשידנקאָליריקע געטראַנקען און אַ סיפאָן מיט סאָדע־וואַסער. אויף אַ וואַנט זענען געהאַנגען מאַסקעס, טערקישע קינזשאַלן, אַראַבישע שווערדן, פאַנצערס און ביקסן.

מיט ציטערנדיקע פינגער האָט חתולי פאַרשטעקט די פאות הינטער די אויערן. דערנאָך האָט ער אָפּגעשפּיליעט דעם קאָלנער, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און פאָרגעזעצט זיין דערציילונג:

דער קאַפּיטאַן איז געווען זייער העפלעך. ער האָט זיך פונאַנדערגע־פרעגט וועגן טאַטע־מאַמע און וועגן די קינדער.

— אויסהאַלטן פינף קינדער — האָב איך געזאָגט — איז ניט קיין קלייניקייט. פון דור־דורות האַלטן זיך יידן ביים מנהג צו האָבן אַ סך קינ־דער, לויט גאָטס געבאָט: פרוכפערט זיך און מערט זיך, ווי דער זאַמד אויפן ברעג פון ים.

— איך האָב אייך געוואָלט העלפן — האָט דער קאַפּיטאַן אַ זאָג געטאָן, וואַרפנדיק אויף מיר אַ פריינדלעכן בליק.

איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַלס סימן, אַז איך האָב אים פאַרשטאַנען, און דרייסט אַ זאָג געטאָן:

— יעדער ייד איז מחויב צו העלפן דעם צווייטן ייד.

— וויפל פאַרדינסטו? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— אַכט פיאַסטער טעגלעך.

— עס וועט קוים סטייען אויף אַ מיטאָג — האָט דער קאַפּיטאַן אַ מורמל געטאָן.

— וואָס זאָל איך טאָן, אַז רב אַדלער וויל מער ניט צאָלן.

— און דער טאַטע?

— פינף און צוואַנציק. עס סטייעט דער מאַמען קוים ביז פרייטיק.

— צי קענסטו פנינהן פון הדסה־שפּיטאָל? — האָט ער פלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

— איך קען זי — האָב איך אָפּגעענטפערט.

— אַן אָרעם, אומגליקלעך שצוואַרצחנעוודיק מיידל. עס וועט אויס־קומען זי צו אַרעסטירן.

— פאַר וואָס? זי איז דאָך אַ גוטע און אָנשטענדיקע קראַנקנשוועסטער, זי האָט מיך אַזוי געפלעגט, אַז איך האָב ניט געפילט קיין ווייטאָג.

— דאָך איז מיט איר נישט גוט, זייער שלעכט.

אַן איבערגעשראָקענער האָב איך געוואָרפן אַ רחמנותדיקן בליק אויפן קאַפּיטאַן. איך האָב מיך אומרויִק באַוועגט אויפן שטול. דער קאַפּיטאַן, נישט אַראָפּנעמענדיק פון מיר זיין בליק, האָט געזאָגט:

— מען דאַרף עס אויסמיידן. יאָ — האָט ער אין אַ ווייל אַרום פאַר־געזעצט — זי איז שיין און קלוג. אָבער, ליידער, איז זי אַרומגעוויקלט געוואָרן מיט שפּינוועבס, וואָס מען דאַרף צעפּליקן מיט אַ פייערדיקער שווערד. ס׳איז אמת, אַז זי איז אַן איבערגעגעבענע באַרמהאַרציקע שוועס־טער, פילבאַר אויף יעדן וויטיק, אויף יענעמס ליידן, זי טראָגט אויפן טשעפּעק אַ רויטן מגן־דוד. אָבער! — דער קאַפּיטאַן האָט געמאַכט אַן אויסדריקלעכע באַוועגונג מיט דער האַנט, — מען נוצט זי אויס צו אומ־ווירדיקע צוועקן. צי ווייסטו, וואָס זיי טוען אויף? זיי ווילן איבערדרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ די גאַנצע עקזיסטירנדיקע אָרדענונג אויף גאָטס וועלט.

און נאָך און נאָך האָט ער גערעדט וועגן פּאָליטיק, וואָס איך האָב נישט שטאַרק פאַרשטאַנען. איך בין דאַן געווען נאַריש, ווי דער ליימענער גולם. אויס העפלעכקייט האָב איך בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דער קאַפּיטאַן האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, האָט מיך אַ רגע באַטראַכט, ווי מען קוקט זיך צו צו אַ ווערטפול בילד.

— דו ביסט דאָך שוין אַ דערוואַקסענער בחור — האָט ער ענדלעך אַ זאָג געטאָן.

— מיט צוויי וואָכן צוריק בין איך אַלט געוואָרן זעכצן יאָר, — האָב איך שנעל צוגעגעבן.

— אַזוי האָב איך דיך אויך אָפּגעשאַצט. און איך האָף, אַז דיר וועט געלינגען... דער הויך־קאָמיסאַר איז אויך שטאַרק באַאומרויִקט און וויל ווי צום שנעלסטן זיי ליקווידירן. גרויס־בריטאַניע — האָט דער קאָמיסאַר אויפגעהויבן אַ פינגער אין דער הייך — וועט גוט באַלוינען זיינע פריינד און באַשטראָפן זיינע שונאים. אָבער דאָס מיידל קען מען ראַטעווען — האָט ער אונטערגעשטראָכן. — מען דאַרף זיך דורכאויס באַקענען מיט אירע כלומרשטע פריינד, אויסשיילן זיי איינציקווייז, ווי מען שיילט אויס די יאָדערן פון אַ צייטיקער זונבלום. דאַן וועט געלינגען זיי לייכט צו אַרעס־

טירן און בלייבנדיק איינע אַליין, וועט זי שנעל אויסגעהיילט ווערן פון דער קאָמוניסטישער פאַנטאַזיע.

דער קאַפּיטאַן האָט אָנגעגאָסן אַ גלאָז מיט אַראַק. דערנאָך אַ קוועטש געטאָן דעם סיפאָן, פון וואַנען עס האָט אַ שפּריץ געטאָן סאָדע־וואַסער, וואָס האָט געשוימט מיט אַ ווייסקייט פון מילך. ער האָט לאַנגזאַם געזופּט:

— אַז דו וועסט עלטער ווערן, וועסטו אָוואַנסירן... דו האָסט גרויסע מעגלעכקייטן. פּאַרלויפּיק וועלן מיר זען, וואָס דו קענסט און וואָס דו וועסט באַווייזן.

אויסהאָרכנדיק דעם קאַפּיטאַן, האָב איך געשפּירט, ווי עס וואַקסן מיר אויס פליגל. אַ קלייניקייט, צווישן טויזנטער בחורים און אַפילו דערוואַקסענע מענער, האָט די פּאָליציי אויסדערווײלט מיך, נעמלעך מיך. פון גרויס פרייד האָט זיך מיר געוואָלט טאַנצן און זינגען.

— גוט, גוט, שוין פון מאָרגן אָן טרעט איך צו צו מיין דינסט, איך וועל באַקומען געווער און אַ מונדיר! — האָב איך האַסטיק אויסגערופן. — אָבער וואָס וועל איך טאָן מיט די פּאות? — האָב איך נאָך אַ רגע שטיל־שווייגן אַ פרעג געטאָן — פּאָליציאַנטן און זשאַנדאַרן גאָלן זיך און טראָגן דאָך נישט קיין פּאות?

מיין באַגייסטערונג האָט צוגעגעבן שטימונג דעם קאַפּיטאַן. ער האָט געלאַכט הויך אויפן קול. ער האָט מיר געפּאַטשט איבער די פּלייצעס און קני. ער האָט צוגעגעבן, אַז מיט אַזעלכע היציקע יאַטן ווי איך, וועט מען שנעל מיט „זיי" מאַכן אַ סוף.

— פּאַרלויפּיק, יאַ־חביבי, וועלן דיינע פּאות פאַרבלייבן. אויף אונדזערע גרענעצן האָבן מיר גאַנצע בעדוויִנער־אָפּטיילונגען מיט אַזעלכע פּאות. מיין נישט, אַז פּאות זענען בלויז אַ סימן פון פרומע יידן. די פּאות וועלן נישט זיין פאַר דיר קיין שטערונג, בפרט, אַז צו אַ מונדיר און וואָפן איז נאָך גאַנץ ווייט.

דער קאַפּיטאַן האָט פאַרגעזעצט: — פּאָליציי ווערט געטיילט אויף געהיימע און מונדירטע. געהיימע טראָגן נישט קיין מונדירן, זיי האָבן קורץ געווער: פּיסטאָלעטן און רעוואָלווערן.

— איך פאַרזוכלעך טראָג קיין מאָל נישט קיין געווער. איך גייט מיט אַ שטעקעלע. דו זעסט — דאָס איז מיין וואָפן — ער האָט אַראָפּגענומען

פון דער קאַנאַפּע אַ באַמבוס־שטעקעלע מיט אַ קיילעכדיק קעפּעלע. — אויף דיין אויסשפּיר־דינסט פאַדערט זיך נישט קיין מונדיר און קיין וואָפן.

איך האָב געטרוימט זיך צו יאָגן אויף אַ פולבלוטיק אַראַביש פערד נאָך פאַרברעכער, מיט וואָפן אין די הענט, ווי איך האָב עס נישט איין מאָל געזען אין קינאָ.

קענטיק, אַז מיין אַנטוישונג האָט זיך מיר אָפּגעשפּיגלט אין די אויגן. דער קאַפּיטאַן האָט מיט אַ פינגער אויפגעהויבן מיין גאָמבע און, קוקנדיק מיר גלייך אין פּנים אַריין, האָט ער געזאָגט:

— דו הייבסט אָן, יאַ־חביבי, דיין קאַריערע זייער יונג, טאָ האָרך אויס! אַ גוטער אויסשפּירער אַרבעט נישט מיט קיין געווער, נאָר מיטן קאָפּ. און דו וועסט פאַרבלייבן אַזוי ווי דו ביסט. קיין שום מלחמה געווינט מען נישט אָן אויסשפּירונג. מיר, דאָס הייסט איך און דו, מוזן מיר צום מערסטן וויסן, וואָס עס טראַכטן די קאָמוניסטן. דו אַליין קאָנסט ברענגען מער נוצן, ווי אָן אָפּטיילונג פון אירלענדישער זשאַנדאַרמעריע. אדרבא, זיי קענען פאַרפאָלגן די אַנטלויפער, שטיין אויף דער וואַך און סטאָפּ. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן דער אינדיאַנישער קאַוואַלעריע. די פּאַלעס־טינער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע באַשטייט פון אָרטיקע יידן, אַראַבער און טשערקעסן, איז פּונקט אַזוי באַגרענעצט. אַ פערד, אַ מונדיר און אַ פּיקע מיט אַ פענדל איז בלויז אַ מאָלערישע פּאַטרול־דינסט. זייער טעטיקייט איז דערפאָלגרייך בלויז דאַן, ווען די אויסשפּירונג גיט זיי וועזנטלעכע ידיעות. און דו דאַרפסט זיין כיטרע ווי אַ פוקס און בייגעוודיק ווי אַ שלאַנג. דו קענסט אַראַביש און העברעיִש און די מנהגים פון דער באַפעלקערונג גע־פינען זיך ביי דיר אין דיין קליינעם פינגער. דו דאַרפסט געפינען צוטרוי ביי די קאָמוניסטן. דיר איז באַקאַנט ירושלים, דו ביסט אַן אָרטיקער, דאָ געבוירן, אַן אמתער סאַברע. זיי נייטיקן זיך אין אַזעלכע ווי דו. באַקען זיך מיט זייער אַרבעט, רעד אויף זייער לשון. זאָלסט וואָס ווייניקער רעדן, חכמה זיך נישט צו פיל, נאָר וויס וואָס דו האָסט צו טאָן. שטופּ זיך נישט דער ערשטער צו דערפאָלג. צופיל חריצה רופט אַרויס פאַרדאַכט. זיי אַליין וועלן דיר פאַרלייגן. זיי האָבן געהיימע דרוקערייען, געהיימע ליטעראַטור־סקלאַדעס. זיי האָבן זעלטן גוט באַהערשט די קאָנספּיראַציע־קונסט. זייער אָרגאַניזאַציע איז אַ מיליטערישע. זיי האָבן אַ גלענצנדיקע פאַרבינדונג פון

אויבן ביז אַראָפּ. פּנינה זוכט דיך, זי האָט דיר געגעבן אַ בראָשור. לייען זי אויפמערקזאַם, זי טוט עס נישט דערפאַר, ווייל דו געפעלסט איר, אָבער גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס גייט אויך אַריין אין חשבון.

אַ רויטקייט האָט באַדעקט מיין פּנים. דער קאַפּיטאַן האָט געטראָפן אין פּינטל. פּנינה איז מיר שטאַרק געפעלן און איך בין נישט געווען צו איר גלייכגילטיק. איך האָב אומווילּיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, פּונקט ווי איך וואָלט עס געוואָלט אָפּלייקענען.

— ניין, יאָ־חביבי, איך מיין דאָ נישט די ענינים פון יונגוואַרג, וואָס האָבן אַ שייכות צום האַרץ. אין אויסשפּיר־אַרבעט קען עס זייער גוט צו נוץ קומען. פּנינה ווייסט זייער פּיל. ווי יעדע פרוי קען זי דעם געליבטן אַלץ אויסזאָגן. געדענק, חתולי, אַז דו דאַרפסט זיין כיטרע ווי אַ פוקס און בויגעוודיק ווי אַ שלאַנג — דאָס דאַרף זיין דיין דעוויז. אַ גוטער אויס־שפּירער זיצט יאָרנלאַנג רויִק ביז עס קומט אָן דער מאָמענט. געדענק, אַז זיי זוכן דיך, זיי ווילן דיך צוציִען. דו דאַרפסט זיין נאָכגיביק, דאַרפסט זיך באַנוצן מיט זייער לשון. דו דאַרפסט זיך גוט באַקענען מיטן פּירוש פון זייערע ווערטער, ווי זיי טייטשן עס אויס, בפרט אין דער דינסט פון זיין קעניגלעכער מאַיעסטעט. פאַרטרוי נישט פאַר קיינעם, וואָס דו דאַרפסט טאָן, נישט אין שלאָף און נישט בעת דו ליגסט אין היץ, אַפילו נישט פאַר טאַטע־מאַמע. געדענק תמיד, אַז דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

מיט ציטערנדיקע פינגער האָט חתולי פאַרשטעקט די פּאות הינטער די אויערן. ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט. דערציילנדיק האָט ער די גאַנצע צייט נישט געקוקט אויף די אַנוועזנדיקע און נישט געזען, ווי אַזוי זיי רעאַגירן אויף זיינע רייד.

אַכמעד און דוב האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט ווינקען. אין דער לופט האָט געשמעקט מיט שטורעם, וואָס האָט געקאָנט יעדע רגע אויסברעכן.

חתולי האָט דורכגעפּירט די האַנט איבערן שטערן, פּונקט ווי ער וואָלט עפּעס פאַרגעסן און וויל זיך דערמאָנען.

— יאָ, איך האָב שיער נישט פאַרגעסן די לעצטע וואָרענונג פון קאַפּי־טאַן — האָט חתולי געזאָגט.

„דאַרפסט תמיד געדענקען, אַז דו קענסט נישט דעם סערזשאַנט און נישט מיך — האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט — צווישן קאָמוניסטן זאָלסטו

זיין אַ קאָמוניסט. וואָס עס זאָל זיך נישט טרעפן, זאָלסטו צו אונדז זיך נישט מעלדן. איך וועל דיר צו וויסן געבן ווען און וואָס, און דאַן וועסטו אַרויסוויזן דיינע פעיִקייטן. אַלס באַלוינונג וועסטו באַקומען דריי פונט אַ חודש אויף אַ קאָנטע פון באַנק״.

חתולי האָט דערציילט אויף העברעיִש, אַריינמישנדיק פון צייט צו צייט אַראַבישע ווערטער, כדי אַכמעד זאָל בעסער פאַרשטיין. אין אַ געוויסער רגע האָט דוב אַריינגעשטעקט די האַנט אונטערן קישן, און די לופּע פון אַן אַקסידירטן „שטייער״ האָט אַ גלאַנץ געטאָן.

— דו וועסט פּגרן ווי אַ הונט! — האָט דוב אויסגערופן — דיין גורל איז צוגעחתמעט. אויב זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן אונדזערע פּלענער און מען לויערט אויף אונדז, מאַכן מיר גלייך מיט דיר אַ סוף, פּראָוואָקאַטאָר וואָס דו ביסט!

חתולי האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף דער וואַנט און צוגעמאַכט די אויגן. דערביי האָט זיך באַמערקט אַ לייכטער ציטער פון זיין רעכטער ברעם.

אַכמעד, אין אַן אָנגרייפנדיקער פּאָזע, האָט געהאַלטן אַ קרומע שאַבריע אין דער האַנט.

אַ טויטע שטילקייט. ס׳האָט זיך בלויז דערטראָגן אַ גערויש און אַ טומל פון אַ שכנותדיק הויז.

חתולי האָט זיך פּלוצלינג אַ ריס געטאָן פון אָרט און אויסגערופן מיט אַ פאַרשטיקטער שטים:

— אין משך פון עטלעכע חדשים בין איך אַהער נישט געקומען. היינט בין איך אַליין געקומען. קיינער ווייסט נישט, אַז איך געפין זיך דאָ. איך גיב מיין קאָפּ, אויב איך האָב עמעצן אַהער פאַרשלעפּט.

— וואָסער ווערט האָט דיין קאָפּ! — האָט אַכמעד אויסגערופן — פּונקט ווי דער פאַראַיאָריקער היישעריק.

דוב, נישט אַרויסלאָזנדיק דעם פּיסטאָלעט פון האַנט, האָט זיך אָנגע־רופן צו אַכמעדן: — גיי אַרויס אין דרויסן און טו אַ קוק! אויב עפּעס וואָס, גיב צו וויסן!

אַרויסגייענדיק האָט אַכמעד אַ מאַך געטאָן מיט דער פויסט אין דער ריכטונג צו חתולין מיטן אויסרוף: — קעלב, כאַנזיר!

מיט אַן אָנגעצילטן בליק אויף חתולין, האָט דוב אַ פרעג געטאָן:

— ביז איצט קאָן איך נישט פאַרשטיין, צו וואָס ביסטו אַהער געקומען ?
נישט אויפהייבנדיק די אויגן, האָט חתולי אָפּגעענטפערט :

— איך האָב נאָך נישט אַלץ דערציילט, האָב געדולד און לאָז מיך רעדן.
אין אַ רגע אַרום איז אַריינגעקומען אַכמעד מיט די ווערטער :

— מען זעט קיינעם נישט. אַפילו די פון „גדוד" האָבן פאַרענדיקט זייער אַרבעט און זענען אַוועקגעגאַנגען.

— אַלזאָ, דערצייל ווייטער ! — האָט דוב אויסגערופן.

— ס'איז פאַרגעקומען אַזוי, ווי דער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט — האָט חתולי אָנגעהויבן שטאַמלענדיק. ער האָט זיך פאַרהאַקט ביים רעדן, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, בעת זיינע פינגער האָבן זיך נערוועז געפּלאָנטערט אין זיין קאַפּאָטע און העמד.

— פנינה פלעגט מיר ברענגען פאַרשידענע זאַכן צום לייענען. איך פלעג קומען אין קלוב. איבעריקנס, וואָס זאָל איך אייך וועגן דעם דערציילן, היות דאָס איז אייך גוט באַקאַנט. צו ערשט האָב איך אין זיך חוזק געמאַכט פון איער התלהבות, וואָס האָט גורם געווען די סביבה אין וועלכער איך האָב זיך געפונען. אָבער אומבאַוווסטזיניק האָבן אייערע דיסקוסיעס קענטיק אויף מיר געהאַט אַ השפעה, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אייער גלויבן אין אַ גערעכטער צוקונפט, סאָלידאַריטעט פון אַלע אונטערדריקטע, שטרייקן, קאַמף קעגן קאָלאָניאַליזם, קאַמף קעגן פינצטעריניש און אָבער־גלויבן. דעם גרעסטן איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט אייער דרייסטקייט, אָנשטענדיקייט און די חברישע באַציִונג פון איינעם צום צווייטן, נישט אָפּזאָגנדיק זיך צו טיילן מיטן לעצטן ביסן.

די געשעענישן אין עפולה, די העכערונג פון געהאַלט נאָך די שטרייקן, האָבן מיר געעפנט די אויגן. איך האָב געפילט, אַז איך ווער באַהערשט פון אַ שטאַרקן שטראָם, וואָס לייגט דורך אַ וועג דורך די זאַמדן פון מדבר.

חתוליס אויגן האָבן אָנגעהויבן צו גלאַנצן און זיין פנים האָט באַקומען אַ ראָזע קאָליר.

— איך האָב דאָך גענומען אָנטייל אין אַלע אַקציעס, נישט אמת ? — זאָגט אַ וואָרט ! — האָט חתולי אויסגערופן, אויסציִענדיק אַ האַנט.

דוב האָט זיך פון אים אָפּגערוקט מיט עקל, מורמלענדיק : גנידע !

אַכמעד האָט זיך קוים איינגעהאַלטן. ער האָט געמוזט אַרויסווייזן קאַלטבלוטיקייט, וואָס ס'איז אים זייער שווער אָנגעקומען. צום ערשטן מאָל, זינט ער געפינט זיך אין דער באַוועגונג, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פּראָוואָקאַטאָר.

חתולי האָט צונויפגעקאָרטשעט, פאַרשטעקט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, צוריקגעצויגן זיין אויסגעשטרעקטע האַנט, אַראָפּלאָזנדיק זיך אויפן שטול אין גרויס פאַרצווייפלונג.

דוב האָט אַריינגערוקט דעם פּיסטאָלעט אונטער דער פאַכוועָ. אַ נעם גע־טאָן דאָס ליימענע קריגל און מאָדנע זיך געשפּילט מיטן שטראָם ווייַן, וואָס האָט זיך געגאָסן פון נעזל. מען האָט באַקומען דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געטרונקען מיט קונצן. ער האָט דערנענטערט און דערווייטערט דאָס קריגל, נישט צורירנדיק זיך מיט די ליפּן צום שטראָם, וואָס האָט געפלאָסן אין זיין מויל. לעשנדיק זיין דורשט, האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, וואָס זאָל ער טאָן מיט חתולין. אפשר האָט מען דאָ צו טאָן מיט אַ היסטערישן מאַניאַק? וואָס טוט מען מיט אים? דורך אַן אומגעלונגענער באַוועגונג האָבן פלוצלונג עטלעכע טראָפּנס אַראָפּגעקאָפּעט אויף זיין גאָמבע.

— כאַ, כאַ, כאַ — האָט אַכמעד זיך פונאַנדערגעלאַכט. — דו הערסט נישט אויף צו זיין אַן אייראָפּעער און קענסט ניט טרינקען ווי מיר אַראַבער.

דוב האָט זיך אויך פונאַנדערגעלאַכט. אָבער זיינע גרויע אויגן זענען פאַרבליבן קאַלט און פאָרשנדיק. דערלאַנגענדיק דאָס קריגל חתוליז, האָט ער געזאָגט:

— טרינק, וועט דיר לייכטער זיין צו דערציילן.

ער האָט געטרונקען גייציק, אַז עס האָט אים געבולקעט אין האַלדז און דער גאָרגל האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ. ער האָט אויסגעזופּט דעם ווייַן ביזן לעצטן טראָפּן.

— דערצייל ווייטער — האָט דוב אַ מורמל געטאָן.

ביי חתולין האָבן די הענט ווידער אָנגעהויבן לויפן אַהין און אַהער. איצט האָט ער געצופּט די האָר פון זיין קין און פאַרשטעקט הינטער די אויערן זיינע אומגעהאָרכזאַמע פּאות.

— ווען עס איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין דזשעבעל־דרוז — האָט חתולי פאָרגעזעצט — אונטער דער אָנפירונג פון סולטאָן על־אַטראַש,

האָב איך אין מיין דרוקעריי אָפּגעדרוקט דעם אויפרוף. איך האָב אָנטיילגע־נומען אין פאַרשפּרייטן די פלוגבלעטלעך אין אַראַבישן קוואַרטאַל. איך האָב אַוועקגעפּירט אַ גרויס פּעקל אויפרייסשטאָף אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס. אמת טאַקע, אַז איך האָב מיך געטרייסלט, אויס מורא, נישט אויפגעריסן צו ווערן, אָבער די אויפגאַבע האָב איך אויסגעפּירט. — נו, זאָג אַ וואָרט אַכמעד, וואָס שוויגסטו?

— אמת! אמת! אָבער דאָס האָסטו אַלץ געטאָן, כדי צו געווינען אונדזער צוטרוי, ווי עס האָט דיר געראָטן דער קאַפּיטאַן: „זיי כיטרע, ווי אַ פוקס און בויגעוודיק, ווי אַ שלאַנג".

ביי די דאָזיקע ווערטער איז אַכמעד אויפגעשפּרונגען און אַ שליידער געטאָן די פּעסקע אויף דער פּאָדלאָגע, שרייענדיק: — צי האָלטסטו אונדז פאַר נאַראָנים? איך געדענק אַלץ, וואָס דו האָסט געזאָגט.

— רויִק, אַכמעד, — האָט דוב זיך אָנגערופן. ער האָט זיך איינגע־בויגן, אויפגעהויבן די פּעסקע און אָפּגעטרייסלט פון איר דעם שטויב. — רויִק, לאָז אים ווייטער דערציילן.

— צי געדענקסטו, דוב, דאָס איז געווען אין חודש ניסן. אונדזער טרעפפונקט האָט זיך געפונען ביים קלויסטער פון די קאַפּוצינען. מיר האָבן דאָן געהאַט אַ באַגעגעניש מיט שאולן און פּנינהן. זיי האָבן געהאַט אַ שפּאַר ביסל פּעקלעך. מיר האָבן זיי אַוועקגעטראָגן אין „גדוד־העבודה", און זיי אַוועקגעלייגט אין אַ שטאַל אין צוויי ליידיקע קאַריטעס. אין דער פרי האָבן זיי געדאַרפט טראַנספּאָרטירט ווערן צום סולטאַן על־אַטראַש.

אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז עמעצער קוקט מיר נאָך. לעבן דעם אַלטן פאַרשאָטענעם ברונעם האָב איך דערהערט אַ שטיל געריוש. איך בין געבליבן שטיין און זיך איינגעהערט אין דער פינצ־טערניש. אין אַ רגע אַרום בין איך אַוועק און אָנגעהויבן צואיילן די טריט. אין מאה־שערים איז מיר לייכטער געוואָרן. גייענדיק באַרג־אַרויף, האָב איך נאָך אַ מאָל עפּעס דערהערט. דאָס איז געווען אַ שטיל, קוים דערהער־באַר רופן: — בחור! וואַרט! איך האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען דעם סערזשאַנט־מאַיאָר אין אַ טונקל העמד און קורצע הייזלעך. „קיף על כאַל!"*

* וואָס מאַכסטו?

— האָט ער מיך באַגריסט, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. איך האָב קוים געהערשט איבער זיך, אין האַלדז איז מיר געוואָרן טרוקן ווי אַ ביין. איך האָב קוים אַרויסגערעדט: — „קאַטאַר כעעראַק!" (אַ דאַנק!).

— דער קאַפּיטאַן וואַרט אויף דיר. איַיל זיך און זיי פּאַרזיכטיק. — ער איז שטיל פאַרשוווּנדן אין דער פינצטערניש. אַ מינוט בין איך געשטאַנען און זיך איינגעהערט אין זיינע שטילע טריט.

עס האָבן זיך צעקלונגען די גלעקער פון איטאַליענישן קלויסטער. עס האָט געשלאָגן 9 אַזייגער און אין אַ שעה אַרום האָב איך זיך געדאַרפט טרעפן מיט פּניִנהן. איך האָב נאָך געוואָלט אַריינגיין אין שטוב עפּעס איבערבייסן,נו, און ווייזן זיך. איך האָב זיך פאַרהאַלטן אויף אַ פּאָר מינוט און עס איז מיר עפּעס אַזוי שווער געוואָרן אויפן האַרצן. איך בין אַוועק צום קאַפּיטאַנס ווילע און האָב נאָך אַלץ געמיינט, אַז איך וועל זיך ווי נישט איז אַרויסדרייען. איך האָב איבערגעחזרט אין די געדאַנקען זיינע מיר שוין פון פריִער באַקאַנטע רייד: „זיי כיטרע ווי אַ פוקס און בויגעוודיק ווי אַ שלאַנג".

דוב האָט זיך איינגעבויגן, פונקט ווי ער וואָלט זיך געגרייט אַ שפּרונג צו טאָן און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון חתולין, וועלכער האָט זיך געריבן דעם שטערן גלייך ער וואָלט זיך באַמיט צו דערמאָנען די לעצטע געשעעניש. אַכמעד האָט אָנגעבלאָזן די ליפּן, מיט די גרויסע הענט זיינע האָט ער צעקוועטשט די פּרעכטיק־רויטע פּעסקע און די גאַנצע צייט זיך אומרויִק געדרייט אויף דער שטול.

— כ'בין צוגעקומען צו דער ווילע. אין פענצטער, הינטער די אַראָפּ־געלאָזטע פאַרהאַנגען, האָט געלויכטן. דער קאַפּיטאַן האָט געשמעקט מיט לאַוועגדע. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ פלאַש אַראַק און אַ סיפאָן סאָדע־וואַסער אין אַן עמער מיט אייז. ער איז געווען פריש אָפּגעגאָלט, געטראָגן אַ ווייס העמד און עפּעס נאַטירט.

— נו, בחור איינער! ווייז נאָר אַהער דיינע אינפאָרמאַציעס! — עס ברענט, יאַ־חביבי. לאָמיר נאָר זען, ווי עס האַלט מיט דיין קאָפּ. עס זענען שוין אַוועק אַכט חדשים און איך ווייס, אַז דו ביסט דאָרט אַן אייגענער יאַט.

איך האָב אַ שמייכל געטאָן און באַמיט זיך רעדן פריי, ווי קיין מאָל גאָרנישט. איך האָב דערציילט וועגן קלוב. דאָס אַלץ, וואָס איז געגאַנגען לעגאַל, דערציילט בבא־מעשׂיות וועגן דיסקוסיעס, באַזונדערס מיט דער יוגנט פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. איך האָב געניי באַשריבן די וואַנט־צייטונג.

„מאַך עס בקיצור! — האָט ער מיט אַ מאָל אַ בורטשע געטאָן. — וועגן דער לעגאַלער טעטיקייט ווייסן מיר סיי ווי אַלץ. די אַדרעסן גיב אַהער, די טרעפּפּונקטן, די ערטער פון דער נישט־לעגאַלער פּאָסט. די פּראָנצוויזישע קאָלאָניעס זענען אַרומגעכאַפּט מיט אַן אויפשטאַנד. אין רבת־עמון דראָט אויך אַן אויפשטאַנד. ס׳האָבן זיך עפּעס אָנגעהויבן רירן די בעדויִנער־שבטים. דערצייל מיר אַלץ וואָס דו ווייסט. נעם אַ שטיקל פּאַפּיר און שרייב". — ער האָט אַרויסגעריסן אַ בלעטל פון זיין בלאָקנאָט און מיר געגעבן אַ בליישטיפט.

איך האָב זיך צוגעזעצט אין אַ זייט און אָנגעשריבן אַלץ, וואָס כ׳האָב שוין געהאָט דערציילט.

דער קאַפּיטאַן האָט געכאַפּט אַ בליק און בייז מיר אַ זאָג געטאָן:

„מענטש איינער! נישט אין דעם גייט מיר. דערמאָן זיך מיט וועמען פון זיי האָסטו זיך געטראָפן מחוץ דעם קלוב, אין פּריוואַטע דירות. וואָס מער דו וועסט אָנגעבן, אַלץ בעסער. אין אַ שעה אַרום טרעטן מיר צו צו דער אַקציע. מיר האָבן באַקומען גענויע ידיעות, אַז די קאָמוניסטן פון מצרים, סיריע און אונדזערע פון פּאַלעסטינע העלפן די אויפשטענדלער. אַגב, זאָגן זיי אַליין וועגן דעם אין זייערע אויפרופן".

ער האָט געעפנט דעם בלאָקנאָט און באַפוילן: — דו ענטפער אויף מיינע פראַגן, איך וועל שוין פאַרשרייבן.

„ווער פירט אָן מיט דער קאָמוניסטישער יוגנט? גיב אַהער די נעמען, פּסעוודאָנימען!"

„איך געהער נישט צו איר".

„וואָס?! נאָך אַזוי פיל חדשים?! האָסט פאַרשפּרייט זייערע אויפרופן אין דער אַלטשטאָט?"

„יאָ".

„מיט וועמען?"

„איינער אַליין״.

„דאָס געפעלט מיר נישט. זאָג מיר נאָר, יאַ־חביבי, ווער, לויט דיין מיינונג, זענען די מיטגלידער פון קאָמיטעט?״

„איך האָב נישט קיין שום באַגריף״.

„וואָס?!״ — האָט ער אויסגערופן מיט צאָרן.

„איך באַמי זיך וואָס ווייניקער צו שטעלן שאלות. איך טראָג פאות און צו אַזוינע האָבן זיי נישט קיין גרויס צוטרוי״.

„ווער האָט דיר געגעבן די אויפרופן?״

„קיינער״.

„זיי זענען דיר אַראָפּגעפאַלן פון הימל?״

„עס איז געלעגן אַ פּעקל אין פאַראיין אויף אַ באַנק. איך האָב געוואָלט זיי געפעלן ווערן, כדי מען זאָל אָנהייבן וועגן מיר צו רעדן און דאַן וועל איך געווינען זייער צוטרוי. איך האָב זיך נישט געאיילט, איך האָב נישט אַרויסגעוויזן צו פיל התמדה, איינשטימיק מיט אייערע אָנווייזונגען״.

מיט אַ מאָל האָב איך באַקומען אַ זעץ אין פּנים. דאָס קעפּל פונעם באַמבוס־שטעקעלע האָט געטראָפן אינעם ביין פון מיין באַק. גרינע שטערנדלעך האָבן זיך אָנגעצונדן אין מיינע אויגן. איך בין אומגעפאַלן. איך האָב דערשפּירט, אַז מיין דלאָניע איז אין צוואַנגען. עפּעס אַ האַרטע זאַך האָט ער מיר אַריינגערוקט צווישן די פינגער. מיט זיין בויך האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף מיין פּנים. איך האָב געוואָרפן מיט די פיס, ווי אַ דורכגעשטאָכענע חיה. דער ווייטיק פון די פינגער האָט מיר געריסן דאָס האַרץ, האָט צעזעצט מיין שאַרבן. איך האָב נישט אויסגעהאַלטן.

— וואָס, וואָס? — זענען דוב און אַכמעד אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער. — האָסט נישט אויסגעהאַלטן?

— יאָ, איך האָב נישט אויסגעהאַלטן. — פאַרשטעלנדיק דאָס פּנים מיט די דלאָניעס, האָט חתולי געשטאַמלט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — דער ווייטיק האָט אַרויסגערופן ביי מיר אַ געוויין. איך האָב געוויינט ווי אַ קינד. איך בין געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע מיט אָנגעשוואָלענע פינגער. איך האָב געוויינט און געשריגן, שעלטנדיק דעם קאַפּיטאַן מיט די ערגסטע זידלווערטער. ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר די האָר, געשלעפּט מיך אַרויף און אַראָפּ און דערנאָך מיך אַ שליידער געטאָן מיט קאָפּ אין דער פּאָדלאָגע.

„רעד, מנוול!" — האָט ער געשריגן. ער האָט מיר אַריינגעגאָסן וואַסער פון סיפאָן אין די נאָזלעכער. איך האָב מיך געשטיקט, געשפּירט אַ גוואַלדיקן ווייטיק אין די לונגען. איך האָב געמיינט, אַז עס איז אָנגעקומען מיין סוף.

„איך ווייס גאָרנישט" — האָב איך אים כסדר אָפּגעענטפערט.

אַז עס האָט אים אויסגעפעלט וואַסער, האָב איך אָנגעהויבן צו ספּאַז־מירן. איך דערמאָן זיך ווי אין אַ חלום, אַז ער האָט מיך געצויגן פאַר די אויערן, פאַר די פּאות און דער קאָפּ איז מיר געפלויגן אויף אַלע זייטן.

„דו וועסט אַרויס פון דאַנען אַ קאַליקע!" — האָט ער געריעוועט. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ זעץ מיט דער פויסט אין בויך, אַז איך בין געפאַלן אין חלשות. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ שמעק צו טאָן פון עפּעס אַ פלאַש. ער האָט מיט כוח מיר אַריינגעגאָסן אַראַק אין מויל.

„דו מוזט אונדז אַלץ דערציילן. געדענק, אַז דו געפינסט זיך אין פּאָלי־ציי־דינסט. אויב דו זאָגסט זיך אָפּ מיט אונדז מיטצואַרבעטן, וועסטו סיי ווי איינגעמען אַ מיתה משונה. מיר האָבן עצות, אַז זיי זאָלן זיך דערוויסן וועגן דיין ראָל, וואָס דו שפּילסט ביי זיי. זיי וועלן דיך דערשיסן ווי אַ הונט, ווי אַ פּראָוואָקאַטאָר".

איך האָב געוויינט מיט ביטערע טרערן און תמעוואַטע געשריגן:

„איך טראָג פּאות. איך בין אַ חסיד, צו אַזעלכע לייט האָבן זיי נישט קיין צוטרוי".

דער קאַפּיטאַן איז אויפגעשפּרונגען, געכאַפּט אַ קינזשאַל און מיר אָפּגעשניטן אַ פּאה. ער האָט מיך אַרויסגעשליידערט הינטער דער טיר מיט פאַרשידענע קללות, אויסרופנדיק: „שנייד אָפּ די צווייטע פּאה און נעם זיך ערנסט צו דער אַרבעט". און ער האָט צוגעגעבן:

„אויף ווידערזען אין צוויי וואָכן אַרום!"

אַ קראַנקער, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, האָב איך מיך דער־שלעפּט אַהיים. — איך האָב מיך געשעמט צו ווייזן פאַר די עלטערן אין אַזאַ צושטאַנד. איך האָב לאַנג געוואַרט ביז דאָס ליכט האָט זיך פאַרלאָשן, און דאַן בין איך אַריין אין קיך. אַז איך האָב אַריינגעקוקט אין שפּיגל, האָט מיך אַ פּחד אַרומגענומען אָנקוקנדיק מיין צעקריפּלט אויסזען. איך האָב אַ כאַפּ געטאָן אַ שבתדיק מעסער און אָפּגעשניטן די צווייטע פּאה. איך האָב

נישט געקאָנט איינשלאָפן פון ווייטיק און צער. פון איצט אָן איז דער וועג צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פאַר מיר געשלאָסן. די פּאָליציי פאַר־פאָלגט מיך. איך האָב געביסן די פינגער פון צער, אַז איך וועל אומקומען אָן אומשולדיקער, באַדעקט מיט אַ שאַנדפלעק פון אַ פּראָוואָקאַטאָר אויפן שטערן. איך האָב פאַרשטאַנען דעם טייוולאָנישן פּלאַן פון קאַפּיטאַן.

וואָס זאָל איך טאָן, ווו זאָל איך גיין? ווו זוכן הילף? צו דער אָרגאַני־זאַציע? ווער וועט מיר גלייבן? איך וועל מיך נישט קאָנען באַרעכטיקן. איך האָב מיר אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז פון איצט אָן וועט מען מיר נאָכפאָלגן, כדי אויף אַזאַ אופן צו פאַלן אויף די שפּורן פון דער אָרגאַניזאַציע. איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן טאַטן.

איך האָב מקנא געווען די, וועלכע האָבן פּראָגרעסיווע, געבילדעטע עלטערן. מיין טאַטע אַרבעט שווער, ער איז אַ פּראָלעטאַריער, אָבער איז פול מיט אָבערגלויבנס. ער וואַרט אויף משיחן. איך שטעל מיר פאָר די איבער־ראַשונג פון דער שוואַרצחנעוודיקער פּנינה, ווען זי וועט זיך דערוויסן וועגן מיר...

וואָס זאָל איך טאָן? אַנטלויפן קיין חיפה, אפשר קיין תל־אביב. דאָס האָט נישט קיין שום צוועק. עס וועלן מיך זוכן צוויי מאַכטן: ענגלאַנד און די קאָמוניסטן. אָנגעווייטיקט אויף דער גאַנצער וועלט, האָב איך מיך גע־בונטעוועט. איך האָב דאָך באמת קיינעם נישט פאַרראַטן. ס'אַראַ בייזער גורל. ביי אַנדערע באַדינגונגען וואָלט איך געקאָנט זיין צופרידן מיט זיך, איך האָב דאָך זיך נישט איינגעבראָכן. אפשר אויפשטיין און וואָרענען די אָרגאַניזאַציע. איך בין אַרויס פון בעט און אָנגעשפּיצט דאָס אויער אין אָפענעם פענצטער. איך האָב דייטלעך דערהערט פאַרזיכטיקע טריט. ביי דער ליכט פון דער לבנה האָט זיך באַוויזן אַ לאַנגער שאָטן.

מיט אַ קרעכץ האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן צוריק אויפן בעט: גרויס־בריטאַניע שטייט אויף דער וואַך; דער ווילדער לייב מיט זיין זייער לאַנגן ווידל איז גרייט מיך צו פאַרצוקן מיט זיינע שאַרפע ציין. איך האָב גע־פילט, אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען. ווי קיין מאָל, האָב איך דייטלעך געזען, וואָסער סכנה עס הענגט אויף דער אָרגאַניזאַציע. אומבאַוווסטזיניק האָב איך געקאָנט צו אייך פאַרשלעפּן די פּאָליציי.

אַן אויסגעמאַטערטער בין איך איינגעשלאָפן. עמעץ האָט מיך אַ שלעפּ געטאָן. נעבן מיר איז געשטאַנען דער טאַטע. איך האָב געזען זיין ווייכע, שוואַרצע באָרד, די אַנגעבלאָזענע נאָזלעכער און די הענט, מגושמדיקע ביינערנע הענט פון אַ שטיינהאַקער. צו ערשט האָט ער די הענט אויסגע־צויגן מיט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט אָפּגעטריבן פון זיך דעם שטן. שפּע־טער האָט ער זיי צוגעטראָגן צו די אויגן און מיט אַ געוויין אויסגערופן: „דו האָסט אָפּגעשניטן די פּאות! דו האָסט פאַרראַטן די אמונה פון דיינע אָבות! ס'אַראַ אויסזען, רבונו של עולם, איינציקער גאָט אין הימל! מיין זון האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גוי, און שיכור איז ער ווי דער ערגסטער פון די פלשתים!"

דעם טאַטנס אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט און ער האָט מיך אָנגעהויבן מכבד צו זיין מיט זיינע האַרטע שטיינערנע פויסטן. עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי און אַ געוויין פון דער מאַמע, וועלכע האָט זיך געוואַל־גערט אויף דער פּאָדלאָגע, קושנדיק דעם טאַטנס פיס. מיינע ברידער און שוועסטער האָבן געוויינט און אַרומגעלאָפן, ווי אַ סטאַדע צעווילדעוועטע חיות. אַ נאַקעטער, אַ געשלאָגענער, האָב איך מיך געדרייט און געוואָרפן ווי אַ שלאַנג. אַ פאַרסאַפּעטער האָט דער טאַטע אויפגעהויבן די מאַמע פון דער פּאָדלאָגע.

„מיר האָבן שוין נישט קיין זון! — האָט ער געשריגן מיט אַ פאַרצווייי־פלטער שטים. — ער איז געוואָרן אַ גוי. קום, רבקה, לאָמיר זיך זעצן שבעה". — ער האָט געכאַפּט אַ מעסער און איינגעשניטן דעם לאַץ פון זיין קאַפּאָטע. נאָך דעם איז ער אַוועק אין אַ ווינקל, זיך געשטעלט מיטן פּנים צו מזרח און מיט אַ וויינענדיק־איבערגעריסענעם קול האָט ער אָפּגעזאָגט קדיש נאָך מיר, ווי נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם. אַזוי אַרום בין איך געוואָרן פאַרשאָלטן.

איך האָב מיך אַרומגעשלעפּט אָן אַ ציל אַ גאַנצן טאָג. איך האָב אויס־געמיטן מענטשן, איך בין אַוועק אויפן מאַרק פון די קעמלען... נאָך מיר זענען נאָכגעגאַנגען שפּיקעס.

אויפן מאַרק איז געווען אַ טומל. קעמלען ליגנדיקע און שטייענדיקע האָבן געקייט אין זייערע דעליקאַטע פּיסקעס. איך האָב אַריינגעקוקט אין זייערע פאַראומערטע אויגן, ווו איך האָב געזען מיין אָפּשפּיגלונג.

ווי געוויינלעך, האָבן זיך דאָרט אַראַבער געדונגען פֿאַרעקשנט און מיט גרויס טומל. אויף פרעמדע האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, ווי מען קריגט זיך. נאָכן אָפּשליסן דעם מסחר זענען ביידע צדדים מיט צופרידנקייט זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איך האָב זיי מקנא געווען, ווען זיי האָבן זיך פונאַנדער־געזעצט אויף די הילצערנע זאָטלען, אַרומגעהאַנגען מיט פֿאַרשידענע פּעק. די קעמלען פלעגן פלעגמאַטיש זיך שטעלן צו ערשט אויף די פֿאָדערשטע פיס, דערנאָך אויף די הינטערשטע. אין אַ רגע אַרום האָבן גלעקלעך און פייפלעך צוגעשפּילט צום טאַקט מיט דער ריטמישער באַוועגונג פון די מדבר־שיפן. זיי האָבן געהאַט פאַר זיך אַ באַשטימטן ציל. זייער אָרט לעבן איז געווען נאָרמאַל, יעדער איינער האָט געהאַט זיין באַשעפטיקונג. די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייערע הייזער, צו זייערע באַשעפטיקונגען, צו זייער סביבה. בלויז איך אַליין בין געבליבן פֿאַראיינ־זאַמט, פֿאַרלוירן.דעם קאַפּיטאַנס שפּיקעס האָבן זיך נאָך מיר נאָכגעשלעפּט אויף יעדן שריט און טריט. זיי האָבן געהאַפּט, אַז עפּעס וועט זיי געלינגען איבערצוכאַפּן. די אַראַבער פלעגן אָנקומען פון באר־שבע און פון ווייטער. איניקע האָבן געטריבן זייערע קאַראַוואַנען פון טבריה, אַזש פון ים כנרת. פֿאַרשידענע שפּיקעס האָבן אָבסערווירט יעדע מיינע באַוועגונג. עס האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן אַ זייער וויכטיקן ענין — וועגן געווער און אומ־לעגאַלער ליטעראַטור.

צום סוף פון טאָג האָב איך מיך אַריינגעשלייכט אין די אַראַבישע געסלעך. איך האָב נישט געוווּסט, וווּהין איך זאָל גיין. אָבער איך האָב מיך אָפּגעטרייסלט פון מיין אומאַנגענעמער חברותא. אַ געוויסער צופאַל איז מיר געקומען צו הילף. אין אַ שמאָל געסל איז געגאַנגען אַ תימנערין, וועל־כע איז צווישן המון אומגעפאַלן און דער קויש האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון איר קאָפּ. איך האָב איר געהאָלפן צונויפקלייבן די באַקלאַזשאַנעס, און היות זי האָט זיך שטאַרק צעקלאַפּט די קני, האָב איך זי אַוועקגעפירט אַהיים. זי האָט געוווינט מיטן מאַן און קינדער אין אַ געמיינעם באַראַק פון פֿאַרזשאַווערטן בלעך, וואָס איז פֿאַרבליבן נאָך דער דעמאָביליזאַציע פון דער אינדישער קאַוואַלעריע. זיי האָבן געפירט אַ גאָרקיך, ווו עס האָבן געגעסן אַרבעטער פון די שכנותדיקע געביידעס.

דאָרט בין איך פאַרבליבן פאַר דריי פיאַסטער אַ נאַכט. ליגנדיק אויף מיין שטרויענעם געלעגער, האָב איך נישט געקאָנט איינשלאָפן, טראַכטנדיק כסדר איבער מיין ביטערן גורל. עס האָבן מיך באַאומרויִקט די ענינים פון מיינע חברים. איך האָב מיך אויפגעכאַפּט גאַנץ פרי מיט אָנגעשוואָלענע אויגן. איך האָב אויפגעגעסן אַ הויפן מיט טייטלען און פאַרטרונקען מיט וואַסער.

כדי נישט אַרויסצורופן אַ סענסאַציע מיט מיין אויסזען, האָב איך אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל דאָס פּנים, פּונקט ווי די ציין וואָלטן מיר ווי געטאָן און איך בין אַוועק צו דער אַרבעט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז רב אַדלער איז קראַנק געוואָרן. אין דעם אַנטשטאַנענעם באַלאַגאַן האָב איך אויסגעמיטן צו ענטפערן אויף פאַרשידענע פראַגן. די אַרבעט איז מיר נישט געגאַנגען, אַלץ איז מיר געפלויגן פון די הענט. מיטאָגצייט האָב איך געקויפט אַ צייטונג. עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. רעוויזיעס און אַרעסטן צווישן פאַרדעכטיקטע קאָמוניסטן. אין אַראַבישן קוואַרטאַל האָט מען דורכגעפירט אַ רעוויזיע אין דער בעקעריי פון בלינדן אַבדולאַ. צום גליק האָט מען דאָרט גאָרנישט נישט געפונען. די רעוויזיעס האָבן נישט אויפגעהערט.

וואָס זאָל איך טאָן? איצט, האָב איך געטראַכט, וועט דער פאַרדאַכט פאַלן אויף מיר. איך בין פאַרשוווּנדן.

צווייטע סענסאַציע! אין עק שטאָט נעבן יפו, האָט מען דערהרגעט אַ ייד, אַלס נקמה פאַר אַ דערהרגעטן אַראַבער.

פון גרויס פאַרצווייפלונג האָב איך געזוכט דעם טויט. איך בין אַוועק אויפן געפערלעכן וועג, וואָס פירט קיין יפו. עטלעכע יונגע אַראַבער זענען פאַרבייגעפאָרן אויף ראָווערן. זיי האָבן מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און אַוועק. עס זענען פאַרבייגעריטן צוויי אַראַבער זייער אָרעם גע־קליידט, אָבער זייערע פערד האָבן געשטעלט טריט, גלייך ווי זיי וואָלטן געטאַנצט. זיי האָבן צו מאָל נישט אַ קוק געטאָן אויף מיר, ווי איך וואָלט געווען אַן אומזעעוודיקער ווינט און נישט קיין לעבעדיק וועזן. ירושלים איז פאַרשוווּנדן פון מיינע אויגן. איך האָב מיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיין ביים וועג און געוואַרט אויפן מערדער. עס זענען פאַרבייגעפאָרן

עטלעכע פעלאַכן אויף אייזלען, וועלכע האָבן מיך באַמערקט, אָבער אויף מיר קיין אַכט נישט געלייגט.

די פעלאַכן האָבן געיאָגט די אייזלען מיט אַ טשמאָקעריי פון די ליפּן: דזע, דזע, אָבער דאָך האָבן זיי דערנאָך זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט, ווי עפּעס וואָלט געווען פאַרדעכטיקט.

פון דער זייט פון יפו איז אָנגעפאָרן אַ לאַסטאויטאָ. דער שאָפער האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ און אויסגערופן: היי, וואָס זיצסטו דאָ? די זון פאַרגייט און עס שמעקט מיט סכנה.

— איך בין פאַרמאַטערט. איך גיי אין שטאָט אַריין.

— נו, טאָ קריך אַריין. — איך האָב מיך אַריינגעזעצט נעבן געהילף. זיי האָבן געפירט טעאַטער־דעקאָראַציעס, האַלטנדיק פּיסטאָלעטן.

— איך גיב מיין קאָפּ — האָט זיך אָנגערופן דער שאָפער — אַז די דאָזיקע מאָרדן זענען אַן אַרבעט פון די ענגלענדער. זיי ווילן פּראָוואָצירן אומרועו צווישן יידן און אַראַבער, לויטן אַלטן נוסח: צעטייל און געוועל־טיק.

אין דער פרי האָב איך ווידער אַרומגעבונדן דאָס פּנים. ס׳איז געווען איבעריק דער דאָזיקער מאַסקאַראַד. צוליב דער קראַנקייט פון רב אַדלער האָט מען די דרוקעריי אויף אַ צייט פאַרמאַכט. איך האָב מיך דורכגעשלייכט דורך די גאַסן פון דער אַלטשטאָט, איבערלאָזנדיק די שפּיקעס הינטער זיך. איך האָב מיך געלאָזן גיין קיין בית־לחם. אויפן וועג איז געווען אַ קליינע באַוועגונג. פון צייט צו צייט האָט מען באַגעגנט אַן אָנגעלאָדענעם אייזל, געטריבן פון אַ פעלאַך. ווייט פון וועג האָבן פאַסטעכער געפּאַשעט שעפּסן, ביים סאַמע וועג האָבן אויסגעמאַטערטע קליינע אַראַבישע קי געצופּט די זאַפטיקע פרילינג־גראָזן. סע האָבן מיך אָנגעיאָגט אַ מחנה בערדיקע אַביסי־נישע פּילגרימער, וועלכע האָבן מיט אַ געזאַנג זיך געאײלט קיין בית־לחם. אין צוויי שעה אַרום בין איך אַריין אין שטעטל. ווייסע נידעריקע הייזער, פלאַכע דעכער. קנאָפּ גרינס. פון קלויסטער ביים וועג האָט זיך דערטראָגן אַ געזאַנג. איך האָב מיך צוגעקוקט צו די קראָמען און קרעמלעך. קיין שום חילוק נישט צווישן די אַראַבישע סוחרים און אונדזערע פון דער אַלטשטאָט. פיל פון זיי האָבן פאַרקויפט בילדלעך פון קריסטלעכע הייליקע, קליינע מעטאַלענע צלמלעך און הילצערנע מיטן געקרייציקטן קריסטוס.

מיט אַ מאָל האָט זיך אויף דער גאַס עמעץ צו מיר צוגערירט. איך האָב מיך איבערגעשראָקן. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ גזיר אין אַ ברוינער סוטאַנע, באַגאַרטלט מיט אַ ווייסער שנור און אויף די פיס האָט ער געטראָגן סאַנדאַלן.

— שלום! — האָט ער העפלעך מיך באַגריסט. — ווי איך זע, זענען דיינע שיך פאַרשטויבט. דו קומסט מסתמא פון אַ ווייטן וועג. — ער האָט מיר פאַרגעלייגט צו באַזוכן דאָס מיסיאָנערן־הויז.

איך האָב אויפגעציטערט. מיין דערציִונג און פאָראורטיילן האָבן זיך אָפּגערופן אין מיר. איך האָב מיך דערמאָנט פאַרשידענע מעשיות וועגן מיסיאָנערן. ס׳איז אַלעמען באַוווּסט, אַז די פאָרויסגעזעענע קאַנדידאַטן אויף שמד באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ און אומזיסטע באַשפּייזונג.

ס׳איז מיר אַריין אַ געדאַנק, אַז אין מיין איצטיקער לאַגע דאַרף איך אויסנוצן ד׳ געלעגנהייט. איך וועל האָבן אַן אָרט ווו אַוועקצולייגן מיין קאָפּ אויף עטלעכע טעג.

איך בין אַריין מיט אים אין טריבן פּאָדערהויז. דורך געדרייטע טרעפּ בין איך אַרויף אויף אַ העכערן שטאָק. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער, ווו דאָס גאַנצע מעבל איז באַשטאַנען פון אַ לאַנגן טיש און אַן אייזערן בעטל. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ גרויסער הילצערנער קרייץ מיט אַן אויסגעשניטענעם קריסטוס.

ס׳איז מיר געוואָרן קאַלעמוטנע אויף דער נשמה.

דער מאָנאַך האָט מיר געוויזן אַ גרויסע ביבליאָטעק. צום ערשטן מאָל האָב איך דערזען פאַר מיינע אויגן דעם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט אין לשון־קודש.

— ביי אונדז — האָט געזאָגט דער גלח — קאָן מען פאַרבלייבן ביז צוויי וואָכן. מען קאָן זיך דאָ לערנען און אויך אַרבעטן, ווי איינער פאַר־לאַנגט.

איך האָב געאַרבעט אין אַ גאָרטן צוזאַמען מיט עטלעכע יונגע אַראַבער און אַראַבערינס. יעדן טאָג האָב איך געלערנט פראַנצויזיש. ערגער איז געווען מיטן עסן. איך האָב געגעסן אָן אַפּעטיט. דאָס חזיר־פלייש אויפן טעלער האָט מיר געשניטן די אויגן. איך פלעג מיך אָנזעטיקן מיט ברויט. דער גלח האָט דאָס אַלץ געזען און ער האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק.

פון די צייטונגען האָב איך זיך דערוווּסט וועגן קאָמוניסטישע דעמאָנ־סטראַציעס. דער קאַמף וועגן אַ פאָן איז געווען די סענסאַציע פון טאָג. איינע פון די יונגע קאָמוניסטקעס, אַ שיינע, שלאַנקע, האָט בעתן קאַמף זיך געשלאָגן מיט אַ פּאָליציי־אָפיציר און ער איז געווען געצוווּנגען אַרויס־צולאָזן די דערוואָרבענע פאָן. מיט גרויס שווערקייט איז געלונגען זי צו אַרעסטירן צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידישע און אַראַבישע מענער. אָבער די פאָן איז ערגעצוווּ פאַרשוווּנדן. לייענענדיק די צייטונג האָב איך דערשפּירט געוויסנסביסן און אַ בייסיקן פּחד. איך האָב זיך פאַרטראַכט, צי דער קאַפּי־טאַן האָט אויסגעפּירט זיין שאַנטאַזש. וואָס טראַכט וועגן מיר די אָרגאַניזאַ־ציע? איך האָב דערשפּירט אַ ציטער אין מיין גוף. איך בין אַרויס אין גאָרטן און האָב געאַרבעט מיט אַלע כוחות, טראַכנטדיק בעת־מעשה — וואָס ווייטער?

איך האָב באַשלאָסן אין עטלעכע טעג אַרום זיך צוריקקערן אַהיים און צו להכעיס דעם קאַפּיטאַן ווידער פאַרלאָזן זיך פּאות, אַלס סימן, אַז איך לאָז מיך אויס פון אים.

אין אַ שמעוס מיטן גלח, האָט ער מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז איך קאָן פאַרבלייבן אויף ווייטער. ער איז געווען פון מיר צופרידן סיי מיט די רע־זולטאַטן פון מיין לערנען, סיי מיט מיין פלייסיקער אַרבעט.

איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל זיך צוריקקערן. איך מוז מיך זען מיט מיין שוועסטער. ביים געזעגענען זיך האָט ער מיר דערלאַנגט אַ פונט און געגעבן די ברכה אויפן וועג.

אײדער איך האָב פאַרלאָזט דאָס שטעטל, האָב איך מיר געקויפט אַ ווייסע „קעפּיע" און אַ שוואַרץ־ווייסע „אַקאַלע". איך האָב באַקומען דעם אויסזען פון אַן אַראַבער. איך האָב געוווּסט, אַז די אָרגאַניזאַציע קען אויף מיר אַרויסטראָגן אַ טויט־אורטייל. אָבער עפּעס האָט מיך געצויגן צוריק, ווי אַ זומער־פייגעלע צו דער ליכט. דער קאַמף האָט דאָך נישט אויפגע־הערט, און מיט מיין גאַנצער אומגליקלעכער נשמה בין איך געווען מיט אייך. איך בין געפאַלן אַ קרבן פון מיין בלינדן גורל, פון מיין נאַרישקייט און אומבאַוווּסטזיניקייט. עס האָט זיך מיר תמיד אויסגעדאַכט, אַז אַלץ ווייס איך און אַלץ פאַרשטיי איך. דאָס אַלץ האָט גורם געווען זיך צום

פֿאַרפּלאָנטערן אין די נעצן פֿון דער פּאָליצײ. טויט אָדער אַ ווירדיק לעבן:
— דער איינציקער אויסוועג, וואָס איך האָב געזוכט פֿאַר זיך.

אין אַ געסל, ביים בענזין־סקלאַד פֿון דער „שעל אויל קאָמפּאַני", האָב איך זיך אומגעריכט אָנגעשטויסן אויף זהבהן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט פֿאַראַכטונג, אויסרופֿנדיק: „פּחדן, טפֿו! איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט אין זיך דרייסטקייט, אָבער בעת עס האָט זיך געפֿאָדערט דעם קאָפּ אונטערצושטעלן, ביסטו אַנטלאָפֿן!"

זי האָט זיך אויסגעדרייט און אַוועקגעגאַנגען. נאָך דעם, ווי איך האָב מיך אַ לענגערע צייט אַרומגעדרייט און אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן, בין איך אַוועק צו מיינע תּימנער.

ענדלעך ווייס איך, אַז מען פֿאַרדעכטיקט מיך נישט. אַ באַרויִקטער האָב איך עפּעס געגומען אין מויל אַריין. איך האָב ווידער אָנגעטאָן די קעפּיִע. אומבאַמערקט בין איך אַוועק פֿון פֿראַנצייזישן קלויסטער. איך האָב באַטראַכט די אַרבעטער פֿון „גדוד העבודה", וועלכע האָבן זיך צוריק־געקערט פֿון דער אַרבעט. איך האָב דערזען, אַז עטלעכע, וועלכע האָבן צו־גענומען די אויפֿרייס־שטאָפֿן, זענען אויף דער פֿריי, וואָס עס האָט אָנגע־פֿילט מיין האַרץ מיט פֿרייד.

איך האָב באַשלאָסן זיך אויסצובאַהאַלטן פֿאַר אייך און פֿאַר דער פּאָליציי, ביז וואַנען אַלץ וועט אויפֿגעקלערט ווערן. רב אַדלער איז נאָך אַלץ קראַנק. איך האָב געאַרבעט צייטווייליק דאָ און דאָרט, פֿאַרדינענדיק קוים אויפֿן לעבן.

— און די פֿונטן, וואָס דו האָסט באַקומען פֿון קאַפּיטאַן? — האָט אַכמעד אַ פֿרעג געטאָן.

— איך האָב זיי קיין מאָל נישט אָפּגענומען. זיי ליגן אין באַנק אויף מיין נאָמען, וואָס איך האָב געקאָנט אָפּנעמען בלויז מיט דער אונטערשריפֿט פֿון מיין טאַטן.

— דיינע ידיעות זענען פֿאַר אונדז זייער וויכטיק — האָט זיך דוב אָנ־גערופֿן. — פֿאַר וואָס האָסטו זיך פֿריִער צו אונדז נישט געמאָלדן?

— איך האָב נישט געקאָנט.

— וואָס הייסט דו האָסט נישט געקאָנט! פנינה, זהבה, ליובע, איך און זכריה האָבן דיך באַגעגנט און מיר אַלע האָבן געזען, אַז דו ביסט אַנטלאָפן און האָסט זיך נישט געוואָלט זען מיט אונדז.

— יאָ, איך האָב עס געטאָן בכיוון, כדי נישט אַרויפצופירן די פּאָליציי אויף אייערע שפּורן.

אין פינף וואָכן אַרום נאָך יענער נאַכט, האָט מיך פאַרהאַלטן דער סער־זשאַנט־מאַיאָר.

— ענדלעך! — האָט ער אויסגערופן. — ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַרן עלנבויגן לויטן פּאָרטל פון יאַפּאַנישן דזשיו־דזשיטסו. מיט אַ קונציקער קאָמבינאַציע פון דעם פוס, האָב איך אים אַוועקגעשליידערט אויף דער ערד און אַנטלאָפן.

— כאַ, כאַ! מיין לערע איז נישט געגאַנגען לאיבוד! — האָט דוב אויסגערופן מיט אַ צופרידענעם שמייכל אויפן פנים.

— עס איז אייך אַלזאָ פאַרשטענדלעך, אַז ווערנדיק נאָכגעשפּירט דורך דער פּאָליציי, האָב איך נישט געקאָנט זיך פאַר אייך באַווייזן. בעת פנינה האָט מיך צופעליק באַגעגנט, האָט זי נישט געשריגן ווי זהבה. האָבנדיק אַ ריינעם געוויסן, האָב איך באַשלאָסן מיט אייך זיך צו באַגעגענען. איצט טראָגט אַרויס אַן אורטייל — האָט חתולי שטיל געזאָגט — דעם זון, וואָס זיין טאַטע האָט פאַרשאָלטן, דעם קאָמוניסטישן פחדן און דעזערטיר פון זיין קעניגלעכן מאַיעסטעט.

וואַרשע, 1963 (פון פּויליש: מאַרק ראַקאָווסקי)

# אַ געסל

דאָס אייזעלע, גרוי ווי אַ מויז, אָנגעלאָדן אין בײדע זײַטן מיט קעסט־לעך גרינוואַרג, האָט בלאָקירט דאָס שמאָלע געסל. שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, אונטערגעיאָגט דורך אַ גרײַז־גרויען אַראַבער, האָט עס שווערלעך געטאָפּ־טשעט פאָרויס. דורכגײענדיק האָב איך זיך קוים דורכגעשטופּט.

— קיבדע! מאַלפוף — האָט זיך פונאַנדערגעהילכט אַ רוף, מיט אַ ניגון ווי עס זינגט אַ מועדזין פסוקים פון קאָראַן.

— קיבדע! מאַלפוף! — לעבערלעך! קרויט!

פּאַראינטריגירט מיט דעם רוף בין איך אויף איין מאָמענט שטיין גע־בליבן.

— טאַאַל דזשאַי! קום, קום אַהער! — האָט צו מיר העפלעך גע־פליסטערט אַ דיקער, הויכער אַראַבער.

כ׳האָב אַ זוך געטאָן מיט די אויגן און באַלד זיך געכאַפּט. צווישן צוויי גוט אָנגעשטאָפּטע געוועלבער איז געווען אַן אימפּראָוויזירטע גאַסנקיך. אַזאַ מין טיפע נישע אין פענצטער. רעכטס, הינטער דער וואַנט — אַ לאַנגע פּליטע מיט פּייערקעס. אויף דער קיך זענען געשטאַנען פינף עמאַלירטע טעפּ. דערנעבן האָט געגליט אַ קליין שייטערל פון האָלצקוילן. אויף דעם פּייער האָבן זיך געבראָטן שטיקלעך פליש און לעבער. אַ מין שאַשליק פאַר אָרטיקע פּיינשמעקערס.

אונטערכאַפּנדיק מיין נייגעריקייט, האָט דער אַראַבער מיט אַ זיס שמייכעלע מיר אונטערגעטראָגן אַ נידעריקן טאַבורעט מיט אַ געפּלאָכטענעם געזעס. פאַרחידושט אויף זיינע זשעסטן און כיטרע אויגן, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט טיף אין דער נישע.

דער בעל־הבית האָט אַ ווייז־געטאָן אויפן שאַשליק, צוגעטראָגן די צונויפגעלייגטע פינגער צום מויל און אַ צמאָקע געטאָן מיט די ליפּן. קויעס! יאַ כאַוואַדזשאַ! קויעס! איך האָב וואַזשנע אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אַ גרויסער פּריץ. זיצנדיק אויפן טאַבורעט ווי אין אַ זאָטל, האָב איך זיך אונטערגעגאַרטלט מיט אַ ביסל געדולד.

דער אַראַבער האָט געקניט ביים שייטער, אַ בלאָז געטאָן מיט אַלע כוחות פון די לונגען אין דעם קוים טליִענדיקן פּייערל אַריין, די קוילן האָבן זיך צעפלאַקערט און פריילעך געטראָסקעט. דער אַראַבער האָט פלינק געדרייט מיט די שפּיזן, דאָס פלייש האָט זיך געפּרעגלט, און ס'האָט זיך צעטראָגן אַ ריח פון ציבעלעס, קנאָבל און געראויכערט פלייש. דאָס פאַרען זיך ביי די טעפּ האָט אים נישט געשטערט צו שרייען און רופן: קיבדע! מאַלפוף!

ענדלעך איז מיין קיבדע פאַרטיק געוואָרן. כ'האָב אויך באַקומען אַ וואַרעמע פּיטע. אָפּרייסנדיק שטיקלעך פון דעם פלעצל, האָב איך מיט די פינגער אַראָפּגעצויגן שטיקלעך לעבער און פלייש.

אין דער נישע איז געווען אינטים טונקל. די טונקלקייט האָט שאַרף קאָנטראַסטירט מיטן העלן טאָגליכט פון דער גאַס. נעבן מיר האָבן זיך צוגעזעצט אויף אונטערגעקרייצטע פיס צווי קליענטן. איינער האָט באַשטעלט געוויקלט קרויט מיט רייז, דער צווייטער — אַ שעפּסנקאָפּ געפילט מיט עפּעס אַ געקעכץ, וואָס האָט מיר פאַרכאַפּט דעם אָטעם. זיי האָבן געגעסן מיט אַ שטאַרקן אַפּעטיט. די ווייסע קעפּיעס האָבן זיך באַוועגט און געטרייסלט אין ריטם פון די קייענדיקע זשיכוועס און ציין.

האַרט נעבן מיר איז געזעסן אַ יונגער בחור מיט אַ רויטער פעזקע אויפן קאָפּ, זעט אויס אַ שטאָטישער. ער האָט געשמאַק געגעסן מליאַסקענדיק מיט די ליפּן. מיט זיין לינקער האַנט מיט די צעשפּרייטע פינגער האָט ער געהאַלטן דעם טעלער אין דער לופט און מיט אים פלינק געדרייט, און מיטן גראָבן פינגער פון דער רעכטער האַנט האָט ער קונציק אויסגעווישט

דאָס ביסל כומוס פון די ראַנדן פון טעלער און געשליידערט גלייך אין מויל אַריין.

דאָס געסל אַנטקעגן מיין אָבסערוואַציע־פּונקט האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַנאָראַמישער עקראַן. מענטשן, אַנגעטאָן אין רוישיקע קאָלירן, האָבן גע־צויגן פון אַלע זייטן. דער רעש, געפּילדער, דער ווירוואַר האָבן זיך נישט געשטילט אַפילו אויף קיין איין רגע.

— בוזאַ־שאָקאָל יאַ קאַימאַק! האָט געווופן אַ פּאַרקויפער פון אייז־קרעם. ער האָט באַלאַנסירט מיט אַ קעסטל אויפן קאָפּ, צווישן מענטשן און אייזלען.

— לימאָנאַטאַ! לימאָנאַטאַ! האָט געווופן אַ גאַסן־הענדלער, ער האָט ריטמיש געקלונגען מיט עטלעכע מעשענע שיסעלעך, האַלטנדיק זיי צווישן די פינגער פון איין האַנט. ער האָט אויסגעזען צו זיין אַ פּערסיאַנער. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ ווייסע, ברודיקע, פלאַכע פעזקע, אַרומגעוויקלט אין דער טאַליע מיט אַ גרינעם באַנד. אויף דעם לינקן אָרעם האָט ער געטראָגן אַ סאָקפּע פון רויען שעפּסנפעל, פול מיט לימאָנאַדע. אַ פּאַרבייגייענדיקער בעדויִנער אין אַ ווייסער דזשולאַביע, פאַרצויגן מיט אַ רימען, האָט אים געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט. דער פּערס האָט פלינק אַנגעבויגן די סאָקפּע, דורכן שנאָבל אַרויסגעלאָזט אַ שטראָם לימאָנאַדע אין אַ מעשענעם שיסעלע אַריין. איינקאַסירנדיק אַ מטבע האָט ער נישט אויפגעהערט צו שרייען: לימאָנאַטאַ! לימאָנאַטאַ! די בעסטע, געשמאַקסטע נאָר ביי מיר! נאָר ביי מיר!

פלוצלינג האָט זיך באַוויזן אַ יונגער מאַנסביל, שווער אָנגעשפּאַרט אויף צוויי קוליעס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי די קאַכעדיקע טעפּ. צוקוקנדיק זיך האָט ער נידעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זיין אַדלערנאָז האָט אַריינ־געאָטעמט די געשמאַקע ריחות און זיין פּנים האָט עדות געזאָגט, אַז ער וואָלט עפּעס גערן איבערגעביסן.

אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ ווייסע קעפּיִע מיט רויטע פינטלעך און מיט שוואַרצע, גראָבע אַקאַלעס; דער אָפּגענוצטער באַטלדרעס און די גאַליפע־הויזן האָבן אויסגעזען ווי אַן אוניפאָרם פון ענגלישע קאָלאָניאַלע איינהייטן. אויף דער לינקער זייט ברוסט איז ביי אים געווען צוגעשפּיליעט אַ מעדאַל. די הויזן, געלאַטעטע און שמוציקע. דער געזונטער פוס אָנגע־

טאָן אין אַ צעכלאָבערטן לאַטש, דער צווייטער הויז — פּאַרקאַטשעט. דורך אַ גוואַלד־ריס האָט אַרויסגעקוקט דער איבערגעבליבענער צעקאַלעטשע־טער אֵבר.

דער בעל־הבית פון דעם גאַסן־בופעט האָט דערזעענדיק דעם „גאַסט״, איבערגעריסן זיין סאַקראַמענטאַלן: „קיבדע! מאַלפּוף!״, אויסגעשטאַרצט די אויגן, און אַ וואָרטשע געטאָן: — וואָס שטייסטו און שמעקסט? עס, אָדער — יאַללאַ! עטללאַ! (געגאַנגען! טראָג זיך אָפּ!)

דער אינוואַליד האָט גאָרנישט געענטפערט. שוויגנדיק האָט ער אָנגע־בויגן דעם קאָפּ, פירנדיק אים פון טאָפּ צו טאָפּ. זיינע נאָזלעכער האָבן גע־ציטערט פון גרויס הנאה.

— יאַללאַ, יאַ, קאַלב! טרעט אָפּ! שטערסט די קליענטן, וואָס צאָלן געלט צו געניסן פון אַללאַס גוטס! טרעט אָפּ — עטללאַ!

— וואָס שרייסטו? איך מאַך דיר דען אָן שאָדן? וואָס, שמעקן טאָר מען נישט?

דער בעל־הבית האָט האַסטיק אויסגעשטרעקט די הענט, די פינגער איינגעבויגן, ווי לאַפּעס פון אַ רויבפויגל. ער האָט זיך צעשריִען, טרייס־לענדיק זיך פון כעס: — אַ שאָד, וואָס אַללאַ האָט דיר נישט באַשטראָפט מיט ביידע פיס! ווילסט שמעקן, הנאה האָבן — באַצאָל, דו גזלן איינער!

דער אינוואַליד האָט זיך אויסגעגלייכט און בכבודיק אַ זאָג געטאָן:

— ווען איך האָב געקעמפט און בלוט פאַרגאָסן, ווו ביסטו דאַן געווען, דו גראָבער חזיר?— דו קאַראַכאַנדזשי! — און שאָקלענדיק זיך אויף דעם געזונטן פוס, האָט ער געכאַפּט דאָס גלייכגעוויכט.

פּלוצלונג האָט ער אויפגעהויבן די רעכטע האַנט מיט דער קוליע און זיך פאַרמאַסטן ווי מיט אַ פּיקע.

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט זיך געהערט אַ געשריי. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ פּאָליציסט, אין אַן ענלעכן מונדיר ווי דער מלחמה־אינוואַליד. דער אונטערשייד צווישן זיי איז נאָר באַשטאַנען אין דעם וואָס דער פּאָלי־ציסט האָט געטראָגן אַ ריינעם מונדיר און אַ שוואַרצע לאַקירטע דובינקע אין האַנט און דער דעמאָביליזירטער סאָלדאַט — אַ קוליע.

— איך האָב נאָך נישט געהאַט קיין געלעגנהייט זיך אַרומצוקוקן — האָט געזאָגט דער אינוואַליד — איך האָב קוים אַ שמעק געטאָן די מאכלים,

און דער עיפּושדיקער שאַקאַל האָט שוין אַ וואָיע געטאָן, ווי איך וואָלט אים געשאָכטן מיט אַ פּאַרזשאַווערט מעסער.

— כ'בין נישט גערעכט? — האָט אים איבערגעריסן דער גראָבער אַראַבער. — אַלע קליענטן זענען זיך צעלאָפן. גוט נאָך וואָס זיי האָבן באַצאָלט. מענטשן, כאַפּט אַ קוק. בלויז דער טוריסט איז געבליבן! — דער בעל־הבית האָט געפּאָכעט מיט די הענט, געשריגן און אַפּעלירט צום פּאָליציסט און צום אָנגעלאָפענעם המון.

עטלעכע הענדלערס פון געסל האָבן מיט אַלע קולות אונטערגעהאַלטן די טענה: פאַר מוזיק אין רעסטאָראַן צאָלט מען — פאַר וואָס זשע זאָל מען נישט צאָלן פאַר שמעקן געשמאַקע געקעכץ?

— באַנדיטן, גזלנים, — האָט מען געשריגן פון המון, — דער אַסקאַרי איז גערעכט. פאַר ריחות צאָלט מען נישט! — דער רעש איז געוואַקסן, דער פּאָליציסט איז געווען צעטומלט. די געשרייען, פּראָטעסטן, הענט, שטעקנס, האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס מען דאַרף טאָן אין אַזאַ פאַל. פּלוצלינג האָט דער אינוואַליד אַ געשריי געטאָן און אויפגעהויבן די האַנט: באַס! גענוג! איך באַצאַל!

דער המון האָט זיך געטרייסלט ווי אין קדחת. די פון די הינטערשטע רייען האָבן זיך געשטופּט און געשטעלט אויף די שפּיץ־פינגער.

— אפשר איז דער אַסקאַרי אַן איבערגעטוענער עפּענדי? האָבן זיך געהערט שטימען. די שפּאַנונג איז געוואַקסן. מען האָט זיך געשטופּט ווי אויף אַן אָרעמער חתונה. דער אינוואַליד האָט אַ זוך געטאָן אונטער דער פּאַכע. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ זעקעלע, אַרויסגעשיט אַ ביסל קליינע מטבעות. ער איז נאָך אַ מאָל צוגעגאַנגען צו די טעפּ. זיינע נאָזלעכער האָבן גייציק אַריינגעצויגן די ריחות.

אויסגלייכנדיק זיך, האָט ער אַ זאָג געטאָן: — איך באַצאַל!

— אַללאַ אַקבאַר! ער און זיין נביא מוכאַמעד איז גערעכט! — האָט געבענטשט גאָט דער צעשטראָלטער בעל־הבית. דער אינוואַליד האָט זיך פעסט אָנגעשפּאַרט אויף די קוליעס, די פּיאַסטערס אין דער דלאָניע האָט ער צוגעדעקט מיט דער צווייטער. אויפגעהויבן די פאַרמאַכטע הענט און האָט זיי שנעל געטרייסלט. די פּיאַסטערס האָבן געקלונגען מיט אַ שטילן

זילבערנעם קלאַנג. — פאַר שמעקן צאָל איך! ער האָט נאָך אַ מאָל אַ קלונג געטאָן מיט די פּיאַסטערס:

— איך האָב געשמעקט די מאכלים, און דו, כיטראַק, הערסט קלינגען די מטבעות. איצט זענען מיר קוויט.

ער האָט אַ נעם געטאָן די קוליעס און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

וואַרשע, 1965

## פּאַטאַ מאָרגאַנאַ

די „לאָראַ" האָט אַ גרילץ טועֶנדיק מיט די ברעמזן זיך אָפּגעשטעלט. אַ מאַן אין אַ קאַשקעט האָט לייכט הוסטנדיק פונאַנדערגערוקט די פלאַנדעקע.

— אָט זענען מיר דאָ — האָט ער אַ זאָג געטאָן. געבנדיק די האַנט אַ יונגער פרוי האָט ער איר געהאָלפן איינהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט. ער האָט זי אָפּגעלאָזט ווען זי האָט דעם פוס געשטעלט אויף דעם אַרויסגע־רוקטן שטאַפּל. זי איז אַראָפּגעשפּרונגען און אויסגלייכנדיק די פיס געמאַכט אַ פּאָר גימנאַסטישע באַוועגונגען.

„כ'פיל זיך גוט, איך באַקום צוריק מיין בויגזאַמקייט" — האָט זי אַ טראַכט געטאָן, ענערגיש געכאַפּט איר רייזעטאַש און שמייכלענדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום געזעגענען זיך. זי איז צוגעגאַנגען צום שאָפער, וועלכער האָט איר דערלאַנגט עפּעס אַ פּעקל.

— פון דאַנען האָסטו קוים אַ פּאָר שריט, ס'וועט דויערן אַזוי פיל ווי אויסרייכערן אַ ציגאַרל.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט.

—זע, דיביימער וועלן דיך פירן גלייך צום מושב.

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אַרומגעוויקלט מיט אַ טיכל — קוים וואָס מען האָט געזען דאָס פּנים. אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פונעם מאַנטל און זיך געלאָזט גיין. ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן. די זון איז אויפ־געגאַנגען און די געגנט, פול מיט קליינע בערגלעך, ערטערווייז, ווו ניִשט

ווו דורכגעשניטן מיט שמאָלע טאָלן האָט זיך געצויגן ביז צופוסנס פון די בערג. עס האָבן זיך דייטלעכער באַוויזן די קאָנטורן פון די ביימער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי פאַרלוירן צווישן די גרינענדיקע פעלדער.

זי האָט זיך זייער געאײַלט. געוואָלט וואָס גיכער קומען צום נאָענטן קיבוץ. אויפן וועג זיך אויפמערקזאַם אַרומגעקוקט. פּלוצים איז זי געבליבן שטיין. עפּעס האָט געפינקלט און זיך גערירט צופוסנס פונעם באַרג.

זי האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז עמעצנס אַ פאַרבאַרגענע האַנט האָט מיט אַ שפּיגעלע געלאָזט שפּרינגען זונפלעקן. אַ גרופּע רײַטער האָט זיך אויף די פערד געטראָגן לענגויס דעם וועג, וואָס האָט זיך געשלענגלט ביים באַרג גלבוע. פאַרביקע טראַכטן, בונטע קאַפּייער, דאָס געווער און געשפּאַן — האָבן געגלאַנצט אין די זונשטראַלן. אַ דערשראָקענע האָט זי אָנגעהויבן זוכן אַ באַהעלטעניש. איינגעבויגן איז זי דורכגעלאָפן עטלעכע טריט, און זיך אַנידערגעלאָזט אונטער די קוסטעס ביים וועג. די רײַטער זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל נענטער. זי האָט געקאָנט אונטערשיידן די הויטפאַרב פון די באַזונדערע פערד. נאָך דער דאָזיקער קאַוואַלקאַדע האָט גאַלאָפּירט אַ קאַוואַלעריע־אָפּטיילונג אין כאַקי־מונדירן. די אוניפאָרמען האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער לאַנדשאַפט און אַרומיקע געוויקסן. פאַרביקע פענדלעך אויף די פּיקעס האָבן געפלאַטערט אויפן ווינטל, און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ קאָלירנדיקן שטרייף.

„זיי יאָגן עמעצן נאָך" — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. אפשר וועט קומען צו אַ שלאַכט. זי האָט אָבסערווירט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט דעם געיעג פון די רײַטער. אויפגעהויבן אַלץ העכער דעם קאָפּ, און אין אַ רגע אַרום אין גאַנצן אויסגעגליכן. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז קיינער זעט זי נישט. עפּעס האָט זיך אַ שאַר געטאָן אין דער נאָענט. זי האָט שיִעור נישט אויסגעשריִען פון שרעק. זיך אַרומגעקוקט און לייכטער אָפּגעאָטעמט. אונטער די קאַקטוסן זענען געשטאַנען איינגעקאָרטשעט אויף די קניִען, צוויי יונגע לײַט מיט ביקסן אין די הענט.

איינער פון זיי האָט איר צוגעווונקען זי זאָל זיך אַנידערזעצן. ער האָט צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל. זי האָט פאַרשטאַנען. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבן זיי זיך אויפגעהויבן און אַרויפגעוואָרפן רימענס פון די ביקסן אויף די אַקסלען.

— נישט געפּערלעך — האָט געזאָגט איינער פון זיי — כ׳מיין אַז די בעדויִנער זענען אין דינסט פון דער פּאָליציי. פון וואַנען האָסטו זיך גע־נומען אַזוי פרי? מ׳זעט באַלד, אַז ביסט נישט קיין היגע.

— כ׳בין, ווי איר זעט, פון ווייטן. געקומען צו פריינד אויף אַ טאָג צוויי.

— ס׳פריידט אונדז זייער. וועסט צו נוץ קומען. אַ סך האָבן פאַרלאָזט די אַרבעט. — דער קורץ־געשוירענער געלער בחור האָט אַ גלעט געטאָן די קאָלבע פון דער ביקס.

— גיי גלייך. אפשר וועסטו נאָך באַוויזן צום פרישטיק — האָט אַ זאָג געטאָן דער צווייטער בחור מיט אַ קיילעכדיק פּנים. ער האָט מיט דער שפּיץ צונג פייכט געמאַכט דאָס צונויפגעוויקלטע ציגאַרל.

אַ דערפרייטע פון דער דאָזיקער באַגעגעניש, האָט זי געדאַנקט פאַר די עצות און אָנווייזונגען. פון דער קעשענע אין מאַנטל אַרויסגעצויגן אַ פּאָר צוקערלעך און דערלאַנגט די בחורים. געזעגענענדיק זיך האָט איינער דעם אַנדערן איבערגעשריִען: „גיי, גיי, האָב נישט קיין מורא, מיר וועלן נאָכ־קוקן ווו דו גייסט. אין אָוונט קום אין דעם קלוב״ — האָט איינער איר נאָכגערופן, ווינקענדיק שטיפעריש מיט אַן אויג.

זי האָט אָנגעהויבן גיין שנעלער. רעכטס פונעם שאָסיי זענען געלעגן די גרינע פעלדער. מיט דעם שמאָלן פעלדוועג איז געגאַנגען אַ גרופּע לאַנד־אַרבעטער. זיי האָבן געטראָגן קאָסעס און ביקסן. נאָך זיי זענען גע־פאָרן פורן איינגעשפּאַנטע אין פערדעס. דער ישוב איז געוואָרן אַלץ נענ־טער. דער וואַסער־טורעם האָט זיך געהויבן ווי אַ שוץ־ציטאַדעלע. די קרוינען פון די עוקאַליפּטוס־ביימער, וואָס זענען געווען באַזעצט מיט קראָ־ען, האָבן אויסגעזען פאַרטונקלט און סודותדיק. ס׳האָבן זיך צעבליט די דאַך־שינדלען פון די ווינהייזער. דער באַגאָסענער מיט זונשטראַלן גרוי־סער הויף פון דער ווירטשאַפט, איז געווען גרויס ווי אַ פוטבאָלפּלאַץ. דער גאַנצער שטח, אַרומגערינגלט מיט פאַרשידענע געביידעס און לאַנדווירט־שאַפטלעכע איינריכטונגען, האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקע דרייבינע. צו די שפּייכלערס און שטאַלן האָט מען געבראַכט, אויף וואָגנס, דאָס פריש גע־שניטענע היי. אין דער שמידעריי האָט געבליצט דאָס פייער און ס׳האָט שווער געסאָפּעט דער בלאָזזאַק. פון ווייטן האָבן ווייס געשימערט די גע־

צעלטן, אויסגעשטעלט אין דער ברייט און אין דער לענג — אין גלייכע שורות.

די יונגע פרוי האָט אָנגעהויבן גיין לאַנגזאַמער, זוכנדיק עמעצן מיט די אויגן. איר בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ לענגלעכן באַראַק, צוגע־דעקט מיט פרישע פּאַפּע. זי איז צוגעגאַנגען נענטער. ס׳האָט זיך באַ־וויזן דער וועג צום עסצימער פונעם קיבוץ. בלייבנדיק שטיין ביים אַריינגאַנג האָט זי דערזען די נאַקעטע ווענט. לאַנגע, אויבערפלעכלעך גע־היבלעוועטע טישן זענען געווען צוגעדעקט מיט אָפּגענוצטער ווייסער צע־ראַטע. אונטערן סופיט האָבן זיך געוויגט, פון דעם ווינט, עלעקטרישע לעמפּלעך. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק ביי דער וואַנט. אַראָפּ־גענומען דאָס טיכל פון קאָפּ, האָט זי אינסטינקטיוו צו רעכט געמאַכט די פעך־שוואַרצע האָר. טראָץ אירע יונגע יאָרן האָט זי אויסגעזען צו זיין עלטער. אירע האָר זענען געווען אַ קאָנטראַסט צו דער העלער הויט פון דעם פּנים, אַזאַ כאַראַקטעריסטישן פּאָר בלאָנדע פרויען.

דער יונגער פרוי איז קענטיק געווען באַקאַנט דער לעבנס־שטייגער פון קיבוץ. זי האָט זיך באַנומען פריי, גענומען אַ פענעץ ברויט, איינגע־טונקען אין דעם טעלער מיט אייל, זיך אָנגעגאָסן אַ טעפּעלע קאַקאָאָ. בריִענדיק זיך די ליפּן האָט זי האַסטיק געטרונקען, נאָך דעם זיך באַהערשט. די יונגע פרוי האָט זיך ממש געצווונגען צו עסן נאָרמאַל, נישט געוואָלט פאַרראַטן, אַז שוין עטלעכע טעג האָט זי נישט געהאַט קיין וואַרעם גע־קעכץ אין מויל. אַ ביסל געשטילט דעם הונגער, האָט זי גענומען אַ ציי־טונג פונעם טיש. אַדורכגעקוקט אויבנאויפיק די קעפּלעך. זי האָט פאַר־האַלטן דעם בליק אויף דעם קעפּל: „וויטערדיקע אַרעסטן צווישן די קאָ־מוניסטן, זיי פאַרשפּרייטן ליטעראַטור, דערקלערן אַז די עקסצעסן זענען קעגן יידן, ס׳איז נישט קיין אויפשטאַנד קעגן ענגלאַנד...״ זי האָט זיך קוים באַהערשט, אַנגסטלעך אַרומגעקוקט. צווישן די אַרעסטירטע זענען געווען באַקאַנטע נעמען. דער צייטונגס־רעפּאָרטער האָט געבראַכט די ידיעה פון „באַגלויבטע קוועלן״. „פּאָליציי איז אויף די שפּורן פון אַ געפערלעכער קאָמוניסטין״. זי האָט גלייכגילטיק אַוועקגעלייגט די צייטונג און געענדיקט רויִק דעם פרישטיק, כדי מען זאָל גאָרנישט חושד זיין. זי האָט אַרויסגע־נומען דאָס שפּיגעלע און אַ שמייכל געטאָן. איר פריזור איז געווען זייער

שיין געמאַכט און פּאַרקעמט. זי איז אויפגעשטאַנען פון טיש, דעם טאַש איבערגעלאָזט אויף דער באַנק. די זון האָט שוין גוט געוואָרעמט. זי איז אַרויסגעגאַנגען, זיך געוואַשן די הענטביים קראַן, זיי אָפּגעווישט מיט אַ טיכל און זיך צוריקגעקערט אין עסצימער. זי האָט זיך פאַרהאַלטן ביים טאָוול מיט די מודעות. אַ קוק געטאָן אויף די מעלדונגען, געפונען די רשי־מה מיט דער אַרבעטס־פאַרטיילונג, זי דורכגעלייענט איין מאָל, און דאָס צווייטע. צווישן די נעמען נישט געפונען לעאַנען. אַ באַאומרויִקטע האָט זי אַראָפּגענומען די זונברילן, זיך אַרומגעקוקט, ווען ס'איז פּלוצים פאַרביי־געגאַנגען אַ מאַן מיט אַ גראָצע אין דער האַנט.

נישט שוין זשע איז ער נישטאָ? אפשר האָט מען אים אַרעסטירט? וואָס טוט מען? אין די קיבוצים איז דאָך נישט פאַראַן קיין פּאָליציי — האָט זי זיך באַרויִקט. אין ערגסטן פאַל וועט מען איר עפּעס אַריינזאָגן, געבן צו פאַרשטיין... ביי דעם אָפענעם שמיד־וואַרשטאַט האָט אַ מאַן עפּעס מאַני־פּולירט ביי אַ אַקער־אייזן. אויף איר „גוט מאָרגן" האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ ענטפערנדיק — „שלום".

זי האָט אַ פרעג געטאָן וועגן לעאַנען. „לעאָן איז אין פעלד, פאַשעט די בהמות און וועט זיך צוריקקערן אין די מיטאָג־שעהען. אַמבעסטן וועט דיך אינפאָרמירן רבקה. גיי צו די געצעלטן". ווייזנדיק מיטן פינגער האָט ער צוגעגעבן: „דאָס דריטע געצעלט פון דער צווייטער ריי".

לעאָן האָט זיך געפונען. וואָס פאַר אַ גליק! זי האָט געוואָלט טאַנצן פון פרייד. „רבקה, רבקה" — האָט זי איבערגעחזרט אין געדאַנק. „אפשר עפּעס אַ שטערונג"... זי איז צוגעקומען נענטער צום געצעלט. אַ העל־בלאָנד מיידל מיט אַ פיין געטאָקטער פיגור האָט אָנגעצויגן די שטריק פון דעם געצעלט. זי האָט דערזען די אָנקומענדיקע, איבערגעריסן די אַרבעט, און זיך אויסגעגליכן. דער אויסדרוק פון איר פּנים איז געווען אַ בפירוש אויסוואַרטנדיקער.

— שלום! צי ווינט דאָ לעאָן?

— ער ווינט דאָ. — דאָס מיידל האָט זי אויפמערקזאַם באַטראַכט און אַ פרעג געטאָן:

— דו ביסט זהבה?

— יאָ, נאָר וואָס געקומען צו פאָרן.

— איך הייס רבקה. — און מיט אַ פֿאַרבעטנדיקן זשעסט געעפֿנט דעם איינגאַנג אין דעם געצעלט.

— כ'בין ערשט געקומען פֿון דיזשור און מאַך אַ ביסל אָרדענונג. פֿאַרטאָג האָבן דאָ געגישטערט די שאַקאַלן.

אינעווייניק האָט געהערשט אַ האַלב־טונקלקייט. צוויי אייזערנע בעטן, פֿאַרשפּרייט מיט קאָצן, זענען געשטאַנען ביי די זייטן. אויפֿן סלופּ איז געהאָנגען אַ קאַרביד־לעמפּל.

— אפשר ווילסטו זיך צולייגן? אַ ביסל זיך אָפּרוען? איך שטעל מיר פֿאַר דעם וועג, וואָס דו האָסט אַדורכגעמאַכט. — רבקה האָט מיט אַ דער־מוטיקנדיקן זשעסט אָפּגערעגנומען דעם גאַזענעם צודעק קעגן מאָסקיטן פֿון איינעם פֿון די בעטן.

זהבה, אַ זשענירטע און אין גאַנצן אַן איבערראַשטע, האָט געשוויגן. דאָס געצעלט האָט געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ פֿאַמיליע־נעסט. יעדע זאַך, יעדע איינצלהייט האָט וועגן דעם עדות געזאָגט. זי האָט געדאַנקט און הילפֿלאָז זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן בעט. עס האָט איר פֿאַרפֿעלט מוט צו קוקן רבקהן אין פּנים. זי האָט זיך געפֿילט פֿאַרלוירן. נישט געקאָנט צוזאַמענ־נעמען די געדאַנקען און נישט געוווסט ווי אַזוי פֿאַרזעצן דעם געשפּרעך. זי האָט דערפֿילט איר האַרץ וואָס האָט אומרויִק געקלאַפּט. גענומען די דזשאַרע מיט וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן טאַבאַרעט און האַסטיק אָנגעהויבן טרינקען. טרינקענדיק האָט זי געטראַכט וועגן דער געשאַפֿענער לאַגע. רבקה — ווער איז זי? זיין מיידל? און אפשר זיין שוועסטער?

דאָס שוויַגן איז געלעגן ווי אַ לאַסט. זי האָט זיך געפֿילט ווי פֿאַר אַ זאַמדשטורעם.

„באַנעם זיך פּשוט, ווי אַ פֿרוי, אַ מענטש, מיט אַ ריינעם געוויסן" — האָט איר געפֿליסטערט עפּעס אַן אינעווייניקסטע שטימע. זי האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל. די האָר זענען געוואָרן לייכט צעשויבערט, שאָטנס אונ־טער די אויגן האָבן פֿאַרראַטן נישט דערשלאָפֿענע נעכט. און דאָך האָט זי אויסגעזען שיין, זייער שיין. זיך צו רעכט געמאַכט די האָר און אויסגע־גלעט דאָס קעלנערל פֿון דער בלוזע.

— כ׳וואָלט זייער געוואָלט, וואָס גיכער זיך זען מיט לעאָנען. איך אייל זיך. כ׳קאָן דאָ נישט בלייבן לאַנג, ביי אייך. — זאָגנדיק דאָס האָט זי אַקצענטירט דאָס וואָרט „אייך״.

— נישטאָ קיין פשוטערע זאַך, גיי גלייך צום פעלד. דער וועג איז אַ זיכערער און געפינט זיך שטענדיק אונטער דער וואַך פון אונדזערע שומ־רים.

זהבה האָט זיך אַ הייב געטאָן גרייט אַרויסצוגיין.

— לאָמיר גיין צוזאַמען! איך וועל דיך צופירן צום וועג אין דער ריכטונג פון תל־יוסף. האַ! — האָט אַ זאָג געטאָן רבקה — איך האָב דאָס ערשט באַמערקט. אין די פּאַנטאָפל וועסטו אַהין נישט דערגיין. גיב מיר איין לאַטש צוצומעסטן.

זהבה האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים געצעלט. רבקה האָט זיך מיט לאַנגע טריט דערנענטערט צום גרינעם באַראַק. „ווי זי לויפט דאָס גראַציעז ווי אַ סאַרנע״ — האָט אַ טראַכט געטאָן זהבה. פּלוצים האָט זי דערפילט אַ מידקייט. „כ׳וועל זיך אַ ביסל אויסרוען״. זי האָט אַראָפּגענומען דעם פּאַנ־טאָפל און זיך אויסגעצויגן אויפן בעט.

*

זי האָט זיך אויפגעוועקט. נישט פאַרשטאַנען ווו זי געפינט זיך. זי איז געלעגן אונטער דער מאָסקיטיערע, צוגעדעקט מיט אַ קאָץ. אויפן טאַבאָרעט איז געשטאַנען אַ טעלער מיט זופּ, ביי דער זייט אָנגעשניטן ברויט און אַ היפּש שטיקל כאַלווע. אַן אויסגעניכטערטע פונעם שלאָף, האָט זי אויפגעהויבן דעם צודעק. אַראָפּלאָזנדיק די פיס באַמערקט אַ פּאָר מילי־טערישע שיך און פאַרצערעוועטע שקאַרפּעטקעס. אויף דעם טאַבאָרעט איז געלעגן אַ קוויטל: „זהבה! דו ביסט געשלאָפן אַזוי געשמאַק. נישט גע־וואָלט דיך וועקן. עס דעם מיטאָג. היינט האָט עס זיך אונדז איינגעגעבן, אויסערגעוויינלעך געשמאַק!״

זי האָט אָנגעמאָסטן די שיך. מיט די לאַטעס האָבן זיי אויסגעזען נע־בעכדיק. זי האָט אַ שאַר געטאָן מיט זיי. „נישט שלעכט״ — האָט זי פעסט־געשטעלט מיט צופרידנקייט.

זי האָט געגעסן די זופּ און צוגעביסן מיט ברויט. נאָך דעם אויפגע־
געסן די כאַלווע און פאַרטרונקען מיט וואַסער. אַרויסגייענדיק פון דעם
געצעלט האָט זי פאַרצויגן די פלאַכטע ביים אַריינגאַנג און זיך געלאָזט
זוכן לעאָנען. ביי דער סטעזשקע, נעבן אַ גרויסער שטייג מיט אַ נעץ, האָט
זיך געפּאָרעט אַ קיבוצניק. אַ פּאַראינטערעסירטע איז זי צוגעקומען נענטער.
מיט אומגעשיקטע באַוועגונגען האָט ער געכאַפּט יונגע אינדיטשקעס, און
האַלטנדיק זיי מיטביידע הענט, אַריינגעזעצט אין אַן עמער.

— וואָס גלאָצסטו ? — האָט ער אַגרעסיוו אַ פרעג געטאָן.

— כ׳וואָלט געוואָלט וויסן פאַר וואָס טוסטו דאָס ?

— איך הייל די דאָזיקע באַשעפענישן. זיי זאָלן נישט פגרן. דאָ נעבן,
אין עין־חרוד זענען אַ סך געפאַלן. ביי אונדז ווייניקער. ס׳איז שווער זיי
צו ציכטן — דעליקאַטע ביז גאָר !

זהבה האָט מיט פאַרשטענדעניש אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און גע־
זאָגט, אַז אין אייראָפּע האָדעוועט זיי יעדער לאַנדווירט אָן שוועריקייטן.

— אשפר ביסטו אַ זאַכקענערין אין דער הינזיכט, וואָלט איך געווען
צופרידן אויסצוהערן דיינע אָנווייזונגען.

— צום באַדויערן, איך האָב הינטער זיך צוויי יאָר פילאָלאָגישע לימו־
דים פון די ראָמאַנישע שפּראַכן. איצט אָבער זוך איך אייער פאַסטוך לעאָן.

— לעאָן ! לעאָן אונדזער פיינשמעקער ! באַלד וועל איך דיר ווייזן,
ווי אַזוי צו גיין צו אים.

ער האָט געוואָרפן די אַרבעט, אויסגעווישט די הענט אין די הויזן.
דעם עמער פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן דער ריח פון אַלקאָהאָל האָט
ער אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט, און זאָרגפעליק צוגעדעקט מיט אַ צעראַטע.
געמאַכט אַ פּאָר שריט און, ווייזנדיק מיט דער האַנט, אַ זאָג געטאָן : „דער
וועג פירט קיין תל־יוסף. וועסט אַריבערשרייטן דאָס בריקל. באַלד נאָכן
בריקל גיי לינקס. וועסט געפינען אַ סטעזשקע צופוסנס פונעם באַרג, דאַן
וועסטו גיין אַ דריי הונדערט מעטער און דערזען אַ סטאַדע בהמות״. גע־
זעגענענדיק זיך האָט ער געזאָגט : „אויב דו וועסט ביי אונדז בלייבן, קום
צו מיר — אַ גאָלדענע אַרבעט״. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און
איז אַוועקגעגאַנגען.

זהבה האָט געשפּאַנט אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג. זי האָט זיך גע־וואָלט אומקוקן. געפֿילט אַז ער אָבסערווירט זי. ער האָט אַן אינטערעסאַנט פּנים און דערצו איז ער גאַנץ סימפּאַטיש. זי האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן. פֿאַרזיכטיק געשפּרייזט איבער דעם צעפּאָרענעם פֿעלדוועג. גוט וואָס איך האָב אָנגעטאָן די דאַזיקע שיך — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. די בלאָטע איז ערטערווייז אַ גאַנץ געדיכטע און זיך געקלעפּט ווי ליים.

זהבה האָט מיט מי געצויגן די פֿיס פֿון דעם קלעפּיקן געמיש. זי האָט זיך פֿאַרקערעוועט צו אַ שמאָל סטעזשקעלע, וואָס האָט זיך געוויקלט צווישן די פֿעלדזן. מיט אַ שטיינדל און אַ ביסל גראָז האָט זי אָפּגערייניקט די שיך. די סטעזשקע איז געווען האַרט, און עס איז לייכטער געווען צו גיין. מיט גרינגע טריט האָט זי זיך דערנענטערט צו אַ וואַדי פֿול מיט וואַסער. זי האָט זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף דעם אייבערשטן ראַנד און אַ קוק געטאָן אַראָפּ. אויף דער אַנטקעגן ליגנדיקער פֿלאַך האָט זיך געפּאַשעט אַ סטאַדע קי. צוקומענדיק נענטער האָט זי דערזען דעם פּאַסטוך. ער איז געזעסן אויף אַ שטיין און געלייענט. די הינט האָבן אָנגעהויבן בילן. זיי זענען געלאָפֿן גלייך צו איר מיט די אַראָפּגעלאָזטע פּיסקעס. אַן איבערגעשראָקענע איז זי ווי אַ קאַץ אַרויפֿגעקראָכן אויף דעם נאָענטן פֿעלז. די הינט האָבן זי אַרומגערינגלט, בילנדיק און ווייזנדיק די ציין. דער פּאַסטוך איז גיך גע־לאָפֿן צו הילף. זהבה, נישט אַראָפּלאָזנדיק דעם בליק פֿון די הינט, האָט פֿאַרצווייפֿלט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. דער פּאַסטוך האָט אַ פֿייף געטאָן און צוריקגערופֿן די הינט. דער ברייטער ראַנד פֿון דעם אויסטראַ־לישן קאַפּעלוש, האָט אים פֿאַרשטעלט דאָס פּנים. ער האָט זיך דערנענ־טערט. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ ביכל, און מיט דער אַנדערער צוגעהאַלטן אַ מאַוזער אין אַ הילצערנעם פֿוטעראַל, וואָס איז געהאַנגען אויפֿן פּאַסעק. ער איז געבליבן שטיין און עפּעס אַ בורטשע געטאָן צו אַ באַגריסונג. ער האָט גאָרנישט גערעדט, געקוקט אויף איר מיט אַ פֿאַראינ־טערעסירונג און געשוויגן. די הינט האָבן געוואָרטשעט און ער האָט באַ־טראַכט זהבהן.

— העלף מיר אַראָפּגיין. זעסט דאָך אַז איך וועל אַליין נישט קאָנען. טרייב אַוועק די הינט. איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי איך האָב געקאָנט אַרויפֿקריכן אויף דעם פֿעלז...

— די הינט האָבן דיר געהאָלפן און דער פחד האָט דיך געטריבן... זענען דיר אויסגעוואָקסן פליגל...

— זאָג, ווי אַזוי הייסטו? אפשר ביסטו דער וועמען איך זוך?

— חכמע זיך נישט און שפּרינג אַראָפּ! — האָט ער שמייכלענדיק אַ רוף געטאָן.

זהבה האָט מיטן בליק געמאָסטן דעם מרחק און מיט די שפּיץ שיך אָנגערירט די אויסשטאַרצנדיקע שטיקער פעלזן. זי האָט מורא געהאָט. ער איז צוגעגאַנגען נענטער. די ליניעס פון זיינע ליפּן זענען געווען דרייסטע. ער האָט געהאָט אַן אָדלערנאָז, געדיכטע בלאָנדע ברעמען און טיפע בלויע אויגן. אַ געוווּקסיקער האָט ער צו איר אויסגעצויגן די אָרעמס דערוועקנדיק אַ צוטרוי.

זהבה האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך אָפּגעשטויסן פון דעם פעלז. ער האָט זי געכאַפּט אין די אָרעמס און לייכט אָוועקגעשטעלט אויף די פיס. אַ הונט, וואָס איז געשטאַנען נאָענט, האָט זיך אַ ריס געטאָן צו איר. זי האָט דערפילט אויפן פּנים זיין הייסן אָטעם. דער פּאַסטוך האָט מיט אַ געשריי פאַרהאַלטן דעם הונט און אים עפּעס באַפוילן מיט אַ שאַרפן קול. די הינט, ברומענדיק, האָבן זיך צוריקגעקערט צו דער סטאַדע.

— וואָס ביסטו פאַר אַן איינע? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— דוכט זיך, אַז דו הייסט לעאָן? מיין נאָמען איז זהבה און אריה איז מיין מאַן.

— איך האָב געוואַרט אויף אַ בלאָנדע פרוי. צוריק מיט עטלעכע טעג איז דאָ געווען דער פאַרבינדונגס־מאַן און האָט מיר אָנגעזאָגט. צוויי מאָל האָבן מיר אַרומגערעדט דיין עניך. ווען ביסטו געקומען? צי קען דיך דאָ עמעצער? — האָט ער מיט איין אָטעם געפרעגט.

זהבה האָט אים געענטפערט, אַז זי האָט זיך באַקאַנט מיט רבקהן. „זי איז ענלעך צו דיר, מסתמא אַ שוועסטער? פון ערגעץ געפונען פאַר מיר די שיך...״

— שוועסטער... שיך... — האָט ער שטיל איבערגעחזרט. — רבקה איז מיין מיידל.

זהבה איז רויט געוואָרן, נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך... אין אַ מינוט אַרום האָט זי גענומען דאָס ביכל פון זיין האַנט. בלעטערנדיק

האָט זי זיך אַ ביסל באַרויִקט. פֿאַרמאַכנדיק דאָס ביכל האָט זי איבערגע־לייענט דעם טיטל: „דער פּאָרטרעט פֿון דאָריאַן גריי״. פֿון ביכל איז אַרויס־געפֿאַלן אַ בלעטל. לעאָן האָט דאָס אויפֿגעהויבן און גלייך באַהאַלטן.

— אַ סוד? — האָט זי געפֿרעגט.

— וואָס פֿאַר אַ סוד. כ׳שפּיל זיך אַ ביסל, כ׳שרייב לידער.

— אַהאַ, איצט פֿאַרשטיי איך. ווי האָסטו דאָס געזאָגט, ווען איך בין געשטאַנען דאָרט אויפֿן פֿעלז? „די הינט האָבן דיר געהאָלפֿן, דער פּחד האָט דיך געטריבן און ס׳זענען דיר אויסגעוואַקסן פֿליגל״. כ׳האָב באַלד אַ טראַכט געטאָן, אַז ביסט אַ פֿילאָזאָף.

שאָקלענדיק מיטן קאָפּ האָט ער געענטפֿערט: „פּאָעזיע, ליריק, אָבער דאָס לעבן איז לעבן און דיקטירט זיינע רעכט. איך באַטראַכט זיך פֿאַר אַ פֿריינד פֿון די אַראַבער, איך וויל זייער און אונדזער טובֿה... און טראָג ביי זיך ׳דעם חבֿר מאָוזער׳״.

— טאָקע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאַזיקן לאָזונג דאַרף איך פֿאָרן קיין פֿראַנקרייך — אויפֿקלערן די סיבה פֿון דער געענדערטער אָריענטאַ־ציע. און דאָס וואָס מיר האָבן געמאַכט אַ נייע אָפּשאַצונג, — אַז דאָס איז נישט קיין אַנטי־אימפּעריאַליסטישער אויפֿשטאַנד, נאָר אַנטי־יידישע אומ־רועןאון פּרוּוון צו מאַכן פּאָגראָמען.

— כ׳האָב געהערט אַז עס איז דאָ געווען אַ פֿאַל פֿון פֿאַרגוואַלדיקונג.

— האָט געפֿרעגט לעאָן.

— יאָ, ליידער, דאָס איז געווען אַ פֿאַרגוואַלדיקונג, ערגער פֿון אַ מאָרד. דריי טיפּן מיט רויטע פֿעזקעס זענען איר נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט, בעת זי האָט פֿונאַנדערגעוואָרפֿן פּראָקלאַמאַציעס. פּלוצים זענען זיי צוגע־שפּרונגען, אַרויסגעריסן פֿון איר האַנט די „ליטעראַטור״ און איר אַריינגע־בורטשעט אין פּנים אַריין:

— דו ביסט נישט קיין אַראַבערין, נאָר אַ פֿאַרשטעלטע יידישקע!

זי האָט זיך נישט אָפּגערופֿן און האָט זיך אויך נישט קעגנגעשטעלט, ווען זיי האָבן זי אַריינגעשטופּט אין דער אָפֿענער טיר פֿון דער קליינער הייזקעלע. אָבער ווען זי האָט זיך אַרומגעזען, אַז דאָס זענען נישט קיין פּאָליציי־אַגענטן, האָט זי זיך אָנגעהויבן צו אַמפּערן, און האָט זיך גע־ראַנגלט מיט זיי ביזן פֿאַרלירן דעם באַוווסטזיין. ביזן היינטיקן טאָג האָט

זי זיך נישט אומגעקערט צום געזונט און זי געפינט זיך אונטער דער אויפֿזיכט פון אַ פּסיכיאַטאָר.

זהבה האָט געשוויגן. נאָך עטלעכע מינוטן האָט זי איבערגעריסן דאָס אומאָנגענעמע שווייגן: — מען איז אַרויף אויף די שפּורן פון די פֿאַרגוואַלדיקער. עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן זיי געוואָלט שטילערהייט אָפּרוימען, פֿאַרשטעקן זיך אין אַ געסעלע און זיי דערשטעכן.

דער ניי־געשאַפֿענער קאָמיטעט אין חיפה האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן פּלאַן. און אַזוי איז זיי די זאַך אַדורך גלאַטיק.

— הם, זיי האָבן זיך, זעט אויס, געריכטעט מיט איבערגעטריבענעם הומאַניזם, — האָט אויסגעשריִען לעאָן.

— ניין, זיי האָבן געהאַנדלט לויטן גייסט פון געזעץ. שטעלן פֿאַרן געריכט? פֿאַר וועלכן? און ווער? מען האָט נישט געקאָנט רעאַגירן מיט די ביבלישע טראַדיציעס — „עין תחת עין", ווי אויך נישט מיט די זיטן און די געזעצן פון די בעדויִנער־שבטים פונעם מדבר.

— ווער וואָלט זיך דאָס אונטערגענומען?... אַ שיינע געשיכטע — האָט לעאָן ביטערלעך געלאַכט — ענגלאַנדס וויקטאָריאַנישע פּרודעריע דערהרגעט דאָך ביים לעבן. דו ווייסט געוויס וואָס זיי האָבן געטאָן מיט אָסקאַר ווײַלד. מען האָט אים אַריינגעצויגן אין אַ פּראָצעס, ער זאָל האָבן אַ געלעגנהייט דורכטראַכטן אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, ווען ער איז פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף עטלעכע יאָר תּפֿיסה. אַ שרעקלעכע זאַך; נאָר אין דער מדינה פון זיין קעניגלעכן מאַיעסטעט קאָן זיך אַזוינס טרעפֿן... גיב נאָר אַ טראַכט. דאָס איז דאָך געשען דאָ נישט לאַנג, צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט. זיינע שאָפֿונגען געהערן נישט, וואָס אַן אמת, צו מיינע באַליבטסטע; דאָס איז אַ מין פֿאַרביטערטקייט צוזאַמענגעמישט מיט עלעמענטן פון הומאַניזם. ווײַלד האָט געזען די וועלט אין צו טונקעלע קאָלירן און זיין פּעסימיזם איז געווען דאָך אַן איבערגעטריבענער. דאָ נישט לאַנג האָב איך אויך געלייענט איליאַ ערענבורגס „לייזערל רויטשוואַניעץ". דער שרייבער קערט איבער די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט פון אויבן ביז אַראָפּ. ער האָט אָנגעצייכנט נישט ווייניק שאַרפֿע פּראָבלעמען. מיט די געדאַנקען קער איך זיך אַלץ צו דעם דאָזיקן בוך. עס איז דאָ וועגן וואָס צו טראַכטן...

— דו האָסט דאָס בוך, לעאָן?

— עס קרייזט אַרום אין דעם קיבוץ, און גייט איבער פון האַנט צו האַנט. ווילסט דאָס איבערלייענען?

— ניין — צוליב וואָס? איך האָב דאָס געלייענט. עס אינטערעסירט מיך בלויז צי דו האָסט באַמערקט ווו דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, ווו איז דאָס דערשינען?

— דעם אמת זאָגנדיק בין איך נישט געווען טשעקאַווע.

— אַ שאָד, וואָס דו ווייסט נישט, מיין טייערער. ערענבורג האָט דאָס בוך אַרויסגעגעבן אין פּאַריז.

— וואָס, דו ווילסט זאָגן אַז ער האָט דאָס נישט געקאָנט אַרויסגעבן אין ראַטנפאַרבאַנד? און אפשר מיינסטו די צענזור?...

— די צאַרישע צענזור האָט מען לאַנג ליקווידירט און אויף איר אָרט איינגעפירט די רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע... כדי צו שיצן די דער־גרייכונגען פון אַרבעטער און פּויער, די דערגרייכונגען פון די גערודפטע פעלקער, באַקעמפן די איבערבלייבעכצן פון אַנטיסעמיטיזם...

— דאָס איז אמת, נאָך דעם געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד איז נישט געבליבן אַפילו קיין שאָטן פון אַנטיסעמיטיזם. איך האָב דאָ נישט לאַנג דורכגעבלעטערט די כראָניק פון יאָר 1924. איך גרייט צו אַן אינטערע־סאַנטע אַרבעט און גריבל זיך אין פאַרשידענע אַלטע צייטשריפטן. איך האָב דאָרט אָנגעטראָפן אויף דער דאַטע פון לענינס טויט. שטעל דיר פאָר, אַז ביי אונדז, אין ארץ־ישראל, איז געווען אַן אַלגעמיינער טרויער. און נאָך מער! אַפילו אונדזערע קעגנערס זענען געווען דערשיטערט פון זיין טויט. עס זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען און טרויער־אַקאַדעמיעס. אינ־טערעסאַנט זענען געווען די שלעכטע פּאָליטישע פּראָגנאָזן, וועלכע אייניקע האָבן געשטעלט. טראָץ דעם רעגן און שלעכטן וועטער זענען די זאַלן געווען איבערפולט. אָבער דאָס וואָס געשעט, היינט צו טאָג, אין אונדזערע רייען און אויך דאָרט אין דער „מעקאָ״ — דערוועקט אַ באַאומרויִקונג. באַרעכן זיך — מיר האָבן דאָך דאָס יאָר 1929. צוועלף יאָר נאָך דער רע־וואָלוציע. דאָס אַרויסטרייבן טראָצקין אויף אַן „אַדמיניסטראַטיוון אופן״. די דאָזיקע פאָרמולע איז אַן אַ שום יורידישן גרונט, אַנטשפּרעכט אין גאַנצן נישט אונדזערע פּאַרטיי־קריטעריומס. אויפריכטיקער געזאָגט — וועקן אַן אומרו.

— דאָס איז דער פּרייז פאַר דער רעוואָלוציע? דו ווייסט דאָך, אַז די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז געווען איינגעטונקט אין אַ ים פון בלוט. און דער ראַטנפאַרבאַנד לעבט אין אַ פיינטלעכער אַרומקרייזונג...

לעאָן האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ זיפץ געטאָן. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף די הויכקייטן פון דעם באַרג גלבוע, וואָס האָבן גאָלדיק שימערירט אין די שטראַלן פון דער זון. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו זהבהן און געפרעגט: „וואָס דאַרפן מיר איצט טאָן?"

— הייראַטן, און דאָס, וואָס גיכער — האָט אַ פליסטער געטאָן זהבה — אונדזער זאַך וואַרט אויף אונדז. איך מוז וואָס שנעלער זיין אין אויסלאַנד, איבערגעבן די סיבות פון אונדזער געענדערטער שטעלונג.

לעאָנס פּנים איז געוואָרן ערנסט. „ווען איך וואָלט אים געמוזט מאָלן — האָט אַ טראַכט געטאָן זהבה — וואָלט איך אים קאָמפּאָנירט פון סענקעס און וואָרצלען".

— גוט, גוט! אין אַ צען מינוט וועל איך צוזאַמענטרייבן די סטאַדע. כ'וועל זוכן, אַז עמעצער זאָל מיך פאַרטרעטן. מאָרגן אין דער פרי וועלן מיר דערליידיקן די נויטיקע פאָרמאַליטעטן. רבקה איז שוין צוגעגרייט און האָט אויסגעדריקט איר הסכמה. זי איז טאַקע נישט קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי און אַפילו נישט קיין סימפּאַטיקערין, זי איז אָבער אַ קלוג, גוט און טאָלעראַנט מיידל. זי דענקט, אַז צוזאַמען מיט די קיבוצים־חברים שאַפן זיי קלענערע אין מאָסשטאַב ווערטן פאַר אַ קליין פאָלק... „איר קאָמוניסטן שאַפט עפּעס גיגאַנטישעס. לויט דער מאָס פון דעם ערדקיילעך און פון דער עפּאָכע, אָבער איינס שליסט נישט אויס דאָס אַנדערע, פאַרקערט, עס דערגאַנצט זיך".

— אַ ראָמאַנטישע נאַטור — האָט זיך זהבה אָפּגערופן מיט אַ טאָן פון גרינגשאַצונג. לעאָן האָט גלייך געענטפערט:

— כ'בין זיך מודה, אַז איך געהער אויך צום דור ראָמאַנטיקער. אונדזער לעבן, דער קיבוץ איז לגמרי נישט קיין אוטאָפּיע. ווען איך וואָלט נישט געגלויבט אין קיבוץ וואָלט איך בכלל נישט געהאַט וואָס צו טאָן אין דער געזעלשאַפט!

זהבה איז אַנטשוויגן געוואָרן... דאָס דאָזיקע אידעאַלע פּאָרל האָט זי ממש שטיל געמאַכט... לעאָן האָט אַריינגעלייגט אַן איינגעבויגענעם פינגער

אין מויל און אַ פּאָר מאָל אַ פייף געטאָן. נאָך דעם אַ יאָג געטאָן די הינט. די סטאַדע האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעצויגן לענגויס דער סטעזשקע. די הינט האָבן באַגלייט די קי, בילנדיק ווען זיי האָבן זיך געלאָזן צום פעלד. אַרום האָבן געשמעקט די גרינע פרישע געוויקסן. אייניקע קי האָבן נאָך באַוויזן, ווו נישט ווו, עפּעס אַ צופּ טאָן, אָבער געטריבענע דורך די הינט, געלאָפן צו דער סטאַדע.

— קוק, ווי זיי האָבן זיך באַרויִקט — דערשפּירט דעם רויך פון דער זידלונג — האָט געזאָגט לעאָן. אַפילו די הינט האָבן פריילעך געמאַכט מיט די וויידלען.

— האָסט גערעדט מיט עמעצן אין דעם קיבוץ?

— פאַרביטן אַ פּאָר ווערטער מיט מרדכי, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ביי די אינדיטשקעס.

— אַ גוטער יאָט, אַ פריינד נאָך פון דער שולבאַנק. ס'איז אָבער בעסער נישט זיין מיט אים צו אָפנהאַרציק. ער געהערט צו די „קאָנסערוואַטיסטן". דו ווייסט ווי ער רופט מיך?

זהבה האָט אַ קוק געטאָן אויף לעאָנען. אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן פריילעכע פייערלעך.

— ער רופט מיך „סאַלאָן־קאָמוניסט", „פיינשמעקער". ער ווייסט נישט, אַז כ'געהער צו דער אָרגאַניזאַציע. איך האָב נישט בדעה אים אַרויסצופירן פונעם טעות.

נאָך דעם אָוונטברויט האָבן זיי אַ ביסל שפּאַצירט. די לופט, וואָס האָט מיט וואַרעמע כוואַליעס אַראָפּגעשטראָמט פון דעם באַרג גלבוע, האָט געשמעקט מיט האָניק און מיט נעלקען־בלומען. די שטערן האָבן געפינקלט אין הימל און אין די קוסטעס האָבן, ווי גרינע פייערלעך, געלויכטן די גליזשוקלעך.

אַלע דריי האָבן געהאַט אַ גוטע שטימונג, און זייער אַפּעט געלאַכט. זיי האָבן פאַרגעסן וועגן זייערע זאָרגן און פון צייט צו צייט געזונגען לידער אין פאַרשידענע שפּראַכן. די שומרים, וואָס האָבן געוואַכט אויף די גרענעצן פון קיבוץ, האָבן מיט וואַרענענדיקע רופן דערמאָנט דער צעהוליעטער „טראָיקע", ווו זיי זענען אין דער וועלט. אין די געצעלטן האָבן זיך געלאָשן די פייערלעך. אָבער זיי האָבן ווייטער אומדערמידלעך דיסקוטירט. רבקה

האָט אין די הפסקות באַוויזן צו דערציילן אַ פּאָר אַנעקדאָטן. דער ווינט האָט פון מערב אָנגעטריבן וואָלקנס. עס האָט אָנגעהויבן טריפן אַ רעגן. זיי זענען אַריינגעלאָפן אין געצעלט. רבקה האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, זאָגנדיק: „ס׳איז שוין צייט. זי האָט אַראָפּגענומען דאָס רעקל פונעם טשוואָק און זיך געזעגנט מיט אַ היוכן: „אַ גוטע נאַכט!”

— וווּהין? וואָס איז געשען? — האָט געפרעגט זהבה.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט אין דער פרי, אַז כ׳האָב איצט נאַכטדיזשורן אין דעם קינדער־גאָרטן און ביי די קליינע קינדער... פּאַר טאָג וועל איך אייך אויפוועקן.

די לאָמפּ, וואָס האָט זיך געוויגט, האָט געוואָרפן געהיימנישפולע שאָטנס. לעאָן האָט אַ שווייגנדיקער אַריינגעדרייט דעם קנויט. זהבה האָט זיך אויסגעטאָן אין האַלב פינצטערניש. זי האָט זיך געפילט זשעניִרט. געבליבן אַליין מיט רבקהס בחור. ער איז, וואָס אַן אמת, רבקהס אַ נישט אָפיציעלער מאַן, אָבער... דאָס „אָבער” האָט זי געדריקט. זי האָט געוווּסט, אַז איר יעדעס וואָרט, יעדע איבעריקע באַוועגונג וואָלט געקאָנט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ טאַקטלאָזיקייט. מאַכן פוריטאַנישע אָנשטעלן האָט נישט געהאַט קיין זין. עס האָבן דאָך געהערשט פאַרשידענע באַגריפן וועגן די באַציִונגען צווישן צוויי געשלעכטער. לויט דער אויפפאַסונג פון די קיבוצניקעס, האָבן זיך דאָך די ליבע און פריינדשאַפט באַזירט אויף צוטרוי. זי האָט זיך באַמיט צו פילן פריי. לעאָן האָט זיך אויך אויסגעטאָן אָן איבעריקע שטיק. ווען זי איז שוין געלעגן אין בעט, האָט ער זיך אַ הייב געטאָן אויף די עלנבויגנס און אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ.

זי האָט זיך פּלוצים אויפגעוועקט. אין געצעלט איז געווען אין גאַנצן פינצטער. אומדרייענדיק זיך אויף דער לינקער זייט האָט זי מיטן שטערן באַרירט די פלאַכטע פון דעם געצעלט. דאָס נאַסע, פון דעם רעגן, לייוונט האָט זי דערפרישט. זי האָט דערפילט אַ קילקייט און אַרויפגעצויגן דעם קאָץ איבערן רוקן. איינקנוילנדיק זיך האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי הערט אַ קרעכץ. זי האָט אָנגעשטרענגט דאָס געהער. געפרווווט דורכדרינגען דאָס פינצטערניש. זי האָט בפירוש געהערט אַ קרעכץ. „דאָס קרעכצט דאָך לעאָן” — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. אַן אומרויִקע איז זי געלעגן מיט אָפענע אויגן — און ווידער אַ מאָל דערהערט אַ קרעכץ און אַ צוגעאײלטן

אָטעם. זי האָט געוואָלט אויפשטיין און צוגיין צו אים. אפשר נויטיקט ער זיך אין הילף? אפשר האָט זיך אַראָפּגערוקט דער צודעק און עס איז אים קאַלט? זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט. דערפילט די קעלט, וואָס האָט געצויגן פון דיל און אַן אויפגעוואַכטע זיך צוגעהערט. פּלוצים האָט זי אויפגעכאַפּט זיין צוגעאיילטן אָטעם... און ריטמישע באַוועגונגען. אין גאַנצן אַן אַרויסגעשטויסענע פון שלאָף האָט זי איינגעהאַלטן דעם אָטעם, זיך פאַר־זיכטיק צוריקגעלייגט אין בעט. געלעגן שטיל, צוגעדעקט דעם קאָפּ מיטן קאָץ. נאָך אַ לענגערער ווײַלע האָט זי לייכטער אָפּגעאָטעמט. גוט וואָס רבקה איז אַרײַנגעקומען צו לעאָנען. איר אַרויסגיין צום דיזשור האָט אויסגעזען צו זיין אַ ביסל נישט נאַטירלעך. און די גאַנצע געשאַפענע לאַגע — נישט נאָרמאַל.

זהבה האָט זיך גאַרנישט פאַרגעשטעלט, אַז ער האָט אַ פרוי. נעכטן האָבן זיי געלאַכט, געשטיפּט. אַלץ האָט אויסגעזען ראָמאַנטיש, עטוואָס נאַיִוו און אפשר איז דאָס געווען אַן אָנשטעל, פון וועלכן ס׳איז זיך שווער צוריקצוציִען... אין גרונט זענען דאָך די אָנשטעלן אידעען — זיי העלפן זוכן דעם נייעם בעסערן מאָרגן... אפשר וואָלט געווען בעסער אַוועקפאָרן, נישט באַשווערן דאָס לעבן פון דעם פּאָרל? די ספקות האָבן נישט געלאָזט זהבהן רוען. ווער קען זי פאַרשטיין? סיי נישט די פּאַרטיי, און סיי נישט די ביידע, וואָס טוליען זיך דאָרט אין בעט... מען קאָן זיך דאָך לעכערלעך מאַכן אַפילו אין די אויגן פון אייגענעם מאַן. אריה האָט איין מאָל ביי אַ געלעגנהייט געזאָגט: „די פּאַרטיי, די רעוואָלוציע, איז איבער דער ליבע, איבער אַלעמען. אויפן ערשטן אָרט איז די רעוואָלוציע און נישט די ליבע״. אָבער די ליבע, דאָס בין איך דאָך! זי האָט זיך געבונטעוועט און געטראַכט ביי זיך: און דאָך איז פאַראַן עפּעס דערהויבנדיקס אין אונדזערע פּרוּוון צו לעבן אַנדערש, ברעכן די אַלטע לעבנס־פאָרמען פון אונדזערע עלטערן און זיידעס. לעבן אין גאַנצן אַנדערש, אָן די פאַרגליווערטע שאַבלאָנען, אָן מאַטעריעלער אָפּהענגיקייט...

זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן. אָבער אין שלאָף, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ פיבערדיק דרעמל, איז זי פאַרזונקען געוואָרן פון צייט צו צייט אין חלומות. זי האָט געחלומט און זיך אויפגעוועקט. די בילדער האָבן זיך גע־ביטן ווי אין אַ קאַלײדאָסקאָפּ. צייטנווייז האָט זי געזען די אייגענע צו־

קונפּט אין דעם שטורעם פון דער געשיכטע, אין די קאַמפּן אויף די באַ־ריקאַדעס. און דאָס געשפּענסט, וואָס האָט געשטיקט די אַרומיקע וועלט איז געווען אַזוי רעאַל, ממש אַנצורירן... עמעץ האָט זי אַ ריר געטאָן. זי האָט געעפנט די אויגן, זיך אַרומקוקנדיק אַזוי ווי צעטומלט. רבקה, מיטן פאַררויטלטן פּנים פון דער פרימאָרגנדיקער קעלט, האָט זיך צו איר איינ־געבויגן און זי באַטראַכט.

— ביסט געשלאָפן אומרויִק, עפּעס געמורמלט פון שלאָף.

זהבה האָט קוים געקאָנט פאַרשטיין רבקהס ווערטער, וואָס זענען צו איר דערגאַנגען ווי פון ווייטנס... זהבה האָט זיך אויפגעזעצט אויפן בעט און געריבן די אויגן. זיך נישט געאײַלט צו ענטפערן און אין אַ מינוט אַרום אַ זאָג געטאָן: „כ׳האָב געבענקט נאָך מיין מאַן. איך האָב אים שוין נישט געזען עטלעכע וואָכן". אַנטוענדיק זיך האָט זי געפּרוווט ברענגען אין אָרדענונג די אייגענע געדאַנקען און ענינים. „אין דער באַוועגונג איז אַלץ נישט געגאַנגען כשורה, עס האָט ממש געהערשט אַן אַלגעמיינע צעפאַלנ־קייט. „מעקאַ" דיקטירט און די אַראַבישע חברים פאַרלאָזן די פּאַרטיי. מיר, דאַקעגן, האָבן זעלבשטענדיק געביטן די אָריענטאַציע".

זהבה האָט אַ זיפץ געטאָן. צי וואַרט אויף אונדז נאָך איין אייגנ־אַרטיקער „אַרציבאַשעוויזם"? די מנובלים איז געלונגען, זיי האָבן אונדז פונאַנדערגעלייגט. זי האָט אַ ציטער געטאָן: וועמען האָב איך דאָס געמיינט? וועמען געהאַט אויפן שפּיץ צונג? עס זאָל נאָר נישט זיין קיין צווייִדייטי־קייט, אַפילו לגבי זיך אַליין — האָט זי געטראַכט, פאַר איר אייגענעם באַ־דאַרף. כ׳האָב געטראַכט וועגן די ענגלענדער, נאָר זיי האָב איך געהאַט אין זינען... איך האָב אַנדערש נישט געקאָנט... עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז עמעצער האָט איר אַ פליסטער געטאָן: „האָסט אַפילו מורא צו טראַכטן, עס שמעקט מיט היפּאָקריזיע"...

פון די דאָזיקע עגבערדיקע אומרויִקע געדאַנקען, האָט זי אַרויסגע־בראַכט לעאָן, וועלכער איז נאָר וואָס אַריינגעגאַנגען אין געצעלט.

זי האָט דערפילט אַ גרייטקייט אויסצופילן די אויפגאַבע. די פליכט און דער געדאַנק וועגן דער אויפגאַבע, וואָס איז פאַר איר געשטעלט גע־וואָרן, האָט אויף איר געווירקט ווי אַ סיגנאַל, ווי דער קלאַנג פון אַ טרומ־

פייט אויף אַ קאַמפּס־פערד. לעאַן האָט זיך געוויצלט און רייבנדיק די הענט געדופן: „אין עסצימער, די חתונה־מאַלצייט איז שוין פאַרטיק!"

— מאַלצייט? ווער האָט אייך דאָס דערלויבט? פאַר דער חופּה פאַר־פליכטעט אַ תּענית.

— רבקה, מאַך נישט דעם אָנשטעל פון אַ רביצין. דו האָסט נישט קיין באַגריף וועגן די אַלע מנהגים. אין טאָג פון דער חתונה עסט מען טאַקע יאָ, אָבער די כּלה טאָר מען נישט זען, אַזש ביז דער חופּה־צערעמאָניע...

איבערוואָרפנדיק זיך אַזוי מיט די ווערטער האָבן זיי זיך געזעצט ביי איינעם פון די לאַנגע טישן. זהבה האָט דערפילט אַ וואָלפישן אַפּעטיט. זי האָט אויפגעגעסן די זופּ ממש אין איין אויגנבליק.

קושנדיק רבקהן האָט זי אַ זאָג געטאָן ביים געזעגענען זיך: „כ'וועל דיך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. דו ביסט בראַוו, און איך האָף, אַז מיר וועלן זיך אין קורצן טרעפן. אויף אַזוינער ווי דו, וואַרט אונדזער באַוועגונג מיט אָפענע אָרעמס..."

דער לאַסטוואָגן האָט ברומענדיק מיטן מאָטאָר געשפּריצט מיט בלאָטע. די בחורים פון דער הגנה האָבן געהאַלטן אין די הענט ביקסן.

עפולה, די קליינע לאַנדווירטשאַפט־זידלונג, האָט זיך צעגלאַנצט אונ־טער דער זון, וואָס האָט זיך באַוויזן פון אונטער די וואָלקנס. די באַראַקן האָבן זיך אויסגעצויגן אין אַ גאַס, און די יונגע עוקאַליפּטוס־ביימער באַ־גאָסענע מיט דעם פלוצימדיקן רעגן, האָבן זיך געבויגן אונטער דעם ווינט. אין איינעם פון די הייזלעך האָבן זיי געפונען דעם רב. ער איז געווען פאַר־נומען ביים שעכטן די עופות. — אין עטלעכע מינוט אַרום וועל איך זיין פריי — האָט ער זיך אָפּגערופן — איך האָב אַזש צוויי „פּאַסטנס"...

זיי האָבן אַ ביסל צוגעוואַרט. דער רב האָט, אָנטוענדיק די קאַפּאָטע, אַ קוק געטאָן אויף זיי און געזאָגט:

— געקומען די ציג צום וואָגן? די ערשטע שוואַלב פונעם קיבוץ? רייבנדיק זיך די הענט האָט ער צוגעגעבן: „אָן אַ מנין וועט מען זיך נישט קאָנען באַגיין"...

לעאָן האָט אומגעדולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, געבנדיק צו פאַרשטיין, אַז עס וואַרט אויף זיי די אַרבעט.

— אַזוי ? — האָט זיך אָפּגערופן דער רב, — איך האָב אויף אייך לענ־גער געוואַרט ! און ענדלעך דערלעבט די מינוט. אַ קיבוצניק האָט חתונה ווי גאָט האָט געבאָטן.

זיי זענען צוגעגאַנגען צו אַ נאָענטן שענק. לעאָן האָט זיך געוואַקלט, נישט געוואָלט זיך זעצן צום טישל. זהבה האָט אים לייכט אַ שטויס געטאָן. זי האָט זיך באַנומען, ווי זי וואָלט געווען זיין געזעצלעכע פרוי. אין אַ מינוט אַרום האָט זי זיך געכאַפּט, אַז ער האָט נישט ביי זיך קיין גראָשן.

— איך האָב געלט — האָט זי אַ פליסטער געטאָן. לעאָן האָט זיך גע־וואָלט אַרויסדרייען, ווי ער האָט נאָר געקאָנט. זהבה האָט אים ענערגיש גענומען אונטערן אָרעם :

— מאַך זיך נישט נאַריש, ווער ווייסט אונדז אין גאַנצן פאַרשיטן און דע־קאָנספּירירן. פאַרגעס וועגן די קליינבירגערלעכע צערעמאָניעס... — זי האָט אים אַריינגעשטופּט אין דער האַנט עטלעכע צענדליק פּיאַסטער. ענדלעך האָבן זיי זיך געזעצט צום טישל. ער האָט זיך נישט געפילט פריי. מען האָט אויף אים באַלד דערקענט, אַז ער פלעגט זיין אַ זעלטענער גאַסט אין אַזעל־כע ערטער. נישט געקענט און נישט געוווּסט, ווי אַזוי עמעצן רופן און עפּעס באַשטעלן. דער אייגנטימער פונעם באַר, אַ דאַר מענטשל מיט אַ ציגן־בערדל איז צוגעקומען, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען דעם בליק פון זהבהן. לעאָן האָט באַשטעלט טיי, וויזנדיק מיטן פינגער אויפן בופעט האָט ער געבעטן אַ ביסל געבעקס.

— וועלכע ? — האָט געפרעגט דער אייגנטימער.

— קלייבט אויס וואָס איר ווילט, אונדז שמעקט אַלץ — האָט ער אַ זאָג געטאָן נישט לאַנג געטראַכט.

— וויפל ברענגען קיכלעך ?

זהבה, צווזענדיק לעאָנס הילפלאָזיקייט, איז אויסגעבראָכן אין אַ גע־לעכטער, זאָגנדיק :

— אַ סך, זייער פיל, אַ פולן טעלער.

זיי זענען געזעסן אונטער אַ לייוונטן דעכל און אָבסערווירט די גאַס. דער רב האָט זיך, טראָץ זיין דיקן בויך, פלינק גערירט, אָנגעקלאַפּט אין יעדן באַראַק. מענטשן האָבן זיך געצעגערט, אַזוי ווי נישט נאָכגעגעבן, צום סוף אָבער האָט דער רב צונויפגעזאַמלט אַ קליינעם ציבור. אַלע האָבן אויף

די קעפּ געטראָגן קאַשקעטן און אייניקע אַפּילו יאַרמעלקעס. דער רב האָט געגעבן אַ סימן מיט דער האַנט און לעאָן האָט אומגעשיקט אַרויסגענומען די פּיאַסטערס און זיי אַוועקגעלייגט אויפן טיש. נאָכן באַצאָלן דעם חשבון, האָט ער פאַרפּאַקט די איבערגעבליבענע קיכלעך אין אַ צייטונג און דאָס פּעקל אַריינגערוקט אין דער קעשענע פונעם פּרענטש. נאָך דעם זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין אַ דערבייאיק הויז. די דירה האָט אויסגעזען, ווי אַ קאָמבינאַציע פון אַ וווינונג מיט אַ שול. אין דעם ערשטן צימער זענען געשטאַנען בעטן, אַ טיש מיט בענקלעך. אויף דער וואַנט זענען אויף טשוועקעס געהאָנגען מלבושים. אין דעם צווייטן צימער, אַנטקעגן דער טיר, איז געשטאַנען אַ שאַפע, פאַרהאָנגען מיט אַ פּרוכת. די העברעישע ווערטער אויף דעם סאַמעט פון פּורפּור־קאָליר האָבן געגלאַנצט מיט די גאָלדענע און זילבערנע פעדים. ערטערווייז האָבן שימערירט פאַרשידנפאַרביקע קרעלן.

עמעצער האָט לעאָנען אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אַ היטל. זהבה איז געוואָרן איינגעהילט אין אַ שפּיצן־שאַל. מען האָט אַרויפגעצויגן אַ חופה אויף דרענגלעך און דער רב האָט אין דער שטיל עפּעס לעאָנען געפרעגט. לעאָן האָט זיך געררויטלט און פאַרענטפערט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט פאַרגעסן וועגן קידושין־רינג. דער רב האָט אַ בורקע געטאָן, מיט עמעצן עפּעס גערעדט. און דערווייל האָט זיך געצויגן די הפסקה. די אָנוועזנדע האָבן אָנגעהויבן זיך דענערווירן, אייניקע האָבן געוואָלט אַוועקגיין. ענדלעך איז מען צוגעטראָטן צו דער צערעמאָניע. מען האָט דאָס פּאָרל אַוועקגעשטעלט אונטער דער חופה און זיי האָבן זיך געפילט ווי אין אַ ענגן קרייז. דער רב האָט מיט דבקות עפּעס געזאָגט פון דעם סידור. לעאָן האָט געהאַלטן דאָס רינגל. נאָך דעם האָט דער רב מיט אַ פייערלעכער שטימע אים געשטעלט די באַקאַנטע פראַגע; צי זיי ווילן זיין מאַן און פרוי. „יאָ, יאָ" — האָט לעאָן געענטפערט צוויי מאָל. זהבה האָט געמאַכט אַן אומעטיקע מינע, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און קלאָר געענטפערט: „יאָ".

נאָך דעם האָט דער רב גענומען איר האַנט. לעאָן האָט געשיקט אָנגעטאָן דאָס רינגל אויף איר מיטעלן פינגער. זי האָט געפילט אַז דאָס רינגל איז צו לויז און שיִעור זיך נישט אַראָפּגעגליטשט. זי האָט פאַרמאַכט די האַנט. עמעצער האָט לעאָנען עפּעס אונטערגעזאָגט, און ער האָט אָנגעהויבן זוכן מיטן פוס. אַ קלאַפּ געטאָן שטאַרק, איין מאָל און דאָס צווייטע. דאָס

גראָבע מושטאַרדע־גלעזל האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. מען האָט גע־שריִען: „מזל טוב״! דער ערשטער האָט פון דעם כּוס וויין געטרונקען לעאָן, און נאָך אים האָט זהבה אויסגעטרונקען ביזן סוף. עפּעס אַ יידענע מיט אַ פלאַכן פּנים, אַ מעכטיקן בוזעם און אַ געלן פּאַרוק, האָט אויס־געראָפן: „אין אַ מזלדיקער שעה, אין אַ מזלדיקער שעה!״

מען האָט אַוועקגעשטעלט אַ פּולמיסעק מיט סענדוויטשן, מיט הערינג און אָנגעשניטענע ציבעלעס. עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ריח פון געבדזענע פופקעס. אויפן טיש האָט מען אַוועקגעשטעלט צוויי פלעשער אָקאַוויט. זהבה האָט גענומען אַ שטיקל הערינג און אויסגעטרונקען כמעט אַ האַלב גלעזל ברענענדיקן אַלקאָהאָל.

עס האָט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם און געקלונגען אין די אויערן. דער פריילעך געוואָרענער רב איז געגאַנגען טאַנצן. ער האָט זיך געלאָזט אין אַ „מצווה־טאַנץ״. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך צו אים אָנגעשלאָסן אַ הויכער מאַן אין אַ יאַרמולקע. האַלטנדיק זיך ביי די הענט, אַ ביסל העכער איבער די קעפּ, האָבן זיי געטאַנצט ריטמיש און מיט אַ בפירושער התלהבות. די אַנוועזנדע האָבן געפּאַטשט אין די הענט, זינגענדיק חתונה־לידער. לעאָן האָט דיסקרעט אָפּגעגעבן דאָס רינגל. צוריקציִענדיק זיך, טריט נאָך טריט, זענען זייביידע געבליבן שטיין ביי דער שוועל. דער אייגנטימער פונעם שענקל האָט שוין אויף זיי געוואַרט. ער האָט געהאַלטן דעם צוגעגרייטן חתונה־דאָקומענט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט חוץ אַלעמען דערפילט די אויפגאַבן פון דעם קהילה־סופר.

— כ׳האָב געוווסט, אַז איר זענט קיבוצניקעס און אַז דער גאַנצער ענין איז שוין ביי אייך רייף געוואָרן... איר זעט, ס׳איז נישט אַזוי שלעכט ווי איר האָט זיך פאָרגעשטעלט. מיר האָבן אייך געשטעלט אַ חופּה, גיך און גוט. איר דאַרפט איבערצייגן אייערע חברים, זיי זאָלן אַזוי חתונה האָבן, און איר וועט אַוודאי האָבן עולם־הבא. כ׳ווינטש אייך אַ סך געזונטע קינ־דער. צו וואָס האָבן ממזרים? נישט אַזוי? — דערביי האָט ער אויסדריקלעך אַ קוק געטאָן אויף זהבהס בויך.

זיי זענען שנעל געגאַנגען הינטער דער שטאָט כאַפּן אַן אויטאָ. די בחור־רים פון דער „הגנה״ זענען ערגעץ פאַרשווונדן געוואָרן. אויפן אָרט האָט זיך באַוויזן אַ פּאַטרול. צוויי יונגע ענגלישע זעלנער זענען געשטאַנען לייכט

אָנגעשפּאַרט אויף די ביקסן. ס׳איז אָנגעפּאַרן אַ לאַסטוואָגן. פון דעם ווינקל זענען, רייטנדיק אויף פערד, אַרויסגעפאָרן דריי פּאַליציסטן. זיי זענען צו־געקומען צום אויטאָ און עפּעס געפרעגט. דער שאָפער האָט אָוועקגעשאַרט די פלאַנדעקע. איינער פון די פּאַליציסטן, וואָס האָט גערעדט העברעיִש, איז אַריינגעקראָכן אינעווייניק, עפּעס איבערגעוואָרפן, געניסטערט און גאָרנישט געפונען.

זהבה האָט זיך אָוועקגעזעצט נעבן דעם שאָפער און זיך געזעגנט מיט לעאָנען, פּשוט, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געדאַרפט טרעפן אויף צו מאָרגנס. זיי זענען געווען אין אַ גוטער שטימונג, געווען זיכער, אַז איר שליחות וועט געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג. דעמאָלט האָבן זיי נישט געקאָנט פאָרויסזען, אַז זייער צווייט באַגעגעניש וועט צו שטאַנד קומען אין 38 יאָר אַרום, אין דעם זעלבן קיבוץ... נישט ווייט פון עפולה...

זיי זענען שנעל פאַרבייגעפאָרן די זידלונג, געבליבן שטיין אַ ביסל ווייטער. דער שאָפער איז אַרויסגעשטיגן פון דער קאַבינע, געגאַנגען אַרום דעם אויטאָ, עפּעס צוגעשרויפט, אָנגעאיילט, אויפגעהויבן די פּאָדער־מאָס־קע, אַריינגעקוקט, ווידער געגאַנגען אַרום. זהבה האָט זיך קוים באַהערשט. זי האָט פאַרביסן די ליפּן. זי האָט מורא געהאַט לענגער צו פאַרבלייבן. פלוצים האָט דער שאָפער אַ בליק געטאָן אויפן זייגערל. צוגעגאַנגען צום קלאַקסאָן, אַ דרוק געטאָן אָנגעבנדיק עפּעס אַ סיגנאַל. געקומען זענען דריי. אַלע באַוואָפנט. זיי האָבן דעם שאָפער געגעבן אַ „פּאַראַבעלום״. זיך איילנ־דיק געלאָדן פעק און קאַסטנס.

זהבהס רייזע קיין ירושלים האָט געדויערט דריי טעג, זי איז דורכ־געפאָרן רויִק איין עטאַפּ נאָכן אַנדערן. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט זי שוין געהאַט דעם פּאַס און אַ וויזע קיין פראַנקרייך. במשך פון דער דאָ־זיקער צייט האָט זי דערהאַלטן פון אריהן צוויי שיפערן. ער האָט איר אויך געשיקט זיינע „ווונטשן צו איר חתונה״, ווען זי איז שוין געשטאַנען אויף דעם ברעג אין יפו און באַטראַכט די שיף פון ווייטן. דאָס איז געווען אַ שיף פון דער געזעלשאַפט „רעד־סטאַר ליין״. מיט דער הילף פונעם זעגלער האָט זי זיך אַריינגעזעצט אין אַ קליינער לאָדקע. אַרויפגייענדיק אויף די טרעפּלעך האָט זי געפילט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט ביי איר שטאַרקער. די

קאָנטראָל איז דורכגעגאַנגען גלאַטיק. מען האָט דורכגעקוקט אירע דאָקו־מענטן, דעם רייזע־בילעט, און צוגעלייגט אַ שטעמפּל.

זי האָט זיך גלייך געלאָזט גיין צו דער רודער־קאַבינע. דער פּאָרט־באַאַמטער און די באַסמאַנקע האָט זי באַלד דערקענט. ער האָט איר דער־לאַנגט די פּאַרטיי־דאָקומענטן און זי איז געגאַנגען צו זיך אין דער קאַיוטע. באַהאַלטנדיק די פּאַפּירן איז זי אַרויפגעגאַנגען אויפן דעק. געבליבן שטיין ביים באָרט, האָט באַטראַכט די גאָרטן־שטאָט תל־אביב און די נאָענטע יפו. די ברייטע פּלאַזשע און דאָס געלבלעכע זאַמד זענען געווען אונטער די שטראַלן פון דער זון.

זי האָט מקנא געווען די מענטשן, וואָס האָבן זיך געבאָדן און געוואַרעמט אויף דער פּלאַזשע. זי האָט אויף קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, אַז מען קאָן זי נאָך פאַרהאַלטן און אַרעסטירן. ענדלעך האָט זיך צעברומט די שיף־סירענע. דאָס מאָטאָר־שיפל מיט די לייט פון דער פּאָרט־אַדמיניסטראַציע האָט זיך אָנגעהויבן דערווייטערן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ פּאַס ווייסן, ברויזנדיקן שוים.

זי איז לאַנג געשטאַנען אויפן דעק. שטופנווייז זענען פאַרשוווּנדן די איינגעטונקענע אין גרינס הייזער פון תל־אביב, און דער ווייטער טורעם פונעם מעטשעט חאַסאַן־בעק. אריה און אירע נאָענטע זענען געבליבן הינטער די קראַטעס, וואַרטנדיק אויף דעם פּראָצעס אין די שווערע קאָלאָ־ניאַלע באַדינגונגען. עס איז איר געווען אומעטיק אויפן האַרצן. זי האָט זיך געטרייסט אַז זי איז נישט געווען איינזאַם, אַז זי געהערט צו אַ גרויסער באַוועגונג, וואָס האָט דעראָבערט די מאַסן, די וועלט, געבראַכט מיט זיך דעם פאַרשריט און די פרייהייט. זי האָט זיך געפילט ווי אַ באַ־פליגלטע דורך דער גרויסער אידייע. אָפּגעבנדיק די דאָקומענטן אין פּאַריז, האָט זי זיך גאָר נישט פאַרגעשטעלט, אַז עס הייבט זיך אָן פאַר איר אַ טראַגישע תקופה.

אין אַ האַלב יאָר אַרום איז קיין פּאַריז געקומען אריה. ער איז געווען מיד און דערשעפּט, אָפּזיצנדיק אַכט חדשים אין תפיסה. צוזאַמען מיט זיין אָנקומען האָט זי זיך צוריקגעקערט צו איר פריִערדיקן נאָמען. ביי אַ גלעזל ווייַן אין אַ קרייז פון פריינד, איז פאַרברענט געוואָרן דאָס פּאַפּירל וועגן

דער „פּיקטיוועד חתונה". אַזוי אַרום האָט זהבה אַן ענדע געמאַכט מיט דער „ביגאַמיע־פּרשה"...

*

...די פּאַליטישע ענדערונגען האָבן אַרויסגערופן גרויסע ווידערשפּרוכן, דאָס נישט דערזאָגטע, די אומבאַשטעטיקטע, זייטיקע ידיעות, האָבן אונ־טערגעהאַלטן די האָפענונג, אַז פיל וועט פאַרשטאַנען ווערן... ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ שטילקייט, עפּעס איז געהאַנגען אין דער לופטן ווי אַ גע־דיכטער נעפּל, טראָץ די אַנטפּלעקונגען פון אַ פּאַנאַיִט איסטראַטי, און פיל אַנדערע אַלאַרמירנדיקע סיגנאַלן. זהבה און אריה האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון; זיי זענען דאָך געווען טויב און בלינד, פּונקט ווי פּריש געבוירענע קעצלעך... געבויט אַ צוקונפט אויף דעם גרונט פון גוטן ווילן און דער מעגלעכקייט אַלץ צו פאַרטייטשן... אַלץ וועט אויפגעקלערט און פאַר־שטאַנען ווערן, בעת די אוממיטלבאַרע באַגעגענישן מיט די לעגענדאַרע חברים, באַזונגענע אין לידער, אין די געשריבענע און נישט־געשריבענע לעגענדעס... זיי האָבן געטרוימט וועגן שטודירן, וועגן פאַרטיפן זייער רעוואָלוציאָנערן וויסן. זיי וועלן פאַרכאַפּן די מענטשן מיט זייער ענטוזיאַזם, די אַלע וואָס זיצן אין דער „מעקאַ" אין דער סאַמער הויך. געלעבט ווי אין אַ עקסטאַז, ענלעך צו זייערע חסידישע אָבות.

זהבה האָט, אַ פּאָר טעג פאַר איר אַוועקפאָרן, זיך באַזאָרגט מיט בי־לעטן אויף דעם וואָקזאַל „גאַר דע עסט". אויף דעם וועג צוריק צום האָטעל „שאַטאָדון", האָט זי געקויפט אַ ביסל נאַשוואַרג און ווייַן, צו אַ געזעגע־נונגס־מסיבה. ווען זי איז אַרייַנגעגאַנגען אין דעם האָל פון האָטעל, האָט איר דער באַאַמטער דערלאַנגט אַ טעלעגראַם. זי איז אַרויפגעפאָרן מיט דער ווינדע אויפן פערטן שטאָק. אַרייַנגייענדיק אין צימער האָט זי גע־וואָרפן די אייַנגעקויפטע פּעקלעך אויפן טיש. אריה איז געלעגן אויף דעם ברייטן בעט, געראויכערט אַ פּייפקע, זאָרגלאָז געקוקט אין דעם סופיט און געטרוימט...

— אַ טעלעגראַמע פון פּאַלעסטינע! — האָט אויסגערופן זהבה. אריה איז אויפגעשפּרונגען, איבערגעלייענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל...

„זהבה. שיק מיר וואָס גיכער אַ גט. רבקה האָט געבוירן אַ זון. מיר האָבן חתונה"...

רחובות, 23.8.1971 יידיש: מיכאל גערשגאל

## „הרצליה״

ער איז לאַנגזאַם דורכגעגאַנגען דעם קרייצוועג. אַ שטראָם פון אויטאָס, די לופט האָט געסמאַליעט. די פּרעכטיקע קראָמען און דער טומלענדיקער עולם האָבן פאַרטושט אין אים דאָס בילד פון די אַמאָליקע יאָרן. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער קען דעם דאָזיקן ראַיאָן. אַ פילשטאָקיקער בנין האָט געגלאַנצט מיט זיינע פענצטער און פרישער אויסשטאַטונג. בעטאָן, אַלומיניום און גלאָז. וואָס נעענטער צום אויסגאַנג פון דער גאַס, אַלץ מער איז דער בנין געוואַקסן, געוואָרן אַלץ ריזיקער, געדריקט.

„מגדל שלום״ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. דאָס מאָדערנע האַנדלס־הויז פון תל־אביב. עס איז געשטאַנען ווי אַ לעגענדאַרער ציקלאָפּ, וואָס פאַרשטעלט אַ שטעגל צווישן פעלדזן. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די גאַס איז בלינד און אָפּגעשלאָסן, אַז זי איז פאַרטראַכט געוואָרן אויף אַ כיטרען אופן. עס איז פאַרבליבן בלויז אַ צוגאַנג פאַר איינקויף... אויב דו קויפסט נישט, האָסטו די מעגלעכקייט צו קוקן. קיין שום זאַך גייט נישט פאַרלוירן, אויב נישט היינט — איז מאָרגן.

די גרייס און דער פאַרנעם האָט געצויבערט און געלאָקט. עס האָט אַ פינקל געטאָן דאָס רויטע ליכט. דער שטראָם פון די אויטאָס האָט זיך אַ טראָג געטאָן אויף רעכטס און אויף לינקס. דער איינדרוק איז פאַרשוווּנדן.

ער איז שטיין געבליבן. די זעלבע גאַסן, אָבער עפּעס פעלט. אַנשטאָט באַוווּנדערונג האָט ער דערשפּירט אַן אינערלעכע פּוסטקייט. ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, אויף וועלכע חורבות שטייט דער דאָזיקער גיגאַנט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: עס איז נאָך פאַרבליבן עטוואָס צייט. ער האָט ענערגיש געשפּאַנט אויף צוריק ביזן צווייטן קרייצוועג. ער האָט פאַרקערעוועט אין אַ זייט. פון דער ווייטנס האָט דער „מגדל שלום" געהאַט אַ מער סימפּאַטישן אויסזען. ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי ער זאָל נישט אָפּשטעלן אַ פאַרבייגייער און גאַנץ פּשוט זיך פרעגן ווי אַזוי צו גיין. נאָר „ניין ניין — האָט ער מיט עקשנות געטראַכט — אפשר וועל איך דאָך זיך דערמאָנען". ער האָט זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען פון זיין זכרון דאָס, וואָס ער האָט פאַרגעסן. אָבער עס האָט זיך דאָך פיל געענדערט במשך פון די יאָרן. עס זענען אויסגעוואַקסן גאַסן, הייזער.

אַרומקוקנדיק זיך, האָט ער פאַרהאַלטן זיין בליק אויפן רעכטן פליגל פון אַ בנין. אויפן פאַרטער — אַן אויפשריפט: „באַנק, טעטיק פון 9 ביז 18". ביי אַן אָפענעם פענצטער זענען געשטאַנען צוויי באַאַמטע אין ווייסע העמדער, טרינקנדיק זאַפט פון גרויסע גלעזער. זיי וואָלטן אויף אים קיין אַכט נישט געלייגט, ווען נישט זיין משונהדיקער פּוטליאַר.

באַטראַכטנדיק אויפמערקזאַם דעם גאַסט, האָט איינער פון זיי מיט אַ פּייקע אין מויל אַ זאָג געטאָן:

— קוק!

— אַ טוריסט, ווי אַלע טוריסטן, ער וועט איבערלאָזן זיינע דאָלאַר־טשעקן און וועט אָוועקפאָרן — האָט אַ וואָרטשע געטאָן דער קלענערער מיט אַ פּליך אויפן קאָפּ.

— איך האַלט, אַז ער וועט איבערלאָזן מאַרקן, ווייל לויט מיין מיינונג איז ער אַ דייטש. איך דערקען עס לויט דעם שוואַרצן פּוטליאַר פון דער לאָרנעט.

— דו ביסט זיך טועה. טו אַ קוק אויף זיין „זאַרקע" ביי דער צווייטער זייט. דאָס איז אַ פאַרשוין פון די מזרח־לענדער.

וויקטאָר האָט זיך אומגעקוקט. ער איז געווען אַ מאַן איבער די פופציקער. קורץ געשוירן, מיט אַ שאַרפן פּראָפיל די בלאַסקייט פון זיין פּנים האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז אָקאָרשט נאָר וואָס געקומען. ער האָט גע־

טראָגן אַ ווייס העמד מיט אַן אָפּגעלייגטן קאָלנער, הויזן אין קראַטן און סאַנדאַלן אויף די פיס.

עס האָט זיך באַוויזן אַ יונג מיידל מיט שוואַרצע האָר און אַ ברוין פּנים. זי האָט געטראָגן געפּאַסטע גראַנאַט־הויזן און אַ ווייסע בלוזקע. איבערן אַקסל איז איר געהאָנגען אַ לעדערנער בייטל, באַפּוצט מיט פרענדז־לעך. צוקומענדיק נעענטער, האָט זי אויפן קול אַ זאָג געטאָן:

— בוקר טוב, וויקטאָר!

— וואָס מאַכסטו, אילנה? דו זעסט גוט אויס, ממש פאַנטאַסטיש. באַ־וויז זיך! דו זעסט באמת גוט אויס אין דעם דאָזיקן טואַלעט. מיט עטלעכע טעג צוריק האָסטו אויסגעזען גרויזאַם אַלס מאַטראָס.

— לאָך נישט פון מיין באַרוף, ווייל אויך מיידלעך דינען ביי אונדז אין קריגספלאָט און אין אַ יאָר אַרום וועל איך דורכמאַכן דעם מאַגיסטער־גראַד און אויך ווערן אַ וואַזשנע פערזאָן. קום! — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו וויקטאָרן, נעמענדיק אים אונטער דער האַנט. — לאָמיר אַריינגיין אין אַ קאַפע. זיי מיך מכבד מיט אַ קאַווע. מיר וועלן דאָרט צוואַרטן אויף אופרהן. זי האָט געקלונגען, אַז זי וועט זיך פאַרשפּעטיקן.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף טרעפּ. די קאַפע האָט זיך געפונען אין אַ מין קעלער. אויפן פאָן פון שוואַרצע טישלעך און אַ בופעט מיט אַ בואַזעריע פון איילבירט־האָלץ האָבן ביי פאַרטונקלטע ליכטער, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן פון פאַרטיפונגען געגלאַנצט די ניקלנע כּלים.

— לאָמיר אויסטרינקען ביים בופעט, דאָרט וועט ביליקער קאָסטן!

— ניין, מיין טייערע. מיט אַזאַ מיידל ווי דו וויל איך בעסער זיצן ביי אַ טישל.

— דו ביסט — האָט זיך אילנה אָנגערופן — פון אַן אַנדער טייג גע־קנאָטן, נישט ווי מיר, סטודענטקעס, וואָס דינען אין פלאָט אַלס פּשוטע מאַטראָסן...

דורכוועקסלענדיק זיך מיט אילנהן, האָט וויקטאָר פאַרגעסן וועגן דעם, איבער וואָס ער האָט זיך געבראַכן דעם קאָפּ מיט עטלעכע מינוט צוריק.

— וויקטאָר, זיי עטוואָס ערנסטער — האָט אילנה אַ זאָג געטאָן, פאַר־שאַרנדיק מיט אַ צאַרטער באַוועגונג פון איר האַנט אַ לאָק פון איר שטערן. — דו ווייסט דאָך, אַז איך שטודיר אין פּאָליטעכניקום. מייןליידנשאַפט

איז אַרכיטעקטור. עס אינטערעסירט מיך דער מזרח. נישט דער נאָענטער, נישט דער ווייטער. מיך גייען בלויז אָן די סאָציאַליסטישע לענדער. איר בויט גראַנדיעז. פּאַר אונדז זענט איר אַ ספינקס. מיר, יונגע, ווייסן פון אייך זייער ווייניק. אויף קאָנקורסן פאַרנעמען אייערע לייט נישט איין מאָל דאָס ערשטע אָרט. גוט, וואָס דו ביסט אַהער געקומען, וועלן מיר זיך עפּעס דערוויסן פון ערשטן מקור.

צוהערנדיק זיך, איז ביי וויקטאָרן פאַרשוווּנדן דאָס שפּאָסיקע שמייכעלע פון פּנים.

— דאָס וואָס דו און די טאַטעס דערציילן זענען זייער אַלטע מעשיות, וואָס ברענגען נישט קיין שום נייס. מיר קענען זיי שוין אויף אויסנווייניק, אַגב, איז די מאַמע נאָך דאַן געווען אַ קינד. מיר האָבן אַ ביסל געלאַכט פון דיין אַלטן באַקאַנטן, וועלכער האָט דערציילט, ווי ער האָט דיר באַוויזן דעם קילקאָסטן, די עלעקטרישע וואַשמאַשין און אַן עלעקטרישן אויטאָמאַט צו באַלייכטן דאָס פּאַדערהויז, און דו האָסט פון גרויס שטויגונג אַזש אַ קרעכץ געטאָן. מסתם האָסטו געמאַכט אַזאַ אָנשטעל.

וויקטאָר האָט גוטמוטיק זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— דאָס נעמט זיך פון מיין טאָלעראַנץ. איך וויל לכל־הפּחות אַזאַ זיין, מיין טייערע. מיין באַקאַנטער איז אַרויסגעפאָרן מיט פערציק יאָר צוריק. ער געדענקט נאָך די גאַז־לאַמטערנעס, די גאַז־באַלייכטונג, דירות מיט נאַפט־לאָמפּן, פערד־דראָזשקעס און אָפּטריטן אויפן קאָרידאָר. פונקט ווי עס זענען אים פאַרבליבן אין זכרון פון דער ווייטער היים בלויז די בערע־זעס און יאַגדעס. נעכטן האָט ער זיך נאָכגעפרעגט וועגן דעם קאַשטאַנבוים און וועגן דעם טערק, וועלכער האָט פאַרקויפט זיסע געבעקסן. ווען איך האָב אים געוואָלט עפּעס דערציילן וועגן די גרויסע פאַבריקן און בויונגען, האָט ער געקוקט אויף מיר מיט פאַרדאַכט אין די אויגן.

— אופרה! — האָט אילנה אויסגערופן, אויפשפּרינגענדיק פון אָרט.

ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ שלאַנק מיידל אין אַ מיליטערישן האַקי־מונדיר. זי האָט אַ מאַך געטאָן מיטן בערעט.

— זיי מיר מוחל, פּעטער, וואָס איך האָב זיך פאַרשפּעטיקט. דו האָסט געוויס דערציילט טשעקאַווע מעשיות. דיר איז גוט באַקאַנט, וואָס הייסט

מיליטער־דינסט. מיין שעף האָט אויסגעפונען אַ באַשעפטיקונג אין דער לעצטער מינוט, כאָטש איך בין שוין פריי פון נעכטן.

— וואָסער אַרבעט האָט עס געקאָנט זיין אין צייט פון אורלויב? סיידן...

— אַ מיליטערישער סוד, מיין טייערער וויקטאָר! — זי האָט דערביי געמאַכט אַ ליבלעכע ערנסטע מינע.

טריבקנדיק די קאַווע זענען אין וויקטאָרן אויפגעקומען זיינע פריִער־דיקע געדאַנקען.

דער דאָזיקער ראַיאָן, די דאָזיקע גאַסן האָבן אים אויסגעזען באַקאַנט. עס האָט זיך אים אַלץ אויסגעדאַכט, אַז אויף דעם אָרט, וווּ ער זיצט, איז געווען אַ סקווער אָדער אַ הויז.

— צי ווייסטו דען נישט? — האָט אופרה זיך געווענדט צו אילנהן. — האָסט עס גלייך געקאָנט דערציילן וויקטאָרן.

— ס׳איז נישטאָ מיט וואָס זיך צו רימען.

— האַ־האַ! — האָט זיך אופרה אויפן קול פונאַנדערגעלאַכט. — מיר קאָנען דאָך נישט לויבן דאָס, וואָס איז נישט ריכטיק אָדער פּשוט אומ־גערעכט.

— זאָג דו! — האָט אילנה אויסגערופן — צו וואָס דרייען מיט דער צונג? רעד און אַ סוף! האָסט דאָס וואָרט.

אופרה האָט געשוויגן. זי האָט געהאַט אַ שיין אָוואַל פּנים, דינע רעגו־לערע שטריכן. אירע גלאַטע שוואַרצע האָר האָבן איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן. אין אַ רגע אַרום האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ האַלבער שטים:

— די פּרעסע האָט געליאַרעמט, די באַפעלקערונג האָט פּראָטעסטירט, סטודענטן האָבן געמאַכט סקאַנדאַלן. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. אין אַ העלן שיינעם טאָג האָט מען מיט בולדאָזערן צעשטערט די ערשטע גימנאַ־זיע אין ישראל — „הרצליה״.

— „הרצליה״?! — וויקטאָר האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון אָרט און זיך ווידער אַנידערגעזעצט. אַ גרויסע אַנטוישונג האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיין פּנים.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי אויפגערעגט? צי האָסטו זיך געלערנט אין „הרצליה״? — האָט אילנה אַ פרעג געטאָן.

— ניין — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ, קוים באַהערשנדיק זיך. ער האָט געהאַט אין פּלאַן צו באַזוכן די גימנאַזיע.

— דאָס איז דאָך אַ שטיקל געשיכטע! — האָט ער אויסגערופן. — אַזאַ הפקרות ביי אייך אין מיטן העלן טאָג... מיט בולדאָזשערן...

— דער אייגנטימער פון האַנדלס־הויז איז אַ מיליאַרדער. עס איז אים געפעלן געוואָרן דאָס דאָזיקע אָרט. האָט ער געשאָטן מיט געלט און אויסגע־פירט, וואָס ער האָט געוואָלט — האָט אופרה דערקלערט.

— זיי זיך מודה, וויקטאָר — האָט אילנה אַ שעפּטשע געטאָן, גלעטנדיק זיין דלאָניע — דאָס איז דאָך געווען אַ קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע, צי האָסטו דאָרט אַ מאָל נישט געהאַט קיין פלירט מיט אַ מיידל?

די מיידלעך זענען צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל זיי מכבד זיין מיט קוכן, זאַפט און קאַווע.

— פּעטער — האָבן זיי זיך ביי אים געבעטן — מיר גייען אויס נאָך ראָמאַנטישע געשיכטעס. שעם זיך נישט, דערצייל אונדז, מיר זענען שוין דערוואַקסענע.

וויקטאָר האָט אַ זופּ געטאָן די קאַווע. זיי אָנגעקוקט אַ ווײַלע און אַ זאָג געטאָן: מסכים!

— איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה פון די בחורישע יאָרן, ווען איך בין קוים זעכצן יאָר אַלט געווען. איך האָב דאַן געוווינט אין אַ געצעלט אויף די זאַמדן, אויף דער רעכטער זייט פון אַלענבי־גאַס. פיל מענטשן האָבן דאָרט געוווינט. זעלטן ווען האָט אַן אַרבעטער געוווינט אין אַן אָנ־שטענדיקער דירה. אַנטקעגן אויף דער צווייטער זייט פון דער אַלענבי־גאַס, האָבן געוווינט אימיגראַנטן פון תימן. מיר האָבן געוווינט אין געצעלטן, — זיי אין צונויפגעקלאַפּטע ביידלעך. די, וועלכע האָבן געאַרבעט, האָבן ווי עס איז דורכגעלעבט. אויף באַקליידונג האָט זיך פיל נישט געפאָדערט צוליבן גינסטיקן קלימאַט. אַלטע קאַמאַשן, קורצע הויזן האָבן מיר געקויפט אויפן שוק (מאַרק) ביי די דעמאָביליזירטע אינדישע אָפּטיילונגען. מיט אַכילה איז געווען ערגער. אָפּגענוצט עסנוואַרג האָט מען נישט פאַרקויפט. מען האָט קנאַפּ פאַרדינט. אַ דערוואַקסענער האָט פאַרדינט קוים 25 פּיאַסטער אַ טאָג. אַראַבער, תימנער און מיר יונגוואַרג — קוים 15 פּיאַסטער. מיט

אַ מאָל איז שווער געוואָרן. עס האָט אויסגעפּעלט אַרבעט. איך און מיין חבר יעקב האָבן זיך אַ לאַנגע צייט אַרומגעשלעפּט אָן אַ שטאָך אַרבעט. מיר האָבן וואָס אַן אמת באַקומען שטיצע אַ פערטל עגיפּטישן פונט אַ וואָך, אָבער דאָס האָט קוים געסטאַ׳עט אויף צוויי טעג. מיר האָבן ביידע שטאַרק געהונגערט. נישט איין מאָל זענען מיר אָפּגעשטאַנען נעבן נישט־פאַרענ־דיקטע בנינים מיט דער האָפענונג, אַז מיר וועלן אַנגענומען ווערן אויף אַרבעט כאָטש אויף אַ טאָג אָדער צוויי. די גאַסן זענען געזונקען אין זאַמדן. מען האָט זיי ברוקירט מיט בעטאָן. די גאַנצע טעכניק איז באַשטאַנען אין דעם, מען זאָל מישן דעם בעטאָן מיט לאָפּעטעס. די געמאָלענע שטיינדלעך און דעם צעמענט האָט מען צוגעפירט אויף טאַטשקעס מיט ברעטער, וואָס האָבן זיך געטרייסלט. גאַנצע טעג זענען מיר אָפּגעשטאַנען, וואַרטנדיק אויף אַרבעט. אָפט מאָל זענען פאַרגעקומען דעמאָנסטראַציעס און סקאַנדאַלן. מיר זענען געווען הונגעריק. דער הונגער האָט צונויפגעדרייט אונדזערע קישקעס.

אַרומשלעפּנדיק זיך איבער די גאַסן פון תל־אביב האָב איך און מיין חבר יעקב אָפט זיך אָפּגעשטעלט ביי די אויסגעצירטע שטאַכעטן פון „הרצליה״. מיר האָבן מקנא געווען די שילער און די שילערינס, וועלכע האָבן געשפּילט אין באַל, זאָרגלאָז זיך אַרומגעיאָגט איבערן שפּיל־פּלאַץ. יעדעס מאָל פאַרבייגייענדיק די פאַרצוימונג פון דעם דאָזיקן שיינעם בנין, האָבן מיר פון אים נישט אָפּגעקערט אונדזערע בליקן. אויף מיר האָט די גימנאַזיע געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ פּאַלאַץ, פון אַ פעסטונג מיט טורעמס. תמיד האָב איך געטראַכט, פאַר וואָס איז דאָ נישטאָ קיין ראַוו מיט אַ הענג־בריק. כ׳האָב ליב געהאַט צו פאַנטאַזירן און געבן פרייהייט מיינע טרוימען. כ׳בין געווען יונג. מיינע יאָרן האָבן עס גורם געווען.

איין מאָל פאַרבייגייענדיק, האָבן מיר דערהערט אַ קלאַנג פון אַ גלאָק. אויף דער גאַס האָבן זיך אַרויסגעשאָטן יינגלעך און מיידלעך. לויפנדיק האָבן זיי זיך געשטופּט, זיך געחכמעט און געגעסן. זייערע לוסטיקע פּנימער האָבן אונדז פאַראוואָצירט און אויפגערעגט. איך האָב צונויפגעדריקט מיינע פויסטן פון כעס. איך האָב זיך געפילט מאַכטלאָז, אַ מין הכנעה האָט באַ־הערשט מיין גאַנצן גוף, אָבער פון אויפרעגונג בין איך געווען גרייט עמעצן צו שלאָגן, שלאָגן אין אמתן זין פון וואָרט. מיט אַ מאָל באַמערק איך אַ שפּרינגענדיק גראָב יאַטל, מיט רויטע בעקעלעך, מיט אַ קאָפּ, וואָס איז גע־

זעסן אויף אַ קוים־אַנזעעוודיקן האָלדז — אַ פּעסל שמאַלץ. אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ סאַנדוויטש. מיר האָבן זיך צוגערוקט נענטער צו דער פּאַר־צוימונג. יעקב, וועלכער האָט אַריינגערוקט דעם קאָפּ צווישן די שטאַכעטן, האָט מיט אַ קוויטש אים קוים צוריק אַרויסגעשלעפּט. מיר האָבן נאָכגעפאָלגט מיט די אויגן דאָס גראָבע יאַטל. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און איז געוואָרן פאַרשווונדן צווישן די קוסטעס. נאָך אים איז געלאָפן אַ צעווילדעוועטע מחנה ייִנגלעך און מיידלעך. זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט זייערע פּרישטיקן, אויך פאַרשווונדן צווישן די קוסטעס און אין עטלעכע מינוט אַרום זיך צוריק באַוויזן. צי דען־זשע זענען זיי אַזוי שנעל פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן?

— דאָ שטעקט עפּעס אַ סוד — האָב איך אַ זאָג געטאָן צו יעקבן — עס איז כדאַי אַהין אַריינצודרינגען.

מיר האָבן זיך צוגערוקט נענטער און באַמערקט אַן אַריינגאַנג צווישן די צמחים, און עטוואָס ווייטער אַ מין הייל צווישן פאַרפּלאָנטערטע געוויקסן, ווי אין אַ דזשונגל.

— דאָרט קומט עפּעס פאָר — האָט יעקב אַ זאָג געטאָן און זיך אַ ריס געטאָן צו לויפן.

— שטיי! — האָב איך אים אָנגעכאַפּט פאַר די שאָרטן. — זיי נישט אַזוי היציק.

מיר האָבן זיך צוגערוקט צום טויער. דער דורכזיכטיקער, קינסטלעריש־געשמידטער אייזערנער טויער איז געשטאַנען אָפן. מיר האָבן געוואַרט אויף דער געהעריקער רגע.

ווידער האָט דער גלאָק אַ קלינג געטאָן, אַ געלעכטער, אַ ליאַרעם. עס זענען פאַרשווונדן די לעצטע תלמידים; מיר האָבן אויך געמאַכט דעם אָנשטעל פון שילערס, אָבער אַנשטאָט צו לויפן גלייך אין קאָרידאָר, האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט אויף רעכטס, אויסגעמיטן דעם ציפּרעסן־בוים, די פּאַלמע, און פאַרזונקען צווישן די קוסטעס.

וויקטאָר האָט געטאָן אַ טרונק קאַווע און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די מיידלעך, וועלכע האָבן געשמייכלט.

— מיינע טייערע, דאָס איז פאָרגעקומען מיט העכער פערציק יאָר צוריק. זייט מיר מוחל, אויב איך האָב נישט ריכטיק באַצייכנט דיביימער,

אָדער געשילדערט דעם טויער. הויכע פּאַלמעס זענען באמת דאָרט גע־וואַקסן. וואָס איך האָב אָנגערופן ציפּריסן, זענען דאָרט געוואַקסן בייביידע זייטן פונעם טויער.

— זענען מיר, הייסט עס, געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג פון דער קינסטלעכער מערה. אינעווייניק איז געווען פינצטער. ערטערווייז האָבן זיך דינע שטראַלן פון דער זון אַהין אַריינגעריסן דורך די געדיכטע גרינע קוסטעס. דאָרט האָט אַרומגעשפּרייזט אַ גרויסער פויגל, און בעת איך האָב אַ קוק געטאָן אויף זיין גרויסן ברייטן שנאָבל, בין איך געקומען צום אויס־פיר, אַז דאָס איז אַ פּעליקאַן. אַרומשפּרייזנדיק מאַיעסטעטיש אַהין און צוריק, האָט ער אונדז פריינדלעך באַגריסט מיט אַ שנאָבל־טראַסקעריי. נעבן אים, אויף אַן אָפּגעשניטענעם בוים־שטאַם, איז געווען אָנגעלייגט אַ באַרג מיט שניטקעס.

יעקב האָט מיך אַ צי געטאָן פאַר דער האַנט: — וואָס גלאָצסטו מיט די אויגן — האָט ער אַ זאָג געטאָן — מען קאָן אונדז נאָך באַמערקן! מיר האָבן זיך צוגערוקט צו דער וואַנט, געפּלעפּט פונעם גאַסטפריינדלעכן קבלת־פּנים. פונקט ווי מיט קאַסטאַניעטן האָט ער געגרעגערט מיטן שנאָבל. עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז ער ווינקט צו מיר מיטן אויג. יעקב האָט אַ נעם געטאָן עטלעכע בולקעס, דערנענטערט זיך צום פּעליקאַן און אים מכבד געווען. מיט אַ צווייטער האַנט האָט ער זיי מיר דערלאַנגט. איך האָב געשטאָפּט אין זיך די געשמאַקע מאכלים, פון וועלכע איך האָב שוין לאַנג דעם טעם נישט געפילט. יעקב האָט איבערגעחזרט די דאָזיקע אַרבעט. דעם פּעליקאַן האָט ער עפּעס אונטערגערוקט אין שנאָבל אַריין און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער די בולקעס געדרוקט אין זיינע גרויסע קעשענעס. די שניטקעס האָבן אונדז זייער געשמעקט. די מאַמעס האָבן נישט גע־קאַרגט קיין קעז, פּוטער, אייער און ווורשט. בייסנדיק די פרישע זעמל האָב איך מיך דערמאָנט אין מיין היים, וועגן טאַטע־מאַמע און קרובים. עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דאָ נישט לאַנג בין איך געגאַנגען אין שול און פון מיינע געשמאַקע אָנבייסנס האָבן געגאַסן אויף די גאַסנהינט. איצט, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, בין איך אַ דערוואַקסענער, בין זעלב־שטענדיק און שטאַרק. איך האָב תמיד געטרוימט צו זיין אַ דערוואַקסענער. ווייל דאַן וועל איך דאָך זיין אַ פרייער פויגל און כ׳וועל טאָן וואָס איך

וויל. איך האָב תמיד געלעכצט צו האָבן אַ הונט. איין מאָל האָב איך גע־בראַכט אַהיים אַ פאַרבלאָנקעטן בולדאָג. איך האָב אים געקאָרמעט, גע־צערטלט ביז וואַנען דער טאַטע איז אָנגעקומען. ער האָט מיך מכבד געווען מיט עטלעכע פעטש און דעם הונט אַרויסגעוואָרפן. אַזוי האָט זיך פאַר־ענדיקט מיין צער־בעלי־חיים. עטלעכע מאָל האָט זיך דאָס איבערגעחזרט. איך האָב דאָך געלעבט מיט ביטחון, אַז ענדלעך וועט דער טאַטע מיר דערלויבן אַריינצוברענגען אַ הונט. אָבער מיינע טרוימען זענען נישט פאַר־ווירקלעכט געוואָרן.

— פון דער גימנאַזיע בין איך אַרויס אין אַ גוטער שטימונג. אין מיין קעשענע האָב איך געהאַט אַ וועטשערע. עס האָט זיך מיר דאַן אויסגע־דוכט, אַז איך, יעקב, ווי אויך אַלע מענטשן, זענען געווען צופרידן און גליקלעך.

וויקטאָר האָט געקוקט אויף די רינגעלעך פונעם רויך פון פאַפּיראָס און ווייטער פאָרגעזעצט:

— טוט אַ טראַכט, מיידלעך, ווי ווייניק עס איז אונדז נייטיק געווען, מיר זאָלן זיין גליקלעך. מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום ים. דאָרט, ווו עס זענען איצט אויסגעבויט האָטעלן, האָט זיך געצויגן אַ ווילדע פּליאַזשע — אַ שיינע, אַ ברייטע, ווו די פיס האָבן געזונקען אין זאַמד. איך בין גע־לאָפן, אַראָפּציִענדיק די הויזן. איך בין אַריינגעשפּרונגען אין ים און מיטן קאָפּ אין וואַסער אַריין.

יעקב האָט זיך אויסגעמישט צווישן המון פון אַרבעטלאָזע. דאָ זענען פאָרגעקומען העפטיקע דיסקוסיעס. תמיד די זעלבע אומפאַרענדערטע טעמע: בירגערקריג, רעוואָלוציעס, איטאַליענישער פאַשיזם און ווי אַזוי אויסצולייזן די וועלט פון הונגער און אַרבעטלאָזיקייט. פּליושקענדיק זיך אין וואַסער, האָב איך נישט געקאָנט אַרויסשלאָגן פון קאָפּ דעם פעליקאַן. איך בין אַרויס אויפן זאַמד און זיך צוגעהערט צו די אויספירן פון די רעדנערס. אַלע דיסקוסיעס, אַלע גוטע עצות וועגן אַ גן־עדן אויף דער ערד האָבן נישט געקאָנט דערשטיקן מיין געוויסן פון אַ צער־בעלי־חיים.

אויף צומאָרגנס האָבן מיר פון סאָמע באַגין זיך גענומען ענערגיש צו באַקומען אַרבעט. ביי די בוי־הייזער זענען געווען גענוג אַרבעטערס. עט־לעכע בנינים זענען געווען נישט פאַרענדיקט. וואַרשיינלעך האָט די אייגנ־

טימער אויסגעפּעלט געלט. אויף אַ צופעליק דורכפּאָרנדיקן לאַסטאויטאָ זענען מיר צוגעפאָרן ביז צו דער בערזע. פונעם המון אַרבעטלאָזע, וועלכע האָבן אָפּגעוואַרט אויפן ראָג אַלענבי־גאַס און המלך ג׳ורג׳ האָבן די קבל־נים אויסגעקליבן די שטאַרקערע אַרבעטער און מיר, צוזאַמען מיט אַנדערע, זענען געבליבן שטיין מיט גאָרנישט.

עס האָט אונדז אַ צי געטאָן צו הרצליה, ווו מיר האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן סוף פון דער גרויסער הפסקה. ענדלעך — אַ קלונג. דער פעליקאַן האָט געשמאַק געגעסן. ער האָט נישט געגעסן, נאָר געשלונגען. ער האָט זיך ממש געאיילט. יעקב איז צו אים פאַוואָליע צוגעגאַנגען און געקאָרמעט אים פון זיין האַנט. שטייענדיק צווישן דער קופּע בולקעס און דעם פויגל בין איך אויך נישט געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט, נאָר געשטופּט די בעסטע שניטקעס אין אַ זעקל. דעם פעליקאַן האָבן מיר אי־בערגעלאָזט עטוואָס איבערצובייסן. ער האָט אונדז אָפּגעזעגנט, אויסבייגנ־דיק דאָס קעפּל אין אַ זייט און געקוקט אויף אונדז מיט אַן אויסטערלישן בליק.

איך האָב מיט יעקבן נישט געקאָנט קומען צו קיין הסכם. ער האָט געהאַלטן, אַז אַלץ גייט כשורה, דאַקעגן איך, מיט מיינע ספקות, בין פאַר אים געווען אַ פאַרפוילטער אינטעליגענט.

— קווענקל דיך נישט — האָט ער געזאָגט — מענטשן נעמען אַוועק ביי די פייגל זייערע אייער, זייער פלייש און זייער לעבן. און מיר טיילן זיך בלויז מיטן עסן...

— איך מוז מודה זיין, אַז מיר האָבן אויסגעפּעלט אַרגומענטן. אויף צומאָרגנס האָבן מיר באַקומען די אַרבעטלאָזע־שטיצע. צו מיטאָג האָב איך אויפגעגעסן אַ טעלער זופּ, אַ סך ברויט און אַ שטיק געבראָטענע פיש. אַנגעזעטיקטע האָבן מיר אַ טראַכט געטאָן וואָס מיר האָבן ווייטער צו טאָן. איך האָב פאַרגעלייגט, אַז איין טאָג וועלן מיר עסן פאַר אונדזער געלט און דעם צווייטן טאָג וועלן מיר באַזוכן דעם פעליקאַן. יעקב האָט זיך קעגנ־געשטעלט, מיך אויסגעזידלט, נישט שאַנעוועדיק מיינע אָבות פון גער און מיינע קרובים.

דאָן האָבן מיר שוין גערעדט אויף עברית. דאָך טייל מאָל, ווען מיר האָבן זיך געקאָכט און אָנגעגריפן איינער דעם צווייטן, זענען מיר אַריבער אויף יידיש, פויליש. ס׳האָט אַנדערש נישט געקאָנט זיין. עברית איז דע־מאָלט נאָך געווען אַ האַלב־טויטע שפּראַך און ביים זידלען זיך האָט מען נישט געקאָנט צוקלייבן די געהעריקע אויסדרוקן. ס׳איז ביי אונדז שיִעור נישט דערגאַנגען צו אַ געשלעג. ענדלעך האָט ער נאָכגעגעבן. צוויי וואָכן זענען רויִק פאַרבייגעגאַנגען. אין אַ געוויסן טאָג, ווען מיר זענען געקומען צו גאַסט צום פּעליקאַן, האָט ער אונדז שוין נישט אַרויסגעוויזן די פריִער־דיקע פריינדלעכקייט. ער האָט אונדז נישט באַגריסט מיט זיין קנאַקנדיק קוֹל. ווען ער האָט אונדז דערזען, האָט ער צעשפּרייט זיין שנאָבל און גע־פּיקעט פאַר כּעס. ער האָט זיך פאַרשטופּט אין אַ ווינקל, אויפגעעפנט זיין שנאָבל און נישט אָנגענוּמען דאָס עסן, וואָס מיר האָבן אים דערלאַנגט. דאָס מאָל האָבן מיר מיט אומרויִקייט פעסטגעשטעלט, אַז ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון זיין אַפּאַטיע. ער איז אונטערגעשפּרונגען, געקלאַפּט מיט די פליגל און געוואָרן אַלץ מער און מער ווילד און אַגרעסיוו. עס איז אונדז אויסגעקומען זיך צו באַוואָרענען מיט דינע שטעקעלעך. איין מאָל איז דער פּעליקאַן אויף אונדז אָנגעפאַלן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן כּעס, אַרויסלאָזנדיק דערביי אַ העסלעכע קוויטשעריי. איך האָב אים געהאַלטן אין אַ דיסטאַנץ, געדראָט מיטן שטעקל, אויס מוֹרא אים נישט צו באַשע־דיקן. ווען ער וואָלט אומגעקומען, איז אַ סוֹף צו אונדזער באַשפּייזונג־שטיצע. אונדזערע וויזיטן האָבן פאַרלוירן זייער פריִערדיקע ראָמאַנטיש־קייט. דאָס איז שוין נישט געווען קיין געמיינזאַמע טיילונג, נאָר פּשוטע גזילה. איך האָב כּסדר שאַכירט דעם אויפגערעגטן פויגל און יעקב האָט אייליק געשטופּט דעם פּראָוויאַנט אין זאַק אַריין. אויפן אָפּקלאַנג פונעם געראַנגל איז עמעץ אָנגעקומען. יעקב האָט מיט אַ בליציקער שנעלקייט אַ שליידער געטאָן דעם זאַק אין אַ ווינקל. ביים אַריינגאַנג האָט זיך באַוויזן אַ הויכער מאַנצביל.

— אָנשטאָט זיך לערנען, פּוסטפּאַוועסעט איר גאָר! אַרויס פון דאַנען תיכף ומיד! — האָט ער אויסגערופן.

דער פּעליקאַן האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט פון מיין צעשטרייט־קייט און מיר אַ דזשאָב געטאָן אין מיין הינטער־חלק. איך בין אַרויסגע־שפּרונגען, באַגאָסן מיט בלוט.

— איצט זענט איר שוין נאַראָנים. — האָט דער מאַן אַ וואָרטשע גע־טאָן. באַטראַכטנדיק מיין ווונד האָט ער, מיט אַ רויִקן טאָן, אַ זאָג געטאָן:

— לאָמיר גיין צו דער קראַנקנשוועסטער, און דו — האָט ער זיך מיט אַ שטרענגן קוק געווענדט צו יעקבן — מעלד דעם דירעקטאָר, אַז דו האָסט דורכגעלאָזט די לעקציע. זאָג, אַז דער נייער לערער פון גימנאַסטיק וועט תיכף קומען און אַלץ אויפקלערן.

דער לערער, וועלכער האָט מיך געפירט, האָט נישט באַמערקט, אַז יעקב איז שוין געווען אויף יענער זייט פון די שטאַכעטן. ער האָט צו מיר געוווּנקען, אָבער איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל מיר זאָגן. די ווונד איז נישט געווען קיין געכּערלעכע, אָבער זי האָט שטאַרק גע־ברענט. די שוועסטער האָט באַשמירט דאָס צעדראַפּעטע אָרט מיט יאָד און אַוועקגעלייגט אַ פּלאַסטער, וואַרטשענדיק בעת־מעשה, אַז זי קען מיך נישט, אַז זי זעט מיך צום ערשטן מאָל.

איך האָב נישט אָפּגעענטפערט, געקרימט דאָס פּנים פון ווייטיק און געטראַכט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דער דאָזיקער אַפּוטרופּסות.

מיר זענען געגאַנגען צום דירעקטאָר. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער באַיאָרטער מאַן מיט אַ צוגעשוירן בערדל האָט יאָ געקענט זיינע תלמידים.

אויף אַלע זיינע שאלות האָב איך געשוויגן. ענדלעך האָט דער דירעק־טאָר איבערגעבעטן דעם לערער פון גימנאַסטיק און מיר זענען געבליבן אַליין.

— האָרך, מיין טייערער, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט, — איך האָב צו דיר גאָרנישט און איך קאָן דיר גאָרנישט טאָן. פון דעסטוועגן וואָלט איך געוואָלט זאָלסט מיר אויפקלערן, וואָס עס קומט דאָ פאָר.

ער האָט זיך פאַרטראַכט, וואַרטנדיק אויף אַ תשובה. בעת ער האָט גערעדט, האָט ער זיך געשפּילט מיטן בלייפעדער.

— דו דאַרפסט פאַרשטיין, אַז פּעדאַגאָגיק איז דער אינהאַלט פון מיין לעבן. איך האָב ליב מיין פּראָפעסיע פון אַ דערציִער, איך בין אַ פריינד פון דער יוגנט. אַט דעריבער נייטיק איך זיך אין דיין אויפריכטיקייט. איך וויס, אַז דער פויגל, וואָס איז דורך אונדז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן, האָט

אַ גינסטיקע באַציִונג צו מענטשן. אָבער מיט אייך האָט ער זיך געאַמפּערט. ער האָט דיר אַפילו אויס כּעס אַ ביס געטאָן און פֿאַרווּנדעט.

אויב ער וויל איך זאָל אים העלפֿן, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, וועל איך אים העלפֿן. איך האָב אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און זיך אָנגערופֿן:

— דער פּעליקאַן האָט ליב פֿריילעכע און זאַטע מענטשן. — איך בין אַנטשוויגן געוואָרן, עס האָבן מיר אויסגעפּעלט די געהעריקע ווערטער. איך בין דאָך אַ מאָל געווען אַ פֿריילעכער יאַט און פֿאַרשיידענע ענלעכע זאַכן האָבן ביי מיר אַרויסגערופֿן אַ געלעכטער. איצט בין איך שטיין גע־בליבן, ווייל איך האָב אים נישט געוואָלט אָפּנאַרן.

— דו האָלסט אַלזאָ, אַז דער פּעליקאַן האָט ליב פֿריילעכע און זאַטע. אויך איך טראַכט אַזוי. — האָט דער דירעקטאָר מסכּים געווען. ער האָט מיר געקוקט אין די אויגן אַריין. ער האָט זיך איינגעבויגן און אַרויסגע־שלעפּט פֿון שופֿלאָד אַ טעלערל מיט אַ שטיק כאַלווע.

— זיי זיך מכבד — האָט ער געזאָגט מיט אַ העפֿלעכער שטים. ער האָט אויך גענומען אַ שטיקל און אַריינגעלייגט אין מויל אַריין.

איך האָב כּסדר געשוויגן. איך האָב נישט געוווּסט, ווי אַזוי אים אַלץ אויסצוטייטשן אויף אַ געהעריקן אופֿן.

— אַז די מיידלעך און ייִנגלעך קאָרמען דעם פֿויגל — דאָס ווייס איך גאַנץ גוט. ס'איז נישט קיין ווּנדער, אַז דער פּעליקאַן נעמט זיי פֿריינדלעך אויף. און ווי דו האָסט זיך אָקערשט אויסגעדריקט, האָט ער ליב זאַטע און פֿריילעכע, נישט אמת?

— יאָ, יאָ. — האָב איך אויסגעשטאַמלט.

— נעם נאָך אַ שטיקל כאַלווע, זעלטענע כאַלווע, אַ מאַכל...

נישט וועלנדיק אים אָפּזאָגן, האָב איך גענומען אַ ברעקל אויס העפֿ־לעכקייט.

— איר זענט מסתמא צו אים געקומען מיט ליידיקע הענט, דעריבער האָט ער זיך וואַרשיינלעך אויף אייך אַ וואָרף געטאָן? — ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ וואַרעמען בליק. זיינע בלויע אויגן האָבן געלאַכט צו זיין מיט אים אויפֿריכטיק.

— מיר האָבן אַפילו ביי אים צוגענומען דאָס עסן — האָב איך אַ מורמל געטאָן. — נישט פון ווילטאָג, נאָר פון הונגער. יאָ, פון הונגער!

— עס כאַלוועט, שעם זיך נישט. איך וועל באַלד הייסן דערלאַנגען טיי.

איך האָב אים דערציילט וועגן דער אַרבעטלאָזיקייט און וועגן דער הערשנדיקער אומגערעכטיקייט. דעם פעליקאַן האָבן מיר קיין שלעכטס נישט געטאָן — האָב איך צוגעגעבן.

— דאָס, וואָס דו האָסט דערציילט, איז אמת און עס איז שווער נישט מסכים צו זיין מיט דיינע רייד. ווי האָסטו זיך אויסגעדריקט? דער פעליקאַן האָט ליב זאַטע און פריילעכע. דאָך איז דאָס, וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן מיט דיין חבר, נישט די געהעריקע לייזונג, דאָס איז נישט דער אויסוועג. איך מוז מיך דערביי מודה זיין, אַז מיר, לערערס, זענען טייל מאָל אומבאַהאָלפן.

מען האָט אַריינגעבראַכט טיי. איך האָב אויפגעגעסן די גאַנצע כאַלווע. אויך ער האָט זיך געמאַכט עסנדיק. איך האָב געזען, אַז ער איז צעטומלט. צוליב זיינע גוטע כוונות האָט ער ביי מיר אַרויסגערופן סימפּאַטיע און מיטגעפיל. ער האָט קענטיק אויפגעכאַפּט מיינע געדאַנקען. עס האָט זיך כסדר געענדערט זיין פּנים. איך האָב בולט געזען, אַז אין אים קומט פאָר אַ געראַנגל. ער איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו דער אַנטקעגנאיבעריקער וואַנט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס טרייבל און אַ דריי געטאָן מיט דעם קאַרבל פון טעלעפאָן. ער האָט עמעצן אַרויסגערופן. ער האָט געזוכט אַ געוויסן פּאַרט־אונטערנעמער. ענדלעך איז דער אונטערנעמער צוגעקומען.

— שלום!

— שלום!

— ניין, ניין, מיין טייערער, מיט דיין זון וועט זיין אַלץ אין אָרדענונג. לעצטנס האָט ער זיך אַ ביסל אויסגעבעסערט און איך האָף, אַז מיט אונדזער הילף וועט ער אַריבערגיין אין קומענדיקן קלאַס.

דעם דירעקטאָרס פּנים האָט זיך געררויטלט בעתן שמועס. די שטים פון יענער זייט האָב איך נישט געהערט, אָבער אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז אָט־אָט וואַרפט מיין סימפּאַטישער פּעדאַגאָג אַוועק דאָס טרייבל.

— אַלץ איז אויפֿן בעסטן וועג. מיר וועלן טאָן אַלץ וואָס מיר וועלן קאָנען — האָט ער צוגעטאָקעוועט דעם אונטערנעמער. — איצט קלינג איך, ווייל איך האָב צו אייך אויך אַ בקשה, נעמלעך: איך האָב אַ באַקאַנטן, וועל־כער זוכט אַרבעט. איך בעט אייך, איר זאָלט זיך מיט אים פֿאַרנעמען. ניין, ניין, ער איז נישט מיינער אַ קרוב.

דאָרט אין טעלעפֿאָן האָט געראַשט און צו מיר זענען דערגאַנגען בלויז אָפּגעריסענע ווערטער:

— צי האָט ער כּוח? איך האַלט, אַז יאָ. דאָס איז נישט קיין דערוואַק־סענער אַרבעטער, נאָר אַ יונגער יאַט. ער איז גוט אַנטוויקלט, ער איז אַלט... — דער דירעקטאָר האָט מיט דער האַנט פֿאַרשטעלט דעם הילכער און מיך אַ פֿרעג געטאָן וויפֿל איך בין אַלט. ענטפֿערנדיק האָב איך זיך צוגעגעבן אַ יאָר.

— זיבעצן. פֿאַרגעסט נישט, אַז איך בין אין דעם שטאַרק פֿאַראינטעע־רעסירט. כ׳בעט אייך, באַהאַנדלט אים ווי געהעריק.

אַוועקלייגנדיק דאָס טרייבל, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און אָפּגעע־ווישט מיט אַ טיכל דאָס פּנים. ער האָט אַ זופּ געטאָן די טיי.

— דו באַקומסט פֿון מאָרגן אָן אַרבעט — האָט ער געזאָגט. — דו וועסט אויסלאָדן מעל. אַ זאַק וועגט הונדערט קילאָגראַם. איך האָף, אַז דו וועסט זיך אָן עצה געבן.

— אַ דאַנק! און וואָס וועט זיין מיט יעקבן? ער זוכט אויך אַרבעט.

— בנוגע אים האָב איך נישט קיין שום פֿאַרפּליכטונגען. ער איז דאָך אַנטלאָפֿן.

— איך האָב אויך געוואָלט אַנטלויפֿן, אָבער אים איז עס געלונגען און מיר — נישט.

דער דירעקטאָר האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק. ער האָט זיך אויף אַ רגע פֿאַרטראַכט, דערנאָך אַ זאָג געטאָן:

— די אַרבעטלאָזיקייט וועט אייביק נישט דויערן. פֿאַרלויפֿיק וועסטו אַרבעטן 3־4 טעג וועכנטלעך און איך גלייב, אַז דו וועסט זיך אָן עצה געבן, און אים אויך צוהעלפֿן.

*

פאַר טאָג בין איך אָנגעקומען אין יפּוער פּאַרט. עס האָט דאָרט גע־
אָנקערט אַ מגושמדיקע שיף. מאַטראָסן מיט אָנגעשטרענגטע באַוועגונגען
פון די וועסלעס האָבן צוגעפירט צום ברעג די באַרזשע, וועלכע האָט זיך
מיטן שפּיץ איינגעגראָבן אין זאַמד. עטלעכע אַראַבער דרעפּטשנדיק איבער
די קני אין וואַסער האָבן אַראָפּגעטראָגן די לאַדונג. די זעק האָט מען
אַרויפגעלייגט אויף אַ הילצערנער פּלאַטפאָרמע. פון דאַנען האָט אַ גרופּע
טרעגערס אונטערגעשטעלט זייערע רוקנס. דאָ האָבן צוויי קרעפּטיקע חברה־
לייט אויפגעהויבן אַ זאַק און אים פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס.

די אַרבעטער האָבן זיך צו מיר צוגעקוקט, האָבן געגנישטערט מיט די
אויגן מײַנע פיס, מײַן בויך, מײַן ברוסט. אייניקע פון זיי האָבן געלאַכט
אויפן קול, אַנדערע ווידער האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ.

עס איז אָנגעקומען דער אונטערנעמער. די טרעגערס האָבן זיך לע־
בעדיק אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. עס איז אָנגעקומען מײַן ריי. איך האָב
אָנגעשטעלט די פּלייצע, מען האָט אַרויפגעלייגט אויף מיר אַ גרויסן זאַק
מיט קאַנאַדער מעל. געבויגן האָב איך אָנגעכאַפּט דעם זאַק פאַר די אויערן.
די משׂא האָט מיך געדריקט, איך האָב קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. איך
בין געבליבן שטיין ווי צוגעוואַקסן אויפן אָרט, איך האָב זיך געוואַקלט
און נישט געקאָנט שטעלן קיין טראָט. ס׳האָט געהערשט אַ טויטע שטיל־
קייט. כ׳האָב געהערט די מענטשלעכע אָטעמס אַרום מיר.

מײַן ברויטגעבער איז צוגעקומען. איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.
איך האָב נישט געזען זײַן פּנים, נאָר זײַנע גאַליפע־הויזן און שטילפן,
וואָס האָבן צו מיר זיך דערנענטערט. איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן.
ער האָט געהאַט אַ זויערע מינע. מיט אַ מאָל איז איינער צוגעקומען צו מיר
און אונטערגעהויבן מײַן רעכטן פוס. איך בין געגאַנגען און זיך געשאָקלט
פון איין זײַט אויף דער צווייטער. איך האָב דערזען אַנטקעגן זיך גאַליפע
און בראָנזענע שטילפן. ער איז אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט. וואָס ווייטער
אַלץ בעסער האָב איך זיך באַוועגט. איך בין צוגעקומען צו דער פּריזמע.
דאָ האָב איך זיך געדאַרפט אויפהייבן אין דער הייך איבער זעק, וואָס זע־
נען געווען איינגעלייגט ווי טרעפּ. איך בין געבליבן שטיין ווי צוגעוואַקסן
צו דער ערד. איינער פון די טרעגערס האָט ווידער אונטערגעהויבן מײַן פוס.
ענדלעך, נאָך פינף טרעפּ, האָב איך אַראָפּגעוואָרפן די משׂא. איך האָב מיך

**אויסגעגלייכט. דער רוקן האָט מיר שטאַרק ווײ געטאָן. אונטן האָב איך געזען שמייכלענדיקע פּנימער. גראָבע אויפגעהויבענע פינגער. אַרומ־קוקנדיק זיך, האָב איך באַמערקט, ווי דער אונטערנעמער דערווייטערט זיך מיט די הענט אין די קעשענעס...**

וואַרשע, 1967 (איבערזעצונג: מאַרק ראַקאָווסקי)

# לחיים

משפחה לאַנגזאַם צום אָנדענק

דער וועג האָט געפירט דורך אַ טאָל. פון רעכטס, צו פוסנס די בערג איז געפלאָסן דער שאַרף־שטראָמיקער ירדן. הינטערן טייך אויף דער מזרחדיקער זייט — אַ הוילע וויסטעניש קיין שום סימן פון אַ מענטשלעכן ישוב. דער באָדן צו פוסנס די בערג און די שיפּועים זענען אָרעם און קאַרג באַוואַקסן. די ערד איז שטאַרק פאַרוואַרלאָזט, צעפרעסן פון קאַראַזיע.

אויסמיידנדיק דעם ישוב חוקוק, איז דער אויטאָבוס געפאָרן פּאַראַלעל צו דער גראַוויטאַציע־רינע.

— דוכט זיך, אַז די דאָזיקע רינע איז קאָנסטרויִרט אויף די פּרינציפּן פון אַ רוימישן אַקוואַדוקט — האָט זיך אָנגערופן אַ דיקער מאַנצביל.

— האָסט אַ שאַרף אויג, יאָ — האָט געענטפערט אַן אָפיציר אין אַ מאַטראָזן־מונדיר, וואָס איז געזעסן נעבן אים. — דער ירדן טראָגט זיינע וואַסערן פון די בערג פון לבנון און פאַלט אַריין אין ים כנרת. דער דאָזיקער אַקוואַדוקט גייט פון ים כנרת אויף צפון, אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. און מיטן דאָזיקן וועג קערן זיך אום די וואַסערן פון ירדן קעגן זיין נאַטירלעכן שטראָם.

— אַ דריבנינקער, פיליגראַנאַרטיקער, לייכטער, הענגט אויף נידעריקע בריק־בויגנס. אַלומיניום און בעטאָן. אַ גרויסן דורכלאָזפעיִקייט, ממש שפּאָט־ביליק די קאָסטן — האָט יאָן געטראַכט אויפן קול. — אינטערעסאַנט, צו וואָס ניצט ער אייגנטלעך, אָט דער אַקוואַדוקט? האַ, שמעון?

— ווּעסט אַליין זען, ווען מיר וועלן צוקומען צו יסוד־המעלה — האָט דער מאַטראָז־אָפיציר אַ שמייכל געטאָן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. אין טאָל האָבן זיך באַוויזן גראָדעקן פון קינסטלעכע סאַזשלקעס. פון דער ווייטנס האָבן זיי גע־גלאַנצט אין דער זון ווי שפּיגעלעך, אויסגעלייגטע איינע נעבן די אַנדערע.

— הם, — האָט יאַן נשתומם אַ מורמל געטאָן אונטער דער נאָז.

— אַ מאָדערנע, היינטצייטיקע צוכט פון זיסוואַסערדיקע פיש. אויפן ערשטן אָרט גייט דאָ דער קאַרפּ. משמעות, אַז אַמאָל האָט דאָ געהערשט די מאַלאַריע; אין זומפּיקן באָדן האָבן זיך געוואַלגערט די אויסגעדאַרטע און אויסגעקוואַרטע פּי פון די אָרטיקע פעלאַכן.

דער וועג האָט זיך געשלענגלט ווי סערפּענטינען באַרג־אַרויף. ס׳האָט זיך באַוויזן דער פאַרשנייטער באַרג־שפּיץ דזשעבעל עש־שייך. זיי זענען דורכגעפאָרן פאַרביי תל־חי. דער לעצטער וויראַזש. זיי זענען אַרומגעפאָרן אַ רחבותדיקן סקווער און אויסגעשטיגן. שמעון האָט אויסגעגלייכט די פּיס און פאַררויכערט אַ ליולקע, אַ צי געטאָן דעם רויך איין מאָל, אַ צווייט מאָל. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אויפן אויטאָבוסן־אָפּשטעל האָט געטומלט די יוגנט, סקאַנדירנדיק עפּעס פּריילעכס. אין שאָטן פון די ביימער האָט אַ צעקוטשמעטער בחור, אַרומגערינגלט מיט מיידלעך געשפּילט אויף אַ באַ־לאַלייקע.

— אַ פּרעכטיקער גאָרטן! — האָט אַנטציקט אויסגערופן יאַן. — דאָס דאַרף איז פאַרזונקען אין אַ ים פון גרינס!

שמעון האָט, אַרומקוקנדיק זיך, צושטימענדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דאָרט, גיב אַ קוק און לייען איבער!

יאַן האָט אַ קוק געטאָן אין דער ריכטונג פון דער אויסגעשטרעקטער ליולקע. אויף אַן אויפגעהאָנגענעם ווייסן טראַנספּאַרענט האָט געפלאַטערט אַן אויפשריפט אין צוויי שפּראַכן: „מיר פייערן 50 יאָר פון דער עקזיס־טענץ פון קיבוץ״.

— אַזוי זעט אויס איין זייט פון דער מטבע. אין די נייע ישובים און שטעט זעט מען אָבער אויך די צווייטע זייט. די הייזער־קוביקעס זענען אויפגעשטעלט אויפן זאַמד. זעלטן־ווו — גרינס־אינדזעלעך. די ביימלעך זענען אויס קאַרליקעוואַטע און ראַכיטיש. דער מדבר און די ערד וואָס ליגט

דאָרט זינט יאָרהונדערטער נישט באַארבעט, ווילד און וויסט, די וואַסערלאָזע שטחים — שטעלן אַ פּאַרביסענעם, האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד.

צו די שמועסנדיקע מאַנצבילן זענען צוגעגאַנגען צוויי עטוואָס גרויע ברונעטן. איינער האָט אַ ביסל צוגעהינקט. זיי האָבן געטראָגן אויף די קעפּ ווייכע קאַפּעליושן פון כאַקי־קאָליר מיט קליינע ראַנדן. דער הינקענדיקער איז געווען אין פאַרמער־הויזן און אין אַ העמד מיט קראַטן. דער צווייטער — אין שאָרטן־הייזלעך. דאָס פּנים אָפּגעברענט.

— דזיען דאָברי (גוט־מאָרגן)! — זאָגן זיי אויף פּויליש.

— שלום! שלום!

— איך בין בראָנעקס פעטער — האָט זיך פאָרגעשטעלט דער לאָמער. זיי האָבן זיך געגעבן די הענט. — מיין נאָמען איז מנחם געלער.

— און איך הייס מרדכי יבניאל — האָט זיך דער צווייטער אָנגערופן אויף ענגליש. — ברוך הבא, מיינע הערן, זייט געסט פון אונדזער קיבוץ! נעמט מיט זיך דאָס, וואָס איז נייטיק. אַנטשולדיקט, וואָס איך רעד נישט אויף פּויליש, איך בין אַ געבוירענער פון בודאַפּעשט.

— כ׳האָב דיין פאָטאָגראַפיע, כ׳האָב דיך תיכף דערקענט — האָט זיך אָנגערופן מנחם. — בראָנעק האָט זי מיר געשיקט. — ער האָט יעדעס פּוי־לישע וואָרט אַרויסגערעדט פּאַמעלעך, ווי געזייט דורך די ציין. — פון גאַליציע האָב איך עמיגרירט נאָך אין יאָר 1914. ערשט דערוויסנדיק זיך אַז דו וועסט קומען צו פאָרן, האָב איך זיך אַ ביסל צוגעלערנט פּויליש. כ׳האָב געקויפט ביכער און לייען אויפן קול. אויך מיט מיין פּלוניתטע רעד איך פּויליש ביי יעדער געלעגנהייט. אַ שאָד, וואָס חנה איז נישטאָ, זי איז אַרויס־געפאָרן אויפן פעסטיוואַל, פון אָרקעסטערס, וואָס די קיבוצים אָרדענען דאָ איין. מאָרגן קומט זי צוריק. בראָנעק האָט אָנגעשריבן זכרונות פון דער אָקופּאַציע־צייט. דו ביסט אויפן ערשטן אָרט. כ׳האָב זיי אָנגעשפּילט אויף אַ מאַגנעטאָפאָן־לענטע בעתן לייענען אויפן קול.

נישט געקוקט אויפן טיפן עלטער, האָט זיך מנחם פון דעסטוועגן גע־האַלטן גלייך. דאָס אָפּגעברענטע פּנים, די גלאַנצנדיקע, לעבהאַפטע שוואַרצע אויגן האָבן עדות געזאָגט וועגן גרויסער וויטאַליטעט.

— אַנטשולדיק מיר, וואָס איך ״דוץ״ דיך, אויף העברעיִש איז נישטאָ קיין אַנדער אויסדרוק. דו קרעמפּיר זיך אויך נישט לגבי מיר. — ער האָט

זיך געכאַפּט, אַז די גאַנצע צייט, זייענדיק פאַרטאָן מיט יאַנען האָט ער לגמרי נישט געלייגט קיין אַכט אויף שמעונען.

— פילט זיך אַזוי ווי ביי זיך אין דער היים. — ווענדנדיק זיך צו שמעו־נען, האָט ער מיט אַ ברייטן זשעסט אַנגעוויזן אויפן ישוב. — דער עסזאַל, דער חברים־קלוב און דער באָד־באַסיין זענען צו אייער דיספּאָזיציע. — ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנטזייגער און פאַרענדיקט: — צום מיטאָג האָבן מיר נאָך גענוג צייט.

מרדכי, נישט פאַרשטייענדיק קיין וואָרט, האָט אין פאַרלעגנהייט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— מנחם וועט זיך אויך אָן מיר אַן עצה געבן. איר זענט אַ מבין, ווי ער האָט זיך דאָס אַ ביסל צעדברט? ער האָט שוין איבערגעשטיגן זיין טעג־לעכע נאָרמע. — ער האָט זיך אָפּגעזעגנט און איז אַוועק, פאָכנדיק פרייד־לעך מיט דער האַנט.



די אַספאַלט־סטעזשקעס האָבן זיך געקרייצט מיט די געשוירענע גראָז־פלאַנטן. די הייזלעך פון פאַרשיידענער פאָרם און קאָלירן האָבן אַפּירגעקוקט פון הינטער דיביימער און בייטן; לינקס האָט זיך געזען אַ לאַנגע געביידע פון גראָב־געהאַקטן שטיין. מאָדנע, שמאָלע, ביים דאַך פענצטער פון די בוי־דעם־פאַציאַטעס. אַ ברייטער טויער מיט טירן פון פראָסטער טעסלער־אַר־בעט, געקאָוועט מיט אייזן. די געסט האָבן דערשטוינט געקוקט. דער בנין, ערטערווייז פאַרפוילט שוין, האָט אויסגעזען אביוניש און פאַרוואָרלאָזט. ער האָט שאַרף קאָנטראַסטירט מיטן מאָדערנעם, היינטצייטיקן כאַראַקטער פו־נעם ישוב.

— מיר אָרגאַניזירן דאָ אַ מוזיי — האָט מנחם זיך אָנגערופן. — די דאָזיקע געביידע עקזיסטירט שוין פון יאָר 1916 אָן, נאָך פון די צייטן פון דער טערקישער ממשלה. מיר האָבן געוווינט דאָ צוזאַמען — מענטשן און בהמות. אַזוי ווי די פּויערים אַ מאָל ביי אייך. ווידער דאָס דאָזיקע צווייטע הויז דאָס איינשטאָקיקע דערנעבן, איז אויפגעבויט געוואָרן מיט צוויי יאָר

שפעטער. עס דערמאָנט שטאַרק אין אַ הויז פון פּאַדהאַלע *. אין גאַנצן פון האָלץ, האָט אַ מאַנסאַרדע, דער דאַך איז געדעקט מיט שינדלען. די קי, פערד און שעפּסן האָבן פאַרנומען אונדזערע ערטער, און מיר האָבן זיך אַריינגע־צויגן אין דער נייער געביידע.

מנחם איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז די געסט ספקן אין זיינע רייד, אַז זיי אָריענטירן זיך שוואַך.

— מיר האָבן געזען ניי־געגרינדעטע ישובים — האָט זיך שמעון אָנגע־רופן. — כ׳האָב אויך געזען די ציטווייליקע ווינערטער (מעברות) פאַר עולים. לגמרי נישקשה, מיטצודערליידן, מ׳קאָן אויסהאַלטן — האָט ער אַ בורטשע געטאָן. כ׳רעד נישט וועגן באַקוועמלעכקייטן, לוקסוס. כ׳בין גאַנץ ווייט פון פאַראיינפאַכן, פאַראַלגעמיינערן. ס׳זענען אָבער פון דעסטוועגן פאַ־ראַן דאָרט בעטן, טישן, שטולן, וואַסערלייטונג און קאַנאַליזאַציע.

— האַ, האַ! דאָס איז כלל נישט דאָס זעלבע, ווי פאַר מיינע צייטן. דעמאָלט האָט מען אונדז גערופן חלוצים, פּיאָנערן. מיר האָבן געליטן נויט כדבעי, אויסגעשטאַנען קאַלט און וואָרעמס, קראַנקהייטן — פיבער, מאַלאַריע און אַנדערע חולאתן. מיר האָבן דאַן זיך ווייניק־וואָס אונטערשיידט פון די אַראַבישע פעלאַכן. זיי האָבן באַאַרבעט די ערד מיט אַ הילצערנער סאָכע, מיר — מיט אַן אַקראַייזן. קיין ספּעציעל גרויסער אונטערשייד איז נישט געווען. זיי האָבן איינגעשפּאַנט קי, און מיר — פערד. די ערד — די זעלבע. אַ שטיין אויף אַ שטיין. אוראַלטע, זייט דורות נישט באַאַרבעטע רויערד. וועגן וואַסער האָט מען מתפּלל געווען צו אַללאַן — אָדער מען האָט געדול־דיק געוואַרט אויף רעגן.

— און פּאַנדן?

— נאַטירלעך, פּאַנדן זענען געווען און זענען פאַראַן. — מנחם האָט זיך צעלאַכט און אָפּגעריסן. — אויף די ערשטע הצטרכותן, פאַרשטייט זיך. אָבער אויף ברויט, למשל, האָט מען זיך געמוזט גוט אָנאַרבעטן. פאַר קרעדיט אין באַנק האָבן מיר געצאָלט גראָבע פּראָצענטער. און ביי אייך באַקומען נישט די פּויערים קיין שום הנחות און סובווענצן אויף צו באַזעצן זיך?

* בארג־קעסל צווישן די טאַטרען־בערג און בעסקידן אין פּוילן.

— מען טיילט צו הילף אין פאַרשידענע פאָרמען; אַ טייל דעקן זיי די פויערים, מיט אייגענע פאָנדן, עווענטועל מיט הלוואות פון באַנק.

— אויף וואָס פאַר אַ פּראָצענט?

— פאַראַן אַנפּראָצענטיקע הלוואות, אויף 2% — האָט שמעון געענט־פערט.

— פיו־פיו! — האָט מנחם אַ לאַנגן פייף געטאָן פאַרוווּנדערט, אַנבלאָ־זנדיק די ליפּן. — — אָט דאָס הייסט פּראָצענט?! אַ, ניין, מיינע טייערע, ביי אייך שפּילט מען זיך אין באַנקוועזן. מיר דאַ צאָלן 10% און אויך מער, און קיין אַנדערע ברירה איז נישטאָ! אונדזערע פינאַנסיסטן האָבן ליב די ממתקים, האָבן ליב גראָב צו פאַרדינען.

— אָן ספק יענער פּראָצענט, טאָקע באמת אַ נישקשהדיקער פּראָצענט...

— ביטע זייער, אָט איז מיין דירה!

*

דאָס סטאַנדאַרטע הייזל האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ זומער־ווילע. אויף אַ קליינער וועראַנדע — עטלעכע ליגשטולן. די טרעפּ פון גלאַטיקן. שטיין האָבן האַרמאָנירט מיט דער געביידע. די ווענט, געמאָלט מיט אַ העל־פאַנטביין־קאָליר, האָבן קאָנטראַסטירט מיט דער שפּעדיקער גרינקייט פון די קוסטעס.

מנחם האָט אויפגעעפנט די טיר. אַלע זענען אַריינגעגאַנגען. אַ קליינער קאָרידאָר, אַרומגעבויט מיט שענקלעך, האָט געפירט צו דער קיך מיט אַ גרויס פענצטער. פון דער זייט אַ באָדצימער און אַ בית־הכסא.

— די קיך באַנוצן מיר זעלטן. אַ מאָל אין אַ יובל פאַר געסט. בכלל גענומען פאַרבעטן מיר געסט אין דעם עסזאַל און אין אָוונט — אין חברים־קלוב. ביטע זייער, אָרדנט זיך איין, פּילט זיך היימיש. מינעראַל־וואַסער, ציטרוס־געטראַנקען געפינען זיך אין קילקאַסטן. האַנטעכער, זייף — אין באָדצימער. איך וועל דערווייל צוגרייטן עפּעס צום טרינקען אויף לחיים.

מנחם האָט אויפגעהאַנגען דעם קאַפּעלוש און זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט אין קיך. פון וואַשצימער האָט זיך דערטראָגן אַ געלעכטער פון די לוסטיק געוואָרענע געסט.

צוויי גרויסע צימערן. אין יעדן — פּאַליצעס מיט ביכער. אין איין צימער — אַ לענגלעך נידעריק טישל מיט פּאָטעלן. אין ווינקל אַ טאַפּטשאַן. אויף דער וואַנט אַ גוטע רעפּראָדוקציע: „מעדוזעס טראַטווע" פון טעאָדאָרע געי־קאַלט. אינעם צווייטן צימער — אַ קליינער וואַרשטאַט: קריצערס, צוועננ־לעך, דרעטלעך. פּעקלעך קליינע פייגל־פעדערן האָבן געמיניעט מיט זייערע פאַרשידנפאַרביקע קאָלירן. עטלעכע ליאַלקעס, קמיעות, עקזאָטישע פייגעלעך און אַנדערע קלייניקייטן.

זיי האָבן זיך באַקוועם אַרומגעזעצט ביים טישל.

— גיסט אָן לויטן טעם, געשמאַק און מאָדע. — שמעון האָט מיט מבינות באַקוקט די פלעשלעך. „וויסקי קינג דזשאָרדזש", קאָניאַק „סטאַק", פון היימישער פּראָדוקציע. — נישקשה — האָט ער אַ ברום געטאָן.

— איך האָב אויך עפּעס גוטס! — האָט יאָן אויסגערופן. ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ שלאַנק פלעשל „סאָפּליצאַ".

— ס'ערשטע מאָל זע איך די דאָזיקע מאַרקע. ס'מוז זיין נישט שלעכט. האָסט עס דאָך געשלעפּט אַזש פון פּוילן!

— כ'האָב מיטגעבראַכט פון פּוילן „זשובראָווקע", „סאָפּליצאַ" און ריינע „עקספּאָרטאָווע". אָבער מיט דעם צאָל־באַאַמטן האָב איך געהאַט אַ ריינע קאָמעדיע...

— אינטערעסאַנט! — האָט מנחם, אַנגיסנדיק „סאָפּליצאַ", אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— אין חיפה האָב איך אַוועקגעלייגט דעם באַגאַזש נעבן צאָל־באַאַמטן. „וואָס האָט איר צום באַצאָלן גרענעץ־צאָל?" — האָט ער געפרעגט אויף ענגליש. „גאָרנישט" — ענטפער איך. „און אין די וואַליזקעס?" „פאַרשידענע מטלטלים פאַרן אייגענעם געברויך, מתנות פאַר חברים, פריינד". „און אין דער־אָ, אין דער קלענערער?"

כ'האָב פאַרזיכטיק אויפגעהויבן דאָס וואַליזקעלע און אַוועקגעלייגט אויפן טיש. „קרישטאָלן?" — האָט ער געפרעגט, דאָס מאָל שוין אויף פּויליש. „פאַר קרישטאָלן נעמען מיר צאָל".

„אָט אָן איינפאַל! ס'הייבט זיך נישט אָן! כ'פיר פּשוט בראָנפן פאַרן אייגענעם געברויך".

„וויפל פלעשער?"

„זעקס !"

„אָט דאָס מיין איך דאָך טאַקע !" — דער צאָל־באַאַמטער האָט פילזאָגנ־גנדיק אויפגעהויבן דעם וויזפינגער אין דער הייך. — איר וועט, מחילה, באַצאָלן צאָל פאַר פיר פלעשלעך". — ער האָט זיך גענומען צום פאַרשרייב־ביכל און צו דער בלייפעדער.

„פּאַנעי, כ'קאָן דאָך די דאָזיקע פלעשלעך נישט אַריבערפירן, און ס'איז נישטאָ אייגנטלעך וואָס צו פאַרשרייבן. מיין גאַנץ פאַרמעגן באַשטייט פון אַ קימאַ־לן סך־הכל פון קוים צוויי פונט אויף אַ טאַקסי".

„וואָס הייסט איר וועט נישט אַריבערפירן און נישט באַצאָלן ? כ'פאַר־שטיי נישט באמת אסור !"

„כ'האָב אַן איינפאַל, ממש אַ ריזן־המצאה ! — האָב איך געזאָגט שטי־לערהייט. — איך וועל נישט היזק האָבן און איר וועט זיין אין בעסטן אָרדע־נונג. כ'מיין, אַז איר וועט פון דעסטוועגן מסכים זיין".

דעם צאָל־באַאַמטן איז די האַנט מיט דער בלייפעדער געבליבן הענגען אין דער לופטן.

„כ'וועל זיך דאָ אַוועקשטעלן אין אַ זייט און אויסטרינקען אָט די פלעשלעך — און אַ סוף, אַן עק — געענדיקט !"

„בפרהסיא, אין זאַל פון צאָל־אַמט, פיר פלעשער מיט אַ מאָל ? !"

ער האָט גענומען אַ ישראלדיקע דעקלאַראַציע, עפּעס דאָרט אַריינגעש־שריבן. כ'גיב אַ קוק, ער האָט פאַרצייכנט צוויי פלעשלעך.

„וווּנדערט זיך נישט, אַדון — האָט ער זיך אָנגערופן. — מיר זענען נישט פאַראינטערעסירט אין אימפּאָרט פון אַלקאָהאָל".

כ'האָב זייטיק אַ וואָרף געטאָן אויף אים מיט אַן אויג ; עפּעס דוכט זיך מיר, אַז ער חוזקט. מורא האָבנדיק פאַר אַ שפּיצל, האָב איך געזאָגט :

„איר האָט זיך טועה־געווען, אדון, כ'האָב גאַנצע זעקס פלעשלעך".

„און איך זאָג, אַז איר האָט אין גאַנצן צוויי !"

כ'האָב אויסגעגלאָצט פון פאַרוווּנדערונג די אויגן און שוין געוואָלט פּראָטעסטירן. פּלוצלינג איז ווי פון הימל אַראָפּ אַריינגעפאַלן בראַנעק ; צוזאַמען מיט אים האָבן זיך ביי דער באַריער אַוועקגעשטעלט עטלעכע מאַנצבילן. אַלע האָבן געטראָגן אָפּצייכנס פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. ס'איז געוואָרן אַ פריילעכער רעש, אַ געפּילדער, מיר האָבן זיך אַרומגע־

כאַפּט און זיך צעקושט. דער צאָל־באַאַמטער איז שטיין געבליבן ווי אַ צע־חושטער. דערנאָך האָט ער אויסגעשריגן:

„הערט נאָר, אדון, איר זענט פון דער דאָזיקער חברה?״

„אַוודאי! וואָס דען?! פאַרשטייט זיך!״ — האָבן אַלע אין איין קול אָפּגעענטפערט.

„וואָס זשע האָט איר ביז איצט געשוויגן! איר האָט דאָך באַלד געקאָנט אַזוי זאָגן, אדון! איר האָט נישט קיין איין פּלעשל! טפו, וואָס רעד איך! איר האָט נישט אַפילו קיין האַלבן ליטער, אַפילו קיין פערטעלע נישט״...

*

— לחיים!

— לחיים! צום געזונט!

— לחיים טובים שלום! נאַ זדראַוויע!

יאַן האָט אויסגעטרונקען דעם וויסקי פּונקט ווי בראָנפן און פאַר־ביסן מיט אַן אוגערקעלע. דאַקעגן מנחם מיט שמעונען האָבן געטרונקען פּאַמעלעך, בנעימות, פּאַסמאַקעווענדיק זיך. זיי זענען געווען מבינים־מפונקים, פיינשמעקער.

— אייגנטלעך, פון וואַנען נעמט זיך דאָס, פון וואָס פאַר אַ שורש, פון וועלכע וואָרצלען וואַקסט אַרויס דער סדר היחוס, וואָס מיר, יידן, טרינקען „לחיים״, און איר, פּאָליאַקן, „נאַ זדראַוויע״ — „צום געזונט״?

— הם — האָט זיך שמעון פאַרטראַכט. — כ׳מיין אַז אונדז האָט תמיד געפעלט געזונט. כ׳מיין דאָס — אין אַ מעטאַפאָר. מיר האָבן לאַנג געלעבט פאַרשקלאַפט, אונטערדריקט, אונטער אָקופּאַציע. מיר זענען געווען צעגלי־דערט. דער לעבעדיקער אָרגאַניזם פון אונדזער פאָלק האָט געקרענקט. ער האָט געפיבערט מיט אויפשטאַנדן און קאַמפן. ס׳האָט זיך אַלזאָ געהאַנדלט אין געזונט. פאַר אָט דעם געזונט האָט מען געקעמפט, נו, און... געטרונקען.

מנחם האָט זיך אויפגעשטעלט און איבערגעבעטן. אין אַ פאָר מינוט אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט אַ פּולמיסעק, אויף וועלכן עס איז געלעגן אַ גאָלדיק־רויטלעך אָפּגעבראָטענער קאַרפּ. מנחם האָט אַוועקגעשטעלט קופליעס און אַ נישקשהדיק גרויסן קרוג מיט שוימיקן ביר.

— מאַכט אייך אַ סאַלאַט פון אַוואָקאַדאָ *, גיט אייך צו צום טעם פאַר־שידענע געווירצן און געמיזן. — מנחם האָט איבערגעשניטן די פּרי אויף צווייען, אַרויסגענומען דעם קערן, די גרייס פון אַ הינערן איי, אַרויסגע־קראַצט דאָס ווייכע פון אינעווייניק, צוגעגעבן אַ געהאַקטע ציבעלע, צונויפ־געמישט מיט אַ האַרט געלעכל.

די געסט האָבן אומגעשיקט געדרייט די אַוואָקאַדאָ־פּרי מיט די פינגער. לסוף איז די סאַלאַטקע פאַרטיק געוואָרן. זיי האָבן געגעסן מיט גרויס אַפּע־טיט און געשמאַק. דער קאַרפּ איז געווען גוט צוגעבראָטן, פּיקאַנט און ממש צעגאַנגען אין מויל. זיי האָבן פאַרטרונקען מיט ביר לעשנדיק דעם דורשט.

מנחם האָט הויך אַ זיפץ געטאָן, אָפּגעווישט ס׳מויל.

— כ׳וועל זיך פריִער נישט באַרויִקן, כל־זמן כ׳וועל נישט טועם זיין פון „סאָפּליצע". — ער האָט אָנגעפילט די כוסות. דערנאָך האָט ער זיין כוס מיט דער משקה אויפגעהויבן צום ליכט און בקול רם אַ פרעג געטאָן: — ווי אַזוי טרינקט מען דאָס?

— גאַנץ פּשוט, ווי יעדן געטראַנק — האָט זיך יאַן אָנגערופן.

— כ׳האָב באַמערקט, אַז דו האָסט געטרונקען וויסקי פּונקט ווי געוויינ־לעכן בראַנפן.

— מ׳טרינקט דאָס ווי קאָניאַק — האָט שמעון קאַטעגאָריש אָפּגעהאַקט דעם וויכוח.

— אָ, שמעונען גלייב איך. אַן אָפיציר פונעם ים־פלאָט איז אַ מבין אויף משקאות.

שמעון האָט זיך צעלאַכט. ער האָט זיך אַנטשולדיקט און אַרויסגעגאַנגען אין פאָדערצימער. אין אַ רגע אַרום האָט ער זיך צוריקגעקערט, האַלטנדיק דאָס היטל אין דער האַנט.

— אָט זעט, ביטע. די עמבלעם און גאַלאַנען זענען פון האַנדלספלאָט. זינט צוויי יאָר קורסיר איך אויף דער „לעוואַנטינער" ליניע. און פריִער האָב איך דורכגעמאַכט פאַרשידנס.

---

* פעטע טראָפּישע פרוכט (גרין און באַרנפאָרמיק).

— און די דאָזיקע בענדלעך און אָפּצייכנס ? — האָט מנחם נישט אָפּגע־לאָזט. — דו האָסט זיי דאָך זיכער באַקומען פאַר מלחמה־פאַרדינסטן. כ׳זע דאָ צוו. אַנד. אַ בריטישן אָפּצייכן.

— אַ, דאָס איז שוין אַן אַלטע מעשה. בעת דער מלחמה האָב איך אויף אַ טאָרפּעדאָ־שיף קאָנוואָירט ים־טראַנספּאָרטן קיין מורמאַנסק.

מנחם האָט מיט פאַרשטענדעניש צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אונדזערע אויך, ווען די פּאָליאַקן האָבן געקעמפט אויף אַלע פראָנטן קעגן דער היטלער־בעסטיע. — מנחם האָט אַריינגעקוקט אין יאַנס אויגן, וועלכער איז געזעסן פאַרטראַכט. מיט אַ מילדן שמייכל האָט ער אים אַ פרעג געטאָן : — און ווו האָסטו דיין מעדאַל ?

יאַן איז רויט געוואָרן.

— שמעון האָט מיך שוין דערפאַר גוט אויסגעזידלט. כ׳האָב אים איבער־געלאָזט ביי בראָנעקן. ווען כ׳וואָלט געוווסט...

— די אויסצייכענונג פון חסידי אומות העולם פון „יד ושם״ האָב איך געזען אין צייטונג. אָבער לאָז שוין ענדלעך זיין גענוג דערמיט — האָט מנחם מיט אַ שמייכל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — לאָמיר בעסער אויסטרינקען לחיים ! — האָט ער אויסגערופן, אויפהייבנדיק דעם כּוס.

— זיי האָבן אויסגעטרונקען, אויסרופנדיק „לחיים״.

— מיר יידן, טרינקען „פאַרן לעבן״, „לחיים״. ביי אונדז האָט זיך שטענדיק געהאַנדלט אין סאַמע העכסטן פרייז. טרינקען פאַרן געזונט האָט, לויט מיר נאָך, אויפגעהערט צו עקזיסטירן זיבנט צוויי טויזנט יאָר שוין. אונדזערע אָבות האָבן געקעמפט קעגן די רוימער פאַר טויט אָדער לעבן. עטלעכע אויפשטאַנדן האָבן זיי געוווּנען. אָבער נישט אויף לאַנג. באַלאַגערטע אין מצדה אין משך פון דריי יאָר נאָכאַנאַנד, האָבן זיי דערפירט די רוימער צו שגעון, צום גרעסטן גרימצאָרן. זיי האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן. לי־בערשט אויסגעקליבן דעם טויט איידער פאַרשקלאַפונג. זיי זענען באַגאַנגען קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד. בעת דער היטלער־אָקופּאַציע איז אין קאָן גע־שטאַנען נישט בלויז דאָס געזונט, נאָר פּשוט דאָס גאַנצע לעבן ממש. ס׳איז געגאַנגען אין אויסדויער, אין דערהאַלטן זיך ביים לעבן. אין די געטאָס האָט דער קאַמף אַפילו דער סאַמע דרייסטער, פאַרביסענער און איינפאַלע־רישער, ס׳רוב זיך געמוזט פאַרענדיקן פאַר דער גרעסטער מערהייט אויפ־

שטענדלער מיטן טויט. איך טראַכט כסדר וועגן דעם און כ׳שטעל זיך די פראַגע: צי דערפאַר לעבט מען, כדי אויסצודויערן? די, וואָס האָבן אויפגעהויבן דעם קאַמף, זענען באַוווסטזיניק אומגעקומען אָן קיין שום אויסזיכטן אויף צו זיגן. ס׳האָט אַפילו דאָן נישט געהאַט קיין זין צו טרינקען פאַרן געזונט צי פאַרן לעבן. אויב זיי האָבן געטרונקען, איז „פאַרן אומקום, פאַרן טויט פון די היטלעריסטן!״ זיי זענען געגליכן געווען צו שמשון הגיבור, וועלכער האָט פאַרן טויט געוואָלט נקמה נעמען אין זיינע תלינים. ״תמות נפשי עם פלשתים!״ יאָ, יאָ, מיר, יידן, האָבן שטענדיק געטרונקען און טרינקען ווייטער פאַרן העכסטן פרייז — פאַרן לעבן. לחיים!

מנחם האָט אַ קוק געטאָן אויפן בילד, וואָס איז געהאָנגען אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט.

— מעדוזעס טראַטווע! — האָט ער אויסגערופן. — מיר זעען דאָ מענטשן אין דראַמאַטישע אומשטענדן און אין טראַגישע באַדינגונגען, אַ הייפל קרבנות פון אַ שיפברוך פירט אַ קאַמף פאַרן לעבן צווישן דער צעשטורעמטער סטיכיע. קוקט נאָר אָן דעם אומגעהויערן צופלוס פון ענערגיע, די דייטאַמיק פון די דאָזיקע מענטשן. פון דער ווייטנס האָבן זיי דערזען עפּעס אָן אַנדייט, אַ סימן פון ערד. און דאָס האָט דאָך דאָן פּאַסירט ביי די ברעגן פון אַפריקע. ס׳האָט זיי דערוואַרט אַ גרויס רעטעניש, אָן אומבאַקאַנטער געהיימנישפולער גורל. אויך אויף דער דאָזיקער טראַטווע האָט מען געשריגן „לחיים!״ דאָס דאָזיקע בילד רעדט צו מיר. כ׳פאַרשטיי עס אויסגעצייכנט. ס׳רעדט וועגן מענטש. עס נעגירט, וואַרפט אָפּ קאַטעגאָריש און אַנטשלאָסן פּאַסיווקייט און אינערציע, יאוש און אַפּאַטיע. דאָס בילד וועקט, סטימולירט און רופט ל ח י י ם!!!

— פאַר אייער און אונדזער געזונט! — לחיים!

זאַקאָפּאַנע 1967 (פון פויליש: מאַרק ראַקאָווסקי)

# לשון קודש

שושנהן אילן ז״ל (האָלצמאַן), רחובות

פון באַגינען אָן האָט געבלאָזן דער הייסער מדבר־ווינט — חמסין. ער איז אָנגעלאָפן מיט קורצע כוואַליעס. די גאַס, וואָס האָט געפירט צום ים, איז געווען פאַרפלייצט מיט זון. די אַקאַציע־ביימער מיט די פאַרשמאַכטע בלעטער האָבן אויסגעזען טרויעריק, אָן לעבן. די מאַרקיזן, צעשפּרייטע איבער געוועלבער און רעסטאָראַנען, האָבן געוואָרפן אַ קרענקלעכן ראַכיטישן שאָטן. די אַראָפּגעלאָזטע ראָלעטן פון די פענצטער האָבן שוואַך פילטרירט די שטיקנדיקע, ברענענדיקע לופט.

אַ יונגער מענטש, אין קורצע „שאָרטן"־הייזלעך און אין אַ ספּאָרט־העמדל אַרויסגעלאָזט פון אויבן, האָט זיך אומגעקערט פון דער פּליאַזשע. דאָס געפיל פון אָנגענעמער קילער פרישקייט נאָכן באָדן איז פאַרשוווּנדן צוליב דער חמימותדיקער היץ, וואָס האָט זיך געגאָסן פון הימל. דאָס פאַרשוויצטע פּנים האָט ער אָפּגעווישט מיט אַ פייכט האַנטעך. פאַרבייגייענדיק די אַפּטייק, האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן טערמאָמעטער — 35 גראַד צעלזיוס אין שאָטן.

„וואָס וועט זיין אין אַ צוויי שעה אַרום ?" — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט טרינקען. אַרומקוקנדיק זיך, האָט זיך אים

אויסגעוויזן מאָדנע, וואָס ער האָט נעכטן אין אָוונט נישט באַמערקט דעם בנין; דאָס הויז, צו וועלכן ער האָט זיך צוגעקוקט, האָט געהאַט אַ גראָד־עקיקע פּליטע פאַרן אַריינגאַנג. די שמאָלע פענצטער אויפן ערשטן און צווייטן שטאָק זענען געווען ווי הערמעטיש פאַרקלאַפּט מיטן זיבן שלעסער. ער האָט אַראָפּגעקוקט אויף דער גאַס. נעבן אייניקע געביידעס זענען גע־שטאַנען ענלעכע באַדעקונגען. סימנים האָבן געוויזן, אַז אויך דאָרט האָט מען די טרעפּ־אַריינגענג געהאַט אַ מאָל פאַרמויערט.

— דוד מפּולניה * — האָט סטעפאַן דערהערט אַן אויסגעשריי, וועל־כער האָט אים צוריקגעבראַכט צו דערווירקלעכקייט, לאָזנדיק אין אַ זייט די פריִערדיקע פאַרטראַכטקייט. אַ יינגעלע אין פאַרשול־עלטער האָט זיך אָפּ־געריסן פון אַ גרופּע קינדער, וואָס האָבן זיך דאָ נישט ווייט געשפּילט. לויפנדיק, איז ער פון אימפּעט אַרויפגעפאַלן אויף סטעפאַנען.

— ביסט צו פרי געקומען, דער טאַטע איז נאָך נישטאָ!

— און דער זיידע איז אין דער היים, אָשרל?

— יאָ. — אָשרל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן העלן קעפּעלע און שפּרינ־גענדיק צוריקגעלאָפן צו דער איבערגעריסענער שפּיל.

די טיר פון פאָדערהויז איז געווען ברייט אויפגעפּראַלט. אויף די שטיגן איז געווען פינצטער. ער האָט אַ קוועטש געטאָן דעם אויטאָמאַט און ס׳איז געוואָרן ליכטיק. ער איז שיער נישט אויף עפּעס אַרויפגעפאַלן. סטעפאַן האָט זיך נענטער צוגעקוקט. האַרט ביי זיינע פיס איז געלעגן אַ הונט. די גרין־גרויע פעל זיינע איז ערטערווייז שוין געווען אויסגעקראַכן, ס׳האָט זיך אַרויסגעזעען דאָס פליכעוואַטע גערונצלטע לייב. ער איז געלעגן אומבאַ־וועגלעך. די מאָרדע האָט ער באַהאַלטן אונטער דער לאַפּע. דער עק — אַ קורצער, אַ שטעכיקער מיט נעבעכדיקע רעשטלעך פעל, איז געלעגן רויִק, אומבאַוועגלעך.

— אומגליקלעכער אַלטיטשקער! — האָט סטעפאַן אַ שעפּטשע געטאָן אויף פּויליש. דער הונט האָט אַ ריר געטאָן מיטן קאָפּ, שווער זיך אונטער־געהויבן אויף די פאָדערשטע לאַפּעס. ער האָט אַרויסגעלאָזט פון זיך אַ מין

* פעטער פון פּוילן.

הייזעריקן קוויטש ווי פון אַ זשאַבע. די אויגן האָט ער פאַרזשמורעט. ס׳האָבן זיך אַרויסגעזען בלויז שמאָלע שפּעלטעלעך. ער האָט אויפגעעפנט דעם פּיסק אָן אַ סימן פון אַ צאָן. כריפּענדיק און קרעכצנדיק האָט ער געפּרוווט אַ ביל טאָן.

— אָרעמער אַלטער הונט! — האָט סטעפאַן מיט באַדויערן און מילד אַ זאָג געטאָן.

דער הונט האָט זיך אָנגעשטרענגט אויפצושטיין אויף די הינטערשטע פיס, אָכצענדיק און סקאַמליענדיק וואָס אַ מאָל אַלץ העכער.

— טייער הינטעלע, דענערוויר זיך נישט! — האָט אים סטעפאַן גע־פּרוווט באַרויִקן. — דער הונט האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו קרעכצן. ווי להבדיל אַן אַלטער ליידנדיקער מענטש, געפּרוווט זיך אויפשטעלן אויף די פיס אָבער אָן דערפאָלג.

סטעפאַן האָט אים געוואָלט אויסמיידן. ס׳איז אים געווען דערווידער צו קוקן, ווי פונעם הונט פאַרשווינדט בהדרגה דאָס חיות, דאָס לעבן גייט אים אויס.

ס׳האָבן זיך דערהערט טריט. אָשרל האָט זיך באַוויזן. ער האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן צום הונט אויף העברעיִש. דער הונט, שווער סאָפּענדיק, האָט זיך איינגעקנוילט און איין אַ ווײַלע אַרום איינגעדרימלט.

— אָשר, וועמענס הונט איז דאָס? — האָט סטעפאַן געפרעגט.

— אונדזער הויף־הונט.

— ער מאַטערט זיך זייער. מען דאַרף אים פאַרלייכטערן די ליידן און איינשלעפערן...

— כן, כן — האָט אָשר צוגעשטימט — אָבער קיינער וויל נישט... ווייל... ווייל וועגן אונדזער כלב דאָג דערציילט מען אַ לעגענדאַרע מעשה. קיינער וויל אים דעריבער נישט...

— אַזש אַ לעגענדע?!

— זאָלסט טאַקע וויסן. דאָג איז אַ העלד!

— אָשרל, רעד דייטלעכער און אַ ביסעלע פּאַמעלעכער. ווייסט דאָך, אַז איך בין נישט קיין גרויסער בקי אין לשון־קודש...

— טוב, טוב, דודי! כ׳וויס, ווי מען דאַרף מיט דיר רעדן, דו רעדסט ווי אַ דריי־יאָריק קינד, און אפשר נאָך ערגער.

— אָשרל, לאָמיר אַריינגיין ערגעץ אין אַ קאַפע, וועל איך דיך מכבד זיין מיט אייזקרעם, וועסטו מיר דערציילן דאָס מעשהלע וועגן כלב דאָג.

— וואַרט צו אַ רגע, פעטער, כ׳וועל אַריינלויפן צו דער מאַמעשי, זי איז זייער נערוועז... אַז זי וועט מיך נישט זען אַ סעקונדע, שרייט זי באַלד, אַז איך בין זיכער אַרונטערגעפאַלן אונטער אַן אויטאָ...

זיי זענען אַריין אין אַן אייזקרעם־קראָם ווו סטעפאַן האָט באַשטעלט גרעיפפרוכט־זאַפט און אַ פּאָרציע גלידה.

אָשר האָט גיריק געלעקט דעם אייזקרעם, ער האָט געבליצט מיט די בלויע אויגן פון גרויס צופרידנקייט.

— כ׳האָב שרעקלעך ליב אייזקרעם, מער ווי אַלצדינג. איך וואָלט דאָס געגעסן אַנשטאָט מיטאָג — האָט ער צוגעגעבן, באַלעקנדיק זיך פּאָר תענוג מיט דער צונג. — אַלזאָ, האָרך, פעטער! — האָט ער אָנגעהויבן: — אַ מאָל, אַ מאָל, מיט זייער אַ לאַנגער צייט צוריק, ווען איך און מיין שוועסטער דליה זענען נאָך בכלל נישט געווען אויף דער וועלט, איז געבוירן געוואָרן דאָג. ווען ער איז שוין אַלט געווען אַ יאָר, איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד קעגן ענגלאַנד. מ׳האָט געשאָסן פון אמתע ביקסן. אַלע האָבן געשאָסן. פון טורעם כאַסאַן־בעק האָט מען כסדר באַשאָסן אונדזער גאַס מיט ביקסן־קוילן. כ׳זע אַז דו פאַרשטייסט נישט — האָט אָשר איבערגעריסן זיין דערציילונג. — כאַסאַן־בעק געפינט זיך דאָ נישט־ווייט, אויפן וועג קיין יפו. ער האָט אַ הויכן טורעם — אַ לאַ־אַ־ב־גע רי־זי־קע רער. דאָרט דאַוונען די אַראַבער. און פון יענער זייט גאַס האָבן פון הינטער זעק־באַריקאַדן געשאָסן צו אונדז די ענגלענדער. זיי האָבן געהאַט אַפילו טאַנקעטקעס און געשאָסן טררר, טררר!

אָשר האָט צוגעזשמורעט דאָס לינקע אויג, צילנדיק מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט און האַקנדיק מיט דער צונג — טאַ־טאַ־טאַ!!

— מיין באָבעשי, זי לעבט שוין נישט — האָט אָשר פאַרגעזעצט — און אַנדערע פרויען זענען געזעסן אין פאָדערהויז און זיך געטרייסלט פון שרעק. אָבער דער זיידע און דער טאַטע זענען געלאָפן איבערן דאַך און

צוריקגעשאָסן. האָסט באַמערקט ביים אַריינגאַנג אַ מויער? אַלע קוילן האָבן דאָרט געטראָפן. בום־בום־בום! — האָט געטראַסקעט איבער די פענצטער. דאָס מעבל איז צעלעכערט געוואָרן פון די קוילן. די פענצטער פון פאַדערהויז זענען געווען פאַרמויערט, אַזוי אַז קיינעם האָט גאָרנישט געשאַדט. צום ערגסטן איז געווען אַרויסצובייגן זיך פון הינטערן מויער. איינער האָט זיך אויף אַ רגע אַרויסגעבויגן — און באַץ! — ער איז תיכף ומיד געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל און געפאַלן אַ טויטער.

אַשרל איז אויפגעשפּרונגען, אויסגעבויגן אויף אַהינטער דאָס קעפּעלע, דורכגעפירט מיטן הענטל איבערן האַלדז: — אָט אַזוי האָט עס אים צע־שניטן!... אַלע האָבן זיך אויף טויט דערשראָקן — ער איז אַרויפגעלאָפן ביז אויפן ערשטן שטאָק און... אַוועקגעפאַלן.

— אָט דאָן איז דאָג צוניצגעקומען. תחילת האָט ער מורא געהאַט, האָט זיך באַהאַלטן צווישן די מענטשן. דאַרפסט וויסן, אַז דאָג איז געווען זייער קלוג. ווען מען האָט געשאָסן נאָענט, איז ער געזעסן אין פאַדערהויז, און ווען ס'איז געוואָרן עטוואָס שטילער, איז ער אַרויסגעגאַנגען. ער איז געקראָכן צום מויער, איינגעהאָרכט זיך און געשמעקט, געשנאַפּט מיט דער נאָז. ווי נאָר ס'האָבן זיך אונטערגעגנבעט ענגלענדער אָדער אַראַבער, האָט ער אָנגעהויבן וואָרטשען. און ווען אונדזערע זענען געגאַנגען, האָט ער האַפּער־דיק געדרייט מיטן עק. בילנדיק מיט שמחה. דאָס איז געווען פאַר אונדז אַ געהעריקער צייכן. פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן אַ בן־חייל (העלד). לעצטנס אָבער איז ער געוואָרן זייער אָפּגעלאָזט, האָט זיך אויפגעהערט שפּילן. די ציין זענען אים אַרויסגעפאַלן. ער עסט נאָר ברייעכץ און וויכע, שיטערע שפּייזן. פּישן פּישט ער ווו ס'לאָזט זיך, אָן עובר בטל שוין. ער האָט שוין לאַנג־לאַנג נישט געבילט. קוים וואָס ער זעט. אַ וווּנדער, וואָס ער האָט דיך בכלל באַמערקט. פון דער וויטנס האָט ער תמיד דערקענט ענגלענדער און אַראַבער. אויף אַראַבער האָט ער שוין לאַנג נישט געבילט, פאַרשטייסט דאָך אַליין... ענגלישע טוריסטן קומען היינט נישט אַהער דאָ צו אונדז. זיי וווינען בעסער אין האָטעל „הילטאָן"...

אַשר האָט אַריינגעשטעקט אַ פינגער אין מויל און אַ קוק געגעבן אויף סטעפאַנען.

— און אפשר ביסטו ענלעך צו אַן ענגלענדער ? — האָט ער אומזיכער אַ פרעג געטאָן.

סטעפאַן האָט אַ שמייכל געטאָן. ער האָט פאַרזיכערט דעם ייִנגל, אַז נישט. ער איז נישט ענלעך. ער האָט אים אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּעלע.

— אין וואַרשע האָב איך אַ הונט, אַ גרויסן, אַ שיינעם הונט. ער וואָלט דיר זיכער געפעלן געוואָרן. ער קען אַ סך קונצן. כ׳האָב ליב הינט, אָבער, זעסטו...

אָשר האָט אומרויִק אַ קוק געטאָן אויפן פעטער. געוואָרט, וואָס ער וועט זאָגן...

— דאָג איז שוין אַלט, אַ זייער אַלטער הונט, און אויף אַזעלכע קען איך זיך נישט. כ׳וועל דערנאָך צוגיין צו אים, אפשר וועל איך עפּעס באַמערקן און אויפקלערן.

זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. סטעפאַן האָט געמאַכט ליכטיק. דער הונט איז געלעגן אויפן פריִערדיקן אָרט. ער האָט אַפילו נישט קיין ציטער געטאָן. אַ שלאַבעריקער און נעבעכדיקער, האָט ער קוים געעטעמט. סטעפאַן האָט זיך צו אים אַראָפּגעבויגן. דער הונט האָט נישט רעאַגירט.

— אַלט הינטל — האָט זיך סטעפאַן גוטמוטיק און מיטפילנדיק אָנגערופן. דורכן נעבעכדיקן לייב איז אַדורך אַ ציטער. — גוט הינטל, גוט הינטל, האָסט פאַרלוירן דעם חוש־הריח, ביסט בלינד געוואָרן.

דער הונט האָט זיך אַ ריר געטאָן, אויפגעשטעלט זיך אויף די פאָדערשטע פיס, אַ ציטער געטאָן. מיט אַנגסטן האָט ער געעפנט די מאָרדע, אַ פּישטשע געטאָן, דין און צעצויגן אַ ריטש געגעבן. סטעפאַנען איז אַזש אַ שווייס אַרויסגעטראָטן פון עמאָציאָנעלער אויפרעגונג. ס׳איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק. ער האָט זיך געווענדט צום הונט אויף העברעיִש :

— כלב טוב, כלב טוב — האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט — חביבי, אני אתן לך מעט מים *.

* גוט הינטל, גוט הינטל, טייערער, איך וועל דיר געבן אַ ביסל וואַסער.

סטעפּאַן האָט אָפּגעהאַקט. ס'האָבן אים פאַרפעלט ווערטער...

דער הונט האָט זיך איינגעהערט. ער האָט אַ ריר געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די פאָדערשטע פיס. ער האָט צוגעפּלאַטשיקט די מאָרדע צום דיל, אָפּגעסאָפּעט לייכטער, דערנאָך האָט ער זיך איינגעקנוילט און תיכף אַנטשלאָפן געוואָרן.

„אַ מאָל — האָט סטעפּאַן אַ טראַכט געטאָן — איז העברעיִש געווען אַ הייליקע שפּראַך, לשון הקודש, אַ טויטע שפּראַך, אַ שפּראַך פון ספרים — און היינט פאַרשטייען זי אַפילו... הינט".

וואַרשע, דעצעמבער 1966. (פון פּויליש וו. רובין)

# דער בעדוינער מיט זיין הונט

משפחת שקרלט ז״ל

ער האָט אָנגעצויגן די רימענס פון דער שפּייזטאָרבע און אַ זאָג געטאָן: לאָמיר אַוועקגיין צו מוסטאַפֿען. ער האָט אונדז געכטן באַזוכט, אָבער ער האָט מיך נישט געטראָפֿן. שוין לאַנג האָב איך אים נישט געזען. בעת ער האָט געהאַט צו טאָן מיט דער מיליטערישער אויפזיכט, פּלעגט ער זיך ווענדן צו אונדז וועגן אַן עצה און הילף.

— דו האָסט איצט, קאַרל, אַ גוטע געלעגנהייט — האָט ער געזאָגט — לאָמיר זיך לאָזן אין וועג אַריין צופוס.

דן, נישט געקוקט אויף זיין באַוועגלעכקייט און זיין ענערגישן אויסזען, איז געווען קאַרג אויף ווערטער. בעת ער האָט גערעדט, האָט ער געהאַלטן פאַרריסן דעם קאָפּ, ווי אַ זעלנער; ער האָט גערעדט קורץ און שאַרף. ער האָט קיין מאָל פאַרויס נישט אָנגעוואָרפן קיין שום טעמעס פון געשפּרעכן. אָפט מאָל האָבן זיינע אויגן אָנגעוויזן אויף עפּעס, וואָס איז ווערט געווען מען זאָל זיך דערמיט פאַראינטערעסירן.

זיי זענען געגאַנגען מיטן אַספאַלט־וועגל פון קיבוץ צום שאָסיי. דער וועגווייזער האָט אָנגעוויזן עפולה — עין־חרוד. דן איז געגאַנגען מיט מיליטערישע טריט. יעדע באַוועגונג פונעם קאָפּ, פון די הענט און פיס, איז געווען צילמעסיק; קיין שום זאַך איז נישט געווען איבעריק.

אויסגלייכנדיק די טריט האָט קאַרל חשק געהאַט אַ פרעג צו טאָן דנען,

צי ער איז נישט קיין מיליטער־מאַן. אויך מיליטער־לייט האָבן טייל מאָל אַ באַגריף וועגן לאַנדווירטשאַפט. ער האָט אַזעלכע געקענט ביי זיך אין שוועדן.

— אויף יענער זייט פון די בערג געפינט זיך הוסיינס מלוכה — יאַר־דאַניע. די שיפּועים און ראַנדן געהערן צו אונדז — האָט דן אויפגעקלערט.

קאַרל רעאַגירט נישט, פונקט ווי ער וואָלט שוין אַלץ געוווּסט. נעכטן האָט ער אַ לאַנגע צייט באַטראַכט די בערג. צוגייענדיק צום פענצטער, האָט דנס אַלטע מאַמע אַ זאָג געטאָן:

— קוקט, גאַסט פון ווייטן צפון! דאָרט אויף יענער זייט איז די גרע־נעץ. די גרענעץ איז נאָענט, זייער נאָענט.

פון דער לינקער זייט זעט מען אַ באַרגיקע קייט, לייכט באַשאָטן מיט צמחים, און ערטערווייז קוקן אַרויס גאָלע פעלדזן. פון דער זייט פונעם קיבוץ, אויף באַגרינטע באַרגיקע שיפּועים, וואַקסן אויף געוויסע אָפּשניטן יונגע ביימער. ביים וועג איז פאַראַן אַ באַנאַנע־פּלאַנטאַציע, וואָס צייכנט זיך אויס מיט איר צונויפגעפּרעסטער אומבאַוועגלעכקייט. אין דער זייט — אַ הויכע וואַנט פון געוויקסן, ענלעכע צו באַמבוסן. זיי בויגן זיך אונטערן דראַנג פון די חמסינען; זיי באַשיצן די פּלאַנטאַציע. זייט ביי זייט הערט מען אַ ריטמיש געוויש פון אַ קאָמביין. — אַ בוימוואָל־פעלד — ווייזט אָן דן מיט אַ האַסטיקער האַנט־באַוועגונג — שוין עטלעכע יאָר, ווי מיר פאַר־נעמען זיך מיטן פלאַנצן דאָס דאָזיקע געוויקס. ביז דאָ נישט לאַנג האָבן דעם מאָנאָפּאָל דערויף אויפן נאָענטן מזרח געהאַט די מצרים.

קאַרל האָט צוגעמרוקעט אַלס סימן פון הסכמה. מיט אַ צייט צוריק האָט ער געזען אַ רוסישן קאָלירטן צוגאָב־פילם: „בוימוואָל־שניט”. מייד־לעך, מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, מיט דינע צונויפגעפלאָכטענע צעפּלעך, מיט טיובעטייקעס אויף די קעפּ, האָבן מיט שלאַנקע באַוועגונגען געריסן די בלאַנק־ווייסע קוסטעס. שלאַנקע מענער, מיט קאָלירטע כאַלאַטן, האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט די מיידלעך אין טאַקט פון דער מוזיק, אָנפילנדיק די קוישן מיט אויסגעריסענעם בוימוואָל. עס איז געוואַקסן דער שנייווייַ־סער באַרג, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ווינטערדיקער לאַנד־שאַפט אין אַ הייסן זומערטאָג. אָבער גאַנץ פּשוט האָט אויסגעקוקט דאָס בוימוואָל־פעלד, וואָס איז איצט געלעגן פאַר זייערע אויגן. נאַקעט איז

געלעגן דעם אויסגעצופּטער באַדן. אויף די קוסטעס ביים ראַנד פון וועג האָט דער ווינט אָנגעהאָנגען אַ פוך, וואָס ער האָט אָראָפּגעיאָגט פון די פעלדער.

— וואָטע — האָט זיך קאַרל אָנגערופן. דן האָט איראָניש געזשמורעט מיט די אויגן.

— איך האָב געוווּסט, אַז דו וועסט אַזוי זאָגן.

אויפן ראַנד פון אַ גרויס פעלד האָט פלייסיק געאַרבעט אַ קאָמביין. אויף אַ לאַסטוואָגן האָבן די קיבוצניקעס אָנגעלאָדן פעק מיט געפּרעסטן בוימוואָל. די זון איז געשטאַנען הויך איבערן קאָפּ, פאַרזונקען אין אַ העל־בלויען הימל. די היץ איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַלע העכער און העכער האָבן זיך אָפּגערופן די ציקאַדן, פאַרטויבנדיק דעם גערויש פון די מאַשינען, וואָס האָבן געפּירט דעם בוימוואָל.

דן האָט פאַרשנעלערט זיינע טריט. זיי האָבן געשפּרייזט דורך אַן אויס־געטריקנטן וואָדי, ווו מען האָט זעלטן אָנגעזען אַ קוסט. זיי האָבן זיך אויפ־געהויבן אויף אַ געדרייטער סטעזשקע. שוואַרצע ציגן זענען פאַר שרעק אַנטלאָפן.

משונהדיק האָבן די ציגן אויסגעזען אין קאַרלס אויגן. נישט פּראָפּאָר־ציאָנעל לאַנג זענען זייערע אויערן, צוויי מאָל לענגער פון זייערע ציגענע מאָרדעלעך. אַ יונגער אַראַבער מיט אַ געקעסטלטער קאָפיע אַרום זיין קאָפּ, האָט צונויפגעזאַמלט מיט אַ געשריי די אָפּגעזונדערטע ציגן.

— סאַלאַם! — באַגריסט ער די אָנקומענדיקע מיט אַ שמייכל אויפן פּנים.

— סאַלאַם! — ענטפערן זיי.

— צי געפינט זיך דער טאַטע אין דער היים? — טוט דן אַ פרעג.

— ער איז מסתמא אין געצעלט. ער ווייסט, אַז דו דאַרפסט קומען.

זיי זענען אַוועק איינער הינטערן צווייטן צווישן די פעלדזן. אונטער די פיס האָבן זיך געפּלאָנטערט פאַרשידענע צמחים. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען די פעלדזן און עס האָבן זיך באַוויזן בראַנדז־שוואַרצע געצעלטן. די שוואַר־צע פלעקן פון די געצעלטן האָבן בולט זיך אויסגעטיילט אויפן גרינעם פאָן פונעם היגל.

עס האָט זיך דערהערט אַ בילעריי פון הינט, ענלעך צום וואָיען פון שאַקאַלן. די הינט האָבן זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס און דערנאָך זיך אָפּגע־שטעלט אויף אַ ווייטערן שטח.

— זיי זענען פּחדנים און מיאוסקייטן — האָט דן געוואָרטשעט — אַן אויסמיש פון שאַקאַלן מיט קויאָטן.

פון די געצעלטן האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פרויען און קינדער. די מענער האָבן אַ רוף געטאָן די הינט. תיכף זענען זיי כמעט אַלע פאַרשוווּנדן. בייגעריקע פּנימער האָבן אַרויסגעקוקט פון צווישן די געצעלטן־פליגלען. דערנאָך זענען אַרויסגעקומען בעדויִנער באַגריסן און פאַרבעטן. פון דער נאָענט האָבן די געצעלטן פאַרלוירן פון זייער פּריִערדיקער שיינקייט. אָפּ־געקראָכן און פאַרצערעוועט, מיט אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, האָבן זיי געשטאָכן די אויגן מיט זייער אָרעמקייט. קאַרל האָט באַדויערט, וואָס ער האָט נישט געמאַכט קיין פאָטאָ־אויפנאַמע פון דער ווייטנס.

פון דער סטעזשקע, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן די פעלדזן, האָט זיך דערנעענטערט אַן אַראַבער אויף אַן אייזל. אַ הויכער, איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ דזשולאַביע מיט אַ מאַרינאַרקע פון אויבן. ער איז געזעסן אויפן אייזל ווי אַן אַמאַזאָנקע. זיינע אַראָפּגעהאָנגענע פיס האָבן זיך צוגע־רירט צום שטויב אויפן וועג. דן האָט אים באַגריסט לויטן מזרחישן שטיי־גער, צולייגנדיק זיין אָפענע דלאָניע צום האַרצן. דער הויכער אַראַבער האָט איבערגעחזרט די זעלבע באַוועגונג מיט דער האַנט און זיך פאַרנייגט.

— יאַ־חביבי, זיי מיר מוחל פאַר דער פאַרשפּעטיקונג. די דערלויבע־ניש האָט היינטיקע נאַכט פאַרלוירן איר קראַפט. דו ווייסט דאָך, אַז מיר זענען נישט קיין באַלעבאַטים אויף אונדזער צייט, נישט ביי טאָג און נישט ביי נאַכט. די מיליטערישע וואַך האָט מיך פאַרהאַלטן *.

דן האָט געדריקט זיין האַנט :

* אַראַבער און בעדויִנער פון געוויסע ראַיאָנען זענען געווען אונטער מיליטערישער אויפזיכט. דעם 7טן נאָוועמבער 1966 האָט די אויפזיכט איבערגענומען די מוניציפּאַלע מאַכט.

— כ׳האָב אַ ידיעה, אַז די מיליטערישע אויפזיכט ווערט אַראָפּגענומען. די „אַפּוטרופּסות״ איבער אייך וועט איבערנעמען די מוניציפּאַלע מאַכט. דאָס איז דער ערשטער שריט.

דער בעדווין איז געבליבן שטיין אַ רגע, נישט גלייבנדיק זיינע אייגענע אויערן. מיט אַ באַוועגונג פון דער האַנט האָט ער אַריבערגעוואָרפן די קאַפיע אויף דער פּלייצע און אינסטינקטיוו אויסגעגלייכט די אקאלע אויפן קאָפּ. צונעמענדיק ביי דנען דאָס ברויט־זעקל, האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן:

— דו ביסט גערעכט, דאָס איז דער ערשטער שריט. כ׳דאַנק פאַר דער מתנה.

— דאָס איז מיין פריינד — האָט דן אָנגעוויזן אויף קאַרלען — נעם אים אויף, יאַ־חביבי, פּונקט ווי מיך.

קאַרל האָט נידעריק פאַרנייגט זיין געלן קאָפּ, אַזש די באָרד האָט זיך צוגערירט צו זיין ברוסט.

מוסטאַפאַ האָט זיי פאַרבעטן אין געצעלט. ער האָט זיי אַנידערגעזעצט אויף אַ מאַטע פון קינסטלעכן שטאָף. דן האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף טערקיש. אויך קאַרל האָט זיך אויף אַזאַ אופן אַוועקגעזעצט, אָבער זיינע פיס האָבן זיך יעדע מינוט אַרויסגערוקט פון אונטער אים.

מען האָט זיך אויסגעטוישט מיט העפלעכע שאלות און קאָמפּלימענטן. מוסטאַפאַ האָט זיך אינטערעסירט מיט פּיצוכט און פלאַנטאַציע. אויף יעדער תשובה, וואָס דן האָט אים געגעבן, האָט ער מיט גרויס חשיבות צוגעשעפּ־טשעט: כאַמדולילאַ, כאַמדולילאַ *. דן דאַקעגן האָט אים געשטעלט פראַגן וועגן קעמלען, ציגן און שעפּסן. שטאַרק צופרידן, האָט מוסטאַפאַ מיט ענערגישע באַוועגונגען אים דערציילט וועגן זיינע זין, וועגן זייער געשיקט־קייט און דערפאָלגן. הויפּטזעכלעך האָט ער זיך געגרויסט מיט זיין אַלי, אַ מיטגליד פונעם אַראַביש־יידישן פישער־קאָאָפּעראַטיוו. אַלי אַרבעט אויף אַ קאַטער־שיף, וואָס פאַנגט סאַרדינען.

* גאָט צו דאַנקען (אַראַביש).

— איך האָב אים געזען אויפֿן ברעג ים. אַ דזשעדאַ! * אַן אמתער דזשעדאַ. ער רייניקט דעם מאָטאָר און לאָזט אים אין גאַנג — פּאַך, פּאַך, פּאַך, ווי אַן אַלטער פישער.און ער איז קוים 23 יאָר אַלט — מיט אַ מאָל האָט מוסטאַפאַ פאַרקנייטשט דעם שטערן און אַן אומעט האָט באַדעקט זיין פּנים — עס איז שיִער נישט געשען אַן אומגליק: מען האָט אים געוואָלט אַרויסוואַרפן פון קאָאָפּעראַטיוו. אין אַ געוויסן טאָג האָט ער זיך פאַרשפּעטיקט צו דער אַרבעט, איז מען אַרויסגעשווומען אויף פישפאַנג אָן אים. ווען ער איז געקומען אין פּאָרט, איז ער אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט אויפן ברעג, ערגער פון אַ היימלאָזן הונט.

— אַרבעט איז נישט קיין מאַרק — האָט דן אַ זאָג געטאָן — אַפילו דאַרט אויב דו וועסט קומען צו שפּעט, וועסטו נישט פאַרקויפן און נישט איינקויפן.

— אמת, אמת, אָבער איך שווער דיר ביי דער באָרד פון אַללאַ, אַז אַלי איז נישט געווען שולדיק. ער האָט זיך פאַרשפּעטיקט, ווייל די מיליטערמאַכט האָט אים אויפגעהאַלטן. אַלץ צוליב די פאַרשאָלטענע דערלויבענישן. ווען ער האָט זיך דאַן צוריקגעקערט פונעם פישפאַנג איז שוין צוגעפאַלן דער בין־השמשות. די פיש האָבן זיך געשליידערט אין עמער — דער בעסטער באַווייז, אַז ער האָט זיך אָקאָרשט צוריקגעקערט פון דער אַרבעט. אָבער קיין שום טענות האָבן נישט געהאָלפן. זיי האָבן אים אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט. אַהיים האָט ער זיך שוין נישט צוריקגעקערט. גאַנץ פרי איז ער אַוועקגעלאָפן צום פּאָרט און ער האָט זיך פאַרשפּעטיקט.

קאַרל האָט זיך צוגעהערט און אַלץ פאַרשטאַנען. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער זיך געוואָלט אויספיינען מיט זיין קענטעניש פון דער שפּראַך, אָבער מוסטאַפאַ האָט נישט זייער גוט פאַרשטאַנען אין וואָס אים גייט. קאַרל האָט זיך געפּלאָנטערט, געזוכט ווערטער, און ענדלעך זיך נאָכגעפרעגט וועגן דעם געזונט פון זיין ווייב.

---

* אַ העלד.

מוסטאַפאַ האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, האָט לייכט צוגעלייגט די דלאָניע צום האַרצן:

— וועגן מיינע ווייבער פרעגסטו דיך, כאַוואַדזשאַ? * — ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דנען מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק. ער האָט מיט די האַנט פאַרשטעלט דאָס מויל און אין די אויגן האָט זיך געשפּיגלט אַ שפּאַסיקער גלאַנץ. פּלוצלונג האָבן זיי ביידע אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

— אַן אַלעמאַן, אַ מאָסקאָבער? — האָט מוסטאַפאַ אַ פרעג געטאָן.

— לאָ, לאָ **, — האָט זיך דן אָפּגערופן.

— מין אינטע? *** — האָט מוסטאַפאַ אויסגערופן.

— איך בין אַ שוועד — האָט קאַרל אין פאַרלעגנהייט אויסגעבאָמקעט.

— ער איז נאָר וואָס געקומען — האָט דן זיך אַריינגעמישט — נישט לאַנג פאַרענדיקט דעם אוניווערסיטעט, געלערנט אַראַביש, עברית. ער פּראַקטיצירט ביי אונדז. אין אַ יאָר אַרום פאָרט ער קיין טוניס.

— איך האָב תיכף דערקענט, אַז דו ביסט נישט קיין אונדזעריקער. דו שטאַמלסט אויף עגיפּטיש. אַזוי רעדט מען אויף יענער זייט פונעם סועץ־קאַנאַל. שוועדן, שוועדן — צום ערשטן מאָל הער איך פון אַזאַ מין לאַנד.

טריט האָבן זיך דערנעענטערט. די שטיינדלעך האָבן געסקריפּעט אונ־טער די פיס. צו ערשט האָבן זיך באַוויזן שאָטנס, דערנאָך ווייבער. די על־טערע האָט געטראָגן אַ לאַנג קלייד ביז צו די קנעכל, אין רויטע בלומען אויף אַ געלן פאָן, אַ ראָזע בלוזקע מיט לאַנגע אַרבל, פאַרשפּיליעט אויף העקעלעך ביז צום סאַמע האַלדז. נאָך איר איז געגאַנגען די ייִנגערע אין אַן עטוואָס קירצער גרין קלייד. ביידע אָפּגעברענטע, באַהאַנגען מיט בערלאָקן און בראַנזאָלעטן פון זילבערנע מטבעות. פאַרנייגנדיק זיך, האָט איינע אַוועקגעשטעלט אויף דער מאַטע פאַרן באַלעבאָס עטלעכע טעלער מיט אַ גרינלעכער קאָשע אויף אייל, די צווייטע האָט געמאַכט אַ רעווערענס און

---

* הער.

** ניין, ניין!

*** ווער ביסטו?

אַנידערגעשטעלט אַ קרוג מיט וואַסער, און ביי דער זייט — אַ טעלער מיט פּיטעס *.

— דאָס זענען מיינע ווייבער — האָט מוסטאַפאַ אַ זאָג געטאָן מיט אַ גלייכגילטיקן אויסדרוק אויפן פּנים.

קאַרל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גוט דערצויגענעם אייראָפּעער, איז שוין געווען גרייט אויפצושפּרינגען פונעם אָרט און זיך פאָרשטעלן. מוסטאַפאַ האָט אים העפלעך אָפּגעהאַלטן.

— כאַוואַדזשאַ האָט זיך נאָכגעפרעגט, צי איר זענט געזונט...

מיט אַ געלעכטער האָבן זיי פאַרשטעלט די פּנימער מיט די הענט און געקוקט דורך די פינגער. זיי זענען אַרויסגעשפּרונגען פון געצעלט.

— ווי דו זעסט, באַצי איך זיך ווי אַ יאַהוד, ווי אַ וועלטלעכער מענטש, דאָס וואָס מען קאָן נישט זאָגן וועגן זיי. זיי זענען דאָך ווייבער. — מוסטאַפאַ האָט אַ גלעט געטאָן זיין שוואַרצע וואָנסע — אַמאָל וואָלט איך אַ כאַפּ געטאָן די שאַבריע **. נאָכפרעגן זיך ביי אַ בעדוּיִנער וועגן זיין ווייב איז אַ גרויסער חטא. איך פאַרשטיי, אַז איצט זענען אַנדערע צייטן. איצט געפינט זיך קראַן־וואַסער ביי דער זייט, אַ שול נישט ווייט. אָבער פערד וועסטו איצט אויף קיין רפואה נישט באַקומען. אומעטום, ווו דו וואַרפסט דיין אויג, זעסטו אַן אויטאָ, אַ טראַקטאָר. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ פּיטע און דרייענדיק מיט די פינגער פון דער לינקער האַנט דעם טעלער, האָט ער מיטן גראָבן פינגער פון דער רעכטער האַנט צונויפגעקליבן דעם כומוס און געוואָרפן עס אין מויל אַריין. דן האָט זיך מיטן עסן גוט אַן עצה געגעבן. קאַרל האָט זיך נישט איבערגענומען מיטן צייטווייליקן דורכפאַל, און ער האָט פלינק אָפּגעראַמט דעם כומוס פונים ראַנד פון טעלער. ער האָט אַ נעם געטאָן די קאַשע, אָבער אַנשטאָט צום מויל, האָט ער אָנגעטראָפן אויף דער אייבערשטער ליפּ, פון וואַנען זי האָט זיך אַראָפּגעגאָסן אויף דער באָרד און פון דאָרט אויפן העמד. מוסטאַפאַ און דן האָבן עס נישט באַמערקט, און אפשר האָבן זיי געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי באַמערקן נישט. קאַרל האָט צונויפגע־

* אַ ווייך פּלעצל.

** לייכט אויסגעבויגענער שטילעט.

קליבן דעם כומוס מיט די פינגער און אויף אַ שעמעוודיקן אופן עס אַריינגע־לייגט אין מויל אַריין. וואָסער פון קרוג האָט ער נישט געטרונקען. ער האָט נישט געוואָלט ריזיקירן. „די חברה־לייט פרעסן און טרינקען" — האָט ער מיט קנאה געטראַכט.

זיי האָבן כסדר גענומען דעם קרוג און פון העלדזל האָט זיך געגאָסן אַ שטראָם וואָסער אין זייערע אויסגעבויגענע ליפּן. דער פּיקאַנטער כומוס האָט געברענט אין האַלדז. דער חמסן האָט אַרויסגערופן דורשט.

„כ'האָב אייך דאָרטן, ווו די יידן אין מדבר האָבן געזוכט" — האָט קאַרל אַ טראַכט געטאָן און מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג אַ כאַפּ געטאָן דעם קרוג. ער האָט אויפגעעפנט ברייט דאָס מויל, פאַרבויגן דעם קאָפּ, פאַרריי־סנדיק זיין געלע באָרד. ער האָט דערשפּירט אַ קילן געשמאַק פונעם וואַסער. ס'האָט זיך אים אַפילו געוואָלט אַנכאַפּן דאָס העלדזל מיט די ליפּן. ער האָט זיך אָבער באַהערשט. „אַ דרייסטער וועט אַפילו פון אַ שטיין ברויט אַרויס־באַקומען" — האָט ער מיט צופרידנקייט געטראַכט. דאָס וואַסער האָט באַגאָסן זיין באָרד און אַראָפּגעפלאָסן אויפן העמד.

דאָס יינגערע ווייב איז אַנגעקומען. קאַרל האָט אויף איר געוואָרפן אַ צווייִדייטיקן בליק, וואָס איז דערגאַנגען צו איר פאַרשטאַנד. ער האָט פאַר־זשמורעט די אויגן און אָפּגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט אַריינגעטראָגן אַ בראָט־שפּיז מיט קיבדע *. דאָס פלייש האָט געשיפּעט און געשמעקט מיט רויך. מיט דער הילף פון אַ פּיטע און די פינגער האָבן זיי עס שטיקלעכווייז אַראָפּגעשלעפּט פון בראָטשפּיז.

— וואָס איז מכוח דיינע סוסים? — האָט דן אַ פרעג געטאָן — צי האָסטו געקויפט אַ ניי פערד?

— ניין. אַנדערע צייטן. אויף אַלע וועגן וואָרטשען מאָטאָרן. נאָכן צופאַל מיט מיין שוואַרצן פערד, האָב איך שוין גענוג! ניין, אַנדערע צייטן — האָט ער איבערגעחזרט. — ווער לייגט איצט אַכט אויף פערד? וועמען גייט ביי היינטיקן טאָג אָן די ברייט פון דער ברוסט, דער פאַרנעם פון דיביינער, די לענג פונעם רוקן? אַ מאָל, ווען איך פלעג זיך זעצן אויפן זאָטל, פלעגן

* שאַשליק.

די מענטשן, וואָס האָבן געקוקט אויפֿן פערד, געזען אויך מיך. איצט געוועלטיקט דער אויטאָ פֿון דער אָדער יענער מאַרקע. אָנשטאָט אַ צוים, פוסהאַלטערס און אַ באַפּוצטן זאָטל, טראַכט מען היינט וועגן אַ צילינדער און קאַרבאַראַטאָר. אַוודאי, אויך איצט רעדט מען וועגן פערד, אַפילו וועגן גאַנצע פערד־טאַבונען, וועגן 100, 200, 300 מעכאַנישע פערד. פוי, דער טייוול האָט אויסגעטראַכט די דאָזיקע מעכאַנישע פערד! דזשיאולאַביע *, קאַפּיע **, אקאַלע *** — דאָס בין איך און די ענלעכע צו מיר. די דאָזיקע ראַצערס און שנעקעס גייען אַנגעטאָן, ווי אמתע יאַהודים: אַ ווייס העמד, טונקעלע הויזן און לויט דער מאָדע — שוואַרצע, גלאַנציקע פּאַנטאָפֿל. און די ווייבער! האָסט דאָך זיי אַליין געזען מיט דיינע אייגענע אויגן — מוס־טאַפֿאַ האָט אָנגעכאַפּט דנען פֿאַר דער האַנט און אים לייכט צוגעצויגן צו זיך — אפשר מיינסטו, אַז איך בין דער זעלבער מוסטאַפֿאַ? — ער האָט אים אַריינגעשושקעט אין אויער: — איך האַלט ביים בויען אַ געמויערט הויז.

—אַ הויז? — דן האָט אַ זשמורע געטאָן מיט די אויגן — אַ געמויערט הויז? אויסגעצייכנט! דאָס פֿאַרשטיי איך.

— אַ הויז מיט עלעקטריע, וואַסער און אַ וואַנע־צימער. אָבער פֿאַר־אומרייניקן דאָס הויז וועל איך נישט דערלויבן! וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? רייס מיר נישט איבער, איך וועל דיר באַלד אַלץ אויפֿקלערן. אין דעם שטעקט נישט מיין קאָפּ אַליין. דאָס האָבן גרעסערע חכמים צוגעטראַכט. דער אַפֿטריט וועט זיין הינטער דער שטוב. דאָרט ווו מען עסט, שלאָפֿט און מען טוט תּפֿילה, דאַרט טאָר זיך נישט געפֿינען קיין אומרייניקייט. די זין פֿירן זיווּר־זיווּ אויף דער בויונג, די טעכטער האָבן שוין אַלע חתונה געהאַט, אַלי איז געוואָרן אַ פֿישער, דער ייִנגערער גיט אַכטונג אויף די שעפּסן און רייסט זיך אויך צו ווערן אַ בעל־מלאכה. נישטאָ קיין פּאַשעפּעלדער, דאָ אַ

* אַ לאַנג מענער־קלייד.

** אַ טיכל אויפֿן קאָפּ.

*** צוויי שוואַרצע געוועבטע קרייזן, וואָס האַלטן אונטער די קאַפּיע אויפֿן קאָפּ.

גרענעץ און דאָרט אַ גרענעץ, נישטאָ ווו זיך אַ ריר צו טאָן. איז וואָס זאָל מען טאָן?

— דו ביסט גערעכט, די באַדינגונגען האָבן זיך געענדערט, פון אַ בעדוין ווערסטו פאַרוואַנדלט אין אַ פעלאַך * אָדער אין אַן עמל **. זייער פיל פון אונדזעריקע האָבן אויך אַוועקגעוואָרפן פאַרשידענע אַנדערע געשעפטן און זיי אַרבעטן אויפן באָדן.

אונטערן איינדרוק פון דעם ווערטער איז מוסטאַפאַ אויף אַ רגע אַנטשוויגן געוואָרן.

— דן, דו וועסט מסתמא נישט גלייבן: איך האָב געקויפט אַ הונט, אַן אַריסטאָקראַטישן הונט, נישט אַבי וועלכן. איך האָב פאַרטוישט אַ פערד אויף אַ הונט. ער איז אויסגעוואַקסן אַ שיינער און אַ גרויסער. זיין טאַטע האָט באַקומען אַ מעדאַל. ווען דו וואָלסט אים אָנגעקוקט, וואָלסטו זיך געחידושט. אַ שאָד, וואָס ער איז גראָד קראַנק. ער האָט זיך צעשניטן אַ לאַפּע.

מוסטאַפאַ, עסנדיק אַ קלעמענטינקע, האָט געטשמאַקעט מיט די ליפּן.

— אַ שיינער, אַ קלוגער, אויגן ווי ביי אַ גאַזעלע, אַ טונקעלער פּיסק, אַן אויסגעצויגענער, לאַנגער גוף, אַ בויגעוודיקער, ווען ער באַוועגט זיך, דרייט ער מיטן הינטן. זיין מאַמע האָט אַן אויסצייכענונג, ער שטאַמט פון אַן ענגלישער ראַסע. איר האָט מסתמא געהערט פון דער דאָזיקער ראַסע, נישט אמת? — האָט זיך מוסטאַפאַ געווענדט צו די געסט — אַ פלאַטשיקער קוואַדראַט־קאָפּ, קליינע אויערן און קורצע בעזש־האָר. זיין טאַטע איז ענלעך צו אַ וואָלף: אַ שמאָלער פּיסק, לאַנגע, אָפּשטייענדיקע אויערן, לאַנגע האָר, אַ ווידל ווי אַ שאַבליע. פון אָט די ביידע ראַסן איז געבוירן געוואָרן מיין טאָפּלטראַסיקער הונט.

מוסטאַפאַ איז שטיל געבליבן, אַ קוק געטאָן אויף קאַרלען. עפּעס האָט ער דערשמעקט אין זיינע אויגן.

— מענטש איינער! דו צווייפלסט אין די מעלות פון מיין הונט?

---

* אַ דאָרפס־מענטש, אַ פּויער.

** אַן אַרבעטער.

מיט באַאומרויִקונג האָט דן זיך צוגעהערט צו מוסטאַפּאַס מאָנאָלאָג, טראַכטנדיק, אַז מען האָט דעם שלימזל אָפּגעפּייפּט. ער איז זיכער, אַז זיין הונט, זיין ליבלינג, איז פון אַ הויכער ראַסע, און אין דער אמתן איז ער אַ פּשוטער כּלב. אַ מישלינג. וואָס טוט מען דאָ, כּדי אים נישט אַריינצוברענגען אין אַנטוישונג.

קאַרל האָט אויפגעהויבן דעם פינגער און שוין געוואָלט אים אַרויסזאָגן דעם ביטערן אמת.

— ניין, ניין! — האָט זיך דן שנעל אַריינגעמישט. ער האָט געוואָרפן אַ דורכדרינגלעכן בליק אויף קאַרלען און שטיל אַ זאָג געטאָן: : דאדל־דו. קאַרל האָט זיך געכאַפּט, וואָס דן איז אויסן.

— דעם הינטל האָב איך געגעבן ציגנמילך מיט קאַשע — האָט מוסטאַפּאַ ממשיך געווען. — ווען ער איז אויסגעוואַקסן, האָט ער ביי מיר באַקומען פליייש מיט פאַרשידענע מאכלים פון מיין קיך. ער גייט אויס נאָך זיסוואַרג. און קלוג איז ער — אין לשער.

ביי מוסטאַפּען האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט די פאַנטאַזיע. ער האָט אָנגעהויבן צו זשעסטיקולירן מיט די הענט, זיינע אויגן האָבן געפלאַקערט. יעדע מינוט האָט ער צוגעטראָגן זיינע צונויפגעלייגטע פינגער צום מויל, טשמאָקענדיק מיט די ליפּן:

— דער כּלב פאַרשטייט אַלץ, וואָס איך זאָג. עס קומט מיר קיין מאָל נישט אויס איבערצוחזרן צוויי מאָל איינס און דאָס זעלבע. איך קוק זיך אָפּט צו, ווי מען דרעסירט פּאָליציי־הינט. איך האָב אים געלערנט לויט דעם זעלבן מעטאָד, וואָס זיי. ער שפּרינגט, קלעטערט אויפן לייטער, זעצט זיך אַנידער, קריכט און גייט ביי די פיס — בעסער פון אַ צירק־הונט.

— פּרווּוט מען אים עפּעס געבן צו עסן פון דער רעכטער האַנט, וואַרטשעט ער און טשירעט מיט די ציין. ווען ער טוט עפּעס נישט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, און איך טו דאַן אויף אים אַ קוק, זע איך חרטה אין זיינע אויגן. איך צווייפל, צי איר וועט מיר גלויבן, אָבער איך קאָן אייך זאָגן, אַז ער באַליידיקט זיך אַפילו. ער איז כיטרע, ער האָט זיין שכל. אַ סך מאָל בין איך מיט אים געווען אויפן שוק. האָט מען אים דאָרט באַוווּנדערט. עס זענען דאָרט געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפּרווּוט אים צו געבן עפּעס אין מויל אַריין. ס׳איז כּדאַי געווען אַ קוק צו טאָן די דאַזיקע סצענע.

— מיט אַזאַ הונט קאָן מען זיך גרויסן נישט קנאַפּער, ווי מיט אַ פערד — האָט זיך דן אָנגערופן מיט באַוווּנדערונג אין זיין שטים.

— יאָ, דן, קלוג האָסטו זיך אויסגעדריקט — מוסטאַפאַ האָט אַ גלעט געטאָן זיין אויסגעגאָלטע גאָמבע, מורמלענדיק פּסוקים פון קאָראַן.

— זאָלסט וויסן, אַז דאָס איז אַן אויסערגעוויינלעכער הונט. זיין טאַטע אַ וואָלף, זיין מאַמע — אַ באָקסער. ביידע מיט מעדאַלן. דער טאַטע האָט אַ גאָלדענעם, די מאַמע — אַ זילבערנעם מעדאַל. עס האָבן זיך געקרייצט די מעלות פון צוויי ראַסן. פּונקט ווי מיין פערד איז האַלב אויף האַלב אַן אַראַ־בער און אַן ענגלענדער. ער איז סיי היציק, סיי איינגעהאַלטן.

קאַרל האָט דערשפּירט אַן עקל. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז שוויי־גנדיק נעמט ער אָנטייל אין אַ נישט ערלעכער שפּיל. ער האָט אַ קוק געטאָן מיט פאַרוואָרף אויף דנען. דן איז געזעסן מיט פאַרלייגטע פיס מיט אַן אומ־פאַרשטענדלעך פּנים. פון צייט צו צייט האָט ער אַרויסגעבאָמקעט אַ וואָרט, אַ מיינונג. ער האָט קענטיק געוואָרט אויף עפּעס אַ פאָרשלאָג, אַ בקשה, אָבער ער האָט זיך נאָך נישט געקאָנט אָנשטויסן אויף זיינע כוונות.

— אָבער דער הונט קאָסט מיך זייער טייער — האָט מוסטאַפאַ גע־זאָגט מיט אַ זיפץ. — ער פרעסט טאָגטעגלעך פלייש, אַ ביסל פעטס, אַ ביסל דאָס און אַ ביסל יענץ. דאָס איז אַ נישקשהדיקע הוצאה. דעם אמת געזאָגט האָט ער מיר תחילת געשטערט, איך האָב זיך פּשוט געשעמט: אַ בעדויִן מיט אַ הונט אויף אַ שטריקל! אין אַ צייט אַרום האָב איך אים געקויפט אַ האַלדזבאַנד און אַ רימען. עס איז ממש אומגלויבלעך, אַז איך, מוסטאַפאַ איבן כאַסאַן, האָב פאַרטוישט אַ פערד אויף אַ הונט. אין אונדזער לעבן זענען פאָרגעקומען ענדערונגען. אין די לעצטע יאָרן — אַן אמתער שטורעם. דאָס, אפשר, וואָס ביי אייך איז נאָרמאַל, איז ביי אונדז אַנדערש, אַ ביסל ענלעך, אָבער נישט מיט אַלעם...

דן האָט געזשמורעט די אויגן, געשוויגן, געוואָרט אויפן סוף פונעם שמועס און ענדלעך האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— יאַ־חביבי, דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב נישט ליב גלאַט אַזוי צו פאַרדרייען עמעצן דעם קאָפּ, אָבער גאַנץ אָפּט וועגד איך זיך צו דיר נאָך אַן עצה...

„ענדלעך" — האָט דן אַ טראַכט געטאָן.

— דו ווייסט דאָך, אַז מען קאָן באַקומען מעדאַלן פאַר הינט, פּונקט ווי אייער קיבוץ האָט באַקומען פאַר קי. איך האָב געזען אַזאַ מעדאַל. אַזעלכע אויסשטעלונגען קומען פאָר איין מאָל אין יאָר. איך האָב זיך געפרעגט יענעם, ביי וועמען איך האָב געקויפט דעם הונט. ער האָט עפּעס געדרייט מיט דער צונג. דו, דן, ביסט דאָך אַ מענטש, וואָס האָט זיך אָנגעזען אַ וועלט. דו ביסט געווען אין אויסלאַנד, דו האָסט געשטעלט אַ חופּה אין ציפּערן *. גיב אַן עצה, דערוויס דיך! זיי זאָגן, אַז זייערע הינט האָבן באַקו־מען מעדאַלן, ווען זיי האָבן געוווינט אין אויסלאַנד. צי קומען פאַר אין ישראל אויסשטעלונגען, וויסן זיי נישט. מיין הונט ווערט צוויי מאָל אין טאָג געריניקט מיט אַ דראָטענער באַרשט און איז קלוג ווי דער טייוול. איך וויל זייער שטאַרק, אַז ער זאָל באַקומען אַ מעדאַל.

קאַרל האָט זיך דאָ געריטלט, און דאָ בלאָס געוואָרן. דן איז געזעסן אַן איבערראַשטער און געפינטלט מיט די אויגן.

„מען האָט אָפּגענאַרט מוסטאַפען — האָט ער מיט ביטערקייט אַ טראַכט געטאָן. — וואָס זאָל מען טאָן, כדי אים נישט ערגערן און אים נישט פאַר־מיאוסן דעם הונט?"

— איך וועל דיר העלפן, מוסטאַפאַ. צו ערשט דאַרף מען אויפקלערן, צי דער הונט פּאַסט זיך צו דער אויסשטעלונג.

— דאַדל־דו! — האָט קאַרל אויסגערופן. ער האָט מורא געהאַט, אַז דן וועט ברענגען צום אויסדרוק דעם ביטערן אמת.

דן האָט רויִק אויפגעהויבן די האַנט.

— אַ הונט ווערט נישט אָפּגעשאַצט לויט זיין שכל, נאָר לויט זיין אויסזען. אַז ער האָט אַ וווּנד אויף דער לאַפּע, פאַרלירט ער פּונקטן. צי איז ער ערגעץ צעביסן, מוסטאַפאַ?

— ער האָט, — מוסטאַפאַ האָט מיט גאווה אָפּגעענטפערט. — אָבער דאָס זענען זיגרייכע שראַמען, פון אַ געשלעג מיט הינט. ער האָט אַן איינגע־ריסענעם אויער און שראַמען אויף דער ברוסט.

---

* אין ישראל קומען נישט פאָר קיין ציווילע חתונות, צוליב דעם צוועק פאָרט מען קיין ציפּערן.

— ניין, מיין טייערער, דיין הונט איז נישט צוגעפּאַסט פאַר אַן אויס־שטעלונג. אַ הונט דאַרף זיין גוט געפלעגט און אָן שום חסרונות. קיינעם גייט דאָרט נישט אָן, צי ער איז נאַריש, אָדער קלוג. — דער עיקר איז דער אויסזען.

— אָבער מיין הונט איז קלוג, קעמפעריש, געשיקט און געטריי.

— איך קאָן דיר קומען צו הילף — האָט דן געזאָגט — איך קאָן דיר אָפּטרעטן אַ הונט, אַ וואָלף, פון אַ ריינער ראַסע, מיין ווייב קאָן אים נישט פאַרטראָגן... בעת זי איז געווען אַ קינד האָט זי איבערגעלעבט שרעקלעכע מינוטן. ערגעץ אין דייטשלאַנד האָט אַ הונט צעריסן אויף שטיקער איר מאַמען. זי אַליין איז על־פּי־נס אָפּגעקומען מיט שרעק. אַלזאָ, דו האָסט אויף אַזאַ אופן אַ גוטע געלעגנהייט. דער הונט איז יונג, גלאַט, אָן אַ פּגם. אַזעלכער האָט שאַנסן אויף אַ מעדאַל.

— מיין הונט איז קעמפעריש און קלוג — האָט מוסטאַפאַ געשטאַמלט.

— דו האָסט דיך צו מיר געווענדט נאָך אַן עצה, טאָ פאַרטראַכט זיך, וואָס דו ווילסט בעסער, צי אַ קלוגן הונט מיט קאַמפּסוווּנדן, אָדער אַ גלאַ־טיקן, גוט אָנגעלייגטן, מיט שאַנסן אויף אַ מעדאַל.

זאַקאָפּאַנע, דעצעמבער 1966. (פון פּויליש: מאַרק ראַקאָווסקי)

# לכבוד די אומגעקומענע און לעבנדיקע

צום אָנדענק פון פּולקאָווניק וולאַדיסלאַוו קאָוואַלסקי

אין טבריה, אויף דער פּראָמענאַדע, לענגאויס דער אָזיערע, זענען געשטאַנען אויטאָס. פון דער פּליאַזשע האָט זיך דערטראָגן אַ רעש און אַ פריילעכער געפּילדער. ביים שפּרונגברעט איז געווען אַ געדראַנג פון מענטשן — נישט צוצוטרעטן.

דאָס רויִקע גלאַטע וואַסער איז געווען באַדעקט מיט פאַרביקע פלעקן. מאַטאַרשיפלעך האָבן גערוישט, אונטערשפּרינגענדיק אויף די כוואַליעס, געלאָזן הינטער זיך שוימיקע ווייסע פאַסן. פון דער ווייטנס האָבן זיך, געטראָגענע פון ווינט, געגליטשט זעגלשיפלעך. פון יענער זייט ים כנרת האָבן זיך געזען מילדע שיפּועים פון נישט קיין הויכע בערג. ס׳איז געווען אַ גאַנץ גוטע זעעוודיקייט. דאָ און דאָרט איז דער הימל געווען באַשמירט מיט אַ שיטער נעפּעלע.

אַ שוואַרצע אַוסטין־לימוזינע האָט זיך אָפּגעשטעלט. צוויי יונגע־לייט זענען אויסגעשטיגן. אַרומקוקנדיק זיך מיט נייגיר, זענען זיי אַראָפּ מיט די שטיגן צו דער פּליאַזשע.

— מיר זענען נאָר געקומען אויף אַ רגע, בלויז צו כאַפּן אַ בליק — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די צוויי יונגעלייט, אַ שאַטינער פון מיטלן וווקס.

דער אויפזועער אין אַ מאַטראַסן־העמדל און אין שאָרטן האָט אַ קוק געטאָן אויף זיי מיט פאַרוווּנדערונג, ווויליונגעריש איבערגעדרייט דאָס קײַלעכדיקע באַסמאַט־היטעלע אויף הינטן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז ער איז מסכּים.

— דאָ זעט מען אויך נישט קיין סימן פון בהלה, — האָט אַ ברום געטאָן דער בלאָנדער מיט אַ לענגלעך פּנים און מיט אַ שראַם אויפן שטערן.

— איך אָבסערוויר די דאָזיקע דערשײַנונג שוין זינט אַ יאָר צייט, זינט מײַן אָנקומען אויפן קאָנסולאַר־פּאָסטן.

— ביסט אָבער נישט ביכולת מיר דאָס אויפצוקלערן.

— כ׳שטעל פעסט דעם פאַקטישן מצב. די פּרוּוון צו דערגרונטעווען זיך צו די סיבות... — וואָצעק האָט מיט ביטול אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — האָבן מיך נישט איבערצייגט. איבעריקנס, יעטוועדע השערות קאָנען זיך אַרויסווײַזן פאַר פאַלש. אײַערנעכטן האָבן זיך נישט ווײַט פון דאַנען געהערט שאָסן. איבער דער אָזערע זענען אָנגעגאַנגען לופט־שלאַכטן. און הײַנט — זעסטו דאָך אַליין מיט די אייגענע אויגן.

האַרט נעבן זיי איז פאַרבײַגעלאָפן אַ באַלעם. דער בלאָנדער האָט אים געשיקט אויפגענומען, אַריבערגעוואָרפן אויפן רעכטן פוס און פלינק אַרויס־געקאָפּעט אַ ווײַטע „באָמבע”. ס׳האָבן זיך דערהערט אַפּלאָדיסמענטן.

— גרויסאַרטיק! פּרעכטיק! דאָס הייסט טעכניק. בראַוואָ! — האָט מיט באַוווּנדערונג אויסגערופן וואָצעק.

אַדאַם האָט אַ שמייכל געטאָן, אויסגעשיט פונעם סאַנדאַל דאָס זאַמד און געענטפערט:

— טאָקע צוליב אָט דער טעכניק איז שיער נישט דערגאַנגען צו אַן אַוואַנטורע. אין קלוב האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק; ס׳האָט ממש געקאָכט ווי אין אַ קעסל.

— כ׳פאַרשטיי, דער אָנהייב פונעם פוטבאָל־סעזאָן...

— יאָ, אויף דער פאַרזאַמלונג איז געפאַלן דאָס וואָרט „ישראל”. כ׳וועל דיר זאָגן דעם ריינעם אמת, אַז אין דער ערשטער מינוט בין איך געוואָרן צעטומלט. כ׳בין געווען אַזוי דענערווירט, אַז כ׳האָב קוים געקאָנט אײַנזיצן אויפן אָרט. כ׳האָב זיך אויפגעשטעלט, געוואָלט אַרויסגיין. דערנאָך האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז די חברים ווייסן ווייניק אָדער גאָרנישט

וועגן מיר. דו ווייסט דאָך, אַז מען האַלט מיך תמיד פאַר אַ שווייגער. קאַרגלעך אין וואָרט, אַ בורטשער, — דאָס איז מיין חסרון, און אפשר גאָר אַ מעלה!... אַלזאָ, קורץ — כ׳האָב זיך צערעדט ווי קיין מאָל נישט. מ׳האָט איבערגעריסן, געסיקעט, געהוסט פון אַלע זייטן.

ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך פאַר קיין ישראל — אויף אַ פייערלעכער דעקאָרירונג מיטן מעדאַל פון „יד ושם" פאַר ראַטעווען יידן בעת דער היטלערישער אָקופּאַציע און וועל דאָרט ווײַלן אַ חודש צייט, אָדער צוויי, איז זדזשיך אויפגעשפּרונגען ווי אַ פּרוזשינע. קענסט דאָך אים, דעם מעכאַ־ניקער פון „סטזשעלטשיק", אונדזער רעכטער פליגל.

— העי, מענטש איינער! — האָט ער אויסגעשריגן. — גיב זיך נאָר אַ קלאַפּ אין שטערן. מיט אָרדנס און מעדאַלן פּאַסירט פאַרשידן. ייגאַל, ווי אַלט ביסטו?

— אַן אומזין! — האָט עמעצער אַ ריטשע געטאָן.

ס׳איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער. דער טרענירער גאַנשאָרעק האָט גערופן זיך צו באַרויִקן. ער האָט קוים באַהערשט די פאַרזאַמלונג.

כ׳האָב אַפּעלירט צום פאַרזאַמלטן עולם:

— חברים — כ׳בעט אייך מיך אויסהערן מיט געדולד. אַזוי ווי איר וועט באַשליסן, אַזוי וועט זיין.

דורכן זאַל איז אַדורך דער ערשטער גינסטיקער פליסטער.

— די פייערלעכקייט פון פלאַנצן אַ ביימל און דער אַקט פון דעקאָרירן מיט אַ מעדאַל — האָב איך געזאָגט — האָט נישט קיין שייכות צו מיר, נאָר איז נוגע דעם אומגעקומענעם פאָטער און דער פאַרקריפּלט־צעקאַליעטשע־טער מוטער מיינער, דעם עקספּערימענט־קראָליק פון ראַוועגסבריק. קוים וואָס זי באַוועגט זיך מיט די אייגענע כוחות. נאָך אַ גליק, וואָס זי האָט אַן אינוואַלידן־וועגעלע. אַן דעם וועגעלע וואָלט זי די וועלט נישט אָנגעקוקט. האָט מען דעריבער פאַרבעטן מיך, אַז איך זאָל פאַרטרעטן די קראַנקע מאַמע און דעם פאָטער מיינעם, וועלכער איז אומגעקומען פון די תליִנימס הענט.

זדזשיך האָט זיך פּשוט שטאַרק פאַרשעמט און מיך איבערגעבעטן פאַר זיין האַלטונג. גאַנשאָרעק האָט געבעטן, איך זאָל עפּעס מער דערציילן וועגן זיך און מיינע עלטערן.

— אַ חרפּה ממש, וואָס מיר ווייסן גאָרנישט איינער וועגן אַנדערן — האָט ער געזאָגט.

ס'האָט זיך מיר נישט געגלוסט עפּענען ס'מויל. די חברים זענען אָבער צוגעשטאַנען ,און מיט אַזאַ איפער, מיט אַזאַ היץ, פּונקט אַזוי, ווי זיי האָבן פריִער מיטן זעלבן ברען געשטערט.

כ'האָב זיך באַהערשט און זיי דערציילט:

— דער פאָטער מיינער האָט בעת דער אָקופּאַציע פאַרלייגט אַן עלעק־טראָ־שלאָסער־וואַרשטאַט, וואָס איז געווען אַ קאָנספּיראַטיווער פּונקט. מ'האָט זיך פאַרנומען מיט אויסבאַהאַלטן יידן, וועלכע האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ. די געסטאַפּאָווצעס זענען געפאַלן אויפן שפּור און אַרעסטירט די עלטערן. כ'בין דעמאָלט אַלט געווען קוים זעקס יאָר. איך דערמאָן זיך, אַז די דייטשן האָבן דאַן אויך מיך אויסגעפרעגט — אויף פאַרשידענע אופנים און מיט כלערליי דריידלעך. זיי האָבן מיך לכתחילה געגלעט, געצערטלט, מכבד געווען מיט צוקערקעס. נאָר אויף יעדער פראַגע זייערער האָב איך געענטפערט מיט אַ געוויין. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען בלויז פון שרעק. און אפשר האָב איך אינסטינקטיוו פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף האַלטן ס'מויל. נאָך די גוטע ריידלעך און זיסוואַרג האָבן זיי מיך אָנגעהויבן שלאָגן. כ'האָב זיך צערעוועט (נאָכן דאַזיקן „פאַרהער" איז מיר פאַרבליבן אַ שראַמע אויפן שטערן). ווען כ'בין געקומען צו זיך, זענען שוין די דייטשן נישט געווען.

די אָקופּאַציע־יאָרן האָב איך פאַרבראַכט אין אַ דאָרף אין ביאַליסטאָ־קער געגנט ביי אַ מומע. צוזאַמען מיט מיר איז אויך געווען אַ יידיש ייִנגל אין די זעלביקע יאָרן, — קאַראָל. נאָך דער באַפרייונג האָט זיך מיין מוטער אומגעקערט פון דייטשלאַנד אַ קאַליקע. זי האָט מיך מיט קאַראָלן אָפּגענו־מען פון דאָרט צוריק קיין לאָדזש. דער פאָטער איז פאַרפאַלן געוואָרן ווי אַ שטיין אין וואַסער. ס'לעצטע מאָל האָט מען אים געזען אין אָשוויענטשים. אין גיכן האָבן זיך קאַראָלס עלטערן אָפּגעפונען. די מענטשן, וועלכע מיינע עלטערן האָבן געראַטעוועט, האָבן זיך צעשפּרייט און צעזייט איבערן לאַנד און איבער דער וועלט.

אויף דער פאַרזאַמלונג פון דער פוטבאָל־סעקציע האָבן מיר געזאָלט באַהאַנדלען דעם פּלאַן פון טרענירן און צוזאַמענטרעפן. דער רעש איז אָבער

געווען אין לשער. יעדער האָט געוואָלט און געהאַט וואָס צו זאָגן. מלחמה, פראָנט, פּאַרטיזאַנקע, אַטענטאַטן. ביי יעדן איינעם אין דער משפּחה איז עפּעס פאַרגעקומען, דערהרגעטע, פאַרווונדעטע, אַסירים, „סטאַלאַגן" און „אָפלאַגן". מען האָט גערעדט וועגן „שמאַלצאָווניקעס", וועגן געוויינלעכע פּחדנים און „דעקאָווניקעס". „גוט, זייער גוט — האָב איך געטראַכט — וואָס מען פאַרגעסט נישט און מען געדענקט וועגן דעם..."

ס'איז געווען נאָך געגוג פרי, די חברים האָבן מיך באַגלייט אַהיים און ביי אַ בלומענהענדלערין אויף דער גאַס אויסגעקויפט אַלע בלומען, וואָס זי האָט געהאַט — פּיאָלקעס, נעלקעס, טוליפּאַנען.

די מאַמע מיינע איז איבעררעאַשט געווען פון דער אינוואַזיע. לויט די שטריכן פון איר פּנים, פון די פּיטשינקע רינצלען אַרום די אויגן, האָב איך דערקענט, וואָס זי לעבט איבער.

זדזשיך האָט עלעגאַנט אַ קוש געגעבן דער מאַמען איןביידע הענט. דערנאָך האָט ער זי געבעטן, זי זאָל עפּעס דערציילן וועגן די אָקופּאַציע־יאָרן. די מאַמע מיינע דערמאָנט נישט גערן יענע צייטן. "די קאָשמאַרפולע געשפּענסטער קומען מיר שפּעטער צו חלום ביי נאַכט" — זאָגט זי.

גערנער דערציילט זי וועגן איר קאָנספּיראַציע־טעטיקייט. מיט צופרידנקייט שטרייכט זי דערביי אונטער, אַז זי האָט אויסגעהאַלטן, נישט אויסגעגעבן, נישט "געשיט".

— פאַר דער מלחמה — האָט זי געזאָגט — האָבן מיר, איך און מיין מאַן, געאַרבעט ביי שייבלער און גראָהמאַנען. ער אַלס שלאָסער־עלעקטרייקער, און איך אַלס וועבערין. נאָר בעת דער אָקופּאַציע האָט ער נישט געוואָלט אַרבעטן ביי די יעקעס. ער האָט אַזוי לאַנג געדרייט, ביז איך בין איינגעגאַנגען, אַז ער זאָל פאַרלייגן אַן אייגענעם וואַרשטאַט. ס'האָבן זיך אַ שאָט געטאָן קליִענטן. כ'בין אַזש נשתומם געוואָרן. אַפילו פּויערים זענען געקומען, הגם ס'איז געווען ווייט פון מאַרקפּלאַץ.

כ'האָב אינסטינקטיוו דערשנאַפּט, אַז דאָ קומען פאַר נישט בלויז רעפּאַראַציעס, נאָר עפּעס מער... ער האָט באַמערקט, אַז כ'בין זיך משער. לסוף האָט ער מיר מגלה־סוד געווען.

דאָס געוועלבל, וואָס מיר האָבן געדונגען, האָט געהאַט אַן אַרויסגאַנג צום הויף, און די קעלערס זענען געווען פֿאַרבונדן מיט דער צווייטער פּאַסעסיע. מ׳האָט אַהערגעבראַכט יידן אין קעלער. דאָרט האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן נישט לאַנג — אַ שעה, צוויי לערך. זעלטן ווען לענגער. דאָס איז געווען אַן איבערגאַנגס־פּונקט. מיין מאַן איז אָפּט מאָל אַראָפּגעגאַנגען צו זיי, געגעבן אינסטרוקציעס און אָנווייזונגען. די גאָר פּיצלעך קינדער האָבן אַמווייניקסטן געשטערט, ערגער איז אָבער געווען מיט די עלטערע קינדער; זיי האָבן גוט געוווסט, וואָס אַזוינס איז שרעק. ווען מיר האָבן זיי געפּירט, האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. מ׳האָט צוגעטראַכט די דורכגעטריבנסטע אופנים. מען האָט געפּירט די קינדער אין קאַרעטקעס פֿון דער „„גיכער הילף״, טייל מאָל האָבן זיי אָפּגעפּירט פֿרויען איבערגע־טוענע ווי מאַנאַשקעס (נאָנעס). מיט דערוואַקסענע איז צייטנווייז געווען נאָך ערגער. האָט עמעצער פֿון זיי, למשל, שוין געהאַט אַ „גוטן אויסזען״, האָט ער דערפֿאַר געהאַט אַ פֿאַטאַלע אויסשפּראַך. אָפּט מאָל ווידער פֿאַר־קערט — אַ פּרעכטיקע שפּראַך, און דער אויסזען, רחמנא לצלן, אַ טיפּישער, הונדערטפּראָצענטיקער סעמיט!

בעת דער אָקופּאַציע האָט מען פֿאַבריצירט „לינקע״ דאָקומענטן. ס׳האָט זיך געהאַנדלט נישט בלויז אין אַ קענקאַרטע, מ׳האָט באַדאַרפֿט האָבן אויך אַ טויף־אַקט, אַ מעטריקע, באַקענען מיט דער סביבה, אויסלערנען תפילה־טאָן, ווי געהעריק זיך צלמען...

איין מאָל, אין אַ העלן שיינעם טאָג, האָט זיך אין אונדזער הויז פֿונאַנ־דערגעטראָגן אַ ידיעה, וועלכע האָט אַלעמען אַריינגעבראַכט אין פּאַניק. מיר האָבן זיך מיטן מאַן צעטיילט מיט די ראָלן: איך האָב צו וויסן געגעבן דאָרט, ווו מען דאַרף, אַז דער פּונקט אין קעלער איז „פֿאַרברענט״. דאַקעגן מיין מאַן האָט צונויפגעזאַמלט די צום מערסטן דערשראָקענע שכנים און זיי אַרומגעפּירט אין די קעלערס. מען האָט דאָרט גאָר נישט געפֿונען. ס׳איז געוואָרן רויִק. נאָך דער וואַרשטאַט האָט שוין געאַרבעט פֿיל שוואַכער. נאָך אַ לענגערן איבעררייס האָט מען אַרויסגעשיקט אונדזערס אַ מענטש לשם אָריענטאַציע. ער איז אַראָפּ אין קעלער. מ׳האָט אים באַמערקט. איינע פֿון די שכנות,מיינענדיק, אַז ער איז אַ ייד, האָט זיך פֿאַר אים געשטעלט אויף די קני, אַרומגעכאַפּט פֿאַר די פֿיס: — האָב רחמנות אויף אונדזערע

קינדער! — האָט זי זיך געבעטן. — איר זענט אַ מאַרטירער און וועט ווערן אַ הייליקער, אַ קדוש. מיר ווייַנען דאָ אין די הונדערטער, און דו, אומגליק־לעכער, ביסט איינער!

ער האָט פּרעכטיק אָפּגעשפּילט זיין ראָל. ער האָט געשריגן, געפּאַטשעט מיט דאָקומענטן, אַז ער איז אַ פאָלקסדייטש, און דאָס אַלץ אין דייטש מיט אַ געהעריקן אַקצענט. די מענטשן, פאַרשריגענע און טעראָריזירטע, זענען אַנטשוויגן געוואָרן, איבערגעבעטן. מ׳האָט פאַר די פאָלקסדייטשן מער מורא געהאַט ווי פאַר אַ מגפה.

איין מאָל האָט מיין מאַן רעמאָנטירט אַ ריקשע. ער איז אַרויסגעפאָרן אויף אַ פּראָבע. איך האָב זיך געגרייט אַרויסצוגיין. כ׳האָב גענומען אין דער האַנט אַריין אַ קיישל און אַרויס אין גאַס. פּלוצעם האָב איך זיך אָריענטירט, אַז מען אָבסערווירט מיך.

נאָכן אָפּגיין אַ פּאָר צענדליק טריט בין איך שוין געווען אין גאַנצן זיכער, אַז מען קריכט מיר נאָך. די פיס זענען מיר אונטערגעהאַקט געוואָרן פון שרעק. כ׳האָב ממש געפילט זייער בליק אויף די פּלייצעס.

„דאָס איז שוין דער סוף" — האָב איך געטראַכט. כ׳האָב געהאַט ביי זיך פינף קענקאַרטעס. פאַרשידענע געדאַנקען, איינפאַלן און תבולות זענען מיר געקומען אין קאָפּ אַריין. אַלע האָבן זיי געטויגט אויף גוטע כפרות. מ׳האָט מיך געלערנט, אַז נאָר אַ דרייסטער טראָט, זעלבסטזיכערקייט העלפט אין אַזאַ לאַגע. כ׳האָב זיך דערמאָנט די לערע און עצות, וואָס מיר האָבן געגעבן די יידן. דערווייל אָבער האָב איך זיך געפילט נישט גוט. פייערדיקע רינגען האָבן זיך געדרייט פאַר מיינע אויגן. כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געוווסט, וואָס כ׳זאָל טאָן. אַריינגיין אין אַן אָפּטריט, אַריינוואַרפן אין דער קלאָאַקע די קענקאַרטעס? כ׳האָב אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן געדאַנק. אַן אַלטער, שוין פון לאַנג אויסגעוועפּטער פאַרטל. זיי וועלן אַרויסבאַקומען פון יעדן לאָך. אַריינגיין אין אַ טראַמוויי, אונטערוואַרפן ערגעץ־ווו — טויג אויך נישט. זיי אָבסערווירן מיך אומאויפהערלעך, לאָזן נישט אַראָפּ דאָס אויג פון מיר, קוקן מיר דורכדרינגלעך אויף די הענט, אויף מיין יעדן קער און ווענד.

ס׳האָט מיר עפּעס אויפגעבליצט אין מוח. כ׳האָב זיך באַהערשט. כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז מען אָבסערווירט מיך בלויז. זיי ווילן מסתמא

פעסטשטעלן, מיט וועמען איך קאָנטאַקטיר זיך. וואָלטן זיי געוואָלט מיך פאַרהאַלטן און אָפּפירן אין געסטאַפּאָ, וואָלטן זיי דאָך דאָס באַלד געטאָן.

כ׳בין אַריינגעגאַנגען אין אַ גאַלאַנטעריע־געוועלב. כ׳קלייב אויס בענד־לעך, קנעפּלעך. כ׳מאַך דעם אָנשטעל, אַז איך בין פאַרטאָן. כ׳באַקוק די קאָלירן ביי דער טאָגשיין, ביי דער אָפענער טיר. דערנאָך בין איך אַריין אין אַ קראָם פון גרינוואַרג; בינטלעך רעטעכלעך, יונגע ציבלקעס, ראַבאַר־באַר האָבן אויסגעפילט דאָס קיישל מיינס און בעת מעשה האָט דאָס מיידל, וועלכע כ׳זע איצט דאָס צווייטע מאָל, געלאָזן צוגענומען פון מיר די קענקאַרטעס.

„גיי אַרויס דורכן הויף" — האָב איך איר איינגערוימט אין אויער. זי איז פאַרשוווּנדן הינטער דער טיר. איך האָב זיך דערוויל געדונגען פאַר יעדן זלאָטע, פאַר יעדן גראָשן. כ׳האָב אָפּגעשלעפּט מיטן צאָלן, אַ ביסל ספּעציעל, און אַ ביסל אויך פון שרעק. כ׳האָב מורא געהאַט אַרויס־צוגיין. ווען כ׳האָב אויסגערעכנט, אַז די פאַרבינדלעריין האָט זיך זיכער אַרויסגעדרייט, האָב איך פאַרלאָזט די קראָם. כ׳האָב זיך געפילט ווי כ׳וואָלט געגאַנגען אויף אומקום. אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך ווידער זיך אָנגענומען מיט מוט. כ׳האָב געקויפט אַ טאָרבע מיט האָלצקוילן. כ׳בין אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס און אַריין אין אַ דראָגעריע.

שטייענדיק ביים בופעט, האָב איך געכאַפּט אַ בליק אין דרויסן אַרויס. ס׳האָט מיר אַזש פאַרכאַפּט דעם אָטעם: פון דער צווייטער זייט גאַס איז געגאַנגען דאָס מיידל, וואָס האָט ביי מיר איבערגענומען די קענקאַרטעס אין דער באַגלייטונג פון מיינע פאַרפאָלגער. כ׳האָב שיער נישט אויסגעע־שריגן. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָב איך נאָכגעפאָלגט מיטן אויג איר יעדע באַוועגונג, יעדן טראָט.

כ׳בין געווען אין גאַנצן צערודערט, כ׳האָב זיך אַליין געמאַכט פאַר־וווּרפן, אַז צוליב מיר איז זי אַריינגעפאַלן, אַז כ׳האָב זי לייכטזיניק, אומ־פאַרזיכטיק אַרויסגעגעבן די תלינים אין די הענט, אויף אַ זיכערן טויט. כ׳האָב נישט אויסגערעכנט, אַז אויך זי האָט זיך געקאָנט געפינען אונטער אָבסערוואַציע. איצט זענען מיר ביידע אַריינגעפאַלן.

אַ דריטער שפּיק איז געשטאַנען נישט ווייט; ער האָט געמאַכט דעם אָנ־שטעל פון אַ צופעליקן לײַדיקגייער, וואָס גאַפיעט זיך גלאַט אַזוי, מיט אַ

פּאַפּיראָס אין מויל האָט ער בגנבה געוואָרפן אַן אויג אויף דער טיר פון קראָם, ווו איך האָב זיך געפונען.

אַן איבערגעשראָקענע פון דעם, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָב איך נישט אָראָפּגעלאָזט ס'אויג פונעם מיידל. כ'האָב געוואָלט אַריינדרינגען, דערגיין אירע געדאַנקען און געפילן. צי וועט זי אויסהאַלטן? און אפשר האָט זיך איר אויך איינגעגעבן אָפּצושטעקן ערגע־ווו די קענקאַרטעס, צו באַפרייען זיך פון זיי? זי איז געגאַנגען רויִק, געוואַלדיק באַהערשט. זי האָט זיך אויסערלעך אויסגעוויזן צו זיין הייטער און געמיטלעך. זי האָט געשטעלט לייכטע טריט, ווי אויף אַ זאָרגלאָזן שפּאַציר, ווי מען גייט אויף אַ ראַנדעוווּ. און אפשר... אפשר איז דאָס זייערס אַ מענטש?! כ'האָב אַזש אויפגעציטערט פון דאָזיקן געדאַנק. ס'בלוט איז מיר געקומען אין פּנים אַריין. זאָל דאָס זיין אַ פּראָוואָקאַציע?

די פאָדערשטע פּלאַטפאָרם פון אַ פאַרקערעוועדיקן זיך טראַמוויי האָט זיי פאַרשטעלט פון מיר. כ'האָב צוגעמאַכט די אויגן, די פיס האָבן זיך מיר אונטערגעהאַקט.

פּלוצעם האָט אַ האַרצרייסנדיקער געשריי דורכגעשניטן די לופט, ס'האָבן אַ גרילץ געטאָן די טאָרמאָזן. ס'איז געוואָרן אַן אָנגעלויף פון מענטשן. — עמעצער איז אַרונטערגעפאַלן אונטערן טראַמוויי! — האָט מען געשריגן. אויסנוצנדיק דעם אַנטשטאַנענעם טומל האָב איך זיך געלאָזט לויפן. אָבער עפּעס האָט מיך איינגעהאַלטן, אַ פאַרבאָרגענע געהיימע קראַפט האָט מיך געצויגן צום אָרט פונעם פאָרפאַל. מיט כּוח זיך דורכגעשטופּט דורכן געדיכטן המון. יאָ, דאָס איז געווען זי. כ'האָב דאָס געפילט, פאַרשטאַנען באַלד פון אָנהייב אָן. זי האָט געגוססט. כ'בין געפאַלן אין חלשות.

כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט אין אַ תּפיסה־קאַמער. כ'בין געווען אויסערסט רויִק. אַפילו נאָך צו רויִק. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס געשפּענסט, וואָס איז געהאָנגען איבער די קעפּ פון פיל מענטשן, איז פאַרשוווּנדן. כ'האָב נישט געפילט קיין שרעק. די שרעק איז געקומען ערשט שפּעטער. איך האָב געוווּסט, אַז זיי האָבן נישט קיין שום באַווייזן קעגן מיר. זיי האָבן ביי מיר גאָרנישט נישט געפונען. כ'האָב אַפילו נישט אַריינגעקוקט אין די קענ־קאַרטעס. דאָס מיידל איז מיר געווען אין גאַנצן פרעמד. די שפּיצלעס האָבן אונדז נישט געזען אין איינעם.

ס׳האָט זיך אונטערגערוקט די נאַכט. כ׳האָב נישט געקענט איינדרימ־לען. אַ פּחד האָט זיך אַריינגעגנבעט אין האַרץ. כ׳האָב געטראַכט וועגן איר, וועגן מיידל. ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך ריר זי אָן, גלעט איר פּנים. כ׳האָב זיך געפילט שולדיק... ס׳איז אָנגעוואַקסן די מורא פאַר אַדאַשן, פאַרן מאַן.. אפשר האָט מען אים אַרעסטירט, און טאָמער האָט מען ביי אים עפּעס געפונען? כ׳האָב זיך געטרייסלט פון שרעק טראַכטנדיק וועגן זיי. געוווּסט האָב איך, אַז אינעם וואַרשטאַט און אין דער היים איז נישטאָ גאָרנישט. וואָס שייך דעם קעלער, בין איך נישט געווען זיכער. מענטשן זענען לעצטנס, וואָס אָן אמת, נישט געקומען צו אונדז, אָבער אפשר האָט מיין מאַן דאָרט עפּעס אויסבאַהאַלטן.

מיינע נאָכטראַכטונגען און רעפלעקסן האָט איבערגעריסן דער אָפּהילך פון טריט, דער געקלאַנג פון שליסלען...

די מאַמע מיינע, אַן אויסגעשעפּטע און פאַרמאַטערטע, האָט צוגעמאַכט די אויגן.

די קאָלעגן האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. די חברה, פאַרשטענדיקנדיק זיך מיט די אויגן, האָט זיך שטילשווייגנדיק אָפּגעטראָגן אויף די שפּיץ פינגער. כ׳האָב דערלאַנגט דער מאַמע אַ גלאָז טיי. געוווּסט האָב איך, אַז עס שטייט אונדז פאַר אַ שלאָפלאָזע נאַכט.

*

וואַצעק, אַ פאַרטראַכטער, האָט זיך צוגעזעצט צום רודער. דער וועג צום גליל העליון האָט געפירט לענג אויס דעם ים כנרת; פון ביידע זייטן האָבן זיך געצויגן בערגקייטן.

— יעדעס פאָלק גיט אָפּ כבוד און פאַרהייליקט אויף זיין שטייגער זיינע קדושים און גבורים. מיר געפעלט דאָס פלאַנצןביימער. דער טאַטע איז אומגעקומען, און זיין ביימל וועט וואַקסן לזכרון פון דורות. ס׳וואַקסן אויף וועלדלעך און אַלייען, וואָס זאָגן עדות וועגן דעם מסירת־נפש פונעם מענטשן. דאָס געפעלט מיר, אַפילו זייער און זייער. קיין שום שטיינער, קיין שום מאָנומענטן גיבן נישט איבער דעם מצב־רוח פון די רווישנדיקע

**אויפֿן ווינט ביימער. פֿרישע, יונגע ביימלעך, מיט זייער נאַטירלעכן קאָלאָ־ריט און אַראָמאַט, בוקן זיך ביינאַנד מיטן ווינט לכּבֿוד די יעניקע, וואָס זענען אומגעקומען און לכּבֿוד די, וואָס לעבן.**

וואַרשע, 1968. (פֿון פּויליש: וו. רובין)

# אינהאַלט

## אַרויסגעגעבענע און קאָנפיסקירטע ביכער פון זעלבן מחבר:

| | | | |
|---|---|---|---|
| זכרונות | Pieszo i Konno | צופוס און רייטנדיק, | וואַרשע 1963 |
| נאָוועלן | Spowiedz | אַ וידוי | וואַרשע 1968 |
| ראָמאַן | Nie Wierze | „ניע וויעזשען" (פויליש) | ת"א 1970 |
| ראָמאַן | „איך גלויב נישט" איבערגעזעצט פון פויליש | | ת"א 1970 |

## קאָנפיסקירטע ביכער אין פוילן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| ראָמאַן | Siostry i Zolnierze | שוועסטער און סאָלדאַטן (פויליש) | 1962 |
| זכרונות | 4-Brygada | די 4-טע בריגאַדע (פויליש) | 1964 |

### צום לייענער פון בוך

איר ווערט געבעטן צושיקן באַמערקונגען וועגן די דורכגעלייענטע דערציילונגען, וועלכע האָבן אַ שייכות צו די טעמעס, אינהאַלט, שפראַך, היסטאָרישע ביבליאָגראַפישע פעלערן און טעותים. דאָס וועט קאָנען זיין אַ צושטייער און הילף צו די ווייטערדיקע אַרבעטן פון מחבר.

שרייבן אויפן אַדרעס:
זאב עדרי-בונק
רח' בית הפועלים 2/8 — רחובות.